# דיא קולטורגעשיכטע

## דער מענש און זיין אַרבּייט

זייט ער האָט זיך בעוויזען אויף דער ערד
ביז אונזער צייט.

צוזאמענגעשטעלט נאָך פיעלע וויסענשאפטליכע ווערק איבער דעם
לעבען און פיהרונגען פון מענשען אין אלע צייטען און לענדער.
מיט פיעלע ערקלערענדע צייכנונגען.

— פון —

## פיליפּ קראנץ

דריטער באַנד.

זיעבעטע אויפלאגע

ליטעראַרישער פערלאַג
256 איסט בראָדוויי, ניו־יאָרק

Copyright by the International Library Publishing Co., 1903.

383

## דריטער באנד.

# גייסטיגע קולטור:

## שפּראַכען, שריפטען, רעליגיאָנען.

---

אינהאַלטס פערצייכניס.

# ערשטער קאפּיטעל.

## דיא מענשליכע שפּראך־פעהיגקייט.

**געשרייען און זילבען־קלאנגען. — דיא אַרטיקולירטע שפּראך.— מאַרך־קראַנקהייטען.—דער צענטער פון דער אַרטיקולירטער שפּראך.—דיא נאטירליכע פעהיגקייט און דיא קונסט צו ריידען. — דיא באָבע־מעשה וועגען פרעה פסאַ־מעטיך. — דער אָנפאַנג פון אַרטיקולירטע שפּראַכען. — מענשענאַרטיגע בע־שעפּעניסען.**

עס איז שווער צו זאגען, צו וואָס דער מענש וואָלט דערגרייכט מיט אַלע זיינע גייסטיגע פעהיגקייטען, ווען ער וואָלט ניט בעזעסען דיא פעהיגקייט אויסצודריקען זיינע געדאנקען מיט געוויסע ווערטער. מען מעג זאגען, אז דער אמת'ער אָנפאַנג פון מענשען איז נאר גע־ווען, ווען זיי האבען זיך אויסגעלערענט וויא עס איז צוזאמען צוריידען זיך דורך בעשטימטע קלאנגען. מיט קיין זאך אונטערשיידעט זיך ניט דער מענש אזוי פיעל פון אַלע חיות, וויא מיט זיין ספּעציעלע פע־היגקייט ארויס צו ריידען אזעלכע קלאנגען, פון וועלכע דיא פערשיע־דענע שפּראַכען ווערען צוזאמענגעשטעלט.

חיות דריקען אויך אויס זייערע געפיהלען און אבזיכטען דורך געוויסע קלאנגען, אבער וויא פיעל פערשיעדענע קלאנגען זיי זאָלען ניט קענען אויסשרייען, קענען זיי דאָך אויף קיין פאל ניט ארויסריידען דעם מינדעסטען וואָרט פון א מענשליכע שפּראך. זיי לאָזען ארויס געשרייען נאך דיא נאטור פון זייערע העלזער און אָרגאַנען, אבער

צערגלידערן דיזע געשרייען אויף זילבען איז גאנץ אונמעגליך ניט נאר פאר זיי אליין, זאָנדערן אפילו פאר מענשען. אונזערע אייגענע אויסגעשרייען קענען מיר אויך ניט ארטיקולירען, דאס הייסט אויסשפרעכען אין זילבען אדער בעזונדערע קלאנגען ווי מיר טוען עס מיט אונזערע ווערטער. דיא קלאנגען, וועלכע מיר בענוצען אין אונזער שפראך, זיינען גאנץ אנדערע ווי דיא קלאנגען, וועלכע רייסען זיך ארויס פון אונזערע העלזער, ווען מיר דריקען אויס פריידע, טרויער, צאָרן, שרעק, גלעכטער א. ז. וו. מיר פערצייכענען אפילו מיט בוכשטאבען דיזע הילכיגע אויסדריקע פון אונזערע געפיהלען, וויא צום ביישפיעל אונזער געלעכטער, מיט דיא זילבען „כא, כא, כא", „כע, כע, כע", „כי, כי, כי", אבער דיזע זילבען זיינען בלויז צייכענס פון אונזער לאכען, דעם נאטירליכען קלאנג פון אונזער געלעכטער גיבען זיי ניט איבער און קענען אויך ניט איבערגעבען. מיר פערצייכענען אויך געוויסע אויסגעשרייען פון חיות מיט געוויסע זילבען; אָבער ווען מיר וואָלטען מיט אונזערע אייגענע אויערען ניט געהערט דיזע אויסגעשרייען, וואָלטען מיר זיך גאר ניט געקענט פאָרשטעלען נאך דיזע צייכענס, וויא דיא חיות שרייען אין דער ווירקליכקייט.

וויא געזאָגט, דיא בעשטימטע אויסגעשרייען פון יעדער חיה קען מען גאר ניט צערגלידערן אויף זילבען אָדער ארטיקולירען מיט ווערטער. דיא קלאנגען, וועלכע מיר געברויכען אין אונזערע שפראַכען, זיינען אַזעלכע, וואס קיין חיה קען ניט ארויסריידען. אויסנאהמען זיינען נאר איינינגע סאָרטען פייגלעך, בעזאָנדערס פאָפוגאיען; אבער יעדערער וויים, אז זיי קענען בלויז נאָכמאכען אונזערע קלאנגען, ווען מען לערנט זיי עס א געוויסע צייט, און אז זיי פערשטייען גאָר ניט דיא בעדייטונג פון דיא ווערטער, וועלכע זיי ווידערהאָלען אָהן אויפהער. דיא פאָפוגאיען פעהלט דיא דענקונגס־קראפט צו בענוצען זיך מיט זייער קוריעזע פעהיגקייט אויסצושפרעכען ווערטער. ווען אפעז וואָלטען געקענט אויסלערנען אויסצוריידען ווערטער, וואָלטען זיי שוין אויך געקענט פערשטיין אביסעל זייער בעדייטונג. קורץ, וויא דארווין זאגט אין זיין ווערק איבער דעם אורשפרונג פון מענשען: „דיא ארטיקולירטע (צערגלידערטע, זילבענארטיגע) שפראך איז א ספעציעלע

פעהיגקייט פון מענשען, הגם זיי קענען אויך, וויא אנדערע חיות, אויס־דריקען זייערע אבזיכטען דורך ניט־ארטיקולירטע (וואס מען קען ניט אויסדריקען מיט זילבען־קלאנגען) געשרייען, דורך זשעסטען און דורך דיא בעוועגונגען פון דיא מוסקולען פון דיא געזיכטען.״

ווען איינענטליך מענשליכע בעשעפעניסען האָבען געקראָגען דיא פעהיגקייט צו אַן ארטיקולירטע שפראך, ווייסען מיר ניט און מיר וועלען עס וואהרשיינליך קיין מאָל ניט דערגיין אויף ריכטיג. אפילו דיא סאָרטען אפען, וויא אָראנג־אוטאנגען, שימפאנזע און גאָרילאס, וואס זיינען יעצט דיא נעכסטע בעשעפעניסען צום מענשען, בעזיצען ניט דעם מינדעסטען אָנפאנג פון דיזער פעהיגקייט. געלעהרטע האָבען לאנג געזוכט צו געפינען דעם ספעציעלען אָרגאן, וועלכער ערלויבט א מענשען צו אונטערשיידען זיך פון אלע חיות דורך זיין שפראך־פע־היגקייט; אבער זיי האבען עס ניט געפונען. מיר קענען זיך דאָ ניט אריינלאזען אין אנאטאָמישע נאכפאָרשונגען וועגען דעם קערפער־נעבוי פון מענשען און אפען; מיר וועלען נור איבערגעבען דעם רעזולטאט פון דיזע נאכפאָרשונגען, אז ניט אין דעם האלז, ניט אין דעם מויל און אפילו ניט אין דעם מארך פון מענשען האָט מען ביז יעצט ענטדעקט דעם ספעציעלען אָרגאן, וועלכער גיט נאָר דעם מענשען דיא מעגליכקייט צו בענוצען זיך מיט אן ארטיקולירטע שפראך. אין דיזער הינזיכט עקזיסטירט א גרעסערער אונטערשיעד צווישען דיא נידעריגערע און העכערע סאָרטען אפען, וויא צווישען דיא מענשען און דיא העכסטע סאָרטען אפען.

דער פאקט, אז אפילו דיא ווילדעסטע מענשען קענען זיך שוין וויא עס איז צוזאמענריידען, צייגט אָבער, אז זיי מוזען דאָך בעזיצען א געוויסען אָרגאן דערצו. אין וועלכען טהייל פון קערפער געפינט ער זיך? דערויף גיט אונז נאר אן אנטוואָרט א גרינדליכע אונטער־זוכונג פון געוויסע גייסטיגע קראנקהייטען. אנדערס קענען מיר דער־ווילע גאר ניט דערגיין וועגען דיזען פונקט. דיזע קראנקהייטען טראָגען אין דער מעדיצינישער וויסענשאפט דעם נאָמען **אפאזיא** [aphasia). זיי בעשטעהען אין דעם, וואס מען פערלירט מעהר אָדער וועניגער דיא פעהיגקייט צו ריידען, וואס מען בלייבט אָהן לשון. אין

מאנכע פעלע ווערט א מענש אונפעהיג אויסצודריקען געדאנקען, אין אנדערע פעלע קען ער זיך ניט דערמאָנען געוויסע ווערטער. דער ערגסטער פאל איז, ווען איין מענש פערשטעהט ניט וואס מען רעדט אָדער מען שרייבט צו איהם און קען אליין ניט אויסריידען א וואָרט. דאס איז פיעל ערגער וויא א געבאָרענער טויב־שטומער, דען א טויב־שטומער איז נור שטום, ווייל ער איז טויב. ער קען ניט ריידען, ווייל ער קען גאר ניט הערען. אז דאס איז אזוי, בעווייזען דיא פאקטען, דאס מען לערנט אויס געבאָרענע טויב־שטומע אויסצוריידען ווערטער, חנם זיי הערען גאר ניט וואס זיי זאָגען. דיא פעהיגקייט צו בעגרייפען דעם זינען פון ווערטער, זיי צו קאָמבינירען און אויסצושפּרעכען בעזיצען זיי אלזאָ אקוראט וויא אלע מענשען וואס קענען הערען וואָס זיי ריידען. א טויב־שטומער קען נעגליכען ווערען צו א מענשען וואס זיינע פיס זיינען געבונדען.ביידע בעזיצען דיא נאטירליכע פעהיגקייטען צו בעוועגען זייערע אָרגאנען, נאר ביי דעם טויב־שטומען איז געבונדען דער געהער און דער געבונדענער קען גלייך אָנהייבען צו גיין וויא נור מען לאזט איהם פריי.

גאנץ אנדערס איז עס אָבער מיט איינעם, וואס ליידעט פון אפאזיא. ביי אזעלכען ליגט דער פעהלער אין מארך, אין רעכטען צענטער פון דער פעהיגקייט צו דער ארטיקולירטער שפּראך. פיעלע געלעהרטע, און בעזאָנדערס דער בעריהמטער פראנצויזישער אנטראָפּאָלאָג בראָקא, האָבען ספּעציעל נאָכגעפאָרשט דעם מארך פון אזעלכע, וואס האָבען געליטען פון אפאזיא. דער שלוס צו וועלכען זיי זיינען געקומען איז, אז דיא אורזאכע פון דיזער קראנקהייט ליגט כמעט שטענדיג אין א פערלעצונג פון א געוויסען טהייל אין דער לינקער העלפט פון מארך. דיא פעהיגקייט צו ריידען הייננט אויך אָפּ פון דער רעכטער העלפט מארך, אָבער ווייניגער וויא פון דער לינקער העלפט. דארום טרעפט עס, אז דיא וואס האָבען א פערלעצונג אין דער רעכטער העלפט פערלירען נאך ניט אין גאנצען דיא פעהיגקייט צו ריידען.

געלעהרטע האָבען אויך אויסגעפונען, אז דיא טהיילען פון דער לינקער העלפט מארך ענטוויקלען זיך ביי קינדער שנעלער, וויא דיא טהיילען פון דער רעכטער העלפט מארך, און אזוי וויא דיא לינקע

העלפט מארך בעהערשט גראדע דיא בעוועגונגען פון דער רעכטער העלפט קערפער, זאָ געפינען מיר דאָ צוגלייך אַן ערקלערונג, ווארום מענשען בענוצען זיך גראדע מיט דער רעכטער האַנט מעהר וויא מיט דער לינקער. אַ קינד כאַפּט זיך געוויינליך אָן מיט דער רעכטער האַנט, ווייל זיין לינקער מארך ווערט פריהער ענטוויקעלט וויא דער רעכטער מארך. פון דעם דארפען מיר שוין שליסען, אַז ביי דיא לינקע איז גראדע פערקעהרט מעהר ענטוויקעלט דיא רעכטע העלפט מארך, וויא דיא לינקע העלפט, און אַזוי איז עס טאקע. אין דער ווירקליכקייט זיינען אַלזאָ דיא רעכטע אַזעלכע וואס זיינען לינקע אין זייער מארך, און פאַרקעהרט, דיא לינקע זיינען אַזעלכע, וואָס זיינען רעכטע אין זייער מארך.

מיר ווען דאָ איבערגעבען אייניגע פון בראָקאַ'ס ערקלערונגען וועגען דיזען זעהר וויכטיגען און אינטערעסאַנטען ענין:

„פון אַלע זאכען וואס מיר מוזען אויסלערנען, שרייבט ער, איז וואהרשיינליך דיא אַרטיקולירטע שפּראַך דיא שווערסטע זאַך. אונזערע אַנדערע פעהיגקייטען, אונזערע אַנדערע האַנדלונגען און בעוועגונגען עקזיסטירען מעהר אָדער וויינינער ביי חיות. אבער הגם חיות האָבען זיכער אידעען און הגם זיי ווייסען וויא זיך צו מאַכען פערשטענדליך דורך אַ ווירקליכע שפּראַך, זיינען זיי אבער דאָך ניט אין שטאַנד צו געברויכען אַן אַרטיקולירטע שפּראַך. אָט דיזע שווערע און קאָמפּליצירטע זאַך מוז עס אַ קינד אויסלערנען אין זיינע ערשטע יאָהרען, און עס דערגרייכט דערצו ענדליך נאַך לאַנגע פּראָבעס און נאָך אַ זעהר פערשידענע אַרבייט פון מארך. דיזע אַרבייט מוז עס אַ קינד דורכמאַכען גראַדע אַרום דער צייט, ווען זיין לינקע העלפט מארך שטייגט איבער אין ענטוויקלונג דיא רעכטע העלפט. דארום קענען מיר אַננעהמען, אַז דיא פריהצייטיגערע און ענטוויקעלטערע העלפט פון מארך וועט גיכער וויא דיא רעכטע העלפט אין שטאַנד זיין צו לייסטען און אויסצופיהרען דיא גלייכצייטיגע גייסטיגע און מוסקולנע בעוועגונגען, דורך וועלכע עס קומט אַרויס אַן אַרטיקולירטע שפּראַך.

„אַזוי ווערען מיר עס צוגעוואָהנט פון קינדוויז אָן צו ריידען דורך דיא ווירקונג פון לינקען מאַרך, און דיזע געוואָהנהייט ווערט אַזאַ טהייל פון אונזער נאַטור, אַז ווען מיר קענען זיך ניט בענוצען

מיט דער לינקער העלפט מאַרך, פערלירען מיר דיא פעהיגקייט אויסצודריקען אונזערע געדאַנקען מיט ווערטער. דאס הייסט פון דעסטוועגען ניט, אז דיא לינקע העלפט מארך איז דער אויסשליס־ליכער אָרט פון דער אַלגעמיינער שפּראַך־פעהיגקייט, וועלכע בעשטייט אין אַ בעשטימטער פערבינדונג פון אַ געדאַנק מיט אַ צייכען. דאס הייסט אויך ניט, אַז דיא לינקע העלפט מארך איז דער צענטער פון דער ספּעציעלער פעהיגקייט צו אַן ארטיקולירטער שפּראַך, וועלכע פע־היגקייט בעשטייט אין אַ פערבינדונג פון אַ געדאַנק מיט אַ זילבענ־ארטיגען וואָרט. דיא רעכטע העלפט מארך האָט אייגענטליך אַזאַ ווירקונג אויף דיזע ספּעציעלע פעהיגקייט וויא דיא לינקע העלפט. און דער בעוויז דערצו איז, אַז אַ מענש וואס קריגט אַפאַזיאַ דורך אַ טיעפע און פערשפּרייטעטע פערלעצונג פון דער לינקער העלפט מאַרך, פערלירט נאר דיא פעהיגקייט אליין איבערצוגעבען דיא אַר־טיקולירטע קלאַנגען פון דער שפּראַך. ער פערשטעהט אָבער נאָך וואס מען רעט צו איהם, און דאס בעדייטעט אז ער געדיינקט נאָך דיא בעציהונגען צווישען געדאַנקען און ווערטער.

„מיט אנדערע ווערטער הייסט עס, אַז דיא פעהיגקייט צו בע־גרייפען דיזע בעציהונגען געהערט צו ביידע העלפטען מאַרך גלייך, און דאַרום קען איין העלפט דינען אַנשטאָט דיא אנדערע אין פאַל פון אַ קראַנקהייט; אָבער דיא פעהיגקייט אויסצודריקען דורך בעשטימטע בעוועגונגען ווערטער, וואס זייער אויסשפּראַך ווערט נאָר ערוואָרבען נאָך אַ זעהר לאַנגע געוואָהנהייט, געהערט בלויז, וויא עס ווייזט אויס, צו איין העלפט און כמעט שטענדיג צו דער לינקער העלפט מאַרך. און גראַדע אזוי וויא עס זיינען דאָ מענשען, ביי וועלכע דיא רעכטע העלפט מארך רופט גראַדע ארויס אַ נאַטירליכע שטאַרקערע בע־וועגונג פון דער לינקער האַנט, אזוי קען עס אויך טרעפען, אַז דיא אָנגעצייגטע פעהיגקייט צו אַן ארטיקולירטע שפּראַך ווערט ביי איינינע מענשען גראַדע ענטוויקעלט אין דער רעכטער העלפט מאַרך. אזעלכע מענשען וועלען זיין רעכטע אין בעצוג אויף דיא בעוועגונגען פון דער שפּראַך, וויא עס זיינען דאָ לינקע אין בעצוג אויף דיא בעוועגונגען פון דער האַנט, אבער ביידע וועלען זיין רעכטע נאָך זייער מאַרך.

„דיא עקזיסטענץ פון א קליינע צאָהל מענשען, וואָס זיינען אויסנאהמען מיט זייער פעהיגקייט צו ריידען דורך דיא ווירקונג פון דער רעכטער העלפט מארך, קען אונז גאנץ גוט ערקלערן דיא אויסנאהמס פעלע, ווען אפאזיא איז גראדע דער רעזולטאט פון א פערלעצונג אין דער רעכטער העלפט מארך.

„דערפון פאָלגט אויך, אז ווען דער טהייל פון לינקען מארך, וועלכער איז געוויינליך דער הויפּט־פּונקט פון דער ארטיקולירטער שפּראך, וועט ביי אימעצען זיין אטראָפירט (אָבגעשוואכט, אָבגע־שטאָרבען) פון געבורט אָן, וועט אזעלכער זיך אויסלערנען ריידען און וועט קענען ריידען מיט דער הילפע פון דעם עהנליכען טהייל מארך אין דער רעכטער העלפט, אזוי וויא א קינד וואָס ווערט געבאָרען אָדער בלייבט אָהן א רעכטע האנט, בעדיענט זיך עבענ־זאָ פלינק מיט זיין לינקער האנט, וויא אנדערע מיט זייער רעכטער האנט.“

עס איז נאָך אבער ניט גענוג צו בעזיצען דיא נייטיגע אָרגא־נען צום ריידען, אום זיי גלייך אויסצונוצען אין אן ארטיקולירטע שפּראך. מען מוז נאָך זעהר לאנג מאכען א סך איבונגען, אום דיזע אָרגאנען זאָלען אלע ווירקען וויא געהעריג און פאָלגען אונזער ווילען. דיא אויספיהרונג פון דער מענשליכער פעהיגקייט צו אן ארטיקולירטער שפּראך איז א קונסט. א קינד פּלוידערט און רעדט ארויס ניט קלאָרע ווערטער א לאנגע צייט, איידער עס קריעגט דיא געוואָהנהייט צו ברייננגען אין דער נייטיגער בעוועגונג זיין מארך און מוסקולען אזוי, אז עס זאָל קענען ריידען וויא דיא דערוואקסענע ארום איהם. דאס הייסט אלזאָ, אז דיא פעהיגקייט צום ריידען איז א נאטירליכע, אבער דיא אָנווענדונג פון דיזער פעהיגקייט איז א קינסטליכע. ווען נור איינער פון דיא אָרגאנען, וואס זיינען נייטיג צום ריידען, איז ניט אין דער ריכטיגער אָרדנונג, דאן איז שוין דיא שפּראך ניט קלאָר און ניט דייטליך.

נעהמענדיג אין אנבעטראכט דיזע וויסענשאפטליכע נאכפאָר־שונגען וועלען מיר פערשטיין, וויא קינדיש און לעכערליך עס איז דיא מעשה פון הערראָטוס, דעם פאָטער פון דער געשיכטע, וועגען

דעם פּרעה פסאַמעטיך. ער דערציילט נעמליך, אַז דיזען הערשער פון מצרים האָט זיך אַמאָל פערגלוסט צו וויסען וועלכע שפּראַך איז דיא עלטסטע. אום דאָס צו דערגיין האָט ער איבערגעגעבען צוויי ניינע־באָרענע קינדער צו אַ פּאַסטוך מיט דעם בעפעהל צו האַלטען זיי גאַנץ אָפּגעזונדערט פון מענשען, אַז זיי זאָלען קיין מענשליכע שטימע ניט הערען. ווען זיי זיינען אָבער אַלט געוואָרען צוויי יאָהר, זיינען זיי צו־געלאָפען צום פּאַסטוך אויסשרייענדיג אַלץ אַ געוויסען וואָרט. פסאַמע־טיך האָט דאַן געהייסען נאָכפאָרשען, פון וואַנען דיזער וואָרט שטאַמט און וואָס ער בעדייטעט. דיזער נאָכפאָרשונג האָט בעוויזען, אַז דער וואָרט קומט פון דער פריגישער שפּראַך און בעדייטעט „ברויט“. און דער־פון האָט פסאַמעטיך געשלאָסען, אַז דיא שפּראַך און אָפּשטאַמונג פון דיא עגיפּטער איז אַ שפּעטערע וויא פון דיא פריגיער.

עהנליכע באָבע־מעשׂות דערציילט מען וועגען אַנדערע אַמאָליגע הערשער, וועלכע האָבען געוואָלט דערגיין דעם אורשפּרונג פון שפּראַ־כען דורך לאָזען אויפהאָדעווען ניי־געבאָרענע קינדער אין דער שטרענג־סטער איינזאַמקייט. ווען אפילו מענשען וואָלטען געקענט אַזוי לייכט אָנפאַנגען צו ריידען, וויא זיי קענען שרייען, וואָלט עס אויך גאַנץ אונמעגליך געווען פאַר צוויי אָפּגעזונדערטע קינדער, וועלכע האָבען קיין מאָל ניט געהערט אַ מענשליכע שפּראַך, אויסצוטראַכטען געוויסע ווערטער צו בעצייכנען זאַכען און זיך פערשטענדיג צו מאַכען דורך דיזע ווערטער. שוין אָבגעזעהען פון דעם אויבענגעזאָגטען וועגען דיא אַרטיקולירטע שפּראַך, איז עס פון ערשטען בליק קלאָר, אַז דיא ערשטע מענשען האָבען נאָר לאַנגזאַם געקענט צוזאַמענריידען זיך דורך בעשטימטע ווערטער צו בעצייכענען בעשטימטע זאַכען. זיי האָבען געמוזט וויא עס איז אָפּ מ אַ כ ע ן צו געברויכען אַ געוויסען קלאַנג פאַר אַ געוויסע זאַך. ניט נאָר איז דער געברויך פון אַן אַרטיקולירטע שפּראַך אַ קונסט, צו וועלכער מען דערגרייכט נאָך לאַנגע פּראַקטיקע פון קינדווייז אָן, זאָנדערן דיזע קונסט ווערט ערשט מעגליך, ווען מענשען פערבינדען זיך אין גרופּען, דאָס הייסט ווען זיי פיהרען אַ ג ע ז ע ל ש אַ פ ט ל י כ ע ן ל ע ב ע ן אין אירגענד וועלכער פאָרמע. דאָס איז אַזוי זעלבסטפערשטענדליך, אַז עס איז גאָר איבעריג אויף דעם זיך ווייטער אָפּצושטעלען.

און עס קען אויך קיין שום צווייפעל ניט זיין, אז דער מענש איז ניט געווען דיא ערשטע בעשעפענים אויף דער ערד מיט א פעהיגקייט צו אן ארטיקולירטע שפראך. מיר ווייסען שוין, אז אין דער נאטור איז אלעס ביסלעכווייז ענטוויקעלט געוואָרען און ווערט אויך אלץ ווייטער ביסלעכווייז ענטוויקעלט; אז דיא נאטור שפרינגט ניט איבער גלייךפון איין מדרגה אין אן אנדערע; אז עס זיינען דאָ און עס מוזען זיין מיטעלע פערבינדונגס־רינגען. קורץ, מיר זיינען שוין בעקאנט מיט דער עוואָלוציאָנס־לעהרע. דיא גאנצע קולטור־געשיכטע איז פון אָנפאנג ביז צו ענדע אן אונבעשטרייטבארער בעווייז, וויא ווייט דיזע לעהרע איז ריכטיג אין אלע מענשליכע אויפטואונגען און פיהרונגען. זאָלען מיר דען זאָגען, אז גראדע ווענען דיא פעהיגקייט צו אן ארטיקולירטע שפראך האָט דיא נאטור געמאכט אן אויסנאהמע, דערלאנגענדיג א שפרונג און אָפּשיידענדיג מיט איין קלאפּ דיא מענשען פון אלע אנדערע בעשעפעניסען? מיר האָבען קיין שום גרונד ניט אזוי צו זאָגען. ווארום זאָל גראדע אין דיזען פאל זיין דיא אויסנאהמע?

פארקעהרט, גראדע אין בעצוג אויף דער שפראך־פעהיגקייט האָט דיא ענטוויקלונג געמוזט זיין זעהר א לאנגזאמע, דען דיזע פעהיגקייט היינגט אָפּ, וויא מיר האָבען עס שוין געזעהען, פון א צוזאמענווירקונג פון פיעלע אָרגאנען און ספּעציעל פון געוויסע טהיילען מארך, וועלכער בעשטיים פון דיא דעליקאטעסטע מאטעריען אין אונזער אָרגאניזם און וועלכער איז אזוי פערשיעדענארטיג אויסגעדרייט און אויסגעקנייצט. ווען מיר זאָלען אָננעהמען, אז איין בעשטימטער גליעד קען אונטער זעהר גינסטיגע בעדינגונגען דורכמאכען א גאנץ שנעלע ענטוויקלונג, קענען מיר דאס שוין אויף קיין פאל ניט צולאָזען ווענען עטליכע אָרגאנען צוזאמען, סיידען מיר זאָלען אָנהייבען צו גלויבען אין וואונדער, וואס עס איז יעדענפאלס גאר ניט וויסענשאפטליך.

וויא קומט עס אָבער דאך, אז יעצט גיבט עס קיין אנדער חיה אויסער דעם מענשען, וואס זאָל פעהיג זיין צו אן ארטיקולירטע שפראך? דיא אנטוואָרט אויף דיזע פראגע איז גאנץ איינפאך: דיא בעשעפעניסען וואס האָבען אין דער עוואָלוציאָנס־קייט פון דער אָרגאנישער וועלט (פלאנצען און חיות) פערנומען דיא מיטעלסטע

רינגען צווישען דיא יעצטיגע אפען און דיא יעצטיגע מענשען, זיינען פערשוואונדען געוואָרען.

אין אָנפאַנג פון דיזער קולטורגעשיכטע האָבען מיר שוין אָנגעצייגט אויף דיא פערשיעדענע ענדערונגען, וועלכע דיא ערד אליין האָט דורכגעמאַכט אין פערלויף פון מיליאָנען יאָהרען, און אויף דעם, דאס פיעלע סאָרטען פלאַנצען און חיות זיינען פערשוואונדען געוואָרען און דאס עס האָבען אויך אמאָל עקזיסטירט געוויסע מענשענאַרטיגע בעשעפעניסען, וועלכע זיינען געשטאַנען העכער פאַר דיא העכסטע יעצטיגע סאָרטען אפען און נידריגער פאַר דיא ווילדעסטע פון דיא יעצטיגע מענשען. מיר וועלען דאָ נאָר אָנווייזען אויף איין ענטדעקונג. אין געוויסע קאַלכיגע שיכטען לעבען דעם אָרט באָם (Beauce) אין פראַנקרייך האָט מען געפונען אָפּגעהאַקטע און אָפּגעשאַרפטע שטיקלעך קרעמען. דיא געאָלאָגיע און פּאַלעאָנטאָלאָגיע בעווייזען, אז אין דער צייט ווען דיזע שיכטען זיינען אָפּגעלייגט געוואָרען, האָט נאָך דער מענש ניט עקזיסטירט און אז זייט דער צייט האָבען זיך חיות דריי מאָל געביטען אויף דער ערד. אין דיא זעלבע שיכטען, וואו מען האָט אויסגעגראָבען דיא שטיקלעך אָפּגעהאַקטע קרעמען־שטיינדלעך, געפינען זיך ביינער פון אזעלכע סאָרטען חיות, וואס עקזיסטירען שוין מעהר ניט און וואס פון זיי האָבען זיך עס ביסלעכווייז ענטוויקעלט אונזערע יעצטיגע סאָרטען חיות. דיא אָפּגעהאַקטע שטיקלעך קרעמען האָבען דארום ניט געקענט זיין דיא ארבייט פון מענשען, זאָנדערן פון געוויסע מענשענאַרטיגע בעשעפעניסען. דאס זיינען געוועזן דיא געצייג פון דיזע בעשעפעניסען. קיין אנדער חיה אויסער אזעלכע, וואס זיינען געשטאַנען העכער פאַר אונזערע יעצטיגע אפען, האָט נאַטירליך ניט געקענט פאַלען אויפ׳ן שכל צו מאַכען געצייג פון הארטע שטיקלעך שטיין. מען קען דארום אויך אננעהמען, אז דיזע בעשעפעניסען האָבען שוין געהאט דעם שכל, וואס איז נייטיג וויינינגסטענס פאַר אן אָנפאַנג פון א שפּראַך מיט געוויסע זילבען־קלאַנגען. אזוי גוט וויא חיות האָבען זיך זייט יענער צייט דריי מאָל געביטען, דערנעהענטערענדיג זיך אלץ מעהר צו אונזערע יעצטיגע חיות, אזוי האָט עס אויך געקענט פּאסירען מיט דיא

מענשענארטיגע בעשעפעניסען, וועלכע האָבען זיך אלץ מעהר דער־נעהענטערט אין זייער פיזישער און גייסטיגער ענטוויקלונג צו דיא יעצטיגע מענשען. עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אז דיא שפּראך־פעהיגקייט איז געווען א טהייל פון דיזע ענטוויקלונגען פון מענשענ־ארטיגע בעשעפעניסען. עס איז ניטאָ קיין שום גרונד צו דיינקען אז דאס איז ניט אזוי געווען.

נאר ווען מען זאָל, טראָץ אלע דיזע בעווייזע און וויסענשאפט־ליכע בעטראכטונגען, דאָך לייקענען, אז נאך לאנג איידער דער מענש האָט זיך בעוויזען אויף דער ערד, זיינען שוין געווען מענשענארטיגע בעשעפעניסען, וואס האָבען פיעל־ווינציג בעזעסען דיא פעהיגקייט צו אן ארטיקולירטע שפּראך, קען מען שוין אויף קיין פאל ניט לייקענען דעם פאקט, אז דיא מענשליכע שפּראכען האָבען זיך אלץ מעהר ענטוויקעלט און זיינען דורכגעגאנגען געוויסע שטופען. גרינדליכע נאכ־פאָרשונגען פון אלע בעקאנטע מענשליכע שפּראכען בעווייזען אונבע־שטרייטבאר זייער שטענדיגע עוואָלוציאָן.

דיזע נאכפאָרשונגען וועלען מיר איבערגעבען אין דיא נעכסטע קאפּיטלעך.

———

# צווייטער קאַפּיטעל.

## דיא ענטוויקלונג פון שפּראַכען.

**דיא גרויסע צאָהל פון שפּראַכען. —דיא אָרימקייט פון דיא שפּראַכען פון ווילדע.— געשריי-צייכענס פון דיא ערשטע מענשען. —אורשפּרינגליכע שפּראַכען. —מאָנאָסילאַבישע, אַגגלוטינירטע און פלעקסירטע שפּראַכען.—דער גרונדפּונקט פון דער לינגוויסטיק**

איבער טויזענד שפּראַכען ווערען נאך יעצט געברויכט אויף דער ערד. פריהער איז דיא צאָהל פון שפּראַכען וואהרשיינליך געווען א גרעסערע, דען אין דיא היסטאָרישע צייטען זיינען פיעלע פעלקער מיט בעזונדערע שפּראַכען צוזאַמענגעשמאָלצען געוואָרען אין גרויסע נאַציאָנען מיט איין שפּראך. וועגען דיזע צוזאַמענשמעלצונגען האָבען מיר בעשטימטע געשיכטליכע בעווייזע.

דיזע אַלע שפּראַכען קלינגען אזוי פערשיעדען, דאָס פון ערשטען בליק קען מען מיינען, אז זיי זיינען אַלע מאָל געווען אזוי פערשיעדען און אז קיינע פון זיי האָט גאר קיין שייכות ניט מיט דיא איבריגע. אויך קען מען מיינען, אז זיי זיינען ענטשטאַנען גאַנץ צופעליג, אז זיי זיינען געשאַפען געוואָרען פון דער פאַנטאַזיע. עטליכע מענשען, קען מען זיך דיינקען, האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען און האָבען אָפּגעמאַכט צווישען זיך, אז אזא חיה זאָל מען רופען לייב, אן אַנדערע—לעמפּערט, א דריטע—טיגער, א פערטע—בער א. ז. וו., און אזוי איז עס געבליבען אויף דור דורות. אויף אזא אַרט קען מען

זעהר לייכט ענטשיידען א פראגע, אויף וועלכע געלעהרטע האבען זיך לאנג געבראכען דיא קעפּ; אבער דאס וועט נאר זיין א זעהר לעבערליכע בויך־סברה. אין דער וויסענשאפט מאכט מען קיינע בעהויפּטונגען, וועלכע מען זאל גאר ניט קענען בעווייזען אדער וועלכע זאלען קיין שום ראיעלען גרונד ניט האבען.

ווען מען דרינגט אריין טיעפער אין דיא פערשיעדענע שפּראכען, ווען מען שטודירט זייערע קלאנגען, ווערטער און דיא צוזאמענשטעלונג פון ווערטער אין פראזען, געפינט מען אויס זעהר גרויסע און מערק־ווירדיגע עהנליכקייטען צווישען פיעלע פון זיי, עהנליכקייטען, וועלכע צייגען אונבעשטרייטבאר אויף איין געמיינשאפטליכע אפּשטאמונג און וועלכע זיינען א גרויסע הילפע אין דער קולטור־געשיכטע. זא, צום ביישפּיעל, האט מען דורך אזעלכע שפּראך־פארשונגען אויסגעפונען, אז דיא אינדוסען זיינען לייבליכע קרובים פון דיא גריכען, רוימער, דייטשען, סלאווען א. ז. וו., און אז דיזע אלע פעלקער זיינען אמאל געוועזען איין שטאם מיט איין געמיינשאפטליכע שפּראך. דורך קיינע אנדערע נאכפארשונגען וואלטען מיר עס קיינמאל ניט געקענט דער־גייז, דען עס זיינען קיינע אנדערע בעווייזע פערבליבען. נאר וועגען דיא נאהענטע פערוואנדשאפט פון אלע אויראפּעאישע פעלקער וועלען מיר נאך האבען צו ריידען אין א בעזונדערן קאפּיטעל. דא וועלען מיר ספּעציעל נאכזוכען וויא אזוי שפּראכען זיינען אויפגעקומען.

עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אז דיא שפּראכען פון ווילדע האבען ניט אזוי פיעל ווערטער און זיינען ניט אין אלגעמיינען אזוי ענטוויקעלט, וויא דיא שפּראכען פון קולטור־פעלקער. דיא אונטער־שיעדע זיינען אבער אזוי גרויס, אז דאס אליין צייגט שוין אויף א זעהר לאנגזאמע אויסארבייטונג פון שפּראכען. וואס ווילדער א שטאם איז, אלץ מעהר מוז ער געברויכען זשעסטען און תנועות, אום אויס־צודריקען זיינע ארימע געדאנקען.

דיא שפּראך פון דיא ווערדאכען בעשטייט פון עטליכע ווער־טער, אום אויסצודריקען דיא געוויינליכסטע זאכען פון זייער טאג־טעגליכען לעבען. אין דער שפּראך פון דיא טאסמאניער, וועלכע זיינען שוין יעצט אין גאנצע אויסגעשטארבען אונטער דער הערשאפט

פון דיא ענגלענדער, זיינען ניט נעווען קיינע אדיעקטיווען (ווערטער אויסצודריקען א מעלה אדער א צייכען פון א זאך). א מעלה פון א זאך האבען זיי נאר נעקענט בעשטימען דורך א פערגלייך מיט אן אנדער זאך. זיי האבען ניט געהאט א ווארט צו בעצייכנען א „בוים". דיא אויסטראליער, וועלכע זיינען עהנליך צו דיא טאסמאניער, האבען ניט ווערטער צו בעצייכנען דיא בעגריפע: „גערעכטיגקייט, פערברעכען, פעהלער" א. ז. וו. דיא שפראך פון דיא בושמענען איז אזוי ארעם, אז זיי קענען זיך ניט צוזאמענריידען אין דער פינסטער, דען זיי מוזען זעהר פיעל מאכען מיט דיא הענט און נעבראכען פערשיעדענע אנדערע זשעסטען. דיא ווערטער „געוויססען", „שכל" א.ז.וו. פעהלען אין דער שפראך פון דיא בעטשואנער שטאמען (אין זיד אפריקא). אין דער שפראך פון דיא פולען (נעגער שטאמען אין צענטראל־אפריקא) איז ניטא קיין מענליכער און קיין ווייבליכער געשלעכט. אלע זאכען פערטהיילען זיי אויף מענשליכע און טהירישע. דיא איינגעבארענע פון בראזיליען האבען ניט ווערטער אויסצודריקען דיא בעגריפע: „פארב, געשלעכט, שטאם, שכל". אין דיא מייסטע אינדיאנער שפראכען פעהלען ווערטער צו בעצייכנען „צייט, רוים, מאטעריע". אפילו דיא מאלאיער האבען ניט א ווארט צו בעצייכנען „פארב". דיא פעלקער פון אינדיען, וואס ווערען גערופען מיט דעם אלגעמיינען נאמען דראווידען, האבען ניט ווערטער פיר דיא בעגריפע „גאט, נשמה, ווילען". אזעלכע ביישפילע קען מען ברייגגען גאנצע פעק.

נאך ארימער איז דיא שפראך פון ווילדע אין צעהלען, ווייל דערביי מוז מען נאך מעהר אנווענדען דעם שכל. דיא וועדדאכען בעזיצען גאר קיין פעהיגקייט צו צעהלען און האבען קיין איינציגען צעהלונגס־ווארט. דיא טאסמאניער האבען שוין געקענט צעהלען „איינס" און „צוויי". וואס עס איז געווען מעהר וויא צוויי האבען זיי גערופען „פיעל". ווען זיי פלעגען וועלען זאגען פינף, פלעגען זיי אויפהייבען דיא הענט ביז צום קאפ. זיי האבען שוין געהאט א פארשטעלונג וועגען דיא צאהל פינף, אבער האבען נאך ניט געהאט א ווארט דערצו. דיא אויסטראליער האבען אויך צוויי צעהלונגס־ווערטער, אבער זיי קענען שוין פערבינדען דיזע ווערטער ביז דיא צאהל זעקס. ווען זיי ווילען

זאָגען פינף, געברויכען זיי דעם וואָרט „האנט". צעהן הייסט אויף זייער שפּראַך „צוויי הענט". דיא איינגעבאָרענע אויף דעם אינזעל נייקאַלע־דאָניען געברויכען אויף דיא זעלבע רעכנונג ביז צעהן. ווען זיי דאַרפען ווייטער צעהלען, הייבען זיי אָן פון דאס ניי צו רעכענען ביז פינף, נאכהער ציהען זיי אויס איין פוס, אָנצייגענדיג אויף דיא פינף פינגער פון דער פוס. ווען זיי דערגרייכען ביז צוואַנציג, זאָגען זיי „איין מענש", דאס הייסט אַלע פינגער פון דיא הענט און פון דיא פיס. זייערע העכסטע מאַטעמאַטיקער קענען אויף אזא אַרט דערגרייכען ביז 200 און זאָגאר 300, אָבער ווייטער ווערען זיי שוין צומישט און גע־ברויכען דעם אויסדרוק „מעהר איז שוין קיין זאַמד ניטאָ". דיא בושמענען האָבען אויף בלויז צוויי צעהלונגס־ווערטער, נאָר זיי לייגען דיזע ווערטער צוזאַמען אין זייערע ווייטערע רעכנונגען אזוי: צוויי און איינס, צוויי און צוויי, צוויי און צוויי און איינס, און אזוי ווייטער. דיא קאַפּרען זיינען אויך ניט קיין גרעסערע מאַטעמאַטיקער וויא דיא בושמענען. דיא זולוסען בעצייכנען דיא צאָהל זעקס אזוי: „נעהמען דעם גרויסען פינגער פון דער אנדער האנט". דיא מייסטע פעלקער פון זיד־אַמעריקא האָבען אויך ניט מעהר צעהלונגס־ווערטער וויא פאַר איינס און צוויי. ווייטערע רעכענונגען מאַכען זיי מיט זייערע פינגער. ווענען א צאָהל מעהר וויא פיער זאָגען דיא גוואַראַנען „אונ־צעהלבאר". דיא אַביפּאָנען זאָגען „דיא פינגער פון איין עמו (אזא חיה)" צו בעצייכנען 4, „דיא פינגער פון איין האנט" צו בעצייכנען 5, „דיא פינגער פון דיא הענט און פיס" צו בעצייכנען 20. פיעלע אינדיאַנער מוזען אויפהייבען זייערע הענט און פיס, ווען עס קומט זיי אויס צו רעכענען. אַנשטאָט צוואַנציג זאָגען זיי געוויינליך „איין מענש".

אין אַלגעמיינעם מאַכען אַלע ווילדע פעלקער זייערע רעכנונגען נאָך זייערע פינגער, און דערפון שטאַמט עס דיא דעצימאַלע [צעהנדליגע] סיסטעם פון רעכנונג ביי דיא מייסטע ציוויליזירטע פעלקער, וויא מיר וועלען עס זעהן אין א ווייטערען קאַפּיטעל.

נאָר דיא ערשטע מענשען זיינען נאַטירליך געשטאַנען פיעל נידעריגער פאַר דיא יעצטיגע ווילדעסטע מענשען אין אַלע הינ־זיכטען, און פאָלגליך אויך אין זייער שפּראַך. ווער עס האָט ניט

**אָנגעפּאַנגען צו אַרטיקולירען,** דיא מענשען אָדער מענשענאַרטיגע בעשעפּעניסען, דאָס מאַכט אין דיזען פאַל ניט אויס. מיר האָבען שוין וועגען דעם גערעדט אין פאָריגען קאַפּיטעל און מיר וועלען זיך מעהר ניט צוריק קעהרען צו דיזער פראַגע, וויא אינטערעסאַנט און וויכטיג זיא איז ניט. עס איז יעדענפאַלס זיכער, אז דיא גאָר ערשטע שפּראַך איז געווען מעהר עהנליך צו א געשריי פון חיות, וויא צו אן אַר־טיקולירטען לשון. אָנווענדענדיג אלץ מעהר זייער שכל צו מאַכען וואס אויסדריקליכער און פערשידענער זייערע געשרייען, האָבען זיי אויך אלץ בעסער געקענט זיך פערשטענדיג מאַכען אין פאַל פון נויט. אויך יעצט מאַכען מיר אינסטינקטיוו געוויסע בעוועגונגען און אויסגעשרייען אין געוויסע פעלע. מיר אונטערשיידען גלייך, וועלכע געשריי דריקט אויס שמערץ, כעס, פערצווייפלונג, פריידע א. ז. וו. מיר דערקענען אויך נאָך א בליק, א פּינטעל מיט דיא אויגען, א קרים, א שמייכעל, א מאַך מיט דער האַנט, א קנייטש מיט דיא פּלייצעס א. ז. וו. וואס איינער פיהלט און מיינט אויסצודריקען. דאס זיינען אלץ געווען צייכענס פאַר דיא ערשטע מענשען זיך צוזאַמענ־צוריידען. מיר האָבען שויז געזעהן, אז דיא בושמענען קענען זיך ניט פערשטענדיג מאַכען אין דער פינסטער. אונטער דיא ערשטע מענ־שען איז דאס זיכער נאָך מעהר געווען דער פאַל. זייערע בענעהרען און בעדירפניסע זיינען געווען ריין טהירישע און מיט עטליכע צייכענס האָט מען געקענט אויסדריקען דיזע בעגעהרען. ווען דיא מענשענ־אַרטיגע בעשעפּעניסען אָדער דיא מענשען זעלבסט האָבען זיך ארומ־געשלעפּט איבער פעלדער און וועלדער, אין סטאַדעס אָדער אין קליינע פאַמיליען־גרופּען, זוכענדיג נאָר שפּייז און א זיכערן נאַכטלעגער —אין דער צייט האָט זייער גאַנצע שפּראַך געקענט בעשטיין נאָר פון עטליכע געשרייען צו געבען צו וויסען וועגען א געפאַהר, וועגען גוטע שפּייז, וועגען אן אונגעוויינליכע פּאַסירונג א. ז. וו. נאָך יעצט ווען איינער בלאָנדזעט אין א וואַלד, הייבט ער אָן צו שרייען, טאָמער וועט זיך אימעצער אָפּרופען אויף זיינע קולות. דיזער געשריי האָט א בעשטימטען אויסדרוק. נאָך א געשריי פון דער ווייטענס קענען מיר דערקענען, אויב דער שרייער שרעקט זיך אָדער פרייהט זיך. אפילו

חיות דערשפירען דעם אויסדרוק פון א געשריי מיט זייער אינסטינקט. דיא ערשטע מענשען האָבען דורך אזעלכע אויסרופען געקענט אויס־דריקען אַלעס, וואָס עס איז זיי אַם נייטיגסטען געוועזן צו וויסען און צו דערגיין. וויא שוין בעמערקט, זיינען איינינע פון דיזע אויסרופען פער־בליבען אין אַלע שפּראַך און ווערען אין דיא גראַמאַטיקעס בעצייכענט אַלס אויסרופס־ווערטער, וויא צום ביישפּיעל: אָך! וויהה! אַה! אָהו! א. ז. וו.

ביסלעכווייז אָבער, וואָס מעהר דיא ערשטע מענשען האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען אָדער פערבונדען, איז זיי אַלץ נייטיגער גע־וואָרען דייטליכער זיך אויסצודריקען און איבערצוגעבען זייערע געדאַנקען און פערלאַנגען. געבענדיג צו וויסען וועגען א געפאַהר, האָט מען שוין אויך געוועלט צוגלייך אָנדייטען וואָס פאַר א געפאַהר עס איז, פון וואַנען זיא קומט, וויא מען קען אָדער מען דאַרף איהר אַם בעסטען אויסמיידען אָדער בעקעמפּפען. אָנצייגענדיג אַז אין א געוויסען אָרט איז דאָ נענוג שפּייז, אָדער אַז מען קען פאַנגען א חיה, האָט מען אויך געוועלט אָדער בעדאַרפט ערקלערען, וואָס פאַר א סאָרט שפּייז אָדער חיה דאָס איז. ווען איינער האָט אויסגעפונען א זיכערן נאַכטלעגער און געוועלט איבערגעבען דיא אַנדערע, אַז זיי זאָלען אהין אריבערציהען, האָט ער בעדאַרפט געברויכען געוויסע קלאַנגען און צייכענס, אום זיך פערשטענדיג צו מאַכען. דאָס זעלבע איז נאַטירליך געווען אין אַנדערע פעלע, וועלכע האָבען זיך אַלץ פערמעהרט מיט דער צייט. ווען דיא ערשטע מענשען האָבען געוועלט בעשטימען, וועלכע חיה איז אין דער נאָהענט, האָבען זיי העכסט וואַהרשיינליך געזוכט נאַכצומאַכען איהר געשריי אָדער איהרע בע־וועגונגען. מען האָט זיך אָנפאַנגס געסטאַרעט נאַכצומאַכען דיא געשרייען פון פערשיעדענע חיות אַזוי ריכטיג, וויא נאָר מעגליך, אָבער ביסלעכווייז האָט מען זיי אָנגעפאַנגען צו מאַכען וואָס איינפאַכער און לייכטער און זיי אויסצודריקען דורך אַרטיקולירטע קלאַנגען.

דאָ האָט שוין אויך דער צופאַל געשפּילט א גרויסע ראָלע. גראָדע האָט איינער דערלאַנגט א געוויסען געשריי ביי א געוויסען פאַל און אַנדערע האָבען עס נאָכגעטאָן ביי אַן עהנליכען פאַל.

אויף אזא אַרט האָט שוין געקענט ענטשטיין און עס איז אויך ענטשטאַנען א בעשטימטער וואָרט צו בעצייכנען א בעשטימטע זאַך. אזוי וויא מיר ווייסען ניט זיכער, וואו עס איז געוועזן דיא וויגעלע פון דער מענשהייט, קענען מיר אויך ניט וויסען אין וועלכען אָרט מענשען האָבען אָנגעפאַנגען צו ריידען. דיא מענשענאַרטיגע בעשעפעניסען, פון וועלכע מענשען האָבען זיך ענטוויקעלט ווער ווייסט נאָך וויא פיעל יאָהרען, זיינען געוויס ניט פערבליבען שטענדיג אויף איין פונקט און האָבען זיך צושפּרייט אזוי ווייט, וויא דער קלימאַט און דיא שפּייז־מיטעל האָבען עס זיי ערלויבט. עס איז דאָרום זעהר וואהרשיינליך, אז דער אָנפאַנג פון אַן אַרטיקולירטע שפּראַך איז געמאַכט געוואָרען אונגעפעהר אין דער זעלבער צייט פון טטליכע אָפּגעזונדערטע גרופּען מענשענאַרטיגע בעשעפעניסען אָדער מענשען אין דער גינסטיגסטער פּאַר זיי געגענד. דאס הייסט מיט אנדערע ווערטער, אז איין איינציגע אורשפּרונגליכע שפּראַך איז וואהרשיינליך קיין מאָל ניט געווען. גיכער דאַרף מען אָננעהמען, אז עס זיינען כמעט גלייבצייטיג אויפגעקומען עטליכע שפּראַכען. נאר אָנפאַנגס, ווען מען האָט זיך נאר בענוצט מיט געוויסע אויסגעשרייען און מיט נאָכמאַכונגען פון דיא קלאַנגען, וועלכע מען קען הערען אין וועלדער, זיינען דיזע שפּראַכען נאַטירליכערווייזע געווען עהנליך נאר וואס שפּעטער, ווען מען האָט ביסלעכווייז גענומען צערגלידערן דיזע געשרייען אין מעהר אָדער וועניגער קלאָרע זילבען־קלאַנגען, אַלץ וועניגער עהנליכקייט האָבען זיי געקראָגען. וויא שוין בעמערקט, האָט אויך דער צופאַל גענומען שפּילען א גרויסע ראָלע אין דער צוזאַמענשטעלונג פון אַרטיקולירטע קלאַנגען, זאָ דאס דורך דעם זיינען דיא אויסדריקע און ווערטער אַלץ פערשידענער געוואָרען.

יעדענפאַלס, וויא און וואו דיא אורשפּרינגליכע מענשליכע שפּראַכען זיינען ניט ענטשטאַנען, קען קיין צווייפעל ניט זיין, אז זיי זיינען צוערשט בעשטאַנען פון איינזילביגע ווערטער. אין דער לינגוויסטיק אָדער וויסענשאַפט איבער שפּראַכען איז יעצט פעסטגעשטעלט, אז דיא איינפאַכסטע און דיא ערשטע פאָרמע פון אַרטיקולירטע שפּראַכען איז דיא איינזילביגע, וואו ווערטער ענ־

דערן זיך גאר ניט און ווערען צוגעשטעלט איינע צו דיא אנדערע אין א געוויסע אָרדנונג, וועלכע ווערט אלץ פעסטער בעשטימט מיט דער צייט. יעדער וואָרט איז א וואָרצעל, א שרש, וועלכער פערבלייבט אימער דער זעלבער און האט א זעהר אלגעמיינע בעדייטונג. אזעלכע ווערטער צייגען ניט אָן דיא פערזאָן, דיא צאָהל, דיא צייט און איר־גענד וועלכע גראמאטיקאלישע פאָרמען. דיא פראזען ווערען צוזאַ־מענגעשטעלט דורך א צוזעצונג פון איין וואָרצעל־וואָרט צום אנדערן.

עס פערשטייט זיך, אז אָנפאנגס האָט עס גאר אנדערש ניט געקענט זיין, דען פאר דיא וויניגע געדאנקען וואס מען האָט געהאט אויסצודריקען, זיינען פאָלקאָם גענוג געווען קורצע קלאַנגען, וועלכע האבען בעצייכענט דיא געברויכליכסטע און געוויינליכסטע זאכען. דיא גראמאטיקאלישע פאָרמען צו בעשטימען געשלעכטען, צאָהלען, פערזאָנען, צייטען א. ז. וו. האבען נאר געקענט אויסגעארבייט ווערען מיט דער צייט, ווען מענשען זיינען אלץ מעהר ענטוויקעלט געוואָרען גייסטיג און ווען זיי האבען שוין געוועלט דייטליכער און שענער זיך אויסדריקען. פון דיא געשרייען זיינען איבערגעבליבען געוויסע קורצע קלאַנגען, וועלכע זיינען געווען דער פונדאמענט פון יעדע ארטיקולירטע שפּראך. אלע אזעלכע שפּראכען הייסען מאָנאָסילאביש ע (איינ־זילבינע) אָדער איזאָלירענדע (אָפּזונדערנדע).

דיא צווייטע פאָרמע פון שפּראכען הייסט אגגלוטינאציאָן, וואס עס בעדייטעט צוזאמענקלעפּונג. דיזער נאמען קומט דערפון, וואס דיא איינזילבינע וואָרצלען פון דיא ערשטע שפּראכען ווערן ביסלעכווייז צוזאמענגעצויגען, זאָ צו זאָגען, צוזאמענגעקלעפּט. איניגע פון דיזע וואָרצלען פערלירען דערביי זייער פריהערן קלאנג און בעדיי־טונג און ווערען נאר הילפסווערטער. דער הויפּטוואָרט, דאס הייסט דער וואָרצעל, וועלכער דריקט אויס דיא גרונדבעדייטונג פון א גע־דאנקען, בלייבט אלץ אונפערענדערט, נאר צו איהם ווערן צוגעטשע־פּעט ווערטער, זילבען אָדער איינצעלנע בוכשטאבען, וועלכע דיענען צו בעצייכנען דיא בעציהונגען צווישען זאכען. דיא ווערטער ווערען אויף אזא אופן זעהר לאנג און דריקען אויס גאנצע פראזען. דיא צוזעצונגען צום וואָרצעל־וואָרט קענען זיין אין אָנפאנג און דאן ווערן

זיי נערופען פּרעפיקסען, אָדער צום סוף און דאַן הייסען זיי סופיק־
סען. דער אַלגעמיינער נאָמען פאַר אזעלכע צווזעצונגען איז אַפיקסען.

עס זיינען דאָ זעהר פיעל אַנגלוטינירטע שפּראַכען און זיי זיינען זעהר פערשיעדען אין זייערע וואָרצלען און אין זייער צוזאַמענשטעלונג; נאַר אַלע האָבען זיי פון דעסטוועגען דיא עהנליכקייט צו דיא מאָנאָ־סילאַבישע שפּראַכען, דאַס זייערע וואָרצלען זעלבסט בלייבען אונפערענדערט אונטער אַלע ענדערונגען פון דיא אַפיקסען, וועלכע זיינען מעהר אָדער ווייניגער פערקירצטע און, זאָ צו זאגען, איינגעשלונגענע וואָרצלען.

הגם מיר וועלען אין נעכסטען קאַפּיטעל נעהענטער בעטראַכטען געוויסע שפּראַכען אלס מוסטער פון דיא פערשיעדענע פאָרמען, וועלכע שפּראַכען האָבען גענהאַט אין זייער ענטוויקלונג, וועלען מיר דאָ בריינ־גען אַ פּאָר ביישפּיעלען, אום דער לעזער זאָל בעסער פערשטיין, וואָס עס הייסט אַן אַנגלוטינירטע שפּראַך. דיא שפּראַך פון דיא אונגאַרען אָדער מאַגיאַרען איז אַן אַנגלוטינירטע, וועלכע נעהערט צו איין גרופּע מיט דער טערקישער און פיננער, וויא מיר וועלען עס שפּעטער זעהן. דער וואָרט kértĕk פון דער אונגאַרישע שפּראַך בעדייטעט: „איהר בעט" איז דאָ דער וואָרצעל kér און tĕk איז דיא ענדע־צוזעצונג, אָדער סופיקס, וואָס דריקט אויס דיא בעציהונג צו דער פּערזאָן, אריינזע־צענדיג אין מיטען דיא זילבע né, דאַס הייסט אויסשפּרעכענדיג— kérnétĕk, קריגט שוין דער וואָרט דיא בעדייטונג: „איהר זאָלט בע־טען". דער וואָרצעל־וואָרט zár בעדייטעט „פערמאַכען". ווען מען זאָגט zárhat הייסט עס „ער מעג צומאַכען"; ווען מען זאָגט zárogat הייסט עס: „ער פערמאַכט אָפט"; ווען מען זאָגט zárogathat הייסט עס: „ער קען אָפט פערמאַכען"; ווען מען זאָגט záratgathat הייסט עס: „ער קען אָפט לאָזען פערמאַכען". דער וואָרצער zár בלייבט ביי דיזע אַלע ענדע־צוזעצונגען אונפערענדערט, און יעדער פון דיזע אַנגלוטינירטע ווערטער דריקט אויס אַ גאַנצע פראַזע.

דיא דריטע פאָרמע פון שפּראַכען ווערט בעצייכענט מיט דעם נאָמען פלעקסיאָן. דאַס זיינען שפּראַכען, וואו דיא וואָרצעל־ווער־טער זעלבסט ענדערן זיך אָדער, וויא מען זאָגט אין דער לינגוויסטיק,

ביינען זיך (דער ווארט פלעקסיאן בעדייטעט: ביינונג), אום אויסצו־דריקען דיא בעציהונג פון ווערטער און געדאנקען אין א פראזע. אין דיא מאנאסילאבישע שפראכען בלייבט דער ווארצעל־ווארט, וויא שוין בעמערקט, אימער דער זעלבער אונטער אלע אומשטענדען. דיא פראזען ווערען צוזאמענגעזעצט דורך אן איינפאכע צושטעלונג פון איין שרש צום אנדערען. ווען מיר וועלען בעצייכענען דיא ווארצעל־ווערטער מיט דעם בוכשטאב ש, וועט דיא פארמע פון א מאנאסילאבישע שפראך זיין ש+ש+ש א. ז. וו. אין דיא אגגלוטינירטע שפראכען ווערען שוין צום אונפערענדערטען שרש־ווארט צוגעצויגען פערשידענע צוזעצונגען, וועלכע מאכען א לאנגען ווארט, וואס דריקט אויס א גאנצע פראזע. דיא פארמע פון אזעלכע שפראכען איז א שרש מיט איינע אדער מעהרערע צוזעצונגען אין אנפאנג, אין מיטען אדער צום סוף. דיא פלעקסיאן־שפראכען האבען אויך פערשידענע צוזעצונגען צו דיא שרש־ווערטער, אבער דיזע ווערטער בייטען אויך זייערע וו א־קאלען, וויא צום ביישפיעל: באנק—ביינק, מאן—מענ־ער, הויז—הייז־ער, ברעכען—גע־בראכען, שפרינגען—גע־שפרונגען, שיינקען—גע־שאנקען א. ז. וו. ניט אלע ווארצעל־ווערטער ענדערן אזוי אין פלעקסיאן־שפראכען זייערע וואקאלען, אבער דיזע ארט אויסצודריקען דיא בעציהונגען ווערט אין זיי פיעל געברויכט.

צו פלעקסיאן־שפראכען זיינען דערגאנגען גראדע דיא ציוויליזירטעסטע פעלקער: דיא סעמיטען און אריער. דיא לינגוויסטיק בעווייזט, אז דיזע שפראכען זיינען אין אנפאנג אויך געוועזען איינזילבינע, נאכהער זיינען זיי געווארען אגגלוטינירטע און ביסלעכווייז האבען זיי זיך גענומען ב י י נ ע ן, אום לייכטער, קירצער און אויך שעהנער אויסצודריקען געדאנקען און דיא בעציהונגען פון ווערטער. דיא פלעקסיאן־פארמע ווערט גערעכענט אין איז טאקע א העכערע פארמע פון שפראכען, נאר פון דעסטוועגען דארף מען ניט דיינקען, אז א פאלק וואס בענוצט זיך מיט א מאנאסילאבישע אדער אגגלוטינירטע שפראך שטייט צוליעב דעם אליין אויף א נידעריגער קולטור־שטופע וויא א פאלק מיט א פלעקסיאן־שפראך. דיא כינעזער, וואס זייער שפראך איז א מוסטער פון מאנאסילאבישע שפראכען, שטייען

נעווים ניט נידעריגער פאר דיא אינדוסען מיט זייער פלעקסיאָן־שפראך.

יעדענפאלס ווערען אלע שפראכען צוטהיילט נאך דיא דריי אָנגעצייגטע לינגוויסטישע פאָרמען. וואס פאר א שפראך מען זאל ניט נאכפאָרשען, ווען מען באלד קענען בעשטימען, אויב זיא איז א מאָנאָסילאבישע, אגגלוטינירטע אָדער א פלעקסירטע. דאס איז דער הויפטפונקט פון דער לינגוויסטיק און ער העלפט זעהר פיעל אין דער אונטערזוכונג וועגען דיא צוזאמענשטעלונג און דיא רעגעלען פון יעדער שפראך. דיא אונגעהייערע פערשידענהייט אין ווערטער שטערט אייגענטליך גאנץ ווייניג צו סאָרטירען דיא שפראכען און צו בעשטימען, צו וועלכער פאָרמע און גרופע זיי געהערען. דיא לינגוויסטיק איז אפילו א גאנץ יונגע וויסענשאפט, אָבער זיא האָט שוין געמאכט ריזיגע פאָרטשריטע און האָט שוין ענטדעקט וועגען דיא פארצייטיגע מענשען פיעלע זאכען, פון וועלכע מיר וואָלטען אנדערס קיין אהנונג ניט געהאט.

פון דיזע אלגעמיינע בעטראכטונגען וועלען מיר יעצט איבער־גיין צו איינצעלהייטען וועגען עטליכע כאראקטעריסטישע שפראכען, אום צו זעהען וויא שפראכען זיינען צוזאמענגעשטעלט געוואָרען. מיר מיינען דאָ ניט נאטירליך איבערצוגעבען אזעלכע לינגוויסטישע נאכ־פאָרשונגען, וואס האָבען נאר אן אינטערעס פאר שפראך־קענערס. דאס וואָלט אונז אָפגעפיהרט זעהר ווייט פון אונזער ענין. מיר האָבען דאָ, וויא אין אלע אבטהיילונגען פון דער קולטורגעשיכטע, אין אויג נאָר דיא עוואָלוציאָן, דיא שטופענווייזע ענטוויקלונג פון א נידעריגען צושטאנד אין העכערן. מיר וועלען נאָר בריינגען פון דער לינגוויסטיק דיא נויטווענדיגסטע פונקטען פיר אונזער צוועק.

אין בעצוג אויף שפראכען טרעפען מיר זיך דאָ צוזאמען מיט ספעציעלע שוועריגקייטען, וועלכע קומען דערפון, וואס אונזער זשארגאָן האָט קיין אָנגענומענע גראמאטיקע און קיינע בעשטימטע גראמא־טיקאלישע נעמען. נאטירליך מען קען אָנשרייבען א גראמאטיק פון זשארגאָן; אָבער ביז יעצט האָט עס נאָך קיינער ניט געטאָן. יעדענ־פאלס וואָלט עס אונז גאנץ ווייניג געהאָלפען, ווען אימעצער וואָלט

צוזאמעננעשטעלט אזא גראמאטיקע, דען דערמיט וואָלט ער נאך נאטירליך ניט נעבראכט אלע זשארגאָן־שפּרעכענדע איהר אָנצו־נעהמען און צו לערנען. וואס מען זאָל ניט זאָגען וועגען אונזער אָרימען זשארגאָן, נאר א שול־שפּראך איז ער קיין מאָל ניט געוועז. קיינעם פאלט גאָר ניט איין צו שטודירען זיינע רענעלען און ענדערונגען. יעדערער לייגט אויס און שרייבט וויא ער דיינקט אם בעסטען. עס איז נאך ביז יעצט ניטאָ אזאַ אויטאָריטעט, אז אנדערע זאָלען איהם פאָלגען. דיא העברעאישע שפּראך האָט א פעסטע און שטרעננע אויטאָריטעט אין דער ביבעל, און דארום לערנט מען איהר גראמאטיקע און מען מוז איהר אויך לערנען, אום ריכטיג צו שרייבען. פאר אונזער מאמע־לשון איז אָבער קיין מוז ניטאָ, איהר קענט זאָגען און שרייבען: „דער פערד, דיא פערד, דאס פערד" — אלעס איז רעכט. קיינער וועט אייך ניט האלטען פאר אן עם הארץ, ווען איהר וועט זאָגען, צום ביישפּיעל, „איך בין געשלאָפען", אָדער „איך האָב געשלאָפען", ווען איהר וועט שרייבען „מען האָט איהם געזעהען" אָדער „מי האָט עם געזייהן" און ז. וו. פּרובירט אָבער אויסלייגען א לשון קדש וואָרט מיט א פעהלער אָדער אָנשרייבען א לשון קדש פראזע ניט על פּי דקדוק, וועט מען אייך ערקלערן פאר אן עם הארץ.

מיר וועלען דארום זיך בענוצען מיט דיא נעמען און בעשטי־מונגען פון דער העברעאישער און דייטשער גראמאטיקעס וויא ווייט דאס וועט זיך לאָזען און מיר וועלען געבען אזעלכע ערקלערונגען, אז דער וואס האָט איבערהויפּט קיין גראמאטיקע ניט געלערענט, זאָל אויך קענען פערשטיין וואס מיר ווילען זאָגען.



# דריטער קאַפּיטעל.

## פערשידענהייט פון שפּראַכען.

אַלגעמיינער כאַראַקטער פון דער כינעזישער שפּראַך.—פּולע און פוסטע ווערטער.—דיא מאָנאָסילאַבישע שפּראַכען פון אינדאָ־כינאַ און טיבעט.—דער כאָזיאַ־דיאַלעקט און דער אנפאנג פון אַגגלוטינאַציאָן. — אייניגע אַגגלוטינירטע שפּראַכען: האָטטענטאָטישע, באַנטו, אויסטראַלישע, מאַלעאָ־פּאָלינעזישע, יאַפּאַ־נעזישע, דראַווידישע, אוראַלאָ־אַלטאַאישע.—דיא וואָקאַלישע האַרמאָניע פון דיא אוראַלאָ־אַלטאַאישע שפּראכען. — סעמיטישע און חאַמיטישע שפּראכען.— דיא צווייגען פון דיא שפּראַכען מיט פלעקסיאָנען.— וויכטיגע שפּראַכען פיר ליגגוי־סטען. — דיא פערשידענהייט פון סעמיטישע און אינדאָ־אייראָפּעאישע שפּראַכען אין זייער אורשפּרונג און אין זייערע וואָרצלען און פלעקסיאָנען.

---

דיא ריינסטע מאָנאָסילאבישע שפּראַך איז יעצט דיא כינעזישע. ווארום זיא האָט זיך גראדע אם וויינינסטען געענדערט, איז א פראַגע וועלכע עס איז זעהר שווער צו ערקלערען. עס איז מעגליך, דאס אזוי וויא דיא כינעזער האלטען זיך איבערהויפט פעסט אָן אלטע זאכען און מנהגים, האָבען זיי אויך זיך געסטארעט נים צו בייטען זייער אוראלטע שפּראַך. עס זיינען דאָך מיט דער צייט ענטשטאנען דיא־לעקטען אין פערשידענע געגענדען פון דער כינעזישער אימפעריע. עס זיינען יעצט דאָ דריי הויפּט־דיאלעקטען פון דער כינעזישער שפּראַך: דער אָפיציעלער אָדער מאנדארינען־דיאלעקט, דער דיאלעקט פון קאַנטאָן און דער דיאלעקט פון פוקיאן. הגם זיי האָבען אלע איין

אָפּשטאַמונג, אונטערשיידען זיי זיך אזוי ווייט, אז א כינעזער פון
דיא נאָרד־פּראָווינצען קען ניט פערשטיין א כינעזער פון דיא זיד־
פּראָווינצען, און פערקעהרט.

נאר אלע מראַגען זיי דעם זעלבען כאַראַקטער, דאס זיי ווערען
צוזאמענגעשטעלט פון איינזילבינע וואָרצעל־ווערטער אָהן שום ענדע־
רונג אויסער דעם פּלאַץ, וועלכען זיי פערנעהמען אין א פראַזע. זאָ,
צום ביישפּיעל, דיא כינעזישע פראַזע: „קאָו טשי שי דזשין ססע"
בעדייטעט בוכשטעבליך: „הונט, חזיר, עסען, מענש, שפּייז." אָבער
נאך דיא אָרדנונג פון דיזע ווערטער פערשטייט דער כינעזער, אז
דאס מיינט: „הינט און חזירים עסען דיא שפּייז פון מענשען." פון
דיזען ביישפּיעל אליין קען מען שוין פערשטיין, וויא שווער עס איז
פאר א פרעמדען צו לערנען אזא שפּראך, שוין אָפּגעזעהן דערפון,
וואס זיא האָט איינענטהימליכע קלאַנגען און וואס דיא בעדייטונג
פון זעהר פיעל ווערטער העננט אָפּ פון א העכערען אָדער נידעריגערן,
פון א לענגערן אָדער קירצערן קלאַנג.

גענוויינליך האָבען דיא כינעזישע וואָרצעל־ווערטער פיעלע בע־
דייטונגען. צום ביישפּיעל, דער וואָרצעל־וואָרט טאַאָ האָט ביז 10
בעדייטונגען: דערגרייכען, צורעקען, פיהרען, וועג, פלאַג א. ז. וו. דער
וואָרצעל־וואָרט לו בעדייטעט: פערדרייהען, שמיעדען, וואָגען, וועג,
ערעלשטיין א. ז. וו. ווען א כינעזער זאל וועלען איבערגעבען דעם
געדאַנקען וועגען א וועג און געברויכען דערצו נאָר איינעם פון דיזע
צוויי ווערטער, ווען מען איהם ניט קענען פערשטיין ריכטיג; ווען
ער זאָל אָבער אויסריידען ביידע ווערטער צוזאמען, וועט מען
שוין וויסען, אז ער מיינט צו זאָגען: וועג, ווייל ביידע טרעפען זיך
צוזאמען אין דיזער בעדייטונג. אזוי טוען טאַקע דיא כינעזער אין
זייער שפּראך: פו הייסט פאָטער, מו—מוטער, צוזאמען הייסען
שוין ביידע ווערטער: עלטערן. יואן הייסט ערווייטערט, קין—
נאָהענט. ביידע ווערטער צוזאמען דריקען שוין אויס דעם בעגריף
פון שטרעקע, ווייטקייט. אין אלע אזעלכע פערבינדונגען ווערט
איין וואָרט ניט פערענדערט דורך דעם אנדערן, עס איז נאר א
צוזאמענשטעלונג פון ווערטער, וואס האָבען אונגעפעהר דיא זעלבע

בעדייטונג, אום ריכטיגער און דייטליכער אויסצודריקען א געדאנקען.

דיא כינעזישע שפראך האט דארום קיין גראמאטיק, אויסער סינטאקסיס, ד. ה. רעגעלען וויא צוזאמענצושטעלען פראזען. דיא ווערטער האבען קיינע פון דיא פארמען און בייגונגען, מיט וועלכע דיא פלעקסירטע שפראכען זיינען מייסטענס אזוי רייך. אום אויסצודריקען דעם געשלעכט געברויכען דיא כינעזער געוויסע ווערטער. צום ביישפיעל: נאן הייסט זכר, ניו—נקבה. ווען מען זעצט צו צוםווארט טסע דעם ווארט נאן הייסט עס זוהן, ווען מען זעצט צו צו דעם זעלבען ווארט טסע דעם ווארט ניו הייסט עס טאכטער. ניו־דזשין הייסט ווייב. פיר דיא בעצייכנונג פון דעם געשלעכט פון חיות געברויכען דיא כינעזער אנדערע ווערטער, אבער דער מיטעל דאס אויסצודריקען איז דער זעלבער. דעם זעלבען מיטעל געברויכט מען איבריגענס אין פיעלע אגגלוטינירטע און אויך אין מאדערנע פלעקסירטע שפראכען. זא, צום ביישפיעל, געברויכט מען אויך אין דער ענגלישער שפראך דיא ווערטער she [זיא] און he [ער] צו בעצייכנען דעם געשלעכט פון מאנכע חיות: he-goat הייסט א באק, she-goat הייסט א ציג.

יחיד און רבים דערקענט מען אין דער כינעזישער שפראך מייסטענס דורך דיא צוזאמענשטעלונג פון דער פראזע. מאנכעס מאל געברויכט מען אלס צייכען פון מעהרצאהל א ווארט וואס בעדייטעט: א סך. דיא בייגונגען פון נאמענס־ווערטער, וואס מען רופט אין דער דייטשער גראמאטיק פאלל און אין דער העברעאישער גראמאטיק יחס [אויף רוסיש הייסט עס падежъ און אויף ענגליש case], ווערן אין דער כינעזישער שפראך איבערגעגעבען דורך דעם פלאטץ פון דיא ווערטער אין א פראזע אדער דורך בעשטימטע צוגעשטעלטע ווערטלעך. אויף דיא זעלבע ארט דריקט מען אויס דיא פערגלייכען פון אדיעקטיוועז [שם התאר אין לשון קדש] און טהיילווייז אויך דיא בייגונגען פון צייטווערטער [נטית הפעל]. דיא פערגאנגענע אדער צוקונפטיגע צייט קומט אפט אויס צו דערגיין אין דער כינעזישער שפראך נור דורך דעם אלגעמיינעם זינען פון דער פראזע.

איבערהויפט קען מען זאָגען, דאָס אין דער כינעזישער שפּראַך ניבט עס קיינע בעזונדערע וואָרצעל־ווערטער צו בעצייכנען נאָמענס־ווערטער און צייטווערטער. נאָר דורך דעם זינען פון דער פּראַזע דערקענט מען וואו דער חמור שטייט. דיא ספּעציעלע גראַמאַטיקאַלישע בעדייטונג פון א וואָרט היינגט מייסטענס אָפּ פון זיין פּלאַץ אין דער פּראַזע. צום ביישפּיעל, דער וואָרט נ ג אַ ן בעדייטעט צו־גלייך: „רוהע, אפּרוהען זיך, גנעניסען רוהע, פּאַמעלעך"; דער וואָרט ט א בעדייטעט צוגלייך: „גרויסער, גרויסקייט, גרויס, פערגרעסערן" א. ז. וו. דיא פּאָזיציאָן פון ווערטער איז דארום א זעהר שטרענג רעגולירטע אין דער כינעזישער שפּראַך. דען זאָנסט וואָלט מען גאר ניט פערשטיין וואס מען וויל זאָגען.

מיט דער צייט אָבער האָבען געוויסע וואָרצעל־ווערטער, וועלכע מען האָט אלץ עפּטער גענומען געבּרויכען צו בּעצייכנען געוויסע בעציהונגען צווישען ווערטער, פערלאָרען זייער פריהערע בעדייטונג און זיינען געוואָרען הילפּס־ווערטער. דיא זעלבע ענדערונג אין דער בעדייטונג פון געוויסע וואָרצעל־ווערטער איז פּאָרגעקומען ביסלעכ־וויז אין אלע שפּראַכען, נאָר געוויינליך זיינען זיי צוזאַמענגעשמאָלצען געוואָרען מִיט דיא הויפּט־ווערטער, וויא דאס איז בעזאָנדערס דער פאַל אין אגגלוטינירטע שפּראַכען. אין דער בינעזישער שפּראַך זיינען אבער דיא הילפּס־ווערטער פערבליבען גאַנץ אָפּגעזונדערט פון דיא הויפּט־ווערטער. דיא כינעזישע שפּראַך־לעהרער צוטהיילען דארום זייערע ווערטער אין פ ו ל ע און פּ ו ס ט ע. פולע ווערטער הייסען אזעלכע, וואס האבען אָנגעהאלטען זייער גאַנצע בעדייטונג און וואס ביי איבערזעצונגען מוז מען זיי איבערגעבען מיט נאָמענסווערטער און צייטווערטער, דיא הויפּט־טהיילען (חלקי הדבור) פון יעדער שפּראַך. פּוסטע ווערטער הייסען אזעלכע, וואס זייער איינענע בעדייטונג איז פערדונקעלט אָדער אין גאַנצען פערלאָרען געגאַנגען, נאָר וואס זיינען פערבליבען אין דער שפּראַך, אום קלאָרער און גענויער צו בעשטימען דעם געדאַנקען וואס דיא פולע ווערטער דאַרפען אויסדריקען אין א פּראַזע. דאס הייסט, אז דיזע פּוסטע ווערטער דיענען אזוי וויא דיא טהיילען פון דער שפּראַכע, וואס מיר רופען אין אונזערע גראַמאַטי־

קעס אַרוּיסרבֿען (תאר הפעל, נעמליך: אונפּערענדערטע ווערטער, צו מאָדיפיצירען צייטווערטער אָדער אַדיעקטיווען), פּרעפּאָזיציאָנען (מלת היחס), אָדער בינדעווערטער (מלת הקשור).

וואָס אָנבעלאַנגט צו דער פאָנעטיק (דאָס הייסט צו דיא קלאַנגען פון א שפראַך) פון דער כינעזישער שפּראַך, איז זיא נאָר ניט אַזוי פערשידענאַרטיג און רייך, וויא מען קען עס מיינען, ווען מען הערט כינעזער ריידען. דיא וואָקאַלען ווערען אָפט אויסגע־שפּראָכען אונטערן נאָז. נאָך עפטער ווערען צוויי וואָקאַלען צוזאַמען געצויגען אין איין קלאַנג. אַזעלכע דאָפּעלטע קלאַנגען ווערען גערופען אין גראַמאַטיקעס דיפטאָנגען און עקזיסטירען געוויינליך אין אַלע שפּראַכען. דער טאָן פון דיא וואָקאַלען, און אַזוי וויא דיא כינע־זישע ווערטער ויינען איינזילבינג, הייסט עס אויך דער טאָן פון דיא ווערטער זעלבסט שפּיעלט א זעהר גרויסע ראָלע צו פערשטיין זייער בעדייטונג. אין אַלע כינעזישע דיאַלעקטען פעהלט דיא קאָנסאָנאַנטע (מיטלוים) ר אין גאַנצען. אין דעם מאַנדאַרינען־דיאַלעקט פעהלען אפילו דיא קאָנסאָנאַנטען ג, ד און ב. דער אלפאַבעט פון דער כינעזישער שפּראַך איז אַלזאָ נאָר ניט א לאַנגער, נאָר דיא כינעזער האָבען אָנגענומען דיא ערנסטע און אונבעקוועמליכסטע אַרט שרייבען וואָס מען קען זיך נאָר פאָרשטעלען. וויא מיר וועלען עס זעהען, ווען מיר וועלען ריידען איבער דיא ענטשטעהונג און ענטוויקלונג פון שריפטען, פערצייכענען דיא כינעזער ניט איינצעלנע בוכשטאַבען, זאָנדערן גאַנצען. זילבע דאָס האָט זיי געפיהרט אָנצונעהמען א מאַסע צייכענס. אין אַלגעמיינען דערגרייכט דיא צאָהל פון כינעזישע שריפט־צייכענס ביז 50 טויזענד.

נאָך א ספּעציעלער פּונקט פון דער כינעזישער שפּראַך איז דיזער, וואָס אַלע ווערטער הייבען זיך אָן מיט א קאָנסאָנאַנטע און ענדיגען זיך מיט א וואָקאַל. עס איז נאָר דאָ איין וואָרט, וואָס איז אַן אויסנאַהמע פון דיזער רעגעל, נעמליך. דער וואָרט איל, וואָס ענדיגט זיך מיט א קאָנסאָנאַנטע און בעדייטעט „צוויי“ און „אָן אויער“.

ווען מען ניט איבער מיט לאַטיינישע בוכשטאַבען כינעזישע ווערטער טרעפט מען אָפט ביין ענד דיא בוכשטאַבען ng. צום ביישפּיעל,

דער נאמען פון דעם גרעסטען כינעזישען שטאאטסמאן פון אונזער צייט ווערט געשריבען: לי הונג טשאנג. אין אמת'ן אבער זיינען נאר דיזע ענדע־קאָנסאָנאַנטען נג א צייכען, אז דיא וואָקאַלען ווערען אויסגעשפּראָכען אונטערן נאָז. דיא כינעזישע הויפּטשטאָט שרייבען מיר: פּעקין אָדער פּעקינג; אָבער דיא כינעזער דריקען נאר אויס דעם וואָקאַל i אזוי אונטערן נאָז, אז ער קלינגט וויא נאָך איהם וואלטען געפאָלגט דיא בוכשטאבען ng.

צום זידען פון כינא, אויף דעם אינדאָ־כינעזישען האלבאינזעל, זיינען פערשפּרייטעט מאָנאָסילאַבישע שפּראַכען, וועלכע האָבען א זעהר גרויסע עהנליכקייט צו דער כינעזישער אין בעצוג אויף דער צו־זאמענשטעלונג פון ווערטער. דיזע שפּראַכען זיינען: דיא אַנאַמיטישע, דיא סיאַמעזער, דיא בירמאַנער און דיא טיבעטאַנער. דיא וואָרצעל־ווערטער און דיא פּאָנעטיק פון דער אַנאַמיטיישער שפּראַך זיינען אבער גאַנץ אַנדערע, וויא דיא כינעזישע. דאס צייגט, אז זיא איז א גאַנץ בעזונדערע שפּראַך. דיא אַנאַמיטער האָבען נאר איבערגענומען ביי דיא כינעזער זייער שריפט און פיעלע ווערטער. דיא סיאַמעזער שפּראַך האט פיעלע דיאַלעקטען און א זעהר רייכע פאָנעטיק. זיא האט געמליך א סך קאָנסאָנאַנטען, וואס מען רעט ארויס מיט דעם גאָרגעל (מוצאות מהגרון) און מיט דיא ציינער (מוצאות מהשנים). איהר שריפט איז פון אינדישער אָפּשטאַמונג. דיא בירמאַנער שפּראַך איז אויך צוזאמענגעשטעלט פון איינזילביגע ווערטער, נאָר אין איהר קען מען שוין בעמערקען אן אָנפאַנג פון אָפּשטאַמונגס־ווערטער. ־ורך דיא צוזעצונג פון דעם וואָקאַל „א" ווערט דיא בעדייטונג פון ואָרצעל־ווערטער גענענדערט. צום ביישפּיעל, דער וואָרט „קאונה" עדייטעט גוט, זיין גוט א. ז. וו. ווען מען זאָגט אָבער „א־קאונה", ייסט עס שוין גוטסקייט. אין דער טיבעטאַנער שפּראַך איז שוין א אן אָנהויב פון אגגלוטינאַציאָן. דיא ווערטער זיינען נאך איינ־לביגע קלאַנגען מיט פערשידענע בעדייטונגען און זיי ווערן אויף וטהיילט אין פּולע און פּוסטע. דיא פּוסטע ווערטער ווערן אבער פט אזוי צוזאמענגעצויגען אדער צוזאמענגעקלעפּט מיט דיא פולע, ו עס ווערן שוין דערפון ריכטיגע צווייזילביגע ווערטער. דיזע שפּראַך

האט איבערגענומען א געוויסע צאהל אינדישע ווערטער דורך דעם איינפלוס פון דיא בודדיסטישע מיסיאָנערען, וועלכע האָבען איבערזעצט דיא הייליגע סאַנסקריטישע ביכער. דיא טיבעטאנער שריפט איז נאך דעם מוסטער פון דיא אינדישע.

אונטער דיא פיעלע שפראכען און דיאלעקטען וואס ווערען געשפראָכען אין טיבעט און אין אינדאָ־בינא איז פאר דיא שפראך־נאכ־פאָרשער בעזאָנדערס אינטערעסאנט דער זאָ־גענאנטער כאזיא־דיאלעקט. אונגעפעהר א 200 טויזענד מענשען בענוצען זיך מיט דיזען דיאלעקט, וועלכער האט קיינע שריפטען. לינגוויסטען שטודירען אָבער דיזען דיאלעקט, ווייל ער צייגט אָן, וויא אזוי מאָנאָסילאבישע שפראכען זיינען ביסלעכווייז איבערגעגאנגען אין אגגלוטינירטע. ער געפינט זיך גראדע אין אָן איבערגאנגס־צייט. דיא איינזילביגע וואָר־צעל־ווערטער ענדערן זיך ניט, וויא געוויינליך אין א מאָנאָסילאבישע שפראך. אום צו בעצייכנען דעם געשלעכט געברויכט מען אין דעם כאזיא־דיאלעקט דיא ווערטער או (ער) און קאָ (זיא). צום ביישפיעל: או־בריו (מאַן), קא־בריו (פרוי), או־קון (זוהן), קא־קון (טאָכטער), א. ז. וו. עס זיינען שוין אָבער דאָ ווערטער וואס זייערע וואָרצלען קלעפּען זיך צוזאמען מיט פוסטע ווערטער אין דער פאָרמע פון צוזעצונגען, מייסטענס פּרעפיקסען. צום ביישפיעל, דער וואָרט זשינג הייסט א זאך, און ער ווערט געברויכט צו בעצייכנען פיעלע נאמענסווערטער אויף דיעזע ארט: באם (עסען), זשינג־באם (שפייז); מוט (דיינקען), זשינג־מוט (געדאנקען) א. ז. וו. אנדערע ווערטער ווערען צוזאמענגעשמאָלצען דורך דיא צוזעצונגען פון דיא ווערטער נאָנג, בא, קא, א. ז. וו.

אָנפאנגס זיינען דיא צוזאמענגעקלעפּטע ווערטער צווייזילביגע, וויא אין דעם כאזיא־דיאלעקט און אנדערע אזעלכע, וואו מען בעמערקט שוין דיא פאָרמע פון אגגלוטינאציאָן. נאר וואס ווייטער אויף דיזען וועג, ווערן צוזאמענגעקלעפּט אלץ מעהר פריהערע איינזילביגע וואָרצלען און עס בילדען זיך פיעל־זילביגע אָדער פּאָלי־סילאבישע ווערטער, וואס דריקען אויס גאנצע פראזען. מאנכע וואָרצעל־ווערטער פערלירען דערביי ניט נאר זייער פריהערן זינען, זאָנדערן אויך זייער פריהערע

אויסשפּראַכע. עס פעהלען אָפט אין זיי וואָקאַלען אָדער קאָנסאָ־
נאַנטען אָדער ביידע צוזאַמען. אמאָל בלייבט נאָר פון א פריהערן
וואָרצעל־וואָרט איין בוכשטאַב, וועלכער ציהט זיך צוזאַמען אָדער,
וויא מען זאָגט, ווערט צוזאַמענגעקלעפּט מיט דעם פוקען וואָרצעל־
וואָרט, וואָס דריקט אויס דעם הויפּט־געדאַנקען און בלייבט אונ־
פערענדערט. דיזע צוזעצונגען פערלירען אין גאַנצען זייער אונאַבהענ־
גינקייט אין פערנעהמען אין אַן אַגגלוטינירטען וואָרט א פּלאַץ אין
אָנפאַנג, צום סוף אדער אויך אין מיטען, נאָך דעם כאַראַקטער פון
דער שפּראַך. דיא געדאַנקען ווערן בעשטימט און דיא בעציהונגען
צווישען זאַכען ווערן אויסגעדריקט דורך דיזע פערשידענע צוזעצונגען.
בייגונגען פון נאָמענסווערטער (נטית השם) און פון צייטווערטער
(נטית הפעל) קומען נאָך ניט פאָר אין אַגגלוטינירטע שפּראַכען.

דיא מייסטע שפּראַכען זיינען נאָך ביז יעצט פערבליבען אין
דער אַגגלוטינירטער פאָרמע. אלע איינגעבאָרענע פון אמעריקא, פון
אויסטראַליען, פון אפריקא, וויא אויך פון א געוויסען טהייל אין
אזיען און פון עטליכע ערטער אין אויראָפּאַ געברויכען אַגגלוטינירטע
שפּראַכען. מייסטענטהיילס האָבען זיי קיין שום שייכות ניט איינע
מיט דיא אנדערע אין זייערע וואָרצלען, קלאַנגען און אפילו אין דער
אַרט און וויזע פון דער צוזאַמענשטעלונג און צוזאַמענקלעפּונג. זייער
עהנליכקייט איז בלויז אין דער פאָרמע פון אַגגלוטינאַציאָן. פיעלע
געלעהרטע שפּראַך־קענערס האָבען געזוכט צו ענטדעקען איין אָפּ־
שטאַמונג פון אַגגלוטינירטע שפּראַכען דורך פערגלייכען זייערע וואָרצלען
און דיא צוזאַמענקלעפּונגען, אבער דאָס איז געווען ארויסגעוואָרפענע
אַרבייט. דאָס האָט נאָר בעשטעטיגט דיא מיינונג פון פיעלע גרויסע
לינגוויסטען, אז גלייך וויא מענשען אָדער מענשענאַרטיגע בעשעפּעני־
סען האָבען זיך גענומען בענוצען מיט זייער פעהיגקייט צו אַרטיקולירטע
קלאַנגען, זיינען שוין ענטשטאַנען פערשיעדענע שפּראַכען ביי
פערשיעדענע גרופּען.

מיר קענען זיך ניט אָפּשטעלען אפילו אויף אַן אויסרעכענונג
פון אלע אַגגלוטינירטע שפּראַכען. יעדע פון זיי האָט נאַטירליך איהרע
אייגענטהימליכקייטען, דאָס וואָס מען רופט: כאַראַקטער פון א

שפראך. זיי אונטערשיידען זיך אויך זעהר פיעל אין זייער פאָנעטיק, דאס הייסט אין דיא וואָקאלען, דיפטאָנגען און קאָנסאָנאנטען. דיא האָטענטאָטען, צום ביישפיעל, וואס האָבען א גאנץ אייגענארטינע און, וויא עס שיינט, זעלבסטשטענדיגע שפראך, געברויכען נאך אויסער אלע געוויינליכע קאָנסאָנאנטען עטליכע ספּעציעלע, בעזאָנדערס 4 סוויסצענדע קאָנסאָנאנטען, וואס מען רופט געוויינליך קנאקענדע און וואָס עס איז זעהר שווער נאָכצומאכען. דיזע קלאנגען זיינען אזוי כאראק־טעריסטיש, אז נאך זיי קען מען גלייך דערקענען אלע האָטענטאָטישע דיאלעקטען. דיא שכנים פון דיא האָטענטאָטען, דיא נידערשלאָגענע בושמענען, האָבען נאָך ביז 7 ספּעציעלע קנאקענדע קלאנגען. נאר זייערע שפּראכען זיינען פון דעסטוועגען גאנץ פערשיעדען אין אלע אנדערע הינזיכטען.

דיא שפּראכען פון דיא איינגעבאָרענע אין א העלפט פון גאנץ אַפריקא ביז אביסיניען צום נאָרד האבען אלע דיא אייגענטהימליכ־קייט, וואס זייערע ווערטער ווערן צוזאמענגעקלעפּט דורך צוזעצונגען אין אָנפאנג פון דיא וואָרצעל־ווערטער, אָבער ניט צום סוף. דיזע שפראכען טראָגען אין דער לינגוויסטיק דעם אלגעמיינעם נאמען באנטו. דיא פּרעפיקסען פון דיא באנטו־שפראכען קלינגען עהנליך און בעצייכענען געוויינליך איינצאָהל און מעהרצאָהל. אייגענטליך קען מען דיזע שפּראכען רעכענען פאר דיאלעקטען פון איין אמאָליגע גע־מיינשאפטליכע שפּראך.

דיא שפּראכען פון דיא אויסטראליען זיינען גראדע דער היפוך פון דיא באנטו־שפּראכען אין דער בעציהונג, דאס דיא צוזעצונגען צו דיא וואָרצעל־ווערטער קומען גראדע צום ענדע. דאס אליין צייגט שוין, אז אלע אויסטראליער שפּראכען האָבען איין אָפּשטאמונג. דיא פאָנעטיק פון דיא אויסטראליער שפּראכען איז א גאנץ איינפאכע. עס פעהלען זאָגאר מאנכע פון דיא געוויינליכסטע קאָנסאָנאנטען, וויא ב, ג, ד.

אלע שפּראכען פון דער מאלאיער ראסע, וויא אויך פון פיעלע איינגעבאָרענע שטאמען אויף דיא אינזלען פון גרויסען אָקעאן (פּאָ־לינעזיען), זיינען אגגלוטינירטע. זיי טראָגען אין דער לינגוויסטיק דעם

אלגעמיינען נאָמען מאלאיאָ־פאָלינעזישע און האָבען איין אָפּשטאַמונג. צוזאַמען בילדען זיי א גאַנץ בעזונדערע שפּראַך־גרופּע. די מאלאיער אין זיד־אזיען האָבען פיעלעס איבערגענומען ביי די אינדוסען און מוסולמאַנער, ספּעציעל אין זייער ליטעראַטור. א טהייל פון די מאלאיער שטאַמען בענוצען זיך מיט דעם אראבישען אלפאַ־בעט און א טהייל, אונטער זיי אויך די טאגאַלען פון די פיליפּינער אינזלען, בענוצען זיך מיט א פערענדערטען אלטען אלפאבעט פון די אינדוסען.

די יאפּאנעזער שפּראַך איז איינע פון די גאַנץ אָפּגעזונדערטע אגגלוטינירטע שפּראַכען. מען האָט לאַנג געזוכט צו פערבינדען איהר מיט איינע פון די מאָנגאָלישע שפּראַכען, ספּעציעל מיט דער כינע־זישער; אָבער מען האָט גאר ניט בעשטימטעס געפונען. די בילדונג פון ווערטער אין דער יאפּאנעזער שפּראַך צייגט קלאָר אויף איהר אגגלוטינירטע פאָרמע. די וואָרצלען ענדערן זיך ניט און די ווערטער ביינגען זיך ניט. די בעציהונגען ווערען אויסגעדריקט דורך צחעצונגען, וועלכע האָבען פערלאָרען זייער אמאָליגע וואָרצעל־בעדייטונג. צום ביישפּיעל: דער וואָרט „היטאָנאָ“ הייסט מענש, „היטאָדאָ“ — מיט דעם מענש, „היטאָטאָטסינאָ“ — די מענשען, „היטאָטאָטסידע“ — מיט די מענשען. זייער שריפט האָבען די יאפּאנעזער איבערגע־נומען ביי די כינעזער, אָבער זיי האָבען איהר זעהר פעראיינפאַכט. די צייכענס זיינען דאָך פערבליבען ניט פיר איינציגע בוכשטאַבען, זאָנדערן פאר גאנצע זילבען, נעמליך קאָנסאָנאַנטע מיט א וואָקאַל וויא צום ביישפּיעל; קא, קי, קאָ, א. ז. וו. יעצט האָט די יאפּאנעזער שפּראַך 72 אזעלכע צייכענס, נאר עס וועט וואהרשיינליך ניט לאַנג דויערן ביז די יאפּאנעזער וועלען ענדליך אָננעהמען דעם לאטיינישען אלפאבעט.

אין צענטראַל אינדיען ווערען געשפּראָכען אגגלוטינירטע שפּראַ־כען וואס טראָגען דעם אלגעמיינען נאָמען דראווידישע. זייער פאָנעטיק איז א צימליך רייכע, און די ווערטער ווערען געבילדעט דורך צוזעצונגען צום סוף און אין מיטען. מיר וועלען נאר ברייננען איין וואָרט צו צייגען וויא אזוי די אגגלוטינאציאָן גייט אָן אין דיזע

שפּראַכען. „סאַרנדאַיקקו“ בעדייטעט אין איינעם פון דיא דראַווידישע דיאַלעקטען: „צו דיר וואס האט זיך דערנעהענטערט“. דיזער וואָרט צוגליעדערט זיך אזוי: סאר—דערגרייכען, דערנעהענטערן זיך, נ— איז אן אויפאָנישע צוזעצונג (דאס הייסט עס זאָל בעסער קלינגען), ד—איז א צייכען פון דער פערגאנגענער צייט, אי—דו, דיר, ק— אויפאָנישע צוזעצונג, קו—צו.

דיא אגגלוטינירטע שפּראַכען, וואס ווערן נאך געברויכט אין אויראָפּא, געהערען אלע צו דער זאָ־גענאנטער אוראלאָ־אלטאישער גרופּע, מיט אויסנאהמע פון דער שפּראַך פון דיא באסקען (אונ־געפעהר א האלבער מיליאָן מענשען וואס וואָהנען אין דיא פּירענעער בערג אויף דעם גרענעץ פון פראנקרייך און שפּאַניען), וועלכע שטעהט גאַנץ אָפּגעזונדערט פון אלע אנדערע און איז פערבליבען פון דיא אמאָליגע שפּראַכען אין שפּאַניען. צו דיזער גרויסער און אינטערע־סאנטער גרופּע געהערן פאָלגענדע שפּראַכען: טערקישע, אונגארישע, פינישע, סאמאָיעדישע, מאָנגאָלישע א. ז. וו. זיי האָבען אלע דיא מערקווירדיגע אייגענשאפט, וועלכע ווערט אין דער לינגוויסטיק גע־רופען „וואָקאַלישע הארמאָניע“ און וועלכע בעשטייט אין דעם, דאס דיא וואָקאלען פון דיא צוזעצונגס־ווערטער ווערען אין אלגעמיינען געענדערט לויט נאכדעם, וויא דיא וואָקאלען פון דיא וואָרצעל־ווערטער קלינגען. מיר וועלען דאָ ברייגגען א פּאָר ביישפּיעלען, אום קלאָרער צו מאכען וואס דיא וואָקאַלישע הארמאָניע בעדייטעט: „מאק“ איז אין דער טערקישער שפּראַך א צייכען פון דער אינפיניטיווער (אונ־בעשטימטער) פאָרמע פון צייטווערטער, מען זאָגט אָבער ניט „סעווד מאק“, זאָנדערן „סעוומעק“ (ליעבען); „יאזמאק“ (שרייבען) בלייבט אונפערענדערט, ווייל „יאז“ האָט דעם זעלבען וואָקאל וואס „מאק“. „נעק“ איז א צוזעצונג, וואס בעדייטעט: צו; מיט דעם וואָרט „האלאל“ (טויט) זאגט מען אָבער „האלאל נאק“ (צום טויט). דער צייכען פון מעהרצאָהל אין דער טערקישער שפּראַך איז „לאר“ אדער "לער". ווען א וואָרט ענדיגט זיך מיט א (a), מוז מען צו־שטעלען „לאר“, וויא „אָדא“ (צימער), „אָדאלאר“ (צימערן), „אָדאדא“ (אין דעם צימער), „אָדאלארדא“ (אין דיא צימערן).

דיא אונגארישע שפראך און בעזאָנדערס דיא פינישע שפראך, גענאנט סואָמי, היטען אויך זעהר שטארק אָפּ דיא וואָקאלישע הארמאָניע; אבער אין אנדערע צווייגען פון דיא אוראלאָ־אלטאאישע שפראכען זיינען דאָ געוויסע אויסנאהמען. דיא טערקישע שפראך היט אזוי שטארק אָפּ דיא וואָקאלישע הארמאָניע, אז אפילו דיא אראבישע און פערסישע ווערטער, וועלכע זיא האט ביסלעכווייז איבערגענומען צוזאמען מיט דעם אראבישען אלפאבעט, ווערען צו־ליעב דעם געענדערט אין זייערע וואָקאלען. דיא אונגארישע און פינישע שפראכען געהערען צו איין צווייג, אָבוואָהל זיי זיינען אין פערלויף פון דיא היסטאָרישע צייטען געוועזן גאנץ אָפּגעזונדערט. דאס האט מען אויסגעפונען דורך דיא לינגוויסטישע נאכפאָרשונגען פון אונזער צייט. דיזער צווייג פון דיא אוראלאָ־אלטאאישע שפראכען ווערט גערופען אוגראָ־פינישער. צו איהם געהערען אויך דיא שפראכען פון דיא עסטען (אין ליפלאנד), פון דיא ליווען (אין קורלאנד), פון דיא לאפּאָנען (אין לאפּלאנד), פון דיא וואָטיא־קען און אָסטיאקען (אין נאָרד פון רוסלאנד און סיביר). דיא שפראכען פון דיא אָסטיאקען און פון דיא מאדיארען זיינען בעזאָנדערס עהנליך. זיי טראָגען דעם געמיינשאפטליכען נאָמען: אוגרישע שפראכען. דיזע עהנליכקייט צייגט קלאָר, צו וועלכען שטאם דיא מאדיארען אָדער דיא אונגארן האבען געהערט און פון וואנען זיי האבען זיך אריינגעריסען אין צענטראל אייראָפּא.

דיא אגגלוטינאציאָן פון דער אונגארישער שפראך קומט געוויינליך פאָר דורך סופיקסען, דאס הייסט דורך צוזעצונגען צום ענדע פון אונפערענדערטען וואָרצעל־וואָרט. א קליינע צאָהל ווערטער מיט פרעפיקסען זיינען ענטשטאנען, רעכענט מען, אונטער דעם איינפלוס פון דיא אינדאָ־אייראָפּעאישע שפראכען. דער אקסענט (בעטאָנונג) אין דער אונגארישער וויא אויך אין דער פינישער שפראך אָדער סואָמי בלייבט שטענדיג אויף דער ערשטער זילבע, וועלכע איז אויך געוויינליך דער וואָרצעל־וואָרט. דיא ענדערונגען פון צייט־ווערטער זיינען זעהר פערשיעדען אין דער אונגארישער שפראך. דיא בעצייכ־נונגען פון פערזאָנען, צאָהלען א. ז. וו. ווערען צוזאמענגעקלעפּט מיט

דיא וואָרצעל־ווערטער, וויא צום ביישפּיעל: וואר (ער ווארט), ווארריא (ער ווארט אויף איהם), ווארריאק (זיי ווארטען אויף איהם) א. ז. וו. אין דיזע צוזאמענקלעפּונגען איז „ק" דער צייכען פון מעהרצאָהל און „יא" בעדייטעט: איהם. מיר האבען שוין איבען געבראכט א פּאָר אנדערע ביישפּיעלע, וויא דיא ווערטער און קלאַנ־גען פון דער אונגארישער שפּראך ווערען צוזאמענגעשטעלט און צוזאמענגעקלעפּט, און מיר ווערלען זיך דאָ מעהר אויף דעם ניט אָפּשטעלען. מיר דיינקען אויך, אז דער לעזער האט שוין א בעגריף פון אגגלוטינירטע שפּראכען אין אלגעמיינען, און מיר ווערלען דאַ־רום יעצט איבערגיין צו א קורצע בעטראכטונג פון דער דריטער און העכערער פאָרמע פון שפּראכען, נעמליך: שפּראכען מיט פלעקסיאָן.

וואס פלעקסיאָן הייסט, איז שוין אין אלגעמיינען ערקלערט געווען. אויך איז שוין אָנגעצייגט געווען אז אזעלכע שפּראכען זיינען דיא סעמיטישע און אינדאָ־אויראָפּעאישע. צו דעם גרויסען צווייג פון סעמיטישע שפּראכען ווערען צוגערעכענט דיא זאָ־גענאנטע חא־מיטישע, צו וועלכע עס געהערט אויך דיא אלט־עגיפּטישע שפּראך. אבער דיא אונטערשיעדען זיינען אזוי גרויס, אז עס איז בעסער און צוועקמעסיגער צו בעטראכטען דיא חאמיטישע שפּראכען בעזונדער. דיא גרעסטע לינגוויסטען אנערקענען דיא פערוואנדטשאפט פון דיא סעמיטישע און חאמיטישע שפּראכען און גיבען צו, אז אמאָל האבען ביידע ראסען געהאט איין געמיינשאפטליכע שפּראך; אבער דיזע ראסען האבען זיך זעהר פריה אָפּגעזונדערט, זאָ דאס דיא וויטערע ענטוויקלונג פון זייערע שפּראכען איז געשעהען אויף גאנץ אנדערע וועגען. אין דער צייט ווען דיא סעמיטען און חאמיטען האבען זיך צוטהיילט, איז זייער געמיינשאפטליכע שפּראך יעדענפאלס בעשטאנע פון א זעהר קליינע צאָהל ווערטער צו בעצייכנען דיא געוויינליכסט און נויטווענדיגסטע זאכען.

דיא פלעקסיאָן־שפּראכען ווערען דארום פערטהיילט אין דרי גרויסע צווייגען: סעמיטישע, חאמיטישע און אינדאָ־אוי־ראָפּעאישע. יעדע פון דיזע צווייגען ווערט צוטהיילט אין קלענער

מיר ווערען דאָ איבערגעבען דיא פערטהיילונג נאך דעם בוך „לינג־וויסטיק“ פון דעם פראנצויזישען געלעהרטען אבעל האָוועלאק:

ערשטער צווייג—סעמיטישע שפּראכען:

ערשטע גרופּע—אראמעאָ־אסיריש: 1. כאלדעיש און סיריאק. 2. אסיריש.

צווייטע גרופּע—כנען־שפּראכען: 1. העברעאיש. 2. פעניקיש.

דריטע גרופּע—אראביש: 1. אראביש. 2. דיא שפּראכען אין אביסיניען און אין זידליכע אראביען.

צווייטער צווייג—חאמיטישע שפּראכען:

ערשטע גרופּע—עגיפּטיש.

צווייטע גרופּע—ליביש.

דריטע גרופּע—עטהיאָפּיש.

דריטער צווייג—אינדאָ־אויראָפּעאישע שפּראכען:

ערשטע גרופּע—אינדיש: 1. סאנסקריט. 2. נייע אינדישע שפּראכען. 3. ציגיינער־דיאלעקט.

צווייטע גרופּע—איראנישע: 1. זענד. 2. פּערסיש. 3. אר־מעניש. 4. פּארסיש. 5. קורדיש, אפגאניש, אָסעטיש א. ז. וו.

דריטע גרופּע—גריכיש.

פיערטע גרופּע—לאטייניש: 1. אלטע לאטיינישע שפּראכען. 2. נייע ראָמאנישע שפּראכען.

פינפטע גרופּע—סעלטיש.

זעקסטע גרופּע—גערמאניש: 1. גאָטהיש. 2. סקאנדינאוויש. 3. פּלאט־דייטש. 4. הויך־דייטש.

זיעבעטע גרופּע—סלאוויש: רוסיש, פּויליש, בעהמיש, סערביש, בולגאריש א. ז. וו.

אכטע גרופּע—לעטטיש: 1. ליטוויש. 2. לעטטיש. 3. אלט־פּרייסיש.

נים אלע פון דיזע שפּראכען האָבען דיא זעלבע בעדייטונג

אפילו פאר לינגוויסטען. פאר נעוויינליכע מענשען האבען נאטירליך א בעדייטונג דיא שפראכען, וואס ווערן געשפראכען פון גרויסע ציוויליזירטע נאציאנען. קיינער ווערט נעווים ניט לערנען דיא ליטווישע אדער ציגיינער שפראך מיט דעם זעלבען צוועק, וואס ער לערנט דיא ענגלישע, פראנצויזישע אדער דייטשע שפראכען. פאר דעם לינגוויסט אבער זיינען אפט העכסט אינטערעסאנט און וויכטיג גראדע אזעלכע שפראכען וואס האבען קיין שום פראקטישען ווערטה ניט, ווייל דורך זיי קען מען דערגיין דעם אורשפרונג פון אנדערע שפראכען און איבערהויפט פיעלע פערבארגענע זאכען פון דיא אוראלטע צייטען. מאנכע אלטע שפראכען, וויא דיא עגיפטישע, העברעאישע, אסירישע, סאנסקריטישע א. ז. וו. האבען דיא גרעסטע בעדייטונג ניט נאר פאר דעם לינגוויסט, זאנדערן אויך פאר דעם קולטורגעשיכטליבען נאכפארשער.

אין בעצוג אויף דיא אורשפרונגליכע אלגעמיינע שפראך פון דיא אריער פעלקער שפיעלט, צום ביישפיעל, דיא פערוואָרפענע און אונבעקאנטע ליטווישע שפראך א גרעסערע ראָלע וויא דיא מייסטע אנדערע פערבליבענע אינדא-אייראָפעאישע שפראכען, ווייל זיא איז גראדע פערבליבען רייגער און האט זיך שטרענגער געהאלטען אן דיא ערשטע פונדאמענטאלע רעגעלען. דיא ליטווישע שפראך האט דארום זעהר פיעל געהאָלפען דיא לינגוויסטען אין זייערע טיעפע און העכסט אינטערעסאנטע נאכפארשונגען וועגען דעם אורשפרונג פון אלע אינדא-אייראָפעאישע שפראכען. איבערהויפט קען מען זאגען, אז גראדע דיא פעלקער וואס לעבען אפגעזונדערט, פערוואָרפען אין אזעלכע ערטער, וואו עס איז שווער צו צוקומען, און וואס האבען דארום וועניג פערקעהר מיט אנדערע פעלקער—אזעלכע פעלקער האלטען לענגער און בעסער אן דיא אלטע פאָרמען און ווארצלען פון דער אורשפרונגליכער שפראך. אזוי, צום ביישפיעל, האלטען דיא לינגוויסטען אראביש פאר א ריינערע סעמיטישע שפראך וויא העברעאיש, ווייל דיא פעניקיער, אידען און איבערהויפט דיא כנענים האבען זיך פריהער אנגעפאנגען צוזאמענצומישען מיט אנדערע פעלקער וויא זייערע ברידער, וועלכע זיינען פערבליבען אין אראביען אפגעזונדערט ביז

דער מאהאמעטאניזמוס האט זיי ארויסגערופען אויף דער פאָרדער־סצענע פון דער וועלטגעשיכטע.

די פראגע, אויב אלע פלעקסיאָן־שפּראַכען און ספּעציעל די סעמיטישע און אינדאָ־אייראָפּעאישע האבען איין אָפּשטאַמונג, איז נאָך ביז יעצט ניט בעשטימט. נאָך לאַנגע גריבלערייען און ויכוחים זיינען פיעלע בעוואוסטע לינגוויסטען געקומען צום שלום, אזביידע וויכטיגסטע צווייגען פון די פלעקסיאָן שפּראַכען, די סעמיטישע און אינדאָ־אייראָפּעאישע, זיינען ענטשטאַנען בעזונדער און האבען זיך ווייטער אויף זעלבסטשטענדיג ענטוויקעלט. „מען מוז זיך, שרייבט דער וועלט־בעריהמטער פראַנצויזישער געלעהרטער ערנעסט רענאַן, אָפּזאָגען פון זוכען א פערבינדונג צווישען די גראַמאַטיקאַלישע סיסטעמען פון די סעמיטישע און אינדאָ־אייראָפּעאישע שפּראַכען. דאס זיינען צוויי גאַנץ בעזונדערע און אבזאָלוט אָפּגעטהיילטע שעפּפונגען.“

די אַרט און וויזע, וויא די פלעקסיאָן געהט אָן אין סעמיטישע און אינדאָ־אייראָפּעאישע שפּראַכען, איז גאַנץ פערשיעדען און ציינט אויף א גרינדליכען אונטערשיעד גלייך פון אָנפאַנג, וויא דיזע שפּראַכען האבען זיך געבילדעט. אין איינצעלהייטען וועגען דיזע אינטערשיעדע קענען מיר זיך דאָ ניט אריינלאָזען, ניט בלויז ווייל מיר שרייבען דאָך ניט א לינגוויסטיק, זאָנדערן אויך ווייל אין זשאַרגאָן פעהלען די נייטיגע דערצו גראַמאַטיקאַלישע און לינגוויסטישע נעמען. מיר וועלען דאָ דארום אָנצייגען אויף א פּאָר פון די וויכטיגסטע אונטערשיעדע.

די וואָרצעל־ווערטער פון אלע סעמיטישע שפּראַכען בעשטייען פון דריי קאָנסאָנאַנטען. צום ביישפּיעל אין דער העברעאישער שפּראַך: דבר (ריידען), כתב (שרייבען), שמר (היטען) א. ז. וו. אין די אינדאָ־אייראָפּעאישע שפּראַכען קענען זיין וואָרצעל־ווערטער אפילו פון איין וואָקאַל אדער פון איין וואָקאַל מיט איין קאָנסאָנאַנטע, וויא צום ביישפּיעל: י (i)—געהען, סו (su)—בעגיסען. לינגוויסטען דיינקען, אז די סעמיטישע וואָרצעל־ווערטער פון דריי קאָנסאָנאַנטען זיינען ענטשטאַנען פון איינפאַכערע פאָרמען, וועלכע זיינען ביסלעכווייז אגגלוטינירט געוואָרען; אָבער יעדענפאַלס זיינען זיי דער צייכען פון

אלע סעמיטישע שפּראַכען. דאַס איז אַזוי ווייט געגאַנגען, אַז דיא װאָרצעל־װערטער האָבען איבערהויבט קיין שטענדיגען בעשטימטען קלאַנג ניט געהאַט אין דיא סעמיטישע שפּראַכען. דיא װאָקאַלען האָבען זיך געביטען צווישען יעדע פון דיא דריי קאָנסאָנאַנטען. דער אַלגעמיינער זינען פון דעם װאָרצעל־װאָרט איז געװען אויסגעדריקט דורך זיינע דריי קאָנסאָנאַנטען, און דיא װאָקאַלען מיט װעלכע מען האָט זיי פערבונדען, האָבען נור אויסגעדריקט דיא בעציהונגען צווישען זאַכען. דאַרום איז עס ביי דיא סעמיטען ענטשטאַנען דיא זעהר אונבעקװעמע אַרט שרייבען דורך קאָנסאָנאַנטען אַליין. דיא װאָקאַלען האָט מען שוין בעדאַרפט טרעפען נאָכ'ן זינען פון דער פּראָזע. צום ביישפּיעל אין העברעאיש: קְטֹל, קָטַל, קְטֵל, קְטַל. עהנליכע ענדערונגען קומען פאָר אין דער אַראַבישער שפּראַך.

דיא סעמיטישע שפּראַכען זיינען אין אַלגעמיינען פּיעל מעהר פלעקסירטע וויא דיא אינדאָ־אייראָפּעאישע. סעמיטישע װאָרצעל־װערטער קענען געענדערט װערען דורך אַלע װאָקאַלען, װעלכע מאָדיפיצירען זייער זינען. דיא אינדאָ־אייראָפּעאישע שפּראַכען האַלטען געוויינליך אָן איין װאָקאַל, װעלכער איז דער פונדאַמענט פון דעם װאָרצעל. דאַס קען איבעריגענס גערעכענט װערען פאַר אַ רעזולטאַט פון דער סעמיטישער סיסטעם פון דריי קאָנסאָנאַנטען. אַזוי וויא דער זינען פון סעמיטישע װערטער איז געװען צוגעבונדען צו דיא קאָנסאָנאַנטען, האָט מען געביטען דיא װאָקאַלען, וויא עס האָט זיך געלאַזען, אום איבערצוגעבען דעם אונטערשיעד פון נאָמענסװערטער און צייטװערטער און דיא בנינים פון דיא צייטװערטער. אין דיא אינדאָ־אייראָפּעאישע שפּראַכען איז אָבער דער זינען פון אַ װאָרצעל־װאָרט אויך געװען צוגעבונדען װעניגסטענס צו איין גרונד־װאָקאַל, פון װעלכען דער גאַנצער װאָרט איז ניט זעלטען בעשטאַנען. דאַרום האָט מען שוין דיזען װאָקאַל בעדאַרפט אָנהאַלטען ביי אַלע ביינונגען.

נאָך אַ זעהר וויכטיגער אונטערשיעד צווישען דיא ביידע סיס־טעמען פון פלעקסירטע שפּראַכען איז דיזער, דאַס דיא סעמיטישע שפּראַכען האָבען געהאַט דריי פעלע (נטית השם) און צוויי צייטען,

ווערהענד דיא אינדאָ־אויראָפּעאישע שפּראַכען האבען נעהאט אכט פּעלע און וויינינגסטענס זעקס צייטען. דיא בייגונגען פון א סעמיטישען צייטוואָרט זיינען איבּערהויפּט גאַנץ אנדערס וויא דיא בייגונגען פון א'ן אינדאָ־אויראָפּעאישען צייטוואָרט. צום ביישפּיעל, אין דעם סעמיטישען צייטוואָרט ווערט אונטערשיידעט דער מענליכער און ווייבּליכער גע־שלעכט אין דער דריטער פּערזאָן, וויא „קאַטאַלאַ" (ער האט געטוי־טעט), „קאַטאַלאַט" (זיא האט געטויטעט). אין דיא אינדאָ־אויראָ־פּעאישע שפּראַכען מאַכט מען ניט אזא אונטערשיעד.

ווענען דיא סעמיטישע שפּראַכען, ספּעציעל דיא העברעאישע און אראבישע, אויך ווענען וויינינגסטינס איין חאַמיטישע שפּראַך, נעמליך דיא: עגיפּטישע, וועלען מיר נאך האבען צו ריידען אין בע־זונדערע קאַפּיטלעך. יעצט וועלען מיר ווארפען א קורצען איבער־בליק אויף דיא אינדאָ־אויראָפּעאישע שפּראַכען.

—⬥—

# פיערטער קאַפּיטעל.

## אינדאָ־אייראָפּעאישע שפּראַכען.

**דיא ענטדעקונג פון סאַנסקריט. — דיא הויפּט פּונקטען פון דער אלגע־מיינער אינדאָ־אייראָפּעאישער שפּראַך. — דיא וויכטיגקייט פון סאַנסקריט.—דיא ענדערונג און פאָרמען פון סאַנסקריט. — דיא פערשיעדענע נאָהענטקייט פון דיא אינדאָ־אייראָפּעאישע שפּראַך־צווייגען צו זייער אורשפּרונגליכער שפּראַך. — אינדישע דיאַלעקטען און דער ציגיינער דיאַלעקט.—דיא איראַנישע שפּראַכען.— דיא ענטדעקונג פון זענד און פון דער אַלט־פּערסישער שפּראַך. — וויא מען איז דערגאנגען צו לעזען דיא קונעאָפאָרמישע שריפטען. — דיא עהנליכקייט פון אלע אייראָפּעאישע שפּראַכען. — דיא פערבליבענע סעלטישע און לעטטישע שפּראַכען.—דיא ענדערונג פון דיא אלטע גראַמאַטיקאַלישע פאָרמען און דיא ענטשטעהונג פון אַנאַליטישע שפּראַכען. — זשאַרגאָן אלס ביישפּיעל פון אן אַנאַליטישע שפּראַך.—דיא רוסישע און ענגלישע גראַמאַטיקעס.—לאַטייניש און דיא נייע ראָמאַנישע שפּראַכען.**

---

איהר וויכטיגסטען גרונדשטיין האט דיא לינגוויסטיק געלייגט, ווען זיא האט בעוויזען, אז אלע אינדאָ־אייראָפּעאישע שפּראַכען, וועלכע זיינען אויסגערעכענט אין פאָריגען קאַפּיטעל, שטאַמען פון א י נ ע, וועלכע איז געשפּראָכען געוואָרען ווער ווייסט מיט וויא פיעל טויזענ־דער יאהרען צוריק ערגעץ אין צענטראַל־אזיען. דורך דיזע ענטדעקונג האט דיא לינגוויסטיק זיך ניט נאר פערדיענט דעם נאמען וויסענ־שאפט, זאָנדערן האט אויך געלייסטעט דעם גרעסטען דיענסט דער קולטורגעשיכטע, וויא דאס איז שוין אָנגעצייכנט געווען אין אנדערע ערטער פון דיזער קולטור געשיכטע.

עס פערשטייט זיך, אז דערצו איז מען ניט געקומען מיט איין מאָל, נאר נאך זעהר לאַנגע און טיעפע נאכפאָרשונגען. בעזאָנדערס האט דאָ געהאָלפען דיא ענטדעקונג פון סאַנסקריט, דיא הייליגע שפּראך פון דיא אַלטע אינדוסען. אויף דיא עהנליכקייט פון דיזער שפּראך מיט זיין מוטערשפּראך האט נאך אנגעצייגט אן איטאַליענער האנדעלסמאן מיט דעם נאָמען פּיליפּאָ סאַססעטי אין 1585. אין א בריף צו זיינעם א פריינד האט ער אויסגערעכענט אייניגע עהנליכע ווערטער. אין 1767 האט דער פראַנצויזישער מיסיאָנער קעידרו (Cœrdoux) מיטגעטהיילט זיינע נאכפאָרשונגען ווענען דיא עהנליכקייט פון לאַטיינישע און גריכישע ווערטער מיט סאַנסקריטישע ווערטער. צוואַנציג יאהר שפּעטער האט דער ענגלענדער וו. דזשאָנס פעסטגעשטעלט דיא פערוואַנדשאפט פון סאַנסקריט מיט אייראָפּעאישע שפּראַכען.

„דיא עהנליכקייט פון סאַנסקריט צו גריכיש און לאַטייניש איז אזוי גרויס, אי אין דיא וואָרצעל ווערטער אי אין דיא גראַמאַטיקאַלישע פאָרמען, האט ער געשריבען, אז דאס קען ניט זיין בלויז א צופאַל. יעדער שפּראַך־קענער וועט מוזען צוגעבען, אז דיזע דריי שפּראַכען זיינען פון איין אָפּשטאַמונג, ווען ער וועט זיי נאכפאָרשען. עס זיינען דאָ גרינדע אָנצונעהמען, אז דיא גאָטהישע און דיא סעלטישע שפּראַכען האָבען דעם זעלבען אורשפּרונג וואס סאַנסקריט. מען קען אויך צוזעצען, אז צו דער זעלבער שפּראַך־גרופּע געהערט אַלט־פּערסיש.“

נאכדעם האָבען פיעלע בעריהמטע שפּראַך־קענערס, וויא באָפּפּ, שלייכער, שאַווע (Chavée) און אנדערע ניט נאר בעוויזען דיא עהנליכקייט פון אלע שפּראַכען, וועלכע מען בעצייכענט געוויינליך אונטער דעם נאָמען אינדאָ־אייראָפּעאישע שפּראַכען, זאָנדערן האָבען אויך צחאמענגעשטעלט דיא אַלגעמיינע רעגעלן פון דער אורשפּרונגליכער שפּראַך, וועלכע איז אמאָל געשפּראָכען געוואָרן אין צענטראַל־אזיען. נאך שלייכער׳ס פערגלייכענדע גראַמאַטיק פון דיא אינדאָ־גערמאַנישע שפּראַכען, וועלכע איז אנערקענט פון אלע לינגוויסטען, האט דיא געמיינשאפטליכע שפּראַך פון דיא אינדאָ־

אויראָפּעער אָדער אַריער (דער וואָרט שטאַמט פון דעם וואס דיא אַלטע אינדוסען און פערסען האבען זיך אליין גערופען אַ ר י אַ ס, וואס עס בעדייטעט אַ ד ע ל ע) נעהאט אַ כ ט פעלע און ד ר י י צאָהלען (איינצאָהל, מעהרצאָהל און דאָפּעל־צאָהל, וויא אויך אין העברעאיש און אין אנדערע סעמיטישע שפּראַכען) פ י ר נאמענסווערטער און ז ע ק ס צייטען פיר צייטווערטער. דיא ביינוגנגען פון ווערטער זיינען געוויינליך געוועזען דורך סופיקסען. דיא פאָנעטיק איז געוועזען רייך אין קלאַנגען, וואס מען רעט ארויס מיט דער הילפע פון האַלז און נאָז. אויף ווייטערע איינצעלהייטען, וועלכע ווערן אָנגעגעבען אין ספּעציעלע ביכער, קענען מיר זיך דאָ ניט אָפּשטעלען. פיר אונז זיינען גענוג דיא אָנגעצייגטע עטליכע הויפּט פּונקטען פון דיזער אוראַלטער פלעקסירטער שפּראַך.

לינגוויסטען האבען ווייטער אויסגעפונען, אז וואס עלטער עס איז אַ צווייג פון דער אלגעמיינער אינדאָ־אויראָפּעאישער שפּראַך, אלץ נעהענטער זיינען זיינע וואָרצלען, פאָרמען און קלאַנגען צו דיזער מוטערשפּראַך. איינע פון אזעלכע אַלטע שפּראַכען איז סאַנסקריט, און דאַרום איז זיא אזוי וויכטיג און אינטערעסאַנט פיר אלע לינגוויסטען. דעם נאָמען סאַנסקריט האט דיא הייליגע שפּראַך פון דיא אַלטע אינדוסען געקראָגען, ווייל זיא איז געוועזען דיא ליטעראַטור־שפּראַך און האט אָנגעהאלטען דיא אַלטע פאָרמען, וועלכע מען האט ביסלעכוויז פערלאָזען און געענדערט אין דער פאָלקס־שפּראַך. סאַנסקריט קומט פון דעם אַלט־אינדישען וואָרט „סאַנסקרטאַ“, וואס בעדייטעט: פאָלקאָמען, אויסגעצייכענט. דיזען נאָמען האָבען דיא אַלטע אינדוסען געברויכט אין געגענזאַץ צו זייער פאָלקס־שפּראַך, וועלכע זיי האָבען גערופען „פּראַקרטאַ“ (דיזער וואָרט בעדייטעט: נאַטירליך). דיא פאָלקס־שפּראַך איז מיט דער צייט געוואָרען אזוי פערשיעדען פון סאַנסקריט, דאס נאר געלעהרטע בראַמינען האָבען געקענט פערשטיין וואס עס איז געשריבען אין דיא הייליגע ביכער. עס זיינען אויך ענטשטאַנען פיעלע דיאַלעקטען, און דיא יעצטיגע שפּראַכען פון דיא אמת׳ע אינדוסען זיינען זייער פאָרטזעצונג.

דיא זעלבע שפּראַך־ענדערונגען אדער, ריכטיגער, צוטהיילונגען

פון דער ערשטער אלגעמיינער שפּראַך אין דיאַלעקטען זיינען פאַר־
געקומען ביי אלע פעלקער. נאָך ביז היינט צו טאָג איז דאָ א גרויסער
אונטערשיעד צווישען דיא ליטעראַטור־שפּראַך און דיא פאָלקס־שפּראַך
אפילו אין דיא ציוויליזירטעסטע לענדער, וואו יעדער אדער יעדענ־
פאלס דיא מעהרצאָהל קען שוין לעזען און שרייבען. אין דיא פאר־
צייטיגע יאָהרען, ווען לעזען און שרייבען האבען נאר געקענט דיא
כהנים און דיא העכסטע אריסטאָקראַטען, האָט זיך דיא פאָלקסשפּראַך
זעהר שנעל ערווייטערט פון דער געשריבענער. וויא מיר ווילען עס
זעהען שפּעטער, ווען מיר ווילען בעטראַכטען נעהענטער דיא סעמיטישע
שפּראַכען, איז דיא הייליגע שפּראַך פון דיא אידען, וויא מיר געפינען
איהר אין דער ביבעל, ארויס פון געברויך נאָך אין דיא צייטען פון
דיא מלכים. דאס אידישע פאָלק האט ביסלעכווייז אלץ מעהר בע־
נוצט איינעם פון דיא כאלדעאישע דיאַלעקטען: אראַמעאיש.

סאַנסקריט איז טאַקע געווען א שווערע און קאָמפּליצירטע
שפּראַך פיר דעם געוויינליכען געברויך צוליעב זיינע פיעלע גראַמאַ־
טיקאַלישע פאָרמען. דיא הייליגע שפּראַך פון דיא אלטע אינדוסען
האט אָנגעהאַלטען דיא קאָמפּליצירטע גראַמאַטיקאַלישע פאָרמען פון
דער אלגעמיינער אינדאָ־אייראָפּעאישער שפּראַך. דיא נטית השם און
נטית הפּעל זיינען פערבליבען כמעט וויא אמאָל. אין זיין פאָנעטיק
איז דער סאַנסקריט געווען פיעל רייכער וויא דיא אור־שפּראַך. ער
איז בעזאָנדערס רייך געווען אין קאָנסאָנאַנטען. דער צוזאַמענקלאַנג
פון דיא וואָקאַלען מיט דיא קאָנסאָנאַנטען אין סאַנסקריט איז א
זעהר קאָמפּליצירטער און מען האט פיעל געמוזט פּראַקטיצירען, אום
ריכטיג אויסצושפּרעכען דיא ווערטער.

אנפאַנגס, ווען אייראָפּעאישע געלעהרטע האבען גענומען נאכ־
פאָרשען דעם סאַנסקריט פון דיא פערבליבענע הייליגע ביכער, וועלכע
טראָגען דעם אלגעמיינעם נאָמען וועדא, האט מען געמיינט אז
פון איהם שטאַמען עס דיא אייראָפּעאישע שפּראַכען. ביי וויטערע
און גרינדליכערע נאכפאָרשונגען האט מען אבער אויסגעפונען, אז ער
איז נאר א צווייג פון דער אינדאָ־אייראָפּעאישער שפּראַך, אזוי וויא
גריכיש, לאַטייניש און דיא אנדערע אויסגערעכענטע צווייגען. ער

האט נאר בעסער און ריינער אָנגעהאַלטען געוויסע פאָרמען פון דער געמיינשאַפטליכער שפּראַך פון דיא אַריער, וויא דיא איבּריגע צווייגען. דערפאַר זיינען אנדערע צווייגען, בעזאָנדערס דער לעטטישער, נעהענטער צו דער געמיינשאַפטליכער שפּראַך אין אנדערע בעציהונגען, וויא דער סאַנסקריט. איינינע פון דיזע צווייגען זיינען נעהענטער צו דער גע־מיינשאַפטליכער שפּראַך אין זייערע ווערטער־ווערטער, אנדערע אין זייער פאָנעטיק, דריטע אין זייערע גראַמאַטיקאַלישע פאָרמען, פיערטע אין זייערע צוזעצונגען א. ז. וו. פערגלייכענדיג זיי איינע מיט דיא אנדערע איז מען עס נעמליך דערגאַנגען צו דער אורשפּרונגליכער אינדאָ־אויראָפּעאישער שפּראַך. ווארום איין צווייג האט אָנגעהאַל־טען ריינער איין טהייל פון דער אורשפּרונגליכער שפּראַך, אן אנדערע —אן אנדער טהייל, איז שווער צו ערקלערן. נאר אזוי איז עס. דאס זעהט מען גלייך, ווען מען שטודירט א פערגלייכענדע גראַמאַטיק פון אלע ביז יעצט בעקאַנטע אינדאָ־אויראָפּעאישע שפּראַכען.

דיא גריכישע, לאַטיינישע, סעלטישע און אלע אנדערע צווייגען זיינען אזוי זעלבסטשטענדיג און אונאַבהענגיג אויסגעוואַקסען אויף דעם בוים פון דער אורשפּרונגליכער שפּראַך, וויא דער סאַנסקריט. יעדער פון דיזע צווייגען האט מיט דער צייט געלאָזט ארויסשפּראָצען פון זיך מעהר אדער וויינינער אנדערע, וויא מיר האבען עס געזעהען אין דער ליסטע אין פאָריגען קאַפּיטעל. דער אינדיישער צווייג איז גראַדע זעהר רייך אין פיעלע דיאַלעקטען, וועלכע שטאַמען ניט, וויא שוין בעמערקט, פון סאַנסקריט, נאר פון דיא אלטע פאָלקסשפּראַכען, גענאַנט פּראַקריט. ביז 150 מיליאָן מענשען בענוצען זיך יעצט אין דעם נאָרד־טהייל פון אינדיען מיט דיזע פּראַקריט־דיאַלעקטען, וועלכע זיינען מיט דער צייט פיעל פּערארייגפאַכט געוואָרען אין זייערע גראַמאַטיקאַלישע פאָרמען, וויא דאָס איז דער פאַל מיט אלע נייע אויראָפּעאישע שפּראַכען און ספּעציעל מיט דער ענגלישער.

איינער פון דיא ניי־אינדיישע דיאַלעקטען איז דער ציגיינער־דיאַלעקט. ער איז אבער זעהר א פערדאָרבענער פּראַקריט, ווייל דיא ציגיינער האָבען אין זייערע וואַנדערונגען דורך פערשיעדענע לענדער איבערגענומען ווערטער פון פיעלע אנדערע שפּראַכען. דער פונדאַ־

מענט פון דעם ציגיינער־דיאַלעקט איז אבער אָהן שום צווייפעל אן אינדישער. מען קען עס לייכט איינזעהען, ווען מען פערגלייכט דיזען דיאַלעקט מיט אנדערע, וועלכע ווערן געשפּראָכען אין אינדיען. ווען דיא ציגיינער האָבען אנגעפאנגען צו וואנדערן איבער אזיען און אייראָפּא, ווייס מען ניט גענוי. אין אייראָפּא זיינען זיי וואהרשיינ־ליך אריינגעקומען ניט פריהער פאר דעם צוועלפטען יאהרהונדערט. דורך דיא פיעלע פרעמדע ווערטער אין זייער שפּראך האט מען פּרובירט אויסצוגעפינען דורך וואס פאר לענדער דיא ציגיינער האבען אריבערגעוואַנדערט פון זייער אַלטע היים אין אינדיען, אָן וועלכע זיי האבען אין גאנצען פערגעסען, נאך אייראָפּא. אייניגע פּערסישע און ארמענישע ווערטער ציינען אז זיי האָבען אמאָל געוואַנדערט אין דיא לענדער, וואו דיזע שפּראַכען זיינען געברויכט געוועזען. אלע ציגיינער, אין וועלכע אייראָפּעאישע לענדער זיי זאָלען יעצט ניט ארומוואַנדערן, געברויכען אין זייער שפּראך געוויסע גריכישע ווערטער, וואס מען קען אָננעהמען פאר א בעווייז, אז ווען זיי זיינען אריין אין אייראָפּא, האבען זיי זיך צוערשט אָבגעשטעלט אין אן אָרט, וואו מען האט געשפּראָכען גריכיש. פון גריכענלאַנד זיינען זיי אריבער נאך רומע־ניען, אונגארן, בעהמען און מאָראַוויען א. ז. וו. צולעצט זיינען זיי הפּנים אָנגעקומען אין שפּאניען, דעם וויטעסטען אָרט פון אייראָפּא נאך זיר־וועסט.

דעם מארשרוט פון דיא ציגיינער אויס אזיען דורך גאַנץ איי־ראָפּא, וויא איבערהויפּט דיא ענטדעקונג וועגען זייער אָפּשטאַמונג פון אינדיען—דאס האט מען נאר געקענט דערגיין דורך א נאכפּאָר־שונג פון זייער שפּראך, דען זיי האבען קיינע מאָנומענטען און שריפטען ניט איבערגעלאָזען און אליין געדענקען זיי עס אויך ניט. דאָ האָבען מיר איינעם פון דיא בעווייזע, וויא אזוי דיא לינגוויסטיק גיט אונז דיא מעגליכקייט צו דערגיין פערבאָרגענע זאכען און פאססירונגען, געהיימניסע פון גרוי־אַלטע צייטען.

דיא נעכסטע פערוואנדשאַפט מיט סאנסקריט האבען דיא איראַנישע שפּראַכען, ספּעציעל אַלט־פּערסיש און זענד. דיא אינ־דישע און איראַנישע שטאַמען זיינען אויך פערבליבען פערהעלטניסמעסיג

נאָהענטע שכנים, דען אינדיען איז נאר אָבגעטהיילט פון פערסיען דורך דיא הימאלאיער בערג.

אין דעם איראנישען צווייג האט מען נאך ניט געפונען אזא שפראך וואס זאל פערנעהמען דעם זעלבען פלאץ וויא סאנסקריט אין דעם אינדישען צווייג. דיא עלטעסטע שפראכען שיינען צו זיין זענד און אלט־פערסיש. מען רעכענט, אז זענד איז געשפראָכען געוואָרען אין דעם מזרח־טהייל פון איראן (פרס ומדי) און אלט־פערסיש אין דעם מערב־טהייל פון איראן. זענד איז דיא שפראך, אין וועלכער דיא הייליגע ביכער פון דער אלטער פערסישער רעליגיאָן זיינען געשריבען. דיזע ביכער טראָגען דעם אלגעמיינעם נאמען אוועסטא און ווערן צוגעשריבען צו א געוויסען זאָראָאסטר. וועגען דיא רעליגיעזע לעהרע, וועלכע ווערט אויסגעדריקט אין דיזע ביכער און וועלכע האט נאך יעצט אויך אנהענגער אין אזיען, וועלען מיר ריידען אין דיא קאפיטלעך איבער רעליגיאָנען. דאָ וועלען מיר נאר בעמערקען, אז דיזע ביכער האבען א זעהר גרויסע וויכטיגקייט פאר דיא לינגוויסטיק, פאר דיא געשיכטע פון רעליגיאָנען און פאר דיא קולטורגעשיכטע אין אלגעמיינען.

ערשט אם ענדע פון 18־טען יאהרהונדערט האט מען אין אייראָפא זיך דערוואוסט פון דער זענד שפראך. א יונגער פראנצויז מיט דעם נאמען אנקעטיל־דיופעררעאָן (Anquetil-Duperron) איז אוועקגעפאָהרען נאך אינדיען אלס איינפאכער סאָלדאט, דען אנדערש האט ער ניט געקענט אויספיהרען זיין פלאן צו מאכען א רייזע אין אזיען און אויסלערנען סאנסקריט. דאס לעצטע איז אבער איהם ניט געלונגען און נאך א לאנגע רייזע צו פוס דורך אינדיען איז ער אנגעקומען אין א געגענד, וואו עס איז נאך פערבליבען דער זאָראָאסטרישער גלויבען. דאָרט האט ער געוואונען דעם צוטרויען פון דיא פריסטער און האט ערלערנט דיא שפראך פון דיא הייליגע ביכער אוועסטא. אין 1762 יאהר איז ער געקומען צוריק נאך פראנקרייך אזוי אָרים וויא ער איז אוועקגעפאָהרען. ער האט אבער מיטגעבראכט אן אוצר פאר דיא וויסענשאפט, נעמליך א 100 מאַנוסקריפּטען אין דער זענד־שפראך. פערציג יאהר שפעטער איז ער

געשטאָרבען אין אָרמוטה, אבער זיין נאמען וועט אויף עוויג בלייבען פערצייכענט אין דער געשיכטע. מאנכע מאַנוסקריפטען האט ער אליין איבערזעצט נאך דיא ערקלערונגען וואס דיא זאָראָאסטרישע פריעסטער האבען איהם געגעבען. נאר זיין איבערזעצונג איז ניט געווען גענוג ריכטיג. זיא האט אבער נאטירליך געהאָלפען געלעהרטע שפּראך־קענערס צו ערלערנען זענד בעסער וויא דיא זאָראָאסטרישע פריעסטער זעלבסט. אַן אנדער פראנצויז מיט דעם נאמען בורנוף (Burnouf), וועלכער האט אויך גרינדליך ערלערענט דיא פערסישע שפּראך, האט אנגעשריבען דיא ריכטיגע גראמאטיק פון זענד, און יעצט האבען געלעהרטע קיין שוויריגקייט צו לעזען אלע פערבליבענע זענד־שריפטען. מען האט זאָגאר אויסגעפונען, אין וועלכע דיאַלעקטען אייניגע פון דיזע ביכער זיינען געשריבען.

דיזע שפּראך האָט אָנגעהאלטען פיעל ריינער דיא פאָנעטיק פון דיא אַלגעמיינע אינדאָ־אייראָפּעישע שפּראך וויא דער סאנסקריט. איהר נאָהענטקייט צו דער אלט־פערסישער שפּראך ווארפט זיך אין דיא אויגען ביי דעם ערשטען בליק. דער אלפאבעט פון זענד איז א גאנץ אנדערער וויא פון סאנסקריט. זיין אָפּשטאמונג איז זיכער א סעמיטישע און ער ווערט אויך געשריבען פון רעכטס צו לינקס. וואהר־שיינליך האבען דיא זענדען עס איבער גענומען ביי זייערע סעמיטישע שכנים דיא אַסיריער אדער ביי דיא אַקקאַדיער.

דיא קונעאָפאָרמישע שריפטען, פון וועלכע עס וועט זיי דיא רייד שפּעטער, זיינען יעדענפאלס געברויכט געווען פון דיא ארי־ער פערסען וויא פון דיא סעמיטען אַסיריער. אין דיא חורבות פון דיא אַמאָליגע פערסישע פּאַלאצען האָט מען געפונען אויסגעקריצטע שריפטען, וועלכע געלעהרטע זיינען דערגאנגען וויא צו לעזען נאך לאנגע מאַ־טערניסען. דער ערשטער וואס האט געגעבען דעם שליסעל צו דיזע שריפטען איז געווען דער דייטשער געלעהרטער גראָטעפענד אין אָנפאנג פון 19־טען יאהרהונדערט (1802). דיזע פיילענארטיגע אויפ־שריפטען זיינען אין דריי קאָלאָנעס אדער רייהען. וויא מיר ווייסען עס יעצט, איז דיא אויפשריפט אין יעדער קאָלאָנע אין אן אנדער שפּראך: דיא ערשטע אין פערסיש, דיא צווייטע אין א שפּראך וואס איהר

כאַראַקטער איז נאָך ניט גענוי בעשטימט און וואס איז הפנים גע־שפּראָכען געוואָרן אין מדי, און דיא דריטע אין אסיריש.

גראָטעפענד האט גענומען נאָכפאָרשען דיא אויפשריפטען אין דער ערשטער קאָלאָנע. ער איז דערביי געפאלען אויף דעם פאָלגענ־דען איינפאכען געדאנק: אין דיזע אויפשריפטען, האט ער צו זיך געזאָגט, זיינען געוויס פערצייכענט וויכטיגע פּאסירונגען, זאָנסט וואָלט מען נאטירליך ניט פערלאָרען אזוי פיעל צייט און מיהע זיי אויסצו־קריצען. וועלכע פּאסירונגען זיינען דאן גערעכענט געוואָרען פאר דיא וויכטיגסטע? העכסט וואהרשיינליך דיא נעמען און מעשים פון דיא קעניגע. צייכענס מיט דער בעדייטונג „קעניג" דארפען זיך אלזאָ טרעפען עפטער וויא אנדערע.

גראָטעפענד האט דארום גענומען נאכזוכען אזעלכע צייכענס אין דיא קונעאָפאָרמישע אדער פּיילענארטיגע שריפטען. ער האט שליסליך אויסגעקליבען א געוויסע גרופּע צייכענס, צו וועלכע ער האט צוגעשריבען דיא בעדייטונג „קעניג". ווייטער האט ער בעמערקט, אז דיזע צייכענס ווערן אָפט נאָכגעפאָלגט פון בעשטימטע אנדערע. נאָך זיין מיינונג איז אויסגעקומען, אז זיי בעדייטען „קעניג פון קעניגע". דיא צייכענס פאר דיזע גרופּע האבען אלזאָ נאר געקענט זיין גע־מען פון דיא קעניגע. דיא ווידערהאָלונג פון דיא זעלבע צייכענס האט איהם געפיהרט זיי צו לעזען אזוי: „א געוויסער נאָמען, קעניג פון קעניגע, זוהן פון א געוויסען קעניג".

אָט דיזע סברות פון גראָטעפענד האבען עס געלייגט דעם אָנ־פאנג צו קענען לעזען דיא קונעאָפאָרמישע שריפטען. גראָטעפענד האט קיין טעות געהאט אין זיינע רעכנונגען. דיזע אויפשריפטען האבען געהערט צו דיא קעניגע פון דער־זאָגענאנטער אַכעמענ־דישער דינאסטיע, וועלכע האט אָנגעפאנגען צו הערשען אין פערסיען ארום 600 יאהר פאר דיא קריסטליכע צייטרעכנונג און איז אונטער־געגאנגען נאָך דעם זיעג פון אלעקסאנדער מוקדון איבער דאריוס דעם דריטען.

דאס האט מען בעשטימט דורך געשיכטליכע אין ארכעאָלאָגישע אונטערזוכונגען מיט א קורצע צייט פריהער איידער גראָטעפענד האט

ענטדעקט דעם שליסעל צו דיזע אויפשריפטען. אויס דער געשיכטע פון פרס, וויא זיא איז מייסטענס געשילדערט פון גריכישע שרייבערס, ווייס מען, אז דיא זאָ־געננאנטע אבעמענידישע דינאסטיע איז גע־גרינדעט געוואָרען פון היסטאספעס און אז זיינע נאכפאָלגער זיינען געוועזן דאריוס און קסערקסעס. נאכפאָרשענדיג דיא צייכענס, וועלכע ער האט פערטייטשט „קעניג", „קעניג פון קעניגע", האט גראָטעפענד בעמערקט, אז נאך איין נאמען זיינען ניט געשטאַ־נען דיא צייכענס „קעניג פון קעניגע". ער האט דארום אנגענומען, אז דיזער נאמען מוז זיין: היסטאספעס, ווייל היסטאספעס איז געוועזן דער גרינדער פון א דינאסטיע און האט פאָלגליך ניט געקענט זיין א „קעניג פון קעניגע". אזוי וויא דיא נעמען פון דיא נאכפאָלגער פון היסטאספעס זיינען געוועזן בעקאנט, האט גראָטעפענד נאך געוויסע סמנים אנגענומען, אז אויף איין שטיין, וואו עס זיינען געוועזן אויס־געקריצט דיא צייכענס „קעניג פון קעניגע" געפינט זיך דער נאמען דאריוס און אויף אן אנדערען — קסערקסעס. נאך זיינע רעכנונגען איז אויסגעקומען, אז דיא נעמען האבען ניט געקענט זיין קירוס (כרש) און קאמביזעס (א זוהן און טראָנפאָלגער פון קירוס), ווייל זיי וואָלטען דאָך געמוזט זיך אנפאנגען מיט דעם זעלבען צייכען פאר דעם בוכשטאב „ק". אויך האָבען דיא נעמען ניט געקענט זיין קירוס און ארטאקסערקסעס, ווייל זיי זיינען ניט פון גלייכע לענג.

קורץ, אויף דעם גרונד פון אזעלכע בעטראכטונגען איז גראָ־טעפענד געקומען צום שלוס, אז דיא נעמען אויף דיא שטיינער, וועלכע ער האט נאכגעפאָרשט, האבען נאר געקענט זיין: היסטאספעס, דאריוס און קסערקסעס. דאָ האט שוין אלזאָ גראָטעפענט געהאט ניט בלויז צייכענס, וועלכע ער האט פערטייטשט נאך זיין שכל, אבער נאך ניט געוואוסט זייער ריכטיגען קלאנג אין דער אלט־פערסישער שפראך, זאָנדערן צייכענס, וועלכע האבען פאָרגעשטעלט בע־וואוסטע קלאנגען. אויב זיין רעכנונג וועגען דיא נעמען פון דיא דריי פערסישע הערשער איז נאר געוועזן א ריכטיגע, האט מען שוין אויך געקענט בעשטימען, וועלכער צייכען האט, צום ביישפיעל,

פארגעשטעלט דעם קלאנג „ה" אין דעם וואָרט היסטאספעס, דעם קלאנג ק אין דעם וואָרט קסערקסעס א. ז. וו. און געפינענדיג דיא זעלבע צייכענס אין אנדערע ווערטער, האט מען שוין געמעגט אָנ־נעהמען, אז מען דארף זיי לעזען אזוי און ניט אנדערס. דאָ האט מען אַלזאָ געהאט צו טאָן מיט עטליכע בעשטימטע פאָנעטישע צייכענס, דורך וועלכע מען האָט ביסלעכווייז געקענט דערגיין אנדערע, נאַטירליכע נאָך לאנגע מאטערניסען, אונגעפעהר אזוי וויא מען דערגייט צו לעזען שיפרירטע בריף.

אז גראָטעפענד האט ריכטיג געטראָפען, איז אויך בעוויזען גע־וואָרען דורך א וואזע מיט א היעראָגליפישע און קונעאָפאָרמישע שריפט, וועלכע בעצייכנען ביידע איין וואָרט, נעמליך: „קסערקסעס".

וויא איינפאך דיא סברות און בעטראכטונגען פון גראָטעפענד זאלען אונז ניט שיינען, האבען זיי דאך געפיהרט צו איינע פון דיא גרעסטע ענטדעקונגען אין א יאהרהונדערט, וועלכער איז אזוי רייך געווען מיט דיא וואונדערבארסטע ערפינדונגען און ענטדעקונגען. אויף דיא אבעמענדישע אויפשריפטען זיינען נאר דאָ אונגעפעהר 400 ווער־טער, דארונטער א סך אייגען־נעמען, אָבער דאס איז גענוג געווען פאר געלעהרטע שפראך־קענערס צוזאמענצושטעלען א גראמאטיק פון דער אלטער פערסישער שפראך און צו ציינען, וויא ווייט זיא איז עהנליך צו דער זענד־שפראך און צו סאנסקריט. א גאנץ נייע וועלט איז אויפגעקומען פון אונטער דיא חורבות פון דיא אמאָליגע קעניגליכע פאלאצען אין בבל, אשור אין פרס דורך דיא ענטדעקונג וויא צו לעזען דיא קונעאָפאָרמישע שריפטען, וועלכע זיינען נאך אין דיא ביז־היסטאָרישע צייטען געברויכט געווען אין וועסט־אזיען און אפילו אין מצרים. דורך זיי האָט מען ניט נאָר געפונען דריי אָפּגע־שטאָרבענע שפראכען פון דער גרעסטער בעדייטונג פיר דיא געשיכטע, זאנדערן מען האָט זיך אויף דערוואוּסט פון גאנץ אלטע פעלקער, וועלכע האבען געשפּילט א זעהר גרויסע ראָלע אין דער באַביבלאָניש־אסירישער ציוויליזאציאָן.

אויף דיא אנדערע שפראכען פון דעם איראנישען צווייג, וויא ארמעניש, פארסיש א. ז. וו. וועלען מיר זיך ניט אָפּשטעלען, דען

זיי האבען קיין ספעציעלען אינטערעס פיר דיא קולטורגעשיכטע. ווענען דיא צווייגען פון דער אלגעמיינער אינדאָ־אייראָפּעישער שפּראַך, וועלכע האבען זיך צושפּרייט איבער גאנץ אייראָפּאַ און אמעריקא, נעמליך: גריכיש, לאַטייניש, דייטש און סלאַוויש, וועלען מיר נאר בעמערקען, אז זייער נאהענטע פערוואנדשאפט איז שוין לאנג בעוויזען געוואָרען. יעדערער וואס האט נאר געלערנט עטליכע אייראָפּעאישע שפּראַכען קען דאס אליין איינזעהען. דיא עהנליכקייט פון לאַטייניש צו גריכיש איז אזוי גרויס, דאס אייניגע שפּראַך־קענערס האבען זאָגאר בעהויפּטעט, אז לאַטייניש שטאַמט פון גריכיש, אבער ווען מען האט צוזאַמענגעשטעלט א פערגלייכענדע גראַמאַטיקע פון אלע אינדאָ־אייראָפּעאישע שפּראַכען, האט מען געמוזט צוגעבען, אז גריכיש און לאַטייניש זיינען צוויי בעזונדערע צווייגען. גריכיש איז פיעל נע־הענטער צום סאַנסקריט און צו דיא איראַנישע שפּראַכען, וויא צו לאַטייניש. דאַגעגען איז לאַטייניש נעהענטער צום סעלטישען צווייג וויא גריכיש.

וואס אנבעלאַנגט צו דעם סעלטישען צווייג, וועלכער איז אמאל געווען פערשפּרייטעט איבער א גרויסען טהייל פון וועסט־אייראָפּאַ (פראַנקרייך, שפּאַניען, נאָרד־איטאַליען, אירלאַנד, ענגלאַנד און סקאָטלאַנד), איז ער כמעט אין גאַנצען ארויסגעשטויסען געוואָרען פון דיא לאַטיינישע און גערמאַנישע שפּראַכען. וויא פיעל מען ווייס דורך דיא אלטע סעלטישע שפּראַכען דורך אויפשריפטען און מאַנכע מאַנוסקריפּטען, זיינען זיי אין געוויסע הינזיכטען געווען עהנליך צו דיא גערמאַנישע און אין אנדערע הינזיכטען צו דיא לאַטיינישע שפּראַכען. אין אייניגע ערטער רעט מען נאך ביז היינט סעלטישע דיאַלעקטען, נעמליך אין אירלאַנד (דיא צאָהל אירלענדער וואס געברויכען זייער אַלטע סעלטישע שפּראַך ווערט אַלץ קלענער, דיא ענגלישע שפּראַך פערנעהמט איהר פּלאַץ; יעצטריידען אירלענדיש אונגעפעהר 800 טויזענד מענשען), אין סקאָטלאַנד (דער זאָ־גענאַנטער ערס; ווערט געשפּראָכען פון אונגעפעהר 300 טויזענד סקאָטלענדער), אין זיד־וועסט פון ענגלאַנד (דער זאָ־גענאַנטער וועלש; ווערט געשפּראָכען פון אונגעפעהר א מיליאָן מענשען) און אין אייניגע דעפּאַרטאַמענטען פון

פראנקרייך (דער זאַ־גענאַנטער ברעטאָן; ווערט געשפּראָכען פון איבער א מיליאָן מענשען). דיזע אלע דיאַלעקטען ווערען זיך ניט לאנג האלטען און וועלען אין גאנצען ארויסגעשטופּט ווערען דורך דיא גליקליכערע שפּראַכען, נעמליך פראנצויזיש און ענגליש.

דעם זעלבען שיקזאַל וועט אויך האבען דער לעטטישער צווייג, וועלכער איז אזוי אינטערעסאַנט פאר לינגוויסטען, ווייל ער האט עד היום בעסער אָנגעהאַלטען דיא פאָרמען און דיא פאָנעטיק פון דער געמיינשאַפטליכער אינדאָ־אייראָפּעאישער שפּראַך וויא אלע אנדערע אייראָפּעאישע צווייגען. דאס קומט דערפון וואס דיא לעטטישע שטאַמען האָבען געלעבּט מעהר אָפּגעזונדערט וויא דיא אנדערע פעלקער אין אייראָפּא. איין לעטטישע שפּראַך, דיא אַלט־פּרייסישע, איז פערשוואונדען נאָך מיט א יאָהר 200 צוריק. דייטש האָט פערנומען איהר פּלאַץ. ליטוועש פערשווינדעט אויך אַלץ מעהר אין אָסט־פּריי־סען. עס ווערט נאר יעצט געשפּראָכען אין עטליכע קליינע דערפער ארום מעמעל און טילזיט פון א 150 טויזענד מענשען. אין רוסלאַנד האַלט זיך ליטוועש א ביסעל פעסטער, אבער געוויס ניט אויף לאנג. עס ווערט יעצט מייסטענס געשפּראָכען אין קאָוונער גובערניע און אין טהיילען פון ווילנער און גראָדנער גובערניעס פון אונגעפעהר א מיליאָן און 300 טויזענד מענשען. ליטוועש האט פריהער אָבגע־טראָטען פּלאַץ צו פּויליש און יעצט ווערט עס אַלץ מעהר ארויס־געשטופּט פון רוסיש.

צום נאָרד פון דעם בעשרענקטען אָרט, וואו ליטוועש האַלט זיך נאָך אָן אין דיא דערפער, ווערט געשפּראָכען לעטטיש פון אונ־געפעהר א מיליאָן מענשען. דיא לעטטען געפינען זיך יעצט אין נאָרד פון קורלאַנד, אין זידען פון ליפלאַנד און אין וועסט פון וויטעבסקער גובערניע. ליטוועש און לעטטיש זיינען זעהר נאָהענטע שפּראַכען און האָבען כמעט דיא זעלבע גראַמאַטיקע, נאָר ליטוועש האָט דאָך ריינער און בעסער אָנגעהאַלטען דיא פאָרמען און דעם כאַראַקטער פון דער אַלגעמיינער אינדאָ־אייראָפּעישער שפּראַך וויא לעטטיש. ליטוועש האט אויך א ליטעראַטור, וועהרענד לעטטיש האָט קיין אנדער לי־טעראַטור געהאַט אויסער א געוויסע צאָהל פאָלקסליעדער. לינגוויסטען

**בענוצען זיך** בעזאָנדערס מיט דיא שירים פון דעם ליטוועשען פּאָעט דאָנאַליציאוס, וועלכער האָט געלעבט אין 18־טען יאָהרהונדערט, אום צו ערלערנען דיזע שפּראַך, וועלכע איז בעזאָנדערס מערקווירדיג דערמיט, וואס זיא האט זיך אם וויינינגסטען געענדערט און שטעהט נעהענטער צו דער אַלגעמיינער אינדאָ־אייראָפּעאישער שפּראַך, וויא אַלע אַנדערע אייראָפּעאישע שפּראַכען.

במעט אַלע פון דיא ערשטע אינדאָ־אייראָפּעאישע צווייגען האָבען זיך זעהר געענדערט מיט דער צייט. דיזע ענדערונג האָט זיך איבעראַל מעהר אדער וויינינגער ארויסגעוויזען אויף דעם זעלבען שטייגער, נעמליך אין אַלץ אַ וויטערע אָפּוויכונג פון דיא אַלטע פאָרמען פון נטית השם און פון נטית הפּעל. דיא מייסטע נייע אינדאָ־אייראָפּעאישע שפּראַכען, וויא נייפּערסיש, ניי־גריכיש, ניי־לאַטייניש א. ז. וו. האבען במעט אין גאַנצען פערלאָרען דיא צוזעצונגען, וועלכע האבען אין זייערע מוטער־שפּראַכען בעצייכענט דיא בייגונגען פון דיא נאַמענס־ווערטער, דעם יחס. דיא אַלגעמיינע אינדאָ־אייראָפּעאישע שפּראַך האָט געהאַט גאַנצע אַכט פּעללע און דריי צאהלען (איינצאָהל, מעהר־צאָהל און דאָפּעלצאָהל), וויא דאס איז שוין בעמערקט געוועזען. אַלע איהרע ערשטע צווייגען האבען דערפון עפּעס פערלאָרען. אום דער לעזער וואס האט קיין גראַמאַטיקע געלערנט זאָל פערשטיין, וואס מיר ווילען דאָ זאָגען, וועלען מיר ברייננגען אַ ביישפּיעל פון דעם אורשפּרונג־ליכען אינדאָ־אייראָפּעאישען נטית השם. לאמיר נעהמען דעם וואָרט avis(אַ שעפּס). זיינע אַכט פּעלע זיינען געוועזען אזוי: נאָמינאַטיוו (יחס השם)—avis, געניטיוו (יחס שממנו)— avay-as, דאַטיוו (יחס שאליו) avay-ai, אַקקוזאַטיוו (קלאַגעפאַל)—avi-m, לאָקאַטיוו (צו בעצייכנען פּלאַץ) — avay-i, אַבלאַטיוו (צו בעצייכנען אָפּזונדערונג) avay-at, ערשטער אינסטרומענטאַלער (אין דער רוסישער שפּראַך איז ער פערבלי־בען און הייסט טוואָריטעלני פּאַדעזש) — avy-a, צווייטער אינסטרומענטאַלער—avi-bhi.

דיא גריכישע אין לאַטיינישע שפּראַכען, וועלכע זיינען נאָך זעהר רייך געוועזען אין פּעללע (יחס), האָבען אייניגע פון דיזע פאָרמען פער־לאָרען, אבער ניט דיא זעלבע. אין דער לאַטיינישער שפּראַך איז נאָך

פערבליבען דער אבלאטיוו, אין דער גריכישער פעהלט ער. דערפאר איז אין גריכיש פערבליבען דער אלטער לאָקאטיוו. אין גריכיש איז אויך פערבליבען א דאָפּעלצאָהל, אין לאטייניש איז זיא שוין אין גאנצען פערשוואונדען. צוזאמענקלייבענדיג דיא פערבליבענע פאָרמען פון ביינונגען פון נאמענסווערטער און צייטווערטער האבען לינגוויסטען געקענט צוזאמענשטעלען דיא פאָרמען פון דער אורשפרונגליכער אינדאָ־אויראָפּעאישער שפראך. אין דעם בעשטייט דיא ארבייט פון דער פערגלייכענדע גראמאטיקע.

אין פיעלע נייע שפראכען זיינען דיזע אלע אלטע פאָרמען פון נטית השם אין גאנצען פערשוואונדען. מען דריקט זיי אויס מיט ווערטלעך, וואס בעצייכנען דיא בעציהונגען און וואס מען רופט אין גראמאטיקעס פרעפּאָזיציאָנען (אין דייטש: פאָרוואָרט, אין רוסיש: פרעדלאָג, אין לשון קודש: מלת היחס), וויא צום ביישפּיעל: צו, אויף, פון, נאָך, מיט א. ז. וו. אין דער רוסישער שפּראַך זיינען פערבליבען זעקס פעלע, אין דער דייטשער פיער, אין דער ענגלישער בלויז איינער, נעמליך: דער גע־ניטיווער, וועלכער ווערט בעצייכענט דורך דיא צוזעצונג פון דעם בוכשטאַב s מיט אן אפּאָסטראָף (’), וויא צום ביישפּיעל: the father's hat (דעם פאָטער׳ס הוט). אבער אויך דיזען יחס גיט מען איבער דורך דיא פרעפּאָזיציאָן of (פון) אזוי: the hat of the father (דיא הוט פון דעם פאָטער). אין דער ניי־פּערסישער שפּראך, אין דיא יעצ־טיגע אינדישע שפּראַכען, אין אלע ניי־לאטיינישע אָדער ראָמאנישע שפּראַכען, וויא פראנצויזיש, שפּאניש, איטאליעניש א. ז. וו. זיינען אויך דיא אלטע פאָרמען פון יחס אָפּגעפאלען, און דיא בעציהונגען ווערן בעשטימט דורך פרעפּאָזיציאָנען. דאס זעלבע איז אויך פאָרגעקומען אין דיא סעמיטישע שפּראַכען, וועלכע האָבען פון אָנהויב אָן געהאט בלויז דריי פעלע. אין דער אראבישער פאָלקס־שפּראך געברויכט מען ניט דיא דריי פעלע, וועלכע זיינען נאך פערבליבען אין דער ליטעראַרישער שפּראך.

קורץ, אלע נייע שפּראַכען זיינען אויף דיזער ארט פּעראיינ־פאַכט געוואָרן. זיי זיינען געוואָרען, וויא מען רופט עס אין דער לינגוויסטיק, אנאליטישע שפּראַכען, דאס הייסט: אנשטאָט דיא פריהערע קאָמפּליצירטע פאָרמען פון יחס געברויכט מען פּרעפּאָזיציאָנען,

אָדער מען דריקט דאס זעלבע אויס דורך דעם פּלאַץ פון דעם נאָמענסוואָרט אין דער פראַזע.

אין נטית הפעל איז אויך דאס זעלבע פאָרגעקומען. פיעלע שפּראַכען האָבען אויפגעהערט צו געברויכען דיא פאָרמען, וועלכע האָבען בעצייכענט דיא פערשיעדענע צייטען. אַנדערע האָבען פער־קלענערט דיא צאָהל פון דיא צייטען. דיא צייטען האט מען גענומען אויסדריקען דורך הילפס־צייטווערטער, מייסטענס: דורך האָבען און זיין. אין דער ענגלישער שפּראַך זיינען אפילו פערבליבען זעקס צייטען, אבער דיא צייטווערטער זעלבסט ענדערן זיך גאַנץ ווייניג. מאַנכע צייטווערטער בלייבען אין גאַנצען אונפערענדערט. זייערע צייטען דערקענט מען דורך דעם זינען פון דער גאַנצער פראַזע.

אונזער זשאַרגאָן איז אויך אַן אַנאַליטישע שפּראַך, דען ער האָט פערוואָרפען דיא גראַמאַטיקאַלישע פאָרמען פון דער דייטשער שפּראַך. מיר האָבען שוין קיין נטית השם, וויא אין דייטש. מיר זאָגען ניט, צום ביישפּיעל „דעם טישעם“ צו בעצייכנען דעם געניטיוו, מיר געברויכען אַנשטאָט דעם אַן אַנאַליטישען וואָרט, נעמליך: פון. אין זשאַרגאָן מאַכט עס קיין אונטערשיעד צו געברויכען דעם דאַטיוו (dem] אַנשטאָט דעם אַקוזאַטיוו (den) און פערקעהרט. עס מאַכט ניט אויס, ווען מיר געברויכען איהם אַנ־שטאָט איהן. אין זשאַרגאָן זאָגען מיר, צום ביישפּיעל: איך האָב איהם געזעהען. אין דייטש איז עס אַ גראָבער גרייז, מען מוז זאָגען: „איך האַבע איהן געזעהען“. מיר געברויכען נאָך דיא פערקירצטע פאָרמע פון דעם דייטשען דאַטיוו „עם“. פון זעקס דייטשע צייטען זיינען אין זשאַרגאָן נאַר פערבליבען דריי: אַ געגענווערטיגע, איין פערגאַנגענע, איין צוקינפטיגע. דיא פערגאַנגענע צייט אין מאַמע־לשון איז שטענדיג אַ צוזאַמענגעשטעלטע מיט דער הילפע פון דיא געגענווערטיגע צייטען פון דיא הילפס־צייטווערטער האָבען און זיין. צום ביישפּיעל: איך האָב געשריבען, איך בין געגאַנ־גען. אין איינפאַכען זשאַרגאָן געברויכען מיר קיין מאָל ניט דיא אַנדערע צוויי דייטשע פאָרמען פון פערגאַנגענע צייט: איך שריעב, איך האַטטע געשריעבען, איך גינג, איך וואַר געגאַנגען. במעט דיא

גאנצע דייטשע גראמאטיקע איז אזוי פערוואָרפען געוואָרען אין זשאר־גאָן. גראדע אזוי איז דיא זעהר קאָמפּליצירטע לאטיינישע גראמאטיקע פערוואָרפען געוואָרען אין דיא יעצטיגע ראָמאנישע שפּראכען, וועלכע זיינען געוואָרען אנאליטישע. פון אלע אויראָפּעאישע שפּראכען איז דיא ענגלישע אם מייסטען אנאליטיש.

עס שיינט זעהר זאָנדערבאר, דאס גראדע מיט דער וויטערער ענטוויקלונג פון דיא ציוויליזירטעסטע פעלקער זיינען זייערע שפּראכען געווארן אלץ איינפאכער אין בעצוג אויף דיא פאָרמען פון נאמענס־ווערטער און צייטווערטער. דיא [illegible]היסטאָרישע פאָרפאטערס פון אלע סעמיטישע און אריער פעלקער האבען זיך גראדע בענוצט מיט פיעל קאמפּליצירטערע און פאָלקאָמענערע שפּראך־פאָרמען וויא מיר יעצט. דיא בעציהונגען, וועלכע מיר בעשטימען יעצט דורך פּרע־פּאָזיציאָנען, האבען זיי אויסגעדריקט דורך דיא ביינונגען פון נאמענס־ווערטער זעלבסט. דיא געשלעכטען האבען זיי אויך בעצייכענט דורך געוויסע צוזעצונגען. זיי האבען אונטערשיידעט דאָפּעלצאָהל פון מעהרצאָהל. אום דאס אלעס איבערצוגעבען דורך דיא ענדונגען און ביינונגען פון דיא ווערטער האָט מען געמוזט אָנווענדען א גרויסע דיינקונגס־קראפט. דיא צאָהל פון דיא ווערטער איז געווען קליין, אלץ קלענער וואס פריהער צוריק, דען אָנפאנגס האט מען נאר בע־צייכענט דיא געוויינליכעסטע זאכען און אויסגעדריקט דיא אלגעמיינסטע געדאנקען, וויא מיר וויסען עס שוין; אבער דערפאר זיינען דיזע ווערטער זעהר רייך געווען אין פאָרמען, און ביינונגען.

דיא נייע שפּראכען זיינען געבליבען אָהן דיזע פיינהייטען און אָהן דעם גרעסטען צאָהל אלטע פאָרמען. בעדייטעט עס אָבער א ריקשריט? זאָלען מיר זאָגען, אז גראדע אין בעצוג אויף זייערע שפּראכען זיינען דיא מענשען געגאנגען צוריק אנשטאָט צו גיין פאָר־ווערטס וויא אין אלע אנדערע זאכען? מיר דיינקען אז ניט.

אין דער געוויינליכער שפּראך איז זעהר שווער געווען צו גע־ברויכען דיא אלטע פאָרמען, וויא, צום ביישפּיעל, דיא אכט פעלע פון דער אלגעמיינער אינדא־אויראָפּעאישער שפּראך. פעלקער האָבען זיך אלץ מעהר צוזאמענגעטראָפען און צוזאמענגעמישט, איבערגעהמענדיג

איינע ביי דיא אנדערע געוויסע ווערטער און אויסדריקע. דערביי איז דיא אויסשפראך פון דיזע ווערטער נאטירליכערווייזע געביטען געווארען, דען דעם ריכטיגען אקצענט פון א שפראך קריגט מען נאר, ווען מען רעט איהר פון קינדווייז אן. מיר געפינען דארום דעם זעלבען ווארט גאנץ אנדערס אויסגערעט אין פערשיעדענע שפראכען.

ווייטער האט מען איינגעזעהען, אז מען קען אויסדריקען דיא ביינונגען פון ווערטער דורך פרעפאזיציאנען, און מען האט זיי אלץ מעהר גענומען געברויכען, ווייל דאס איז געוועזען לייכטער וויא נאכצו־דענקען, וועלכען יחס מען דארף בענוצען אין דיזער אדער אן אנדער פראזע. מען קען עבענזא פיין אויסדריקען געדאנקען מיט דער הילפע פון פרעפאזיציאנען, וויא דורך דיא ביינונגען פון דיא נאמענסווערטער זעלבסט. יעדערער, וואס האט געלערענט, צום ביישפיעל, דיא רוסישע און ענגלישע שפראכען, וויים גאנץ גוט וויא לייכטער עס איז אויס־צולערנען דיא ענגלישע גראמאטיקע אלס דיא רוסישע. איידער מען קריכט ארויס פון דיא פערשיעדענע ענדונגען און נטית השם פון דיא רוסישע נאמענסווערטער, קען מען בעקענט ווערען מיט דער גאנצער ענגלישער גראמאטיקע. אין דער ענגלישער שפראך ווערט א נאמענסווארט אפילו ניט געענדערט, ווען מען געברויכט איהם אלס א צייטווארט; ווען מען שטעלט צו דעם ארטיקעל the (און דיזער ארטיקעל בעדייטעט צוגלייך: דער, דיא, דאס) צו א ווארט, איז עס א נאמענסווארט; ווען מען שטעלט אבער צו דיא פרעפאזי־ציאן to צו דעם זעלבען ווארט, איז עס שוין א צייטווארט, וויא צום ביישפיעל: the table (דער טיש), to table (אויפ׳ן טיש לייגען), the shield (דער פאנציר), to shield (בעשיצען), the taste (דער געשמאק), to taste (פערזוכען דעם געשמאק) א. ז. וו. אין דער רוסישער שפראך האבען דיא נאמענסווערטער און צייטווערטער בע־זונדערע ענדונגען, און מען דארף לאנג לערנען זייערע ביינונגען, אום צו קענען ריידען גראמאטיקאליש. אין דער ענגלישער שפראך האט מען אין דיזער הינזיכט קיינע שוויריגקייטען, ווייל זיא איז אנאליטיש.

הייסט עס אבער, אז אין דער ענגלישער שפראך קען מען ניט אזוי פיין און עדעל אויסדריקען געדאנקען וויא אין דער רוסישער

שפראך? עס איז נאר לעבערליך צו שטעלען אזא פראגע. יעדערער ווייס, אז דיא ענגלישע ליטעראטור איז איינע פון דיא רייכסטע, בעסטע און שענסטע אין דער וועלט.

דיא נייע ראמאנישע שפראכען האבען געוויס גאר ניט פער־לארען אין זייער מעגליכקייט אויסצודריקען דיא פיינסטע און זינרייכסטע געדאנקען אהן דיא פיעלע פארמען פון זייער לאטיינישע מוטערשפראך. מיר קענען זיך דא ניט ארייגלאזען אין איינצעלהייטען, וויא אזוי דיזע פארמען זיינען פערווארפען געווארען אין דיא פראנצויזישע און איטאליענישע שפראכען. פאר אונז איז גענוג צו וויסען, אז דיא לינגוויסטיק ערקלערט עס אויף א גאנץ נאטירליכען וועג. דיא פאר־מען פון דער לאטיינישער שפראך, וועלכע זיינען געברויכט געוועו אין דער ליטעראַרישער שפראך און וועלכע מיר לערנען אויס דיא פערבליבענע שריפטען — דיזע פארמען האט מען שוין ביסלעכווייז אויפגעהערט צו געברויכען אין דער פאלקסשפראך נאך ווען דיא רוימישע אימפעריע איז געוועזן אין פולען גלאנץ. עס זיינען מיט דער צייט ענטשטאנען עטליכע דיאלעקטען, וויא דאס איז געוויינליך דער פאל מיט אלע שפראכען. אין יעדער ליטעראטור פערבלייבען אפט ווערטער, וועלכע מען הערט אויף צו געברויכען אין דער פאלקסשפראך. מען רופט זיי פעראלטעטע ווערטער. דאגעגען קומען שטענדיג אריין אין געברויך ווערטער, וועלכע ווערען געשאפען אין גאנצען פון דאס נייע אדער קריגען א גאנץ נייע בעדייטונג. ביסלעכווייז בענוצט מען זיך מיט זיי אויך אין דער ליטעראטור. שפראכען ענדערן זיך אזוי שטענדיג איבעראל, נאר ביי דיזע ענדערונגען ווערן אלץ מעהר פערבייגען אדער פערווארפען דיא אלטע פארמען. ווען מיר זאגען נייע ווערטער ווערן יעצט געשאפען, מיינען מיר ניט דיא ווערטער, וואס געלעהרטע שטעלען צוזאמען פון גריכיש אדער לאטייניש אין זייערע וויסענשאפטען, אום צו בעצייכנען נייע זאכען אדער בע־סער און קירצער אויסצודריקען א געדאנקען. מיר מיינען דיא ווערטער וואס ענטשטייען אין דעם פאלק זעלבסט, קיינער ווייס אפט ניט ווען און וויא אזוי, און וואס ווערן נאכהער אויף אנגענומען אין דער ליטעראטור. ניט אלע נייע פאלקס־ווערטלעך האבען דעם זעלבען

מזל, דיא מייסטע ווערן שנעל פערגעסען, אום אפצוטרעטען פלאץ פיר אנדערע. אמאל ווערט אלגעמיין אנגענומען א ווערטעל פון א גנב'שען לשון, פון א סאלדאטסקען לשון, פון א פראווינץ לשון א. ז. וו.

אין דיא צייטען, ווען דיא נייע ראמאנישע שפראכען זיינען ענטשטאנען, איז דיא רוימישע אימפעריע געוועזען אונגעהייער גרויס. ניט נאר האט מען ניט געשפראכען, וויא מען האט געשריבען, און ניט נאר האט מען אלץ מעהר פערוואָרפען דיא פערשיעדענע פאר־מען פון נטית השם און נטית הפעל, וועלכע פערנעהמען דעם גרעסטען טהייל פון דער לאטיינישער גראמאטיקע, זאנדערן אין פערשיעדענע פראווינצען זיינען אויסגעארבייט געוואָרען פערשיעדענע דיאלעקטען. אין דיא פראווינצען, וואו רוימישע סאלדאטען האבען זיך בעזעצט אלס קאלאניסטען צווישען פעלקער מיט אנדערע שפראכען, וויא דאס איז דער פאל געוועזען אין פראנקרייך, שפאניען און רומעניען, זיינען נאך דיא לאטיינישע דיאלעקטען צוזאמענגעמישט געוואָרען מיט דיא שפראכען פון דיא איינגעבארענע. פון אזעלכע דיאלעקטען, אין וועלכע דיא אלטע פארמען פון דער לאטיינישער שפראך זיינען שוין זעהר פעראיינפאכט אדער אפגעשאפט געוואָרען, זיינען עס ארויסגעקומען דיא פראנצויזישע, שפאנישע, איטאליענישע און רומענישע שפראכען.



# פינפטער קאַפּיטעל.

## סעמיטישע שפּראַכען.

דיא גרויסע עהנליכקייט און דיא גרופּען פון דער סעמיטישער שפּראַך־פאַמי־ליע. —דיא ערשטע שטאַמען פון בבל און אשור.—דיא אַסירישע שפּראַך.—דיא אַראַמעאישע שפּראַך און איהר שנעלע פערשפּרייטונג איבער וועסט־אַזיען. — אַראַמעאיש אין ארץ ישראל. — דיא כנענים און זייער שפּראַך. — פעניקיש און העברעאיש. — דיא דריי פעריאָדען פון דער העברעאישער שפּראַך. — דיא אַלטע אויסשפּראַך פון לשון קודש. — אַראַביש און הימאַריטיש.

---

אין דעם דריטען קאַפּיטעל האָבען מיר שוין אָנגעצייגט אויף דעם אַלגעמיינעם כאַראַקטער פון דיא סעמיטישע שפּראַכען, וויא ווייט ער אונטערשיידעט זיך פון דעם אַלגעמיינעם כאַראַקטער פון דיא אינדאָ־אויראָפּעאישע שפּראַכען. דער אונטערשיעד אין זייערע וואָרצעל־ווערטער, אין זייערע גראַמאַטיקאַלישע פאָרמען און אין דער אַרט און ווייזע פון דער פלעקסיאָן איז אַזוי גרויס, אַז מען מוז אָנ־נעהמען, דאס דיזע צוויי הויפּט־אָפּטהיילונגען פון פלעקסירטע שפּראַכען זיינען זעלבסטשטענדיג ענטשטאַנען און האָבען זיך גאַנץ אונאַבהענגיג ענטוויקעלט. פּראָבעס צו געפינען פערבינדונגען צווישען זיי האָבען צו גאָר נישט געפיהרט.

מיר ווילען זיך יעצט ניט צוריקקעהרען צו דיזע אַלגעמיינע בעטראַכטונגען נאר ווילען זאָגען עטליכע ווערטער וועגען דיא הויפּט־גרופּען פון דער סעמיטישער שפּראַך־פאַמיליע.

ליידער האָט מען נאָך ביז יעצט ניט צחאַמענגעשטעלט אַזאַ פערגלייכענדע גראַמאַטיקע פון אַלע סעמיטישע שפּראַכען, וויא מען האָט עס געטהאָן מיט דיא אינדאָ־אויראָפּעאַ־שע שפּראַכען. איינינע געלעהרטע האָבען פּראָבירט אויסצואַרבייטען אַזאַ גראַמאַטיקע, וועלכע איז פון דער גרעסטער וויכטיגקייט פיר דיא לינגוויסטיק, אַבער פיעלע פּונקטען זיינען נאָך דונקעל און ווערען אָפּגעשטריטען. מען ווייס דאַרום ניט גענוי, וועלכע פון דיא סעמיטישע צווייגען איז נעהענטער צו דיא אורשפּרונגליכע שפּראַך, אויב, צום ביישפּיעל, דיא אַסירישע אָדער אַראַבישע שפּראַך האָט בעסער אָנגעהאַלטען דיא אַלטע פאָר־מען. נאַר דערפאַר אונטערשיידען זיך דיא סעמיטישע שפּראַכען איינע פון דיא אַנדערע פיעל וויניגער וויא דיא אינדאָ־אויראָפּעאישע. בעזאָנדערס וויניג האָבען זיך געענדערט דיא סעמיטישע וואָרצעל־ווערטער, וואַס עס קומט וואַהרשיינליך פון זייער דריי־קאָנסאָנאַנטען פאָרמע, אויף וועלכעס איז שוין אָנגעצייגט געוועזן. נאַר אפילו דיא אַלטע גראַמאַטיקאַלישע פאָרמען פון נטית השם און פון נטית הפּעל האָבען זיך וויניג געענדערט, וויא ווייט זיי זיינען איבערהויפּט פער־בליבען אין דיא פאָלקס־שפּראַכען, וועלכע זיינען אויך אַלץ מעהר אַנאַליטיש געוואָרען. לינגוויסטען רעכענען, אַז דיא אורשפּרונגליכע סעמיטישע שפּראַך האָט געהאַט ביז 13 בנינים פון צייטווערטער. פון זיי איז אבער פערבליבען אין לשון קודש 5, אין אַראַמעאיש 6, אין אַראַביש 9. נאַר דאַס וואַס עס איז פערבליבען, האָט אָנגע־האַלטען דיא אַלטע פאָרמען. אין אַלגעמיינען קען מען זאָגען, אַז דיא סעמיטישע שפּראַכען שטייען אַזוי נאָהענט איינע צו דיא אַנדערע, וויא דיא שפּראַכען פון איין אינדאָ־אויראָפּעאישען צווייג, צום ביי־שפּיעל: וויא רוסיש, פּויליש, סערביש א. ז. וו.

ווען דיא אורשפּרונגליכע סעמיטישע שפּראַך איז ענטשטאַנען, ווייס מען ניט. דער בעריהמטער לינגוויסט שראַדער דענקט, אַז איהר היימאַטה איז געוועזן ערגעץ אין אַראַביען. איין טהייל האָט זיך אָפּגעריסען צום נאָרד און פערנומען דעם וועסטליכען טהייל פון אַזיען, דער אַנדערער איז פערבליבען אין אַראַביען און האָט זיך בּיס־לעכוויז צושפּרייט אין מזרח־זייט פון אַפריקאַ און אויך אין אַביסיניען.

**עס זיינען אזוי ארויסגעקומען צוויי הויפּט־גרופּען פון סעמיטישע** שפּראַכען, וועלכע האָבען זיך בעזונדער ענטוויקעלט. **דיא שפּראַכען** פון דער נאָרד־גרופּע זיינען: **דיא אראַמעאישע, אסירישע, העברעאישע** און פעניקישע. **דיא שפּראַכען פון דער זיד־גרופּע זיינען דיא פערשיע־**יענע אַראַבישע דיאַלעקטען. נאָר דיא נאָרד־שפּראַכען **ווערן נאָך** צוטהיילט אין צוויי קלענערע גרופּען: דיא אראַמעיש־אסירישע **און דיא** קאַנאַאַניטישע (כנען).

נאָך לאַנגע שטרייטען האָבען ליגגוויסטען ענדליך אַנערקענט, אז דיא אסירישע שפּראַך איז א סעמיטישע. מען האט איהר פון אָנפאַנג בעטראַכטעט אַלס איינע פון דיא אוראַלאָ־אַלטאַאישע שפּראַכען; אָבער יעצט קען שוין מעהר קיין צווייפעל ניט זיין אין איהר סעמיטישען כאראַקטער. דיזע שטרייטען האָבען געפיהרט צו א גרינדליכע נאַכפאָרשונג פון דער אסירישער שפּראַך, וועלכע איז אויך פון גרויסען אינטערעס פיר דיא געשיכטע פון יענע צייטען, זייט מען האט שוין אָנגעפאַנגען צו בענוצען זיך מיט דיא קונעאָפאָרמישע אָדער פיילענאַרטיגע שריפטען. וויא נאָר מען איז דערגאַנגען צו לעזען דיזע שווערע שריפטען, האט מען אויסגעפונען, אז דיא צייכענס פון דער דריטער קאָלאָנע אויף דיא אַבעמענידישע שטיינער, וועגען וועלכע עס איז שוין גערעט געוועזען אין פאָריגען קאַפּיטעל, האבען איבערגעגעבען געוויסע פּאַסירונגען אין דער אסירישער שפּראַך.

דיא אַכעמענידישע אויפשריפטען אין דריי שפּראַכען ציינען, אז נאָך אין דיא היסטאָרישע צייטען האט מען אין פערסיען געמוזט אָפיציעל אַנערקענען דריי הויפּט־שפּראַכען פון לאַנד, נעמליך: אין אינדאָ־אויראָפּעאישע (דיא אַלט־פּערסישע אויף דער ערשטער קאָלאָנע), אין אוראַלאָ־אַלטאַאישע (דיא זאָ־גענאַנטע סומעריש־אַקקאַדישע אויף דער צווייטער קאָלאָנע) און א סעמיטישע (דיא אסירישע אויף דער דריטער קאָלאָנע). דאס שטימט אויך מיט אַלע נאַכפאָרשונגען וועגען בבל, אשור, פּרס ומדי אין בעצוג **אויף דיא** פעלקער, וועלכע האָבען זיך דאָרט בעזעצט אין דיא ביז־היסטאָרישע צייטען און וועלכע האבען אין געוויסע צייטען בעהערשט **איינע דיא אנדערע.**

ווען בבל און אשור זיינען אויפגעטראָטען אלס גרויסע מלוכות, איז זעהר הויפּטשפּראַך געווען א סעמיטישע. אין בבל האט מען געשפּראָכען כאַלדעאיש און אין אשור—אַסירייש. אבער פריהער, רעכענט מען, האבען דאָרטען, ספּעציעל און בבל, געהערשט אוראלאָ־אלטאאישע שטאַמען, וועלכע ווערן אויך גערופען טוראנישע. אין דער ביבעל ווערט איינער פון דיזע טוראנישע שטאַמען דערמאָנט אונטער דעם נאמען אכד און דערפון קומט דער נאמען אקקאַ־דיאַ, מיט וועלכען מען בעצייכענט א טהייל פון בבל און אשור. מען רעכענט, אז דיא אַקקאַדיער זיינען געווען דיא ערשטע צו געברויכען דיא קונעאָפאָרמישע שריפטען און אז דיא סעמיטישע שטאמען, וועלכע האבען זיך אהין אריינגעריסען און זיינען מיט דער צייט געוואָרען דיא הערשער, האבען ביי זיי איבערגענומען דיזע שריפּטען וויא אויך פיעלע אַנדערע קונסטען. דער איינפלוס פון דיא סעמיטען איז געווארן אזוי גרויס אין בבל, אז דיא אקקאדיער זעלבסט האבען איבערגענומען דיא שפּראַך פון דיא זיעגערס. אבער אין דיא אַלע לענדער, וועלכע דיא פערסען האָבען שפּעטער בעהערשט, זיינען נאך פערבליבען פעלקער מיט אראלאָ־אלטאאישע שפּראַכען, ספּעציעל אין דיא נאָרד־טהיילען לעבען דעם בארג עלאם (ביבליש: עילם).

אין דיא אויראָפּעאישע מוזעאומס זיינען יעצט דאָ א סך אַסירישע אויפשריפטען און מען געפינט אין אמאָליגען אשור א סך מאָנומענטען מיט אויסגעקריצטע אַסירישע אויפשריפטען. מען האָט דארום געקענט צוזאמענשטעלען אן אַסירישע גראמאטיקע, בעזאָנדערס נאך דיא וויכטיגע נאכפאָרשונגען פון דעם בעריהמטען אידיש־פראַנצויזישען געלעהרטען אָפּפּערט, וועלכער ווערט גערעכענט פאר דעם גרינדער פון אסיריאָלאָגיע.

אין אַסיריש ווערט אָנגעהאלטען דיא ענדונג פון דער אורשפּרונגליכער סעמיטישער שפּראַך צו בעצייכנען דעם ווייבליכען געשלעכט, נעמליך: „את". צום ביישפּיעל: סאר (העברעאיש: שר)—קעניג, סאַראט—קעניגין. מאנכעסמאָל ווערט אויך צוגעשטעלט: „ית". צום ביישפּיעל: אילו—גאָט, אילאט אדער איליט—געטין. ראבו—גרוי־

סער, ראביט—גרויסע. דער צייכען פון מעהרצאָהל אין אסיריש פיר ווערטער פון מענליכען געשלעכט איז: „י“ (אין אראַמעאיש: ין, אין לשון קודש ; ים). צום ביישפיעל: יום (טאָג), יומי (טעג). אין אסיריש איז אויך פערבליבען דער אורשפּרונגליכער יחס וויא אין אראַביש. דיא עהנליכקייט פון אסיריש מיט אלע סעמיטישע שפּראַכען צייגט זיך אויך ארויס אין דיא נטית הפּעל און אין דיא פערבינדונגען פון פּראָנאָמען (תחת השם) מיט צייטווערטער און נאָמענסווערטער. צום ביישפּיעל: ביטיא (מיין הויז), סומיא (מיין נאָמען), סומקא (דיין נאָמען) א. ז. וו. דיא דאָפּעל־צאָהל פון דער אלגעמיינער סעמיטישער שפּראַך קומט שוין זעהר זעלטען פּאָר אין דער אסירישער שפּראַך.

מען רעכענט, אז אסיריש איז נאך געשפּראָכען געוואָרען ביז דעם אָנפאנג פון דער קריסטליכער צייטרעכנונג ; אָבער ביסלעכווייז איז עס ארויסגעשטופּט געוואָרען פון אראַמעאיש, וואס איז געוואָרען דיא פאָלקס־שפּראַך פון דיא סעמיטען אין וועסט־אזיען ביז דיא אראַבען האָבען זיך אהין אריינגעריסען אין דיא צייטען פון מאהאָמעד'ס נאָכפאָלגער און האבען איינגעפיהרט זייער שפּראַך.

אראַמעיש האָט אויך, וויא בעוואוסט, ארויסגעשטויסען דיא אלטע העברעאישע שפּראַך צווישען דיא אידען אין פּאלעסטינע. עס זיינען געווען צוויי אראַמעישע דיאלעקטען : איינער אין בבל און אויך אין אשור און דער אנדערער אין סיריען (ארם) און אין מעסאָפּאָטאמיען (ארם נהרים). דער ערשטער ווערט גערופען אין דער לינגוויסטיק כאלדעיש, דער צווייטער: סיריאק. ביידע דיאלעקטען זיינען אבער געווען זעהר עהנליך. דער אונטערשיעד איז מייסטענס געווען אין דעם אקצענט. אין אלגעמיינען איז אראַמעאיש דיא שפּראַך, וואָס מען רופט אין זשארגאָן : תרגום־לשון. דיא ריכטיגע בעדייטונג פון דעם וואָרט תרגום איז : איבערזעצונג, נאר אזוי וויא דיא ערשטע איבערזעצונגען פון דיא אידישע הייליגע שריפטען זיינען געמאכט געוואָרען אין כאלדעיש, איז דער נאָמען פאַר דיזען דיאלעקט פערבליבען תרגום.

ווען דיא אידען זיינען אוועקגעפיהרט געוואָרען קיין בבל, האָבען זיי שנעל איבערגענומען דעם כאלדעישען דיאלעקט. נאכהער האָבען

זיי איהם מיטגעבראכט קיין ארץ ישראל. דאן האט מען שוין אין ארץ ישראל ניט גערעט דיא שפּראך פון דער ביבעל, נאר כאלדע־איש, דיא פאָלקס־שפּראך פון וועסט־אזיען. אבער נאך פריהער האבען שוין אידען, ווייניגסטענס דיא העכערע קלאססען, געקענט ריי־דען כאלדעאיש, וויא עס איז צו זעהען פון דעם פסוק כ"ו, מלכים ב, י"ח, וואו אליקום בן חלקיהו און דיא אנדערע אידישע פער־טרעטער בעטען רבשקה, איינעם פון דיא גענעראלען פון מלך אשור, אז ער זאָל צו זיי ריידען אראמעאיש, דען זיי פערשטייען עס (דבר נא אל עבדיך ארמית כי שמעים אנחנו ואל תדבר עמנו יהודית באזני העם אשר על החמה).

אראמעיש האט זיך אזוי ווייט פערשפּרייט אויף דיא ערטער פון אנדערע סעמיטישע שפּראכען, ווייל דיזער דיאלעקט האָט פריה־צייטיג פערוואָרפען פיעלע אלטע פאָרמען פון דער אלגעמיינער סעמיטישער שפּראך. עס איז געווען לייכטער צו ריידען און צו שרייבען אין דיזען דיאלעקט. אזוי וויא בבל און אשור האָבען א לאנגע צייט בעהערשט וועסט־אזיען, האָבען זיי אויך אלץ ווייטער איינגעפיהרט זייערע שפּראכען.

וועגען דיא נאָהענטע פערוואנדטשאפט פון אראמעאיש און העברייאיש איז דאָ גאָר איבעריג צו ריידען. יעדער איד וואס האט פיעל־ווינציג געלערענט דיא ביבעל און דיא גמרא, ווייס עס אליין גאנץ גוט. אזוי וויא אראמעאיש איז ביסלעכווייז געוואָרען דיא פאָלקס־שפּראך פון דיא אידען, האט מען אויך אָנגעפאנגען צו גע־ברויכען אלץ מעהר אראמעאישע ווערטער און אויסדריקע אין דיא הייליגע שריפטען. דער בוך פון דניאל איז כמעט אין גאנצען געשריבען אין כאלדעאיש.

דיא העברעאישע שפּראך געהערט צו דער שפּראך־גרופּע פון כנען. אם נעהענטסטען שטייט זיא צו דער שפּראך פון דיא פיניקיער (צורים). איידער דיא בני ישראל האָבען זיך ארייגגעריסען אין פּאלעסטינע, איז דאָרט געברויכט געווען אן אלגעמיינע כנען־שפּראך, פון וועלכע דיא פעניקישע קען דיענען אלס מוסטער. פיעלע כנענים האָבען דורך דיזען איבערפאל געמוזט אָפּטרעטען נעהענטער צו דיא

ברעגעס פון מיטעלמעער אין קליין־אזיען און דורך דעם קומען אין נעהענטערערע פערבינדונגען מיט דיא גריכען, דיא פאָרטגעשריטענסטע אריער־שטאמען פון יענע צייטען. דיזע פעלקער־וואנדערונג האט געוויס זעהר פיעל ביינעטראָגען צו דער ענטוויקלונג פון ציוויליזאציאָן אין קליין־אזיען און אין גריכענלאנד. אז דיא כנענים האָבען דער־גרייכט צו א הויכע קולטור־שטופע, דאס וויסען מיר אויך פון דער ביבעל זעלבסט. און דיא ארכעאָלאָגיע בעווייזט אונבעשטרייטבאר דעם איינפלוס פון דער קליין־אזיאטישער קולטור אויף גריכענלאנד. דיא אידען האָבען אלזאָ מיט זייער איבערפאל אויף כנען אונבע־וואוסטערהייד געגעבען א שטארקען שטויס פאָרווערטס דעם וואָגען פון פראָגרעס.

פון אלע כנענים האבען זיך בעזאָנדערס אויסגעצייכענט דיא פיניקיער, דיזע וואונדערבארע ים־רייזענדע און מוטהיגע הענדלער פון דיא עלטעסטע צייטען. זיי זיינען עס אויך געוועזען דיא ערפינדער פון דעם אלף־בית, וועלכען דיא אידען און אלע אויראָפעאישע פעלקער האָבען ביי זיי איבערגענומען, וויא מיר וועלען עס שפעטער זעהען. דיא פעניקישע און העברעאישע שפראכען זיינען אזוי עהנליך, אז מאנכע געלעהרטע לינגוויסטען האָבען אָנגענומען, דאס פיניקיש איז נאר א דיאלעקט פון העברעאיש. נאר וויטערע נאכפאָרשונגען האָבען פעסטגעשטעלט, אזביידע שפראכען זיינען לייבליכע שוועסטער פון איין כנען־מוטער. וויא רענאַן בעמערקט, האָבען זיי זיך ענטוויקעלט בעזונדער אונטער פערשיעדענע אומשטענדען, צווישען פערשיעדענע פעלקער, און מיט דער צייט האָבען זיי געקראָגען אן אנדער פיזיאָנאָמיע, אבער זייער גראמאטיקע איז פערבליבען דיא זעלבע. אין דער פיניקישער שפראך זיינען נאך זאָגאר פערבליבען מאנכע עלטערע גראמאטישע פאָרמען, וויא אין ביבלישען העברעאיש. אין פעניקיש זיינען אויך געברויכט געוועזען אויסדריקע, וועלכע מען האָט געהאלטען אין העברעאיש פאר זעהר אלטע. דאָ זעהען מיר ווידער א ביישפיעל, וויא שפראכען פון איין גרופע אונטערשיידען זיך מיט דעם, וואס איינע האלט אָן ריינער געוויסע פאָרמען פון זייער מוטער־שפראך, און אנדערע — גראדע אנדערע פאָרמען.

פון דעם פיניקיער דיאַלעקט, וויא ער איז געשפּראָכען געוואָרן אין צור און צידן ווייס מען נאך עד האָם גאנץ וויינינ. פיעל מעהר בעקאנט איז דער דיאַלעקט, וועלכער איז געשפּראָכען געוואָרן אין פיניקישע קאָלאָניעס, ספּעציעל אין קארטהאגען (יעצטינער טו־ניס). דיזער דיאַלעקט הייסט דער פּונישער, ווייל דיא רוימער האבען גערופען דיא פיניקיער פון קארטהאגען: פּונען. אין דיזען דיאַלעקט געפינען זיך אַראַמעאישע ווערטער און אויסדריקע, וואס עס צייגט, אז אפילו דיא שפּראַך פון דיא אלטע כנענים איז שוין געווען בע־איינפלוסט פון אַראַמעאיש. רענאַן רעכענט, אז דער פּונישער דיאַלעקט איז געשפּראָכען געוואָרן אין נאָרד־וועסט פון אפריקא ביז דיא מוסולמאַנישע אַראַבען זיינען אהין צוגעקומען. ער דענקט אויך, אז דיא אַראַבישע שפּראַך האט זיך דארום אזוי שנעל פערשפּריי־טעט אין דיא אפריקאנישע נאָרד־לענדער, ווייל אַ סעמיטישע שפּראַך איז שוין דארטען פערשפּרייטעט געווען. אין כנען זעלבסט האט פיניקיש, אזוי גוט וויא העברעאיש, פיעל פריהער אָפּגעטראָטען פּלאַץ דיא גליקליכערע שפּראַכען: גריכיש און אַראַמעאיש. וויא בעוואוסט, ווערט נאך אן אַראַמעאישער דיאַלעקט ביז היינט געשפּראָ־כען אין איינינע טהיילען פון סיריען.

דער וויכטינסטער אונטערשיעד צווישען פיניקיש און העברע־איש בעשטייט אין דעם אויסלייגען און אין דיא בייגונגען פון ווערטער. כמעט שטענדיג ווערן דיא האַלב־לאָקאַלען (נעמליך דיא בוכשטאַבען אהוי) ארויסגעלאָזען אין פיניקיש. צום ביישפּיעל: בת (אנשטאט בית), קל (אנשטאָט קול), רש (אנשטאָט ראש) א. ז. וו. אין פּוניש פלעגט מען דעם חולם לעזען וויא או. צום ביישפּיעל שופט (סופעט), שלוש (סאלוס), א. ז. וו. אנשטאט א ה הידיעה פלעגען דיא פיניקיער געברויכען אַן א, וואס עס איז א זעהר לייכטע ענ־דערונג, דען דיזעביידע בוכשטאַבען זיינען זעהר עהנליך געווען אין דער אויסשפּראַכע. אויף ווייטערע איינצעלהייטען, וועלכע מען קען געפינען אין גראַמאַטיקעס פון סעמיטישע שפּראַכען, וועלען מיר זיך דאָ ניט אָפּשטעלען.

דיא העברעאישע שפּראַך האט זיך אליין אויך געענדערט מיט

דער צייט. זיא האט נעמליך דורכגעמאכט דריי פעריאָדען. דער דער ערשטער און עלטעסטער פעריאָד איז דיא צייט פון משה; דער צווייטער פעריאָד איז דיא צייט פון דיא מלכים, ווען עס איז ענט־שטאנען א פאָלקס־שפראך וואס איז אלץ ווייטער אָפּגעטראָטען פון דיא ביבלישע פאָרמען. דער דריטער פעריאָד איז דיא צייט, ווען אראמעאיש האָט גענומען ארויסשטופען העברעאיש. דיזער פעריאָד האָט זיך אָנגעפאנגען מיט א יאהר 700 פאר דיא קריסטליכע צייט־רעכנונג.

נאך לאנג פאר דיא מאקקאבעער איז שוין אראמעאיש געוואָרען דיא לאנד־שפראך אין גאנץ פאלעסטינע. מען האט אבער נאך אָנגעהאלטען דיא ביבלישע שפראך צימליך ריין אין דער ליטעראטור.

דיא וואָקאלען פון דער העברעאישער שפראך זיינען געווען אזוי איינפאך וויא אין אראמעאיש. דערפאר אבער איז העברעאיש געווען גאנץ רייך אין קאָנסאָנאנטען, בעזאָנדערס אין אזעלכע וואס ווערן אויסגעשפראָכען מיט'ן האלז. אונזער יעצטיגע אויסשפראכע פון לשון קודש איז ווייט ניט דיא זעלבע וויא פון אונזערע פאָרפאטערס אין ארץ ישראל. פיעלע קלאנגען האבען מיר אין גאנצען פערלאָרען. זיי זיינען אויסגעפונען געוואָרן פון געלעהרטע נאך לאנגע נאכפאָר־שונגען און פערגלייכען מיט אַנדערע סעמיטישע שפראכען, ספּעציעל מיט אראביש.

אום ניט צו פערקריכען צו ווייט אין איינצעלהייטען, וועלען מיר נאר ברייגגען א פאָר ביישפיעלען פון געזעניאוס'עס גראמאטי־קע. דיא בוכשטאבען אהחע זיינען אויסגעשפראָכען געוואָרן מיט'ן האלז (מוצאות מהגרון). דערצו נאך איז געווען א ר, וואס איז אויך אויסגעשפראָכען געווארן מיט'ן האלז. פון זיי איז א אויסגע־שפראָכען געווארן זעהר לייכט, וויא א שוואכער אָטהעם. נאך א וואָקאל איז ער גאר ניט געהערט געווען. ה איז געווען א גאָרגעל־קלאנג, במעט וויא יעצט. ע איז געווען א ספּעציעלער קלאנג פון דער סעמיטישער ראסע. דיזער בוכשטאב איז מאנכעס מאָל אויסגעשפראָכען געוואָרען וויא אַן א און מאנכעס מאל וויא א ג מיט אַן אָפּקלאנג אין גאָרגעל, וויא צום ביישפיעל: עזה (גאזא), עמרה (גאָמאָרא).

געזעניום דענקט, אז עס איז גאַנץ פאַלש אויסצושפּרעכען אַן ע אביסעל אונטערן נאָז, וויא מאַנכע אידען טוען עס. דער בוכשטאַב ח איז געווען דער האַרטעסטער גאָרגעל־קלאַנג, אזוי וויא יעצט אין אַראַביש און אין מאַנכע אַנדערע שפּראַכען (צום ביישפּיעל: x און j אין שפּאַניש). ש און ס, ק און כּ, ט און ת האָבען אויך געהאַט אַנדערע קלאַנגען. ז איז אויסגעשפּראָכען געוואָרן וויא דס. דיא בוכשטאַבען ב ג ד כ פ ת האָבען געהאַט אַ דאָפּעלטע אויסשפּראַכע: אַ האַרטע און אַ ווייכע. דיא האַרטע אויסשפּראַכע איז אָנגעצייגט געווען דורך אַ דגש, דיא ווייכע—דורך אַ רפה. תּ האָט געקלונגען וויא אַ ט אין זשאַרגאָן, ת וויא th אין דעם ענגלישען וואָרט thick, דּ וויא אין זשאַרגאָן, ד וויא th אין דעם ענגלישען וואָרט that, בּ וויא אין זשאַרגאָן, ב וויא bh אָדער v. דיא קאָנסאָנאַנטען מ און נ האָבען אויך געהאַט אַן אויסשפּראַכע אונטערן נאָז אזוי וויא אין פראַנצויזיש אָדער פּויליש.

וועגען דיא גראַמאַטישע פאָרמען פון העברעאיש וועלען מיר דאָ נאר זאגען, אז זיי זיינען אין פיעלע הינזיכטען זעהר נאָהענט צו דער אורשפּרונגליכער סעמיטישער שפּראַך. דיא אורשפּרונגליכע צוזעצונג ת (אַט) פיר ווייבליכען געשלעכט פערבלייבט נאָך, נאר זיא ווערט מייסטענס געענדערט אין ת (אַס אָדער עס) אָדער אין ה (צום ביישפּיעל: סוס, סוסה). פערבּליבען איז אויך דיא דאָפּעל־צאָהל (יד, ידים). נאר דיא צאָהל פון דיא בנינים איז פערקירצט געוואָרען ביז פינף.

פאַר דיא ריינסטע סעמיטישע שפּראַך ווערט אָבער גערעכענט דיא אַראַבישע. עס איז זעהר מערקווירדיג וויא דיא אַלטע פאָרמען זיינען אָנגעהאַלטען געוואָרען אין פערלויף פון טויזענדער יאָהרען כּמעט אונפערענדערט אין אַ שפּראַך, וועלכע האט זיך אזוי ווייט און ברייט פערשפּרייט אין אזיען און אפריקאַ. פון מאהאָמעד׳ס צייטען האָט זיך דיזע וועלט־שפּראַך קוים וואס געענדערט אין איהרע רייכע פאָ־נעטיק און פאָרמען. נאַטירליך, עס זיינען דאָ פיעלע אַראַבישע דיאַלעקטען און דיא פאָלקס־שפּראַך שטימט ניט מיט דער ליטע־ראַרישער (דיא פאָלקס־שפּראַך האט נעמליך פערוואָרפען פיעלע

**גראַמאַטיקאַלישע** פאָרמען און איז געוואָרען **א ביסעל אַנאַליטיש,** וויא איבערהויפּט אַלע מאָדערנע פלעקסירטע שפּראַכען); **אָבער אין** גרונד זיינען דיא אונטערשיעדע זעהר אונבעדייטענד.

דער אָריגינעלער יחס איז אנגעהאַלטען געוואָרען אין **אַראַביש** פיעל ריינער וויא אין העברעאיש. אויך האַט אַראַביש מעהר **בנינים** וויא העברעאיש, נעמליך 9. דיא דאָפּעל־צאָהל איז **פערבליבען, נאר** דיא ענדונג איז ניט ים, וויא אין העברעאיש, נאר **אַ נ י; צום ביי־** **שפּיעל:** יאַדאַני (צוויי הענט). דיא ענדונג פון מעהרצאהל **איז ין** פיר מענליכען געשלעכט און אָת (ת) פיר ווייבליכען **געשלעכט.**

צוליעב דיא ריינקייט און פעסטקייט פון איהרע **פאָרמען איז** **דיא** אַראַבישע שפּראַך בעזאָנדערס וויכטיג פיר דיא **ערלערנונג און** **נאַכפאָרשונג** פון דיא סעמיטישע שפּראַכען. פיעלע **אַנדערע שפּראַ־** **כען** האָבען זיך אויך בענוצט מיט אַראַבישע **ווערטער, בעזאָנדערס** **פערסיש,** טערקיש און אייניגע אינדישע דיאַלעקטען. **דער איינפלוס** פון דער אַראַבישער שפּראַך איז איבערהויפּט זעהר גרויס **אין מוסול־** **מאַנישע** לענדער. אבער אויך אויף שפּאַניש און פאָרטוגעזיש **האַט** **דיא** אַראַבישע שפּראַך געהאַט א גרויסע ווירקונג. **אין אלע אוי־** **ראָפּעאישע** שפּראַכען זיינען פערבליבען פיעלע אַראַבישע **ווערטער,** וויא צום ביישפּיעל: אַלגעבראַ, ציפער, זעראָ, טאַסע **א. ז. וו.**

אין זידליכען טהייל פון אַראַביען און אין אָסט־אַפריקאַ, **א** טהייל פון אַביסיניען אריינגערעכענט, ווערט געשפּראָכען **אַן אַראַביש,** וועלכע איז שוין ניט בלויז א דיאַלעקט, נאר א **זעלבסטשטענדיגער** צווייג פון דער סעמיטישער שפּראַך־גרופּע. אַזוי **ווויינגסטענס ווערט** עס אָנגענומען אין דער לינגוויסטיק. נאך אין **גאַנץ אַלטע צייטען** זיינען דיא אַראַבען פון נאָרד און פון זיד **אָפּגעטהיילט געוואָרען** און זייערע אורשפּרונגליך עהנליכע דיאַלעקטען זיינען **דאַרום אַלץ מעהר** דערוויטערט און אָפּגעזונדערט געוואָרען. דיא **שפּראַך פון דיא** זידליכע אַראַבען ווערט גערופען דיא הימאַריטישע. **יעצט קען** מען איהר ערלערנען פון א געוויסע צאָהל איבערגעבליבענע **אויפ־** **שריפטען** און פון דיא דיאַלעקטען, וואָס זיא האָט **איבערגעלאָזען אין** **אַפריקאַ.** **ביז מאַהאָמעד׳ס צייטען האָט זיך דיא הימאַריטישע שפּראַך**

נעהאלטען. נאך פריהער איז זיא אריבער אין אפריקא, דען מיט עטליכע יאהרהונדערטע פאר דער קריסטליכער צייטרעכנונג זיינען שוין דיא זידליכע אראבען אריבער דעם רויטען ים און האבען גע־גרינדעט קאלאניעס אויף דעם מזרח־ברעג פון אפריקא. אבער נאך דער איינפיהרונג פון דעם מאהאמעדאנישען גלויבען האט דיא שפראך פון דיא נארדליכע אראבען, אדער ריכטיגער דער דיאלעקט פון צענטראל אראביען, אין וועלכען דער קאראן איז געשריבען געוועזן, אלץ מעהר ארויסגעשטופט דיא הימאריטישע שפראך. אין א געוויסען טהייל פון זידליכע אראביען איז פערבליבען א דיאלעקט, גענאנט ע ה ק י ל י, וועלכער איז זעהר נאהענט צו דער אלטער הימאריטישער שפראך.

אין אפריקא האט זיך דיא הימאריטישע שפראך מעהר אדער וויניגער צוזאמענגעמישט מיט דיא שפראכען פון דיא איינגע־בארענע, נעמליך מיט דער ק א פ ט י ש ע ר און עטהיאפישער, וועלכע געהערען צו דער חאמיטישער גרופע און פון וועלכע עס וועט זיין דיא רייד אין נעכסטען קאפיטעל.

עס זיינען אזוי ענטשטאנען עטליכע הימאריטישע דיאלעקטען, פון וועלכע איינער מיט דעם נאמען ג ה ע ז איז דער בעקאנטעסטער און ענטוויקעלסטער. ווען קריסטענטהום איז מיט אונגעפעהר 16 הונדערט יאהר צוריק איינגעפיהרט געווארן אין אביסיניען, זיינען דיא ביבעל און איינינע אנדערע אידישע און קריסטליכע שריפטען איבער־זעצט געווארן אין דעם גהעז־דיאלעקט, וועלכער ווערט יעצט מעהר ניט געשפראכען, נאר איז פערבליבען א הייליגע שפראך און ווערט געברויכט אין גאטעסדיענסט, וויא, צום ביישפיעל, לאטייניש ביי דיא קאטאליקען. דער אלפאבעט פון גהעז איז אויך א הימאריטי־שער, וועלכער האט אליין א סעמיטישע אפשטאמונג, וויא דאס איז בעשטימט בעוויזען געווארן פון געלעהרטע נאכפארשער.

עטליכע סעמיטיש־הימאריטישע דיאלעקטען (עהנליך צו גהעז), ווערן נאך ביז יעצט געשפראכען אין אביסיניען. דיא וויכטיגסטע פון זיי טראגען דיא נעמען: א מ ה א ר י ק, ט י ג ר ע און ה א ר א ר י. זייער גראמאטיקע צייגט קלאר זייער סעמיטישע אפשטאמונג.

# זעקסטער קאפּיטעל.

## חאַמיטישע שפּראַכען.

**חאַמיטען** און סעמיטען.—דיא חאַמיטישע שפּראַך־גרופּען.—דיא עגיפּטישע שפּראַך און איהרע פאָרמען.—האָמאָנימען און סינאָנימען.—דיא אויסוואַהל פון ווערטער. — דיא ענטוויקלונג פון דער עגיפּטישער שפּראַך. — דיא קאָפּטישע שפּראַך און איהר עהנליכקייט צו דער עגיפּטישער.—דיא ליבישע און בערבערישע שפּראַכען.—בערבערען, פיניקיער און אַראַבען אין נאָרד־אַפריקא.—דיא פערשפּרייטונג פון דיא חאַמיטישע שפּראַכען.—דיא עטהיאָפּישע דיאַלעקטען.

מיר האבען שוין בעמערקט, אז דיא זא־גענאנטע חאמיטישע שפּראַכען זיינען ענג פערוואַנדעט מיט דיא סעמיטישע. אין דיא ביז־היסטאָרישע צייטען איז דיזע שפּראַך־גרופּע געוועזן פערשפּרייטעט ניט נאר איבער מצרים און איבער דיא נאָרד־ברעגעס פון אפריקא, זאָנדערן אויך איבער א טהייל פון אזיען, נעמליך איבער א טהייל פון מעסאָפּאָטאמיען, וויא מען האָט גרינדע דאס אָנצונעהמען.

מען רעכענט, אז מיט פיעלע יאהרטויזענדע צוריק האבען דיא סעמיטישע און חאמיטישע שטאמען געלעבט צוזאמען און געהאט איין שפּראַך, וועלכע איז בעשטאנען פון א קליינע צאהל אַלגעמיינע ווערטער. פון דיזע אַלגעמיינע שפּראַך ווייסען מיר יעצט גאר ניט. אין דיא היסטאָרישע צייטען האבען זיך דיא סעמיטישע און חאמיטישע פעלקער ניט זעלטען צוזאַמענגעטראָפען און איבערגענו־

מען איינע ביי דיא אנדערע אייניגע ווערטער, וויא דאס איז געוויינליך דער פאל ווען פעלקער קומען אין א פערקעהר איינע מיט דיא אנדערע; אבער זייערע שפראכען זיינען שוין פערבליבען אפגעזונדערט.

דיא אורשפרונגליכע חאמיטישע שפראך זעלבסט איז פריהצייטיג פערטהיילט געוואָרן און דיאלעקטען, פון וועלכע עס זיינען ענטשטאנען בעזונדערע שפראכען, פיעל וויינינגער עהנליך איינע צו דיא אנדערע וויא דיא סעמיטישע שפראכען זיינען עס. דער בעריהמטער פראנ־צויזישער געלעהרטער מאספערא, וועלכער איז איינער פון דיא גרעסטע קענערס פון דער געשיכטע, שפראך און שריפטען פון אלטען מצרים, האט אין א בעזונדערע ווערק אָנגעצייגט אויף דיא עהנליכקייט אין דיא וואָרצעל־ווערטער און אין דיא פראָנאָמען (תחת השם) פון דיא סעמיטישע און חאמיטישע שפראכען. מיר קענען זיך דאָ אבער ניט אָפשטעלען אויף אזעלכע איינצעלהייטען.

דיא חאמיטישע שפראכען ווערען צוטהיילט אין דריי גרופען: דיא עגיפטישע, דיא ליבישע און דיא עטהיאָפישע. דיא וויכטיגסטע פון זיי איז דיא עגיפטישע, ניט נאר ווייל זיא קען דיענען אלס דיא פאָרשטעלערין פון אלע חאמיטישע שפראכען, זאָנדערן אויך ווייל זיא צייגט, וויא אזוי ענטוויקעלטע און ליטעראַרישע שפרא־כען זיינען אויסגעאַרבייטעט געוואָרען איינפאך דורך אן אָפמאך, דורך אן אויסוואהל פון פיעלע ווערטער צו בעצייכענען איין זאך.

דיא שפראך פון מצרים, פון אלטען עגיפטען, איז מען דער־גאנגען ערשט אין דעם 19־טען יאָהרהונדערט, דעם יאָהרהונדערט פון וואונדערבארע ענטדעקונגען. וויא אזוי מען איז עס דערגאנגען, וועלען מיר אָנצייגען אין א נעכסטען קאפיטעל, ווען מיר וועלען בעטראכטען דיא ענטוויקלונג פון שריפטען. דאָ וועלען מיר נאר בע־מערקען, אז מען קען שוין יעצט דיזע לאנג אָפגעשטאָרבענע און פערגעסענע שפראך אזוי גוט, וויא ווען זיא וואָלט נאך געשפראָכען געוואָרען אויף דיא ברעגעס פון נילוס.

דער צייכען t (ת) פאר ווייבליכען געשלעכט איז פערבליבען אין דער עגיפטישער שפראך. צום ביישפיעל: נאָפער (יונגער

מאן), נ אָ פ ע ר ט (יונגע מיידעל), ס אָ ן (ברודער), ס אָ נ ט (שוועסטער). דיא ענדערונג פיר מעהרצאָהל איז געווען „או" פיר מענליכען און ווייבליכען געשלעכט. עס איז אויך געווען א דאָפּעל־צאָהל. צום ביישפיעל: ס אָ נ ו א י (צוויי ברידער), ס אָ נ ט י (צוויי שוועסטער). דיא פּראָנאָמען צו בעצייכנען אנגעהעריגקייט זיינען צוגעזעצט געווען צום סוף פון נאמענסווערטער. צום ביישפיעל: פּ ע ר ־ א (מיין הויז), פּ ע ר ־ ק אָדער פּ ע ר ־ ט (דיין הויז; דער „ק" האָט בעצייכענט א זכר, „ט"— א נקבה), פּ ע ר ־ ף (זיין הויז), פּ ע ר ־ ס (איהר הויז) א. ז. וו.

נאר אינטערעסאנטער און וויכטיגער פון אַלע עגיפּטישע גראַמאטיקאַלישע פאָרמען איז דיא ארט און ווייזע, וויא אזוי דיא עגיפּטישע שפּראַך איז ענטוויקעלט געוואָרען. זיא צייגט אונז איבערהויפּט פיעל בעסער און קלערער וויא אירגענד וועלכע אַנדערע שפּראַך דעם איבערגאנג פון מאָנאָסילאַבישע ווערטער צו אַגגלוטינירטע און נאכהער צו פלעקסירטע. יעדע פון דיא זילבען אָדער איינצעלנע בוכשטאַבען ביי'ן ענדע פון נאָמענסווערטער צו בעצייכנען געשלעכט, צאָהל, אנגעהעריגקייט, וויא אין דיא אויבען־געננאַנטע ביישפּיעלען, איז אמאָל געווען איין איינזילביגער וואָרט, וואס האט פערלאָרען זיין פולע בעדייטונג און וואס איז נאַכהער געבליבען אַ פוסטער קלאנג. ביי דער אַגגלוטינאַציאָן איז דער קלאנג ביסלעכווייז פערקירצט געוואָרען, ביז עס איז נאר פון איהם געבליבען איין בוכשטאַב פאר א סמן. דיא ווערטער פון דיא אלטע עגיפּטער זיינען געווען איינזילביגע און האָבען געהאט זעהר פיעל בעדייטונגען, וויא אין דער כינעזישער שפּראַך. צום ביישפּיעל, דער וואָרט א ב האָט געהאט פאָלגענדע גאַנץ פערשיעדענע בעדייטונגען: טאַנצען, א הארץ, א וואנט, א קאלב, דיא לינקע האנט, א פיגורע, פערלאַנגען, אַוועקגיין. אבער מיט דער צייט זיינען אויך אריין אין געברויך אנדערע ווערטער פאר יעדע פון דיא בעדייטונגען פון דעם אלטען וואָרט א ב. איין זאַך אָדער איין האנדלונג האט מען אַלזאָ געקענט בעצייכנען מיט פערשידענע ווערטער. זאָ, צום ביישפּיעל, קען מען אין דער עגיפּטישער שפּראַך געפינען צעהן ווערטער צו בעצייכנען

די האַנדלונג „זאַלבען.“ אבער יעדער פון דיזע צעהן ווערטער האט אויך געהאט פיעלע אַנדערע בעדייטונגען.

דיא עגיפּטישע שפּראַך איז אַלזאָ זעהר רייך געווען אין האָ־מאָנימען, דאס הייסט אין ווערטער וואס האָבען דעם זעלבען קלאַנג און פערשיעדענע בעדייטונגען, און אין סינאָנימען, דאס הייסט אין ווערטער וואס האָבען דיא זעלבע בעדייטונג און פער־שיעדענע קלאַנגען. דאס זעלבע איז געווים געווען מעהר אָדער וויינינגער אין אַלע ערשטע שפּראַכען. אזוי מוזען מיר אָננעהמען ווען מיר בעטראַכטען, וויא שפּראַכען זיינען ענטשטאַנען און האבען זיך פערשפּרייטעט. אין יעדער שפּראַך־גרופּע האט מען מיט דער צייט אויסגעקליבען געוויסע קלאַנגען, נאַטירליך זעהר קורצע און איינפאַכע, צו בעצייכענען געוויסע זאַכען, געדאַנקען און האַנדלונגען. אזוי וויא דער אָנפאַנג פון געזעלשאַפטליכען לעבען איז געווען דיא פאַמיליע, איז נאַטירליך דער פונדאַמענט פון יעדער שפּראַך געלייגט געוואָרן אין דער פאַמיליען־אָרגאַניזאַציאָן. דיא שפּראַך איז גע־ווען איהר אויסערליכער אויסדרוק. און ווען פאַמיליען זיינען געקומען אין פערקעהר אָדער האָבען זיך פערבונדען אין א גרופּע, זיינען זייערע ווערטער צומישט געוואָרען. אייניגע ווערטער האָבען געהאט מעהר מזל וויא דיא אַנדערע און זיינען פערבליבען, אָנהאַלטענדיג אפילו זייערע פערשיעדענע בעדייטונגען אין יעדער פאַמיליע. אויך זיינען פער־בליבען פערשיעדענע ווערטער פון יעדער פאַמיליע צו בעצייכענען דעם זעלבען געדאַנקען. וואס גרעסער דיא גרופּען זיינען געוואָרען, האט עס געקענט טרעפען, אז אין איין אָרט איז גראַדע פער־בליבען אין געברויך א וואָרט, וואס זיין פריהערע בעדייטונג איז שוין פערגעסען געוואָרען אין אַן אַנדער אָרט. דער צופאַל האט דאָ גע־שפּיעלט א גרויסע ראָלע.

אזוי איז עס טאַקע געווען אין מצרים, וויא דיא אַלט־עגיפּטישע שפּראַך בעווייזט עס מערקווירדיג קלאָר. ניט אַלע עגיפּטישע ווער־טער האָבען אין אַלע פּראָווינצען אָנגעהאַלטען אַלע זייערע פערשיעדענע בעדייטונגען, און ניט איבעראַל האָט מען געהאט דיא זעלבע צאָהל ווערטער צו בעצייכענען איין זאַך. אום מענשען פון צוויי געגענדען

זאָלען קענען פערשטיין איינע דיא אַנדערע, האָט מען אַלזאָ נעמחט אויסוועהלען פון דעם גאַנצען אַרסענאַל מיט האָמאָנימען און סינאָנימען איינינע וואָס זאָלען האָבען אַ בעשטימטע בעדייטונג און קיין אַנדערע. אין ריידען און בעזאָנדערס אין שרייבען האָט מען נעמחט בענוצען געוויסע צייכענס, אום צו פערשטיין וואָס מען מיינט איינענטליך מיט אַ וואָרט. דערפון שטאַמט עס דיא מערקווירדינע עגיפטישע שריפט, וועלכע טראָגט דעם נאָמען היעראָגליפען און פון וועלכע עס וועט שפּעטער דיא רייד זיין. זאָ, צום ביישפּיעל, ווען מען האָט נעוועלט מיט דעם וואָרט אַב בעצייכנען: אַ האַרץ, איז נאָך ניט נענונ געווען אָנצושרייבען עס מיט געוויסע בוכשטאַבען, נאָר מען האָט נאָך נעמוזט צושטעלען אַ צייכען פון אַ האַרץ. ווען מען האָט פאַר אָדער נאָך דעם וואָרט אַב צוגעשטעלט אַ פינור פון אַ חיה, האָט שוין פאַר דעם לעזענדען קיין צווייפעל ניט געקענט זיין, אַז אין דעם פאַל מיינט מען מיט דעם וואָרט אַב אַ קאַלב און קיין אַנדער זאַך.

אין ריידען האָט מען נאָך געקענט אויסקומען דורך זשעסטען און אָנווייזונגען, וויא אויך דורך אַ געוויסע בעטאָנונג אָדער ערקלערענדע ווערטלעך, אבער ווען מען איז דערגאַנגען צו דער קונסט פון פערצייכנען ווערטער, האָט מען שוין אַלץ מעהר נעמחט אויסקלייבען בעשטימטע ווערטער פיר בעשטימטע זאַכען און האַנדלונגען. אַנדערס וואָלט עס געווען אַן אַרויסגעוואָרפענע אַרבייט, און דיא אַרבייט פון שרייבען איז אין אָנפאַנג געווען אַ זעהר שווערע און מאַרודנע. וויא מיר וועלען עס זעהען. דיא הערשער און זייערע דיענערס האָבען נעמוזט זעהען צו מאַכען וואָס דייטליכער דיא שפּראַך, אום מען זאָל קענען פערשטיין זייערע בעפעהלע. זאָ לאַנג פעלקער וואַנדערן אַרום, ענדערן זיך ביי זיי זעהר שנעל דיא ווערטער און דיא בעדייטונגען פון געוויסע קלאַנגען; אָבער ווען מענשען בעזעצען זיך אויף אַ בעשטימטען אָרט, קריגען אויך זייערע ווערטער אַלץ אַ שטענדיגערע און בעשטימטערע בעדייטונג. ביי ווילדע פעלקער קען עס טרעפען, אַז איין דור זאָל ניט פערשטיין דעם אַנדערן, דען עס קומען אויף זעהר שנעל נייע ווערטער, און דיא אַלטע ווערן פערגעסען.

**דיזע בעטראַכטונגען צייגען אונז וויַיטער, אַז ניט נאָר איז עס** קיין מאָל ניט געווען איין שפּראַך פאַר אַלע מענשען, זאָנדערן אַז אויף אַ געוויסע שטופע פון מענשליכע ענטוויקלונג זיינען געווען אַזוי פיעל שפּראַכען, וויא פיעל פאַמיליען. נאַטירליך, דיזע אַלע שפּראַכען זיינען געווען זעהר אָרים אין ווערטער. דיא שפּראַכען פון שטאַמען האָבען זיך ביסלעכווייז געבילדעט דורך אַ פערבינדונג פון דיא פאַ־מיליען־שפּראַכען און זיינען דורך דעם רייכער געוואָרן אין ווערטער. וואָס לעננער און שטענדיגער אַזעלכע שטאַמען האָבען געלעבט צוזאַמען, אַלץ דייטליכער און ענטוויקעלטער איז געוואָרן זייער שפּראַך. אויף דיזער ווייזע האָבען עס געקענט ענטשטיין אַזעלכע אורשפּרונגליכע שפּראַכען וויא דיא אינדאָ־גערמאַנישע, סעמיטישע און חאַמיטישע, פון וועלכע עס זיינען ארויסגעקומען מיט דער צייט, בעזאָנדערס נאָך אָפּטהיילונגען פון שטאַמען, דיא אַלע פלעקסירטע שפּראַכען, וועלכע זיינען אויבען בעטראַכטעט געוואָרן.

יעדענפאַלס איז עס אַזוי צוגעגאַנגען מיט דער עגיפּטישער שפּראַך, וועלכע האָט אויך געהאַט שפּעטער פיעלע דיאַלעקטען. דערויף צייגט אָן ניט נאָר אַ נאָכפאָרשונג פון איהרע ווערטער, זאָנדערן אויך אַ נאָכפאָרשונג פון איהרע היעראָגליפישע שריפטען. אַ סך ווערטער זיינען געוואָרן פּוסטע, וויא אין דער כינעזישער שפּראַך, אַנדערע זיינען געוואָרן פאָרוואָרטען (מלת היחס), אום אויסצודריקען דיא בעציהונגען פון נאָמענסווערטער איינע צו דיא אַנדערע און צו דיא צייטווערטער. איינינע ווערטער זיינען צוזאַמענגעקלעפּט אדער אַגגע־לוטינירט געוואָרן מיט דיא צוזעצונגען און פאָרוואָרטען, אַנדערע האָבען געקראָגען ביינונגען אדער פלעקסיאָנען, און אַ סך זיינען פער־בליבען מאָנאָסילאַבישע, וויא אין פיעלע אַנדערע פלעקסירטע שפּראַכען.

וויא געזאָגט, דיא עגיפּטישע שפּראַך וויַיזט אונז נאָר קלאָרער דיא אַלגעמיינע ענטוויקלונג פון שפּראַכען, נאָכדעם וויא זיי זיינען איבערגעטראָטען דיא שוועלען פון דיא פאַמיליען, וואו זיי זיינען צוערשט ענטשטאַנען.

**דיא קאָפּטישע שפּראַך שטאַמט פון דער אַלט־עגיפּטישער.**

אין־דעם האט מען זיך גלייך איבערצייגט, וויא נאר מען איז דערגאנ־גען צו לעזען דיא היעראָגליפישע שריפטען. דיא קאָפּטישע שפראך איז שוין יעצט אויך אן אָפּגעשטאָרבענע, אבער ביז דער מאָהאמע־דאניזמוס האָט זיך פערשפּרייט אין מצרים און אין גאנצען עגיפּטישען סודאן האט זיא נאָך עקזיסטירט וויינינגסטענס אלס א ליטעראַרישע שפּראך. נאָך אין זיבעטען יאהרהונדערט פון דער קריסטליכער צייט־רעכנונג האבען קריסטליכע גייסטליכע געשריבען אין איהר רעליגיעזע ביכער. דיזע קריסטליכע ליטעראַטור איז א צימליך גרויסע און זיא האט זעהר פיעל מיטגעהאָלפען געלעהרטע נאכפאָרשער צו ערלערנען דיא אלט־עגיפּטישע שפראך.

דיא אראַבישע שפראך האט ביסלעכווייז ארויסגעשטויסען דיא קאָפּטישע צוזאמען מיט דער קריסטליכער רעליגיאָן. נור אין עטליכע קלייסטערס האט זיך דיא קאָפּטישע שפראך אָנגעהאַלטען א לענ־גערע צייט, ווייל איינינע קאָפּטישע גלחים האבען שטודירט דיא אלטע ביכער.

דיא פאָנעטיק פון דער קאָפּטישער שפראך איז רייכער וויא דיא פאָנעטיק פון דער עגיפּטישער; אבער זייערע גראמאטישע פאָר־מען אונטערשיידען זיך גאנץ ווייניג. ווער עס פערשטעהט קאָפּטיש, קען לייכט ערלערנען עגיפּטיש און פארקעהרט. אמאָל האבען עק־זיסטירט דריי קאָפּטישע דיאלעקטען, איינער אין נאָרד, דער צוויי־טער אין צענטער און דער דריטער אין זיד פון מצרים. וואהרשיינליך האבען זיי זיך ענטוויקעלט פון דיא אמאָליגע אלט־עגיפּטישע דיא־לעקטען אין דיא זעלבע טהיילען פון מצרים. דער קאָפּטישער אלפאבעט איז אבער ניט אן עגיפּטישער, נאר א גריכישער. דאס קומט דער־פון וואס קאָפּטיש איז ספּעציעל געברויכט געוועזן פון דיא ערשטע קריסטליכע מיסיאָנערען. מען האט נאר צוגעזעצט צום גריכישען אלפאבעט עטליכע צייכענס, אום איבערצוגעבען אזעלכע קלאַנגען וואס דיא גריכישע שפראך האט ניט בעזעסען.

אין נאָרד פון אפריקא צו דער מערב־זייט פון מצרים זיינען געוועזן פערשפּרייטעט דיא שפּראכען פון דער ליבישער גרופּע, פון וועלכע איינינע זיינען נאך ביז היינט פערבליבען. אין טריפּאָלי,

טוניס, אלושיר און אין מאראקא, וויא אויך אין איינינע אאזיסען פון דער זאהארא וויסטענים, ווערט נאך געברויכט א שפראך, וואס טראגט דעם נאמען: דיא בערבערישע און וואס שטאמט פון דער אמאליגער ליבישער שפראך. אין אלזשיר און אין טוניס האט מען געפונען א סך ליבישע אויפשריפטען, פון וועלכע א טהייל זיינען אין צוויי שפראכען. איינינע האבען אן איבערזעצונג אין דער פיניקישער (ריכטיגער: פונישער) שפראך, אנדערע— אין דער לאטיינישער שפראך. דורך דעם קען מען יעצט דערגיין איינצעלהייטען פון דער אלטער ליבישער שפראך. איהרע ווארצעל־ווערטער און גראמאטישע פארמען צייגען קלאר איהר חאמיטישען כאראקטער. צום ביישפיעל: דיא קאנסאנאנטע t (ת) איז פערבליבען אלס צייכען פון ווייבליכען געשלעכט; נאר א מאל ווערט זיא געשטעלט אין אנפאנג ווארט, אנשטאט צום סוף, און אמאל אי אין אנפאנג אי צום סוף, וויא אין דיא ווערטער: אקלי (נעגער), טאקליט (נעגערקע), אמעקעלי (מכשף), טאמעקעליט (מכשפה), א. ז. וו. צו נטית השם האט מען זיך בענוצט מיט פרעפאזיציאנען, וואס עס צייגט, אז דיא ליבישע שפראך איז שוין געוועזן אן אנאליטישע.

אין איינינע ערטער, ספעציעל אין טוניס, איז דיא ליבישע שפראך ארויסגעשטופט געווארן פון דער פונישער, נאכדעם וויא דיא פיניקיער האבען דארטען געגרינדעט זייער קאלאניע קארטהאגען. נאר מיט דער פערשפרייטונג פון מאהאמעדאניזמוס האבען ביידע דיזע שפראכען אפגעטראטען זייער פלאץ דער אראבישער. דיא פונישע שפראך איז אין גאנצען פערשוואונדען געווארען, אבער פון דער ליבישער האלטען זיך נאך אן איינינע בערבערישע דיאלעקטען, אין וועלכע עס זיינען אריינגעמישט א סך אראבישע ווערטער. אין אלזשיר און אין דיא אאזיסען צום זידען געפינען זיך נאך, רעכענט מען, ביז א מיליאן בערבערען. זייער פערברייטעסטער דיאלעקט איז דער קאבילישער. דיא טוארעגען, דיא בעריהמטע רויבער פון דער זאהארא וויסטענעס, געהערען אויך צו דער בערבערישער ראסע, נאר זיי זיינען שוין זעהר פיעל צוזאמענגעמישט מיט נעגערן און אראב־

בען. יערענפאלס איז זייער שפראך א בערבערישער דיאלעקט. וויא פיעל בערבערען עס געפינען זיך אין מאראקא, קען מען ניט וויסען. אם בעסטען זיינען בעקאנט דיא בערבערען, וואס טראגען דעם נאמען קאבילען און וואס לעבען יעצט אונטער דער פראנצויזישער הערשאפט אין אלזשיר. אזוי וויא אלע בערבערישע שטאמען זיינען יעצט פאנאטישע מוסולמאנער, האבען דיא פראנצויזען, וועלכע בעהערשען יעצט דעם גרעסטען טהייל פון נארד און וועסט־אפריקא, אנגענומען דיא קאבילען פאר אראבען; נאר ווען דיא קאבילען האבען געמאכט א גרויסען אויפשטאנד, האבען דיא פראנצויזען זיך ארומגעזעהען, אז זיי האבען בעגאנגען א גרויסען פעהלער. זיי האבען דאן אנגעפאנגען נאכצופארשען דיא שפראך און דיא מנהגים פון דיא קאבילען, וואס עס האט געפיהרט צו גוטע רעזולטאטען אין אלע הינזיכט

דורך דיזע נאכפארשונגען האט מען אויך געפונען, אז דיא שפראך פון דיא פערשוואונדענע אמאלינע איינוואהנער פון דיא קאנאריען־אינזלען, דיא זא־גענאנטע גואנשען, האט אויך געהערט צו דער ליבישער גרופע. דאס צייגט אלזא, אז דיא חאמיטישע שטאמען האבען שוין דערגרייכט ביז צו דעם לעצטען גרענעץ פון דער אלטער וועלט אין דער מערב־זייט נאך אין דיא ווייטעסטע ביז־היסטארישע צייטען.

דיזע שטאמען זיינען אויך געווען צושפרייט ווייט־ווייט אין דער מזרח־זייט פון אפריקא, וויא עס צייגען דיא פערבליבענע עטהיאפישע שפראכען. דיא אמת׳ע עטהיאפישע שפראכען דארף מען ניט צומישען מיט דיא הימאריטישע דיאלעקטען, פון וועלכען עס איז געוועזען דיא רייד אין פארינגען קאפיטעל. אין עגיפטישען סודאן, אין אביסיניען און אין דיא לענדער צווישען דעם נילוס און דעם רויטען ים וואהנען יעצט פערשיעדענע פעלקער מיט פערשיעדענע שפראכען און דיאלעקטען. ווען מען פארשט נאך דיזע דיאלעקטען, דערקענט מען, וועלכע עס געהערען צו דער סעמיטישער אדער חאמיטישער שפראך־פאמיליען. וויא ווייט מען האט ביז יעצט אויסגעפארשט דיא דיאלעקטען פון דער עטהיאפישער גרופע, ווייס מען זיכער, אז זיי זיינען

חאַמיטישע. דיא ענדונג t (ת) פיר ווייבליכען געשלעכט איז פערבליבען. צום ביישפיעל: טאַק (מאַן), טאַקאַט (פרוי).

דיא וויכטיגסטע פון דיא יעצטיגע עטהיאָפּישע דיאַלעקטען זיינען: סאָמאַלי, גאַללאַ, בעדזשאַ און דאַנקאַלי. זיי ווערן מייסטענס געשפּראָכען אין דיא געגענדען לעבען רויטען ים, וואס זיינען יעצט פערנומען פון איטאַליען, ענגלאַנד און פראַנקרייך.

אין אלגעמיינען זיינען דיא חאַמיטישע שפּראַכען געווען צושפּרייט איבער כמעט א העלפט אפריקאַ. נאר יעצט זיינען זיי פערבליבען און עטליכע פערוואָרפענע ווינקעלעך. אבער אויב גראדע אין אפריקאַ איז געווען זייער ערשטע היים, דאס איז א פראַגע, אויף וועלכע מען קען נאך ניט ענטפערן בעשטימט. עס זיינען דאָ גרינדע אָנצונעהמען, אז דיא חאַמיטען האָבען אריבערגעוואנדערט פון אזיען נאך אפריקאַ. יעדענפאלס קען מען ניט פּאָזיטיוו בעשטימען א ראַסע נאך איהר שפּראַך, דען אפילו אין דיא ביז־היסטאָרישע צייטען זיינען ראסען צומישט געוואָרען און שטאַמען האָבען איבערגענומען פרעמדע שפּראַכען, וויא מיר וועלען עס זעהן אין נעכסטען קאַפּיטעל.

# זיעבּעטער קאַפּיטעל.

## ראַסען און שפּראַכען.

**דיא ענטשטעהונג פון ראַסען. — דיא נאַטירליכע פערשיעדענהייט פון דיא ערשטע שפּראַכען. — דיא בעשרענקטע ענדערונגען פון לינגוויסטישע סיסטעמען. — פערשיעדענע ראַסען מיט דיא זעלבע שפּראַכען. — פעלקער און שפּראַכען אין אייראָפּא. — דער פערשיעדענער מזל פון שפּראַכען. — דיא ווירקונג פון פּאָליטישע פּאַסירונגען און פון קולטור אויף דיא פערשפּרייטונג פון שפּראַכען. — דיא היימאַטה פון דיא סעמיטען און אַריער. — זייערע וואַנדערונגען.**

---

אַ נאַכפּאָרשונג וועגע דיא ענטשטעהונג פון ראַסען איז ניט דיא אויפגאַבּע פון דער קולטורגעשיכטע זאָנדער פו דער נאַטור־וויסענשאַפט, ספּעציעל פון דער אַנטראָפּאָלאָגיע (פו דיא גריכישע ווערטער: אַנטראָפּאָס—מענש, לאָגאָס—וואָרט). אי דער קולטורגע־שיכטע האָבען מיר צו בעטראַכטען, וואס דיא ראַסען האָבּען אויפגעטאָן, וויא זיי האבען זיך ענטוויקעלט און אין וועלכען צושטאַנד זיי געפינען זיך. דיא פראַגע וויא אזוי עס זיינען ענטשטאַנען פערשיעדענע ראַסען, איז פון דעסטוועגען העכסט וויכטיג פאר דיא קולטורגעשיכטע, דען זיא קען אונז אויך געבען אַן אנטוואָרט, ווארום איינינע ראַסען האָבען זיך שנעלער ענטוויקעלט וויא אַנדערע, ווארום איינינע האבען ארויס־געוויזען העכערע גייסטיגע פעהיגקייטען נאך אין דיא ביז־היסטאָרישע צייטען און ווארום אנדערע זיינען פערבליבּען אין ווילדען און האַלב־ווילדען

צושטאַנד נאָך ביז היינט צו טאָג. געוויס האבען געאָגראפישע, קלימאטישע און היסטאָרישע אומשטענדען געהאט צו מאָן מיט דיזע אונטערשיעדע. אויף איינינע פון דיזע אומשטענדען האבען מיר שוין געהאט דיא געלעגענהייט אָנצוצייגען — (דער אויפמערקזאמער לעזער וועט זיך, צום ביישפיעל, דערמאָנען וואס מיר האבען אין עלפטען קאפיטעל פון ערשטען באנד געזאָגט וועגען דיא לאַנגזאמערע ענטוויקלונג פון דיא פעלקער אין דער זידליכער העלפט פון דעם ערדקוגעל) — אָבער דערמיט אליין קען מען נאָך ניט ערקלערען, ווארום גראדע דיא ווייסע ראסע, ספעציעל דיא אריער און סעמיטען, איז געשטאנען העכער פאַר אלע אנדערע ראסען נאָך אין אָנפאַנג פון דיא היסטאָרישע צייטען.

ליידער האט נאָך דיא אַנטראָפּאָלאָגיע ניט ערקלערט דעם העכסט וויכטיגען פונקט וועגען דיא אורזאכען, וועלכע האבען געפיהרט צו דער ענטוויקלונג פון ראסען מיט פערשיעדענע פיזיאָגנאָמיעס און גייסטיגע פעהיגקייטען. יעדענפאלס איז זיא נאָך צו קיין בעשטימטען שלוס ניט געקומען וועגען דיזען פונקט. וואס אנבעלאנגט צו דער לינגוויסטיק, זא צייגט זיא אונז נאָר, אז דיא שפראכען פון מענשען זיינען גלייך פון אָנפאנג געווען פערשיעדען און אז שפראכען און פעלקער האבען ניט אויפגעהערט זיך צו מישען.

דיא געשיכטע צייגט אונז, אז פיעלע פעלקער און גאנצע שפראך־פאמיליען זיינען פערשוואונדען. וועגען דיא עקזיסטענץ פון פיעלע פעלקער און שפראכען דערגייען מיר נאר דורך דיא סמנים וואס זיי האבען איבערגעלאָזען אין דער טיעפענעס פון דער ערד. דאָס וואס האָט פאסירט אין דיא געשיכטליכע צייטען, האט געוויס אויך פאסירט אין דיא ביז־היסטאָרישע צייטען, דען שטענדיג איז אָנגעגאנגען א קאמפף צווישען פערשיעדענע שטאמען און פעלקער און דיא זיעגערס האבען נאטירליך געצוואונגען דיא בעזיעגטע אָנצונעהמען זייער שפראך אין מנהגים. ביי יעדען אזעלכען צוזאמענשטויס, וויא איבערהויפט ביי יעדען נעהענטערן פערקעהר צווישען פעלקער, זיינען פאָרגעקומען און עס האבען נויטווענדיגער־ווייזע געמוזט פאָרקומען ענדערונגען אין זייערע שפראכען און אין זייער גאנצען לעבען.

מיר האבען שוין בעמערקט אין אונזער נאכפאָרשונג וועגען שפּראַכען, אַז דיא ערשטע מענשען אדער מענשענאַרטיגע בעשעפּע־ניסען האָבען זיך ערוואָרבען דיא שפּראַך־פעהיגקייט ניט גראדע אין איין אָרט אויף דער ערד, נאר אין עטליכע. און אזוי וויא זייערע אָרגאַנען, וועלכע דיענען צום אויסדריקען אַרטיקולירטע קלאַנגען, האָבען דורך דיזע בעזונדערע ענטוויקלונג געמוזט זיין געוויסערמאַסען פער־שיעדען, זאָ זיינען ניט נאר דיא ווערטער געוועזען פערשיעדענע, זאָנדערן דיא אויסגעשרייען און דיא קלאַנגען פון דיא שטימען האָבען גע־מוזט זיין אַנדערע. אין איין אָרט האט מען, צום ביישפּיעל, גערעדט מעהר אין האַלז, אין אַן אַנדער אָרט — מעהר אונטערן נאָז, אין א דריטען אָרט האט מען געברויכט מעהר סוויסצענדע קלאַנגען. אין דער כינעזישער שפּראַך פעהלט אין גאַנצען דער קלאַנג „ר“, וויא מיר וויסען עס שוין; אין דער פראַנצויזישער און ענגלישער שפּראַכען פעהלט דער קלאַנג „ח“; אין דער רוסישער—דער קלאַנג „ה“; א. ז. וו. אָנפאַנגס האָבען דיא פאָנעטישע אונטערשיעדע געמוזט זיין פיעל גרעסער, וויא מיר קענען עס יעצט שליסען דורך לינגוויסטישע אונ־טערזוכונגען.

יעדענפאַלס בעווייזט דיא לינגוויסטיק, אַז וואס ווייטער צוריק אין דער פערגאַנגענהייט זיינען געוועזען מעהר אונאַבהענגיגע שפּראַך־גרופּען. דאס איז גאַנץ נאַטירליך, דען דיא שטאַמען זיינען נאך ניט געוועזען אזוי צומישט, וויא שפּעטער. זיי האָבען געלעבט מעהר אָפּגע־זונדערט. אין דיא היסטאָרישע צייטען איז קיין ווירקליך נייע שפּראַך ניט געבאָרען געוואָרען. שפּראַכען האָבען זיך געענדערט און ענט־וויקעלט. אייניגע האָבען געהאט מעהר מזל וויא דיא אַנדערע און האָבען זיך זעהר ווייט פערשפּרייט. פון זייער צוזאַמענמישונג זיינען אויפגעקומען נייע דיאַלעקטען. אָבער נאך זייערע וואָרצעל־ווערטער און גראַמאַטישע פאָרמען זיינען זיי דאָך פערבליבען צווייגען פון איין אורשפּרונגליכע שפּראַך־גרופּע אָדער פון איין לינגוויסטישע סיסטעם. דיא ענטשטעהונג פון דיא אורשפּרונגליכע שפּראַכען איז וואהרשיינ־ליך געשעהען צוזאַמען מיט דער ענטשטעהונג פון דיא ערשטע מענשליכע ראַסען. ווייטער זיינען נאר געוועזען צוטהיילונגען אין דיאַלעקטען, וועלכע

האָבען זיך מיט דער צייט אלץ מעהר דערווייטערט איינע פון דיא אנדערע און אלע צוזאמען פון זייער מוטער־שפראך.

וויא ווייט שפראכען האלטען אָן זייער אורשפרונגליכען כאראקטער, צייגט אונז אם בעסטען דיא ענגלישע שפראך, אין וועלכער עס זיינען אריינגעמישט אזוי פיעל פראנצויזישע ווערטער. טראָץ אלע פרעמדע ווערטער פערבלייבט זיא דאָך א גערמאנישע שפראך. וויא פיעל פרעמדע ווערטער א שפראך זאל ניט ענטהאלטען אין זיך, וועט איהר אלגעמיינער כאראקטער פערבלייבען נאך דער גרופע, צו וועלכער זיא האט פון אָנפאנג געהערט. דיא פרעמדע ווערטער זעלבסט וועלען מעהר אָדער ווייניגער אָננעהמען דעם קלאנג און דיא בייגונגען פון דער פאָלקס־שפראך. מען האט נאך ניט געפונען און מען וועט אויך קיין מאָל ניט געפינען א ווירקליך געמישטע שפראך, דאס הייסט אזעלכע, וואס איהרע גראמאטישע פאָרמען זאָלען צוגלייך געהערען צו צוויי פעעשיעדענע סיסטעמען, כאָמיר זאָגען: צו דיא אינדאָ־אויראָפעאישע און דיא סעמיטישע. ווען דאס וואָלט אנדערס געוועזען, ווען, צום ביי־שפיעל, א סלאווישע און לאטיינישע שפראך וואָלטען זיך אזוי צוזאמענגעשמאָלצען, אז זייערע גראמאטיקעס זאָלען זיין צומישטע, וואָלטען מיר גאר ניט געקענט צוטהיילען שפראכען אין גרופען, וויא דיא לינגוויסטיק טהוט עס. מיר וואָלטען זיכער דאן ניט געקענט אויסגעפינען, אז אזוי פיעל פערשיעדענע שפראכען, וויא דיא אינדאָ־אויראָפעאישע, געהערען צו איין לינגוויסטישע סיסטעם.

אבער דערפון איז נאך גאָר ניט געדרונגען, אז דיא פעלקער, וואס ריידען יעצט שפראכען פון איין גרופע אָדער אפילו דיא זעלבע שפראך, זיינען פון איין ראסע.

אין אינדיען געפינען מיר, אז פיעלע שטאמען פון גאנץ פערשיעדענע ראסען געברויכען דיא פראקריט־דיאלעקטען, וועגען וועלכע מיר האָבען גערעדט ביי דער נאכפאָרשונג וועגען סאנסקריט. דיא מאלאיער און נעגריטאָסען שטאמען, וועלכע ריידען דאָרטען יעצט אָן אינדאָ־אויראָפעאישע שפראך, געהערען דאָך זיכער ניט צו דער קאווקאזער אָדער ווייסער ראסע. זיי זיינען אזוי ווייניג אריער, וויא דיא נעגערן וואס ריידען ענגליש אָדער שפאניש אין אמעריקא.

אין אפריקא זיינען דיא באנטו־שפראכען פערשפרייט צווישען פיעלע פעלקער, וועלכע נעהערען צו גאנץ אנדערע ראסען, וויא דיא קאפרען אין זיד־אפריקא און דיא אמת׳ע נעגערן אין וועסט־אפריקא.

דיא אראבישע שפראך האט זיך פערשפרייט איבער א גרויסען טהייל פון אזיען און אפריקא, און עס איז געוונג א קוק צו טאן אויף פיעלע שטאמען, וואס זייער מוטער־שפראך איז יעצט אראביש, אום צו זאגען, אז זיי האבען קיין מאל ניט געהערט צו דער סעמיטישער ראסע.

דיא מאלאיער און פאלינעזיער געהערען צו צוויי בעזונדערע ראסען, אבער זייערע שפראכען געהערען צו איין גרופע.

אין צענטראל־אזיען האבען פיעלע אוראלא־אלטאאישע שטאמען אנגענומען דיא פערסישע שפראך.

אין אייראפא געפינען מיר, אז דיא פינלענדער און לאפלענדער געהערען צו פערשיעדענע ראסען, אבער דאך זיינען זייערע שפראכען פון דער אוראלא־אלטאאישער גרופע זעהר נאהענטע.

נאך וויינינער זיינען שפראכען א בעשטימטער צייכען פון פעלקער. עס איז געוונג צו ווארפען א קורצען בליק אויף דיא געשיכטע פון אייראפא, אום צו איבערצייגען זיך אין דעם. דיא קעלטישע שפראכען זיינען כמעט אין גאנצען ארויסגעשטויסען געוואָרן דורך דיא גערמאנישע און לאטיינישע. אין פראנקרייך האט דער דיאלעקט לאנגדאיל בּיסלעכווייז פערנומען דעם פלאץ פון דעם דיאלעקט לאנגדאק. דיא דייטשע שפראך האט אין פיעלע ערטער פערנומען דעם פלאץ פון סלאווישע שפראכען. נאך אין מיטילאלטער האט מען גערעדט סלאוויש אין מעקלעמבורג, בראנדענבורג און אין א גרויסען טהייל פון זאקסען. אין דיא נייע צייטען האט דייטש פעריאגט ליטוויש, אלט־פרייסיש און א סלאווישע שפראך, וואס ווערט גערופען פאלאביש. און יעצט שטויסט דייטש ארויס יעדען טאג צוויי סלאווישע שפראכען: פויליש און ווינדיש. שפאניש שטויסט ארויס דיא שפראך פון דיא באסקען. רוסיש פערנעהמט ביסלעכווייז דעם פלאץ פון פיעלע אוראלא־אלטאאישע און מאנגאלישע שפראכען.

פון דער אנדערער זייט זעהען מיר, דאס פערשיעדענע אייראפעאישע

נאציאָנען געברויכען דיא זעלבע שפּראַך. צום ביישפּיעל: פראנצויזיש ווערט געשפּראָכען אין בעלגיען, אין א פּראָווינץ פון קאנאדא און אין א טהייל פון שווייץ; ענגליש ווערט געשפּראָכען אין נאָרד־אמע־ריקאַ; שפּאניש — אין גאנץ צענטראַל און זיד־אמעריקא מיט אויסנאהמע פון בראזיליען, וואו דיא לאנד־שפּראך איז פערבליבען א פּאָרטוגע־זישע. דייטש איז פערשפּרייטעט אין א גרויסען טהייל פון עסטרייך, אין דעם גרעסטען טהייל פון דער שווייץ און אין דיא באלטישע פּראָווינצען פון רוסלאַנד. שוועדיש ווערט געשפּראָכען אין א טהייל פון פינלאַנד. דיא טערקען אויף דעם אינזעל קאנדיא (קרעטא) ריידען כמעט אלע גריכיש. א. ז. וו.

איינינע שפּראַכען האט מען פּרובירט פערשפּרייטען מיט גע־וואַלט אין בעזיעגטע לענדער, אבער דאָס איז אָפט ניט געלונגען. אזא שלעכטען מזל האבען אין אייראָפּאַ געהאט צוויי אוראלאָ־אלטאאישע שפּראַכען: דיא טערקישע און אונגארישע. טראָץ דעם וואָס דיא טערקען האבען זיך ארייננעריסען אין אייראָפּאַ, האבען בעהערשט יאהרהונדערטע דעם באלקאנישען האלבאינזעל און זיינען געווען געפעהרליך פיר גאנץ אייראָפּאַ, איז זייער שפּראַך נאר פער־בליבען אין אַ גאנץ קליינעם טהייל פון זייער אימפּעריע אין אייראָפּאַ. וואָס אָנבעלאַנגט צו דער אונגארישער שפּראַך, זא גייט זיך ביס־לעצטוויז אונטער אין אונגארן זעלבסט טראָץ דיא פּריווילעגיען, וואָס זיא האָט געקראָגען אין דער עסטרייכער אימפּעריע אויף דער רעכנונג פון דיא סלאַווישע שפּראַכען. מען דארף ניט זיין א נביא, אום פאראויס צוזעהן, אז דיא אונגארישע שפּראַך וועט פערשווינדען, אָפּטרעטענדיג פּלאַץ דער דייטשער און דיא סלאַווישע שפּראַכען. דיא אראבישע שפּראַך האט נאך וויינינער מזל געהאט אין שפּאניען, וויא דיא טער־קישע און גריכענלאַנד

דאס אלעס ציינט קלאָר, אז שפּראַכען זיינען יעצט מעהר א רעזולטאט פון היסטאָרישע בעגעבענהייטען וויא פון ראַ־סען. דורך פּאָליטישע אורזאַכען האבען איינינע שפּראַכען פערנומען דעם פּלאַץ פון אנדערע, וועלכע זיינען פריהער געשפּראָכען געוואָרען פון פערשיעדענע פעלקער. מאַקסמיליאן מאַקסמאַל האָט עס געטראָפען, אז

גאַרדע דיא זיענערס האבען אָנגענומען דיא שפּראַך פון דיא בעזיעג־
טע. בעזאָנדערס איז עס אזוי געווען דער פאַל, ווען דיא בעזיעגטע
זיינען געשטאַנען אויף אַ העכערע קולטורשטופע, וויא דיא זיעגערס.
נאַר געוויינליך, בעזאָנדערס אין דיא אַלטע צייטען, האבען דיא זיעגערס
אויף איינגעפיהרט זייער שפּראַך ביי דיא בעזיעגטע. דיא ווילדע
גערמאַנען, וועלכע האבען צושטערט דיא רוימישע אימפּעריע, האָבען
איבערגענומען דיא שפּראַך און ציוויליזאַציאָן פון דיא רוימער, ווייל דיא
לעצטע זיינען געשטאַנען פיעל העכער פאַר זיי אין אַלע הינזיכטען.
דאַס זעלבע איז אויך געווען מיט דיא ווילדע סלאַווען, וועלכע האבען
זיך אריינגעריסען אין דער ביזאַנטישער אימפּעריע און האבען זיך צו־
זאַמענגעמישט מיט דיא גריכען. דיא טערקען דאַגעגען האבען ניט
געקענט פערשפּרייטען זייער שפּראַך אונטער דיא גריכען און סלאַווען
אויף דעם באַלקאַנישען האַלבאינזעל, ווייל זיי זיינען געשטאַנען נידרי־
גער און יעדענפאַלס ניט העכער אויף דעם קולטורלייטער וויא דיא
בעזיעגטע. אין אַזיען אבער האבען דיא טערקען פערשפּרייטעט זיי־
ער שפּראַך, ווייל זיי האבען זיך געפונען אויף דער זעלבער קולטור־
שטופע וויא דיא בעזיעגטע. דאַס זעלבע קען מען אויך זאָגען וועגען
דיא שנעלע פערשפּרייטונג פון דער אַראַבישער שפּראַך אין אַזיען
און אפריקאַ.

עס איז שווער געגוי אָנצוצייגען אין יעדען פאַל, וואָרום איין
שפּראַך האָט געהאַט מעהר מזל וויא דיא אַנדערע; אבער אין אַל־
געמיינען קען מען זאָגען, דאַס מייסטענס האבען זיך פערשפּרייטעט
שפּראַכען פון זיעג־רייכע קולטור־פעלקער, צו וועלכער ראַסע
זיי האבען ניט בעלאַנגט. דיא גרעסטע ראָלע אין דער פערשפּריי־
טונג פון אַ שפּראַך אונטער אַנדערע פעלקער האָט געשפּיעלט ניט דיא
ראַסע, זאָנדערן איהר העכערער קולטור־צושטאַנד.

נאַר מיר מוזען דאָך אָננעהמען, אַז עס איז אַמאָל געווען אַ
צייט, ווען ראַסען אָדער וויניגסטענס געוויסע טהיילען פון זיי האָבען
בעזעסען איין שפּראַך, דאַס הייסט: ווען שפּראַכען זיינען ווירקליך
געווען אַ צייכען פון ראַסען. דאַס איז קלאָר פון דעם, וואַס עס איז
איבען געזאָגט געווען וועגען גרויסע שפּראַך־גרופּען. וויא אזוי האָבען,

צום ביישפיעל, דיא פערשיעדענע סעמיטישע שפראכען נעקענט פער־
בלייבען אזוי עהנליך איינע צו דיא אנדערע, ווען זיי וואלטען ניט
געהאט איין אפשטאמונג? אין דיא היסטארישע צייטען האבען זיך
דיא פיניקיער, אידען און אראבען צוזאמענגעמישט מיט פיעלע אנדערע
ראסען און פעלקער, אבער אלעס וואס מיר וויסען וועגען זיי, בעווייזט
דייטליך, אז זיי זיינען פון איין שטאם. זיי האבען אמאל געלעבט
צוזאמען אין א בעשטימטען ארט און גערעט דיא זעלבע שפראך.
ווען דאס איז געוועזען און ווען זיי האבען זיך אפגעזונדערט, דאס וויסען
מיר ניט און דאס וועלען מיר וואהרשיינליך קיין מאל ניט דערגיין
אויף ריכטיג.

אויך וויסען מיר ניט בעשטימט, וואו עס איז געוועזען דיא ריכ־
טיגע היימאטה פון דער סעמיטישער ראסע. מען רעכענט, אז זיא האט
זיך צוערשט געפונען אין וועסט־אזיען, בעזאנדערס צום זידען פון
ארמעניען אין דער געגענד פון דעם בארג אראראט. דיא ערשטע
אידישע לעגענדען זיינען פערבונדען מיט דיזען בארג, וויא דיא שיל־
דערונגען פון דעם מבול און הרי אררט אין דער ביבעל צייגען עס.
נאר שפעטער זיינען זיי אפגעשטויסען געווארען פון דארטען ביז צו
דיא לענדער פון דער שווארצער ראסע, נעמליך: ביז צו דעם זידליכען
טהייל פון אראביען. איין טהייל פון דיא סעמיטען איז פערבליבען אין
בבל און אין אשור און דער אנדערער איז אוועק ביז צום מיטעלמעער.
סיריען, פאלעסטינע און אראביען זיינען יעדענפאלס געווארן דיא צווייטע
היימאטה פון דער סעמיטישער ראסע.

דיא אריער שטאמען זיינען וואהרשיינליך אנפאנגס געוועזען נאהענטע
שכנים פון דיא סעמיטישע. אזוי דארפע מיר אנגעהמען ניט נאר, ווייל
זייערע שפראכען זיינען פלעקסירטע און זיי געהערען ביידע צו דער
ווייסער ראסע, זאנדערן ווייל א נאכפארשונג פון דיא אינדא־אייראפע־
אישע שפראכען צייגט, אז דיא אריער האבען געהאט זייער היימאטה אין
א טהייל פון איראן, אויך ניט וייט פון דיא בערג אררט. אין דיא ביז־
היסטארישע צייטען האבען זיי זיך צוזאמענגעטראפען אין דיא ערטער,
וואו דיא ערשטע אזיאטישע ציוויליזאציאנען זיינען ענטשטאנען, נעמ־
ליך: אין מעסאפאטאמיען און אין דיא לענדער ארום. אין דער ביבעל ווערען

דיזע ערטער בעצייכענט אונטער דיא נעמען ארם־נהרים, בבל, אשור, פרס ומדי.

נאר פריהער האט זיך הפנים דיא ציוויליזאציאָן אָנגעפאנגען אין יענע ערטער אונטער דיא אוראלאָ־אלטאאישע אָדער טוראנישע שטאמען (גענאנט אַקקאדאָ־סומעריישע). דיא סעמיטען, וועלכע האָבען פערלאָזען זייער ערשטע היימאט ארום דיא אררט־בערג, האָבען בעזיעגט דיא אַקאַדאָ־סומערישע פעלקער און זיינען פערבליבען דיא הערשער אין בבל און אשור ביז דיא אריער פון פרס ומדי האָבען פערנומען זייער פלאץ. אנדערע אריער שטאמען האבען זיך פון דעם זעלבען צענטער פון דער וויסער ראסע א לאָז געטאן צום נאָרד־ועסט, נעמליך: נאָך אויראָפּא, צוערשט דיא קעלטישע, נאכהער דיא דייטשע, לעטישע און סלאווישע שטאמען. איין טהייל פון דיא אריער האט זיך אריינגעריסען אין אינדיען און אן אנדערער איז א געוויסע צייט פערבליבען אין קליין־אזיען, פון וואנען ער האט שפעטער אריבערגעוואנדערט נאך גריכענ־לאנד און איטאליען. עס איז מעגליך, אז דיא וואנדערונגען פון דיא סעמיטען און אריער אויס זייער צענטראל־פונקט זיינען פאָרגעקומען אונגעפעהר אין דער זעלבער צייט מיט פיעלע יאהר־הונדערטע פאר דעם געשיכטליכען פעריאָד. מעגליך איז אויך, אז דיא סעמיטען זיינען געיאָגט געוואָרען פון דיא אריער, אָדער אז ביידע האָבען געמוזט אָפּ־טרעטען פלאץ דער מאָנגאָלישער ראסע פון צענטראל־אזיען, וועלכע האט נאך אין דיא היסטאָרישע צייטען געמאכט פיעלע אָנפאלונגען אויף וועסט־אזיען און אויראָפּא.

דאס זיינען אלץ פונקטען, וועלכע מיר קענען נאך ניט ענטשיידען בעשטימט ביי דעם יעצטיגען צושטאנד פון ארכעאָלאָגיע און לינגוויס־טיק, דיא צוויי וויסענשאפטען, וועלכע גיבען אונז דיא זיכערסטע און בעסטע אָנווייזונגען אויף דיא ביז־היסטאָרישע פעלקער. זיכער איז נאר אז דיא סעמיטען און אריער האבען זיך געפונען ניט ווייט איינע פון דיא אנדערע אין וועסטליכען טהייל פון אזיען, וואו זיי האָבען זיך אויס־געאָרבייט זייערע אורשפרונגליכע פלעקסי־טע שפראכען, און אז נאכהער האבען זיי זיך צוטהיילט אין גרופּען און גענומען וואנדערן אלץ ווייטער צום מערב און טהיילווייז צום דרום, אָבער ניט צום מזרח, וואו דיא

מאָנגאָלען האָבען געהערשט. ביי דיזע וואַנדערונגען זיינען עס ענטשטאַנען דיא שפּראַך־צווייגען, וועלכע זיינען בעטראַכטעט געוועזען אין דיא פאָרינע קאַפּיטלען און וועלכע זיינען אויך געענדערט געוועזען דורך א צוזאַמענמישונג מיט שפּראַכען פון אַנדערע פעלקער. דיא שפּראַכמישונג איז נאַטירליך געוועזען א רעזולטאַט פון פעלקערמישונג, וועלכע איז איבערהויפּט שטענדיג אָנגעגאַנגען. דיא שפּראַכען זיינען יעדענפאַלס פערבליבען נעהענטער צו זייער אורשפּרונג, וויא דיא פעלקער וועלכע געברויכען זיי.

———

# אַכטער קאַפּיטעל.

## דער אָנפאַנג פון שריפטען.

אויסווערטיגע צייכענס ביי דיא ערשטע מענשען.—אויסגעקליבענע צייכען.—בילדער־שריפטען. — בריעף־שטעקענס פון אויסטראַליער. — בילדער־שריפטען און רעכנונגס־שנירלעך פון דיא אַמעריקאנער איינגעבאָרענע.—קוויפּוס און רעכנונגס־קעסטלעך אין פּערו. — דיא היעראָגליפישע שריפטען פון דיא מאַיאַס און אַצטעקען. — דיא שוויריגקייט אויסצואַרבייטען א ריין־אַלפאַבעטישע שריפט. — דער ערשטער אַלפאַבעט פון דיא פיניקיער.

מען מעג זאגען, אז דיא זעלבע בעדירפניסע, וועלכע האבען געפיהרט מענשען זיך פערשטענדיג צו מאכען דורך געוויסע געשרייען און קלאַנגען, האבען זיי אויך געפיהרט צו דערגרייכען דעם זעלבען צוועק דורך דעם געברויך פון געוויסע אויסווערטיגע צייכענס. מיר האָבען שוין געזעהן, אז שפּראכען זיינען א רעזולטאַט פון מענשליכען צוזאַמענלעבען אין פאַמיליען און גרופּען. דורך דעם האָט דער מענשליכער גייסט געפונען זיין ערשטען און בעסטען אויסוועג צו ווייטערע ענטוויקלונג. דיא ארבייט פון זיין מארך האָט דער מענש אריינגעלייגט אין געוויסע קלאַנגען און ווערטער, בענוצענדיג זיך דערביי מיט דיא נאַטירליכע פעהיגקייט פון געוויסע אָרגאַנען צו אַרטיקולירטע קלאַנגען. דאס זעלבע האָט ער געטאָן, ווען ער האָט גענומען געברויכען געוויסע

צייכענס, בענוצענדיג ,, מיט דיא אייגענשאפטען פון זיינע אויגען און
הענט. ביידע, אי שפראכען אי שריפטען, זיינען קינסטליכע פראָדוקטען
פון דעם מענשענס גייסטיגע ארבייט.

עס איז שווער צו זאָגען, ווען מענשען האבען אָנגעפאנגען צו
בענוצען זיך מיט אויסווערטיגע צייכענס. עס איז מעגליך, אז זיי האָבען
עס געטאָן אין דער זעלבער צייט, ווען זיי האבען גענומען געברויכען
אַרטיקולירטע קלאַנגען. מיר געפינען יעדענפאלס, אז דיא ווילדעסטע
פעלקער האבען געוויסע צייכענס פיר געוויסע צוועקען. אזא צייכען קען
זיין אַ שטעקען ערגעץ אריינגעשלאָגען, א קארב אויף א בוים, אן אָב־
געבראָכענער צווייג, א הויפען שטיינער א. ז. וו., אבער פאר אוראלטע
מענשען האט עס אזוי גוט געדיענט וויא פאר אונז אויפשריפטען.

דיא בעדירפניסע פון דיא ערשטע מענשען זיינען געוועזען זעהר קליין
און איינפאַך. וויא מיר ווייסען עס, האבען זיך דיזע בעדירפניסע בעצויגען
כמעט אויסשליסליך אויף שפייז. זייערע געדאנקען האבען זיך געדרייהט
אין דעם זעלבען קרייז. דארום האבען זיי ניט בעדארפט פיעל צייכענס,
אום זיך פערשטענדיג צו מאכען. דיא יעגערס האבען פערבראכט זיי־
ער גאנצען לעבען אין וועלדער און פעלדער, און יעדער אויסווערטיגער
צייכען האָט זיך זיי געוואָרפען אין דיא אויגען און זיי דערציילט א
גאנצע געשיכטע. יעדערער ווייס, אז דיא יעגער־פעלקער זיינען גרויסע
קינסטלער צו דערקענען חיות און מענשען נאך דיא סליאדען וואס זיי
לאָזען איבער אויף גראָז אדער זאמד. דיזע סליאדען קען מען
זאָגען, זיינען דיא נאטירליכע שריפטען פון ווילדע און נ אָ כ מ א כ ע נ ד י ג
זיי מיט זייערע אייגענע הענד, האבען ווילדע דארום געקענט איבער־
געבען איינער דעם אנדערן וואס זיי האבען געוועלט און בעדארפט.

וואס גרעסער דיא מענשליכע גרופען זיינען געוואָרן, אלץ עפטער
איז עס נייטיגער געוואָרען צו געברויכען בעשטימטע צייכענס פאר בע־
שטימטע זאכען. דאס איז זעלבסטפערשטענדליך. און ווען פריוואט־
אייגענטהום איז אויפגעקומען, האט מען אויך בעדארפט ארויסווייזען
עס פיר אנדערע דורך א געוויסען סמן. אין וועסט־אפריקא צייגט א
שטעקען לעבען א פרוכט־בוים, אז דיזער בוים געהערט צו א פריעסט
אָדער צו א מכשף און אז קיינער טאָר ניט אָפּרייסען פון איהם א

פרוכט. אפילו אין אייראָפּא זיינען נאך פערבליבען איינ אזעלכע סמנים. צום ביישפּיעל: א שטרייענע פּאָמעלע אויף א בוים צייגט, אז דיזער בוים האט שוין א בעל־הבית; א געוויסער שניט אויף א בוים מיט א בינשטאָק צייגט, אז דיזער בינשטאָק איז שוין פערנומען. אזעלכע סמנים זיינען מיט דער צייט געוואָרען זעהר צאָהלרייך און פערשיעדען, און אום זיי ריכטיג צו פערשטיין, האט מען געמוזט א אויסקלייבען געוויסע צייכענס פאר געוויסע צוועקען. אזעלכע אויסגעקליבענע צייכענס האבען שוין דאדורך געקראָגען אן אלגעמיינע בע־דייטונג.









ביי פיעלע ווילדע פעלקער געפינט מען זעהר פערשיעדענע אייגענטהום־צייכענס, וויא צום ביי־שפּיעל פאָלגענדע (זעה פיגורע 75). מאַנכע פון דיזע צייכענס זיינען עהנליך צו בוכשטאַבען. אנדערע זיינען בעפּוצונגען, אָבער אין אלגעמיינען האבען זיי געוויס געפיהרט צום געברויך פון ביל ד־ש ר י פ־ט ע ן, פון וועלכע דיא געוויינליכע שריפטען זיינען ביסלעכווייז ארויסגעקומען, וויא מיר וועלען עס באלד זעהען.

ביל ד־שריפטען זיינען ענג פערבונדען מיט דער נאַטירליכער נייגונג פון מענשען איבערצוגעבען זאַ־כען אין בילדער. מיר געפינען, אז



פיגורע 75. — אייגענטהום־צייכענס. (א גרעסערע צייכענס אין דער רייהע צו דער לינקער האנד זיינען קריצונגען פון דיא עינרשטאַמען אין יאפאן; דיא קלענערע צייכענס אין דער אונטערשטער רייהע זיינען געפונען געוואָרען ביי איינגע נעגער שטאַמען

נאָך אין דעם איינ־פעריאָד האָבען מענשען אויסגעקריצט אויף ביינער בילדער פּה חיות. ביישפּיעלע פון אזעלכע צייכנונגען קען דער לעזער געפינען אויף דיא פיגורען 22, 23, 24 און 25 אין דעם ערשטען באַנד פון דיזער קולטורגעשיכטע. אין דיא מוזעומס געפינען זיך זעהר פיעלע זאכען מיט אויסקריצונגען פון דיא צייטען, ווען מענשען האָבען זיך בע־וויזען אויף דער ערד. דיזע נאַטירליכע נייגונג צו שניצען און צו מאָלען בילדער האָט עס ביסלעכווייז געפיהרט צו דיא ענטוויקלונג פון קונסטען. דיא רעליגיעזע גלויבענס האבען זעהר פיעל בייגעטראָגען צו דיזע קונ־סטען, וויא מען קען עס זעהן, ווען מען בעטראַכט דיא פערשיעדענע געצעקעס פון ווילדע און קולטור־פעלקער.

אפילו אונטער דיא ווילדעסטע פעלקער געפינען זיך מענשען, וואס זיינען געבאָרענע קינסטלער און וואס גיבען זיך אָפּ מיט אויס־קריצען אדער אויסמאָלען בילדער אזוי נאָהענט צו דיא נאַטירליכע זאכען, וויא וויים זיי קענען עס. פיעלע ווילדע בענוצען זיך מיט אזעלכע בילדער, וויא מיר מיט אונזערע שריפטען. דיא ווילדע אויסטראַליער געברויכען שטעקענס מיט געוויסע אויסקריצונגען, אזוי וויא מיר מיט בריעף (זעה פיגורע 76).

„דיזע שטעקענס, שרייבט פּראָפעסאָר ראַטצעל אין זיין „פעל־קערקונדע“, זיינען אם בעסטען אויסגעקריצט אין וועסט־אויסטראליען. אויף אויף שטיינער געפינט מען אזעלכע אויסגעקריצטע צייכענס. אין דיזע בילדער־שריפטען ווערן פאָרגעשטעלט נים בלויז זאכען; זיי ענטהאלטען אויך אָנגענומענע צייכענס, פערשיעדענע ליניעס און אנדערע אזעלכע פיגורען, וועלכע מען קען שוין אלזאָ אָננעהמען פאר ווירקליכע שריפטען. מען זאגט אז דיא איינגעבאָרענע זיינען זעהר געשיקט אין שרייבען און אין לעזען דיזע אורשפּרונגליכע היעראָגליפען. שטעקענס מיט אזעלכע אויסגעקריצטע צייכענס האבען דיא איינגעבאָרענע איבערגעגעבען צו געפאַנגענע, אום זיי מיטצוטהיי־לען פלענער, וויא זיי צו בעפרייען. מען זאגט אויך, אז אזעלכע שטעקענס ווערן געשיקט פון צוויי פיינדליכע שטאַמען אלס א קריענס־ערקלערונג. מען גיט אויך אזא שטעקען צו א שליה, ווען ער האָט צו מאַכען א לאַנגע רייזע. דאס דיענט איהם אלס א באַספּאָרט. ווען



פיגורע 76. — בריעף־שטעקענס מיט בילדער־שריפטען פון אויסטראַ־
ליער איינגעבאָרענע.

דיא אויסטראַליער לעזען דיזע אויסקריצונגען, קימערן זיי זיך ניט
וועגען ווערטער, נאָר זיי זוכען צו בעגרייפען דיא געדאַנקען, וואס
דיא קריצערס האבען געוועלט אויסדריקען מיט דיא צייכענס. דיא
אויסגעקריצטע שטעקענס ווערן געלעזען פון דיא איינגעבאָרענע,
וועלכע געהערען צו פערשיעדענע שטאַמען מיט פערשיעדענע שפּראַ־
כען. איינינע ערקלערונגען פון דעם שליח ערלייכטערן דאס לעזען,

דיא פערזאָן פון דעם שליח טאָר מען ניט אָנריהרען, זאָנסט איז א קריעג אונפערמיידליך.

„דעם זעלבען צוועק דערגרייכען דיא אויסטראַליער דורך איינפאַכערע צייכענס. קאַרבען אויף גלאַטע קאָרע, הויפענס שטיינער, בינטלעך גראָז צײַגען אָן דעם אָנגענומענעם וועג דיא יעניגע וואָס פאָלגען נאָך. רויך און פייער ווערן אָפט געברויכט אַלס סיגנאַלען. שלײַדערן שטויב אין לופטען איז א צייכען פון מלחמה. ביי א קריעגסערקלערונג ווערט געשיקט א שטעקען מיט דיא פעדערן פון אַן עמו (אַן אויסטראַליער שטרויס). צייכנונגען אויף שטיינער געהערן אויך צו שריפטען. ניט בלויז חיות, זאנדערן אויך מענשען אין פערשיעדענע פאָזען ווערן דאָרטען פאַרגעשטעלט אין דער קאָמפּאַניע פון חיות, וואס עס צייגט אָן אויף געיעג און פישעריי. אין איין אָרט האט מען געפונען היילען, וואס זיינען געפאַרבט מייסטענס געלב־רויט. אין איין הייל געפינט זיך א צייכנונג פון א פיש אן ענגלישען יארד דיא לייננג, אין אנדערע היילען זיינען דאָ צייכנונגען וויא א יענעה שלעפט א קאַנגורו, א. ז. וו. מאַנכע פון דיזע צייכנונגען האבען וואהרשיינליך א רעליגיעזען כאַראַקטער. אונטער דיא אויסטראַליער איז אויך זעהר שטאַרק פערשפּרייטעט א שפּראַך מיט זשעסטען און פינגער־צייכענס. אייניגע רייזענדע דערציילען, אז דיא איינגעבאָרענע פון צענטראַל־אויסטראַליען קענען אויסדריקען כמעט אַלעס וואס זיי דאַרפען דורך דיא פּאָזיציאָן און בעוועגונגען פון זייערע הענט און פינגער".

בילדער־שריפטען זיינען בעזאָנדערס פערשפּרייטעט געוועזען אונטער דיא איינגעבאָרענע פון אַמעריקאַ. אין אייניגע ערטער האָבען דיזע בילדער־שריפטען דערגרייכט אין זייער ענטוויקלונג ביז צו דער שטופע פון היעראָגליפען. בעזאָנדערס איז עס אַזוי געוועזען אין מעקסיקאָ. אַלס א ביישפּיעל פון דיא בילדער־שריפטען פון דיא אינדיאַנער וועלען מיר דאָ איבערגעבען דיא ביטע פון עטליכע נאָרד־אַמעריקאַנער שטאַמען צו א פּרעזידענט פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען (זעה פיגורע 77). דיזע שטאַמען זיינען פאָרגעשטעלט דורך זייערע בעזונדערע צייכענס אָדער טאָטעמען. מיר וויסען שוין, אז ווילדע אָדער



**פיגורע 77. — א ביטע־שריפט פון אינדיאנער צום פרעזידענט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען.**

האלב־ווילדע שטאממען פלעגען אויסקלייבען געוויסע צייכענס, אום צו אונטערשיידען דיך פון אנדערע שטאמען. דאס זיינען געווען געוויסער־מאסען זייערע נאציאנאלע פלאגען. אפט האבען זיך דיא שטאממען אויך גערופען מיט דיא נעמען פון זייערע צייכענס. אזוי איז עס יעדענפאלס געווען ביי דיא נארד־אמעריקאנער אינדיאנער. איין שטאם האט געהייסען וואלף, אן אנדערער — פיש, א דריטער — שלאנג, א פיערטער — אקס א. ז. וו. דיא בילדער פון דיזע חיות זיינען געווען דיא אויסווערטיגע צייכענס דערפון. אויף דער פיגורע 77 זעהען מיר דיא טאטעמען פון 7 אינדיאנער שטאמען. זיי זיינען אלע איינינ, מיט איין קאפ און איין הארץ, אויף וואס עס צייגען דיא שטריכען, וועלכע ציהען זיך פון זייערע אויגען און הערצער צו דעם אויג און הארץ פון דעם זשוראוול (קראניך), וועלכער איז דער אנפיהרער. דער זשוראוול־שטאם האט עס נעמליך איבערגעגעבען דיא ביטע, וועלכע בעציהט זיך אויף עטליכע אזערעס, וויא דאס צייגט דער שטריך וואס ציהט זיך פון דיזע אזערעס צום זשוראוול'ס קאפ.

אזעלכע צייכנונגען האבען דיא איינגעבארענע פון נארד־אמע־ריקא נאטירליך געברויכט אין זעהר וויכטיגע אנגעלעגענהייטען. געוויינליך האבען זיי זיך בענוצט וויא פיעלע אנדערע ווילדע שטאמען מיט געוויסע רעכנונגס־שנירלעך, אום בעסער צו געדענקען געוויסע

זאַכען און אָפּמאַכונגען. אַלע קאָנטראַקטען פון דיא אינדיאַנער זיינען אויסגעדריקט געווען דורך שנירלעך פון פערשיעדענע לייגג און פאַר־בען. אויף וועלכע עס זיינען געווען אָנגעצויגען ים־שיסעלעך פון פערשיעדענע גרויס און פאַרבען. א געזאַנדטער פון אינדיאַנער פלעגט געוויינליך האַלטען אזא שנירעל מיט ים־שיסעלעך אין דער האַנט און פלעגט אָנפאַנגען זיין רעדע אזוי: „מיט דיזען שנירעל מיט ים־שיסעלעך עפען איך אייערע אויגען, רייניג אויס אייערע אויערן". א. ז. וו. ווען דער פאָרשלאַג פון דעם געזאַנדטען פלעגט אָנגענומען ווערען, פלעגט דער שנירעל פערבלייבען ביי דעם אָנפיהער פון שטאַם אַלס א דאָקומענט. וויא פיעל שנירלעך אָן אָנפיהרער פלעגט ניט האָבען ביי זיך, פלעגט ער יעדען פון זיי גלייך דערקענען און וויסען וואס יעדערער בעדייטעט. פון ציים צו צייט פלעגט דער אָנפיהרער צוזאַמענרופען דיא יונגע לייט פון זיין שטאַם און זיי צייגען דיא שנירלעך און געבען דיא נייטיגע ערקלערונגען, אז יי זאָלען עס פערשטיין און געדענקען. דאַס איז געווען א מין לעקציע אין דער קונסט צו לעזען דיזע שנירלעך.



פיגורע 78. — א וואַמפּום (שנירלעך מיט ים־שיסעלעך).

דיא אינדיאַנער פלעגען אויך טראָגען שנירלעך מיט ים־שיסעלעך אויף זייערע העל־זער און בעזאָנדערס אַלס גאַרטלען. דאַס זיינען אָפט געווען זייערע אייגענע רעכנונ־גען און אָפּמאַכונגען, נאָר אָפט אויך איינפאַך צירונגען. דיזע שנירלעך טראָגען דעם אַלגע־מיינעם נאָמען וואַמפּום, און מאַנכע פון זיי זיינען געווען זעהר גרויסע. וויא אויף דער פיגורע 78. שנירלעך מיט ים־שיסעלעך האָבען אויך געדיענט אַלס מטבעות.

אם מייסטען האט מען געברויכט רעכנונגס־שנירלעך אין פערו. עס איז זעהר מערקווירדיג, דאס דיא אינקאַס, וועלכע האבען דער־גרייכט צו א הויכע קולטור־שטופע אין אלע אנדערע הינזיכטען, זיינען נעבליבען הינטערשטעליג אין דער שרייב־קונסט. דאָס קומט הפנים ווידער דערפון, וואס פערו געפינט זיך אין דער זידליכער העלפט פון דעם ערדקוגעל און וואס דיא דאָרטיגע בעפעלקערונג איז געווען זעהר אָפּ־געזונדערט. דיא פערואַנער האָבען איינגענטליך קיינע שריפטען געהאַט. זיי האָבען ד'ערפאַר אויסגעאַרבייט א סיסטעם פון שנירלעך, גענאַנט קוויפּו, מיט קניפּלעך (זעה פיגורע 79). דיא קוויפּו האָבען געהאַט פערשיעדענע קאָלירען און פאַר־מען, אום איבערצוגעבען פער־שיעדענע זאכען און געדאַנקען. מען בעהויפּטעט, אז דורך דיזע קוויפּו פלעגט מען ניט נאר מיטטהיילען פאַקטען און צאָה־לען, זאָנדערן זאָגאר לאָזען וויסען בעפעהלע און געזעץ.



פיגורע 78.—א קוויפּו (שנירלעך מיט קניפּלעך) פון פערו.

„מען זאָגט, שרייבט פּראָפעסאָר ראַטצעל אין זיין „פעלקער־קונדע“, דאס עס זיינען דאָ גאַנצע ארכיווען מיט בינטלעך פון דיזע קאָלירטע שנירלעך מיט קניפּלעך, אין וועלכע עס איז פערצייכענט דיא געשיכטע פון אלטע צייטען; אבער אונגליקליכערווייזע האט מען נאך ניט געפונען דעם שליסעל צו זיי. ריווערא דערציילט פון קוויפּו וואס וועגען 12 אָדער 14 פונט. נאר דיא פּאַסטוכער פון פּונאַ בעזיצען נאך א סמן פון דיזע שנירלעך אין זייערע קניפּלעך צו

רעכענען דיא צאָהל פון זייערע ללאַמס און שעפּסען. דאס איז געוויס א קליינינקייט אין פערגלייך מיט דיא קוויפּו פון דיא אַלטע פּערואַנער.

„אָן אַנדער מיטעל אויסצודריקען געדאַנקען איז געוועזען דורך קליינע שטיינדעלעך, וואס מען פלעגט אויסלייגען אין א געוויסע אָרדנונג אין קליינע קוואַדראַטען. דיא פאָרשריפטען פון דעם נבי א ט אָ נ אַ פ א זיינען געוועזען אויסגעשניטען אין קאַרבען אויף א שטעקען. גראַדע וויא דיא קוויפּו דערמאָנען אונז אָן דיא שנירלעך מיט קניפּלעך, וואס זיינען געברויכט געוועזען פון דיא פּאָלינעזיער פעלקער, אזוי דערמאָנען דיא שטעקענס מיט קאַר־בען אָן עהנליכע מיטעל פון דיא פּאָלינעזיער צו דערלייכטערן זייער זכרון, וויא צום ביישפּיעל דער געקאַרבטער שטעקען (א מין קאַלענדער) פון א שטאַם אין ניי־זעעלאַנד (זעה פיגורע 80). דיא שטייערן פלעגט מען פערצייכנען מיט קערנדלעך פון פערשיעדענע קאָלירען אויף רעכנונגס־שטיינער אָדער ברעטער פון א זאָנדערבאַרע פאָרמע, אויס־געשטעלט אין טרעפּלעך (זעה פיגורע 81). יעדער שטאַם איז געוועזען בעצייכענט מיט א בעזונדערן קאָליר. יעדע העכערע טרעפּעל איז געוועזען גערעכענט 10 מאָל מעהר וויא דיא אונטערשטע.“

פיגורע 80. — א שטעקען־קאַלענדער פון א שטאַם אין ניי־זעעלאַנד.



פיגורע 81.— א רעכנונגס־שטיין מיט קעסטעלעך ביי דיא פּערואַנער.

**דיא קונסט** פון בילדער־שריפטען ביי דיא איינגעבאָרענע פון אמעריקא האט, וויא ווייט מען וויים עס יעצט, דערגרייכט דיא העכסטע שטופע ביי דעם שטאם מאיאס אין יוקאטאן, צענ־טראל אמעריקא. דיא מאיאס זיינען געווען שכנים פון דיא אצטעקען אין מעקסיקא, אבער זיי האָבען וויים איבערגעיאָגט דיא אצטעקען אין דער קונסט פון שרייבען. דיא מעקסיקאנער היעראָגליפען זיינען פערבליבען געדאנקען־בילדער, אבער דיא מאיאס האבען שוין אויך געהאט געוויסע צייכענס פיר געוויסע ווערטער און קלאנגען, וואס עס איז א ריזיגער שריט פאָרווערטס, וויא מיר וועלען עס באלד זעהען.

וויא אזוי דיא אצטעקען האבען אויסגעדריקט פאסירונגען מיט זייערע בילדער־שריפטען צייגט פאָלגענדער היעראָגליף (זעה פיגורע 82). דאָ האנדעלט זיך וועגען א מארש פון אן ארמעע אדער פון עטליכע שטאמען פון איין אָרט נאך אן אנדערן. דיא ריכטונג איז אָנגעצייגט דורך ווינקעל־צייכענס, וואס זיינען אָנגענומען געווען פאָרצושטעלען שריט אדער שפורען פון דיא פים. דיא נסיעה האט זיך אָנגעפאנגען פון אן אינזעל, אויף וואס עס צייגט אָן א מענש אין א שיפעל לעבען דעם אָרט מיט זעקס געביידעס (וואהרשיינליך פאלאצען) ביי דיא זייטען פון א טעמפעל מיט צוויי פיגורען אונטען (וואהרשיינליך א קעניג און א קעניגין). א געדרייטע ליניע ארום דיזען אָרט דייטעט אָן אויף א וואסער, וואס מען האט נאר געקענט אריבערפאָהרען אויף א שיפעל. נאכהער פאָלגט א צייכען פון א בארג מיט א טעמפעל. דער פיערעק מיט א לאנגליכען קייקעל צווישען דעם אינזעל און דעם בארג איז געווען אן אָנגענומענער צייכען פון נעשפערעך. דאס זאל בעדייטען, אז אין טעמפעל האט מען אָנ־געפרעגט דיא געטער דורך אן אָראקעל. ווייטער שטייען אויסגעשטעלט אכט פיגורען אין א רייהע. דאס זיינען הפנים דיא צייכענס אדער טאָטעמען פון אכט שטאמען מיט זייערע פיהרערס פאָרויס. דער וועג ווערט אָנגעצייגט פון פיער פיגורען, וועלכע מען דארף אננעהמען נאך זייערע צייכענס פאר פריעסטער. דיא ביימער, לעבען וועלכע דיא פריעסטער שטייען, צייגען אָן אויף א לאנד מיט ריעזיגע בוימער. לע־בען דיזען אָרט קומט עפעס פאָר אזעלכעס, אז נאר פיער שטאמען

פיגורע 88. — מעקסיקאנער היערָגליפען.

נייען **אוהפּס ווייטער** און פיער פערבלייבען. דיא אנפיהרערס און פריעסטער צוזאמהיילען זיך אין צוויי גרופּען און האלטען א ראטה אדער בריינגען קרבּנית. אין דער אונטערשטער העלפט פון דעם היערָגליף זיינען הפּנים פאַרגעשטעלט דיא פערשיעדענע ערטער און דיא היילינע בערג, וועלכע מען איז דורכגעגאַנגען ביז מען איז צוגעקומען

צו א לאנד מיט 28 פראָווינצען אדער שטעט. דיא סליאַדען צו דער רעכטער האנד וואס ציהען זיך פון דער 28־סטער קאָפּסטעלע ציינען, אז מען איז דאָרטען ניט פערבליבען, נאר מען איז געגאנגען ווייטער.

אזעלכע צייכנונגען קענען מיר יעצט נאר פערשטיין, ווען מיר האבען א שליסעל צו זיי אדער ווייניגסטענס געוויסע אָנווייזונגען; אבער פאר דיא מעקסיקאנער זיינען זיי געוועזען גענוג דייטליך, ווייל זיי האבען געוואוסט וואס פאר שטאַמען עס ווערן פאָרגעשטעלט דורך דיא טאָטעמען און וועלכע ערטער מען איז דורכגעגאנגען, וויא אויך ווארום מען האט אזוי מארשירט. דיזע איינצעלהייטען האָט מען שוין איבערגעגעבען מינדליך. דיא צייכנונג האָט נאר געדיענט, אום דאָס אלעס לייכטער צו געדיינקען.

דיזער מעקסיקאנער היעראָגליף צייגט אונז אויך, וויא שלעכט און קינדיש אזא מין ארט שרייבען איז. פאר יעדער פּאסירונג האָט מען ניט נאר געמוזט האבען א בעזונדערע צייכנונג, נאר ווען מען האט ניט געוואוסט וועגען וואס אייגענטליך עס האנדעלט זיך, האָט מען שוין קיין טאָלק ניט געקענט דערגיין אין דער גאנצער צייכנונג. וואס דיא היעראָגליפען האָבען אין אמת'ן פאָרגעשטעלט, דאס האבען געוויינליך נאָר געוואוסט דיא פּריעסטער, וועלכע האבען צוערשט אָנגעפאנגען צו בענוצען געוויסע בילדער און פיגורען פיר זייערע רעליגיעזע צוועקען.

פון אלטע כינעזישע שריפטען וויים מען אז אמאָל האבען דיא כינעזער זיך בענוצט מיט רעכנונגס־שנירלעך אונגעפעהר וויא דיא קוויפּו פון פערו. דיא טאָטערס האבען זיך בענוצט מיט געקארבטע שטעקענס, אום צו געדיינקען וויא פיעל מענשען און פערד מען האט געשיקט אדער בעשטימט צו שיקען אין קריעג.

מיט איין וואָרט, אלע פעלקער האבען געזוכט און געפונען מיטלען וויא אויסצודריקען זייערע געדאנקען און אנגעלעגענהייטען דורך געוויסע צייכענס, רעכנונגס־שנירלעך און בילדער־שריפטען. אבער הגם דאָס איז אָהנע צווייפעל געווען דער אָנפאנג פון אלע פריהערע און יעצט עקזיסטירענדע ווירקליכע שריפטען, איז נאך דער פון היכּעלוויט ביז אן אמת'ן אלפאבעט. אונז ציינט עס יעצט דיא

לייכטעסטע זאך פאנאנדערצוליינען א וואָרט אין זילבען און אין איינצעלנע בוכשטאבען; אבער דיא געשיכטע פון שריפטען בעווייזט אונז אונבעשטרייטבאר, אז דאס איז געוועז איינע פון דיא שווערסטע גייסטיגע ארבייט. פאר דיא פארצייטיגע מענשען איז עס געוועזן איינע פון דיא שווערסטע זאכען. עס איז יעדענפאלס לייכטער געוועזן צו פערצייכנען דורך בילדער און געוויסע פיגורען גאנצע ווערטער, וויא צו אנאלאזירען, פון וועלכע קלאנגען יעדער וואָרט בעשטייט און פאָרצושטעלען יעדען וואָרט דורך בעשטימטע בוכשטאבען פאר יעדען קלאנג, וויא מיר טוען עס יעצט, ווייל מיר זיינען שוין געוואָהנט דערצו און ווייל מען לערנט עס אונז פון קינדרווייז אָן. ווען מיר בעטראכטען, אז איידער מען האָט געקענט זיך בענוצען מיט אן אלפאבעטישע שריפט, האט מען געמוזט יאהרהונדערטע לאנג ארבייטען מיט דיא מוחות, אום צו אונטערשיידען דיא פערשיעדענע קלאנגען פון דער מענשליכער שפראך און זיי צו סאָרטירען אזוי, אז מען זאָל דורך בעשטימטע צייכענס פאר יעדען פון דיא קלאנגען קענען פערשרייבען אלע ווערטער, — דאן קענען מיר אויך איינזעהען, אז דיזע גייסטיגע ארבייט איז געוועזן און האט געמוזט זיין זעהר א שווערע און קאָמפליצירטע און אז מענשען האבען שוין געמוזט דערגרייכען צו א זעהר הויכע קולטור־שטופע, אום דאָס אָנצו־ווענדען.

זעהר ווייניגע קולטור־פעלקער זיינען אבער זעלבסטשטענדיג דערגאנגען צו אן אלפאבעטישע שריפט־פאָרמע. דיא בינעזער זיינען ביז יעצט פערבליבען ביי זייער אלטע פאָרמע צו פערצייכענען גאנצע ווערטער דורך בעשטימטע צייכענס, דורך וואס דיא צאָהל פון אזעלכע צייכענס איז מיט דער צייט אלץ גרעסער געוואָרן און איז דערגאנגען, וויא מען רעכענט, ביז 100 טויזענד. אלע יעצטיגע ציוויליזירטע פעלקער האבען יעדענפאלס איבערגענומען זייערע אלפאבעטען איינע ביי דיא אנדערע און אלע דיזע אלפאבעטען שטאמען פון איין קוועלע, נעמליך פון דעם פיניקישען אָדער סעמיטישען אלף־בית. נאר דיא פיניקיער האבען אליין ניט אויסגעטראכט דעם גאנצען אלף־בית. זייערע ערשטע לעהרער זיינען געוועזן דיא אלטע עגיפטער, וויא זעהר גרינדליכע נאכפאָרשונגען פון געלעהרטע, בעזאָנדערס פון דעם פראנצויז De Rougé

האבען עס בעוויזען. דער בעריהמטער ענגלישער נאכפאָרשער אייזעק טעילאָר ( Taylor ), וועלכער האט אָנגעשריבען אן אויספיהרליכע ווערק איבער דעם אורשפרונג פון אלפאבעט, אנערקענט אויך, אז דיא ענטוויקלונג פון דיא עגיפטישע היעראָגליפען האט געפיהרט צו דער ערפינדונג פון אן אלפאבעט.

יעדענפאלס האבען דריי פון דיא פעהיגסטע און העכסטע קולטור־פעלקער פון דיא אלטע צייטען ביסלעכווייז אויסגעארבייט דעם אלפאבעט, מיט וועלכען אלע ציוויליזירטע פעלקער בענוצען זיך יעצט. דאס זיינען דיא עגיפטער, פיניקיער און גריכען. דיא פיניקיער האבען זיך בענוצט מיט דיא עגיפטישע שריפטען, אום פון זיי צוזאמענצושטעלען דעם ערשטען אלפאבעט, און דיא גריכען האָבען אויסגעבעסערט דיזען אלפאבעט דורך דיא צוזעצונג פון וואָקאַל־צייכענס, וועלכע האבען געפעהלט אין פיניקישען און פעהלען נאך ביז יעצט אין העברעאישען און איבערהויפט אין סעמיטישען אלף־בית.

דאס וועלען מיר זעהן צו בעווייזען אזוי קורץ וויא נאָר מעגליך אין דיא נעכסטע קאפיטלעך.

# נײנטער קאַפּיטעל.

## דיא ענטוויקלונג פון היעראָגליפישע שריפטען.

---

**דיא ענטדעקונג צו לעזען דיא שריפטען פון מצרים. — דער ראָזעטאַ־שטײן. — אידעאָ־גראַפישע און פאָנעטישע צײכענס. — דיא היעראַטישע און דעמאָטישע שריפטען אין מצרים. — דיא ענטוויקלונג פון פאָנעטישע צײכענס אין היעראָגליפישע שריפטען. — ווארום דיא אלטע עגיפטער האָבען געמוזט געברויכען אידעאָ־גראַפישע און פאָנעטישע צײכען צוזאַמען. — דיא ענטוויקלונג פון קונעאָפאָרמישע שריפטען. — סימבאָלען און דיא בילדער־שריפטען פון דיא אײנגעבאָרענע אין אמעריקא. — דיא כינעזער שריפטען און סימבאָלען. — דער יאַפּאַנעזער אַלפאַבעט. — דיא קולטור־ראָלע פון אַלפאַבעטישע שריפטען.—דיא הערשאַפט פון כהנים דורך דיא קענטניס פון היעראָגליפישע שריפטען. — דער אַלפאַבעט און דיא דרוק־קונסט.**

---

„יעדע סיסטעם פון שרײבען — זאגט אײזעק טעיקאָר אין זײן גרויסעס ווערק „דער אלפאבעט"—האט זיך אָנגעפאנגען מיט אײנפאכע בילדער פון זאכען. דיזע בילדער, וואס זײנען מעהר אָדער װײניגער אָנגענומען געוועזען אלס פ אָ ר מ ע ן פון זאכען און געדאנקען, זײנען ביסלעכווײז געוואָרען פערטרעטער פון ווערטער, און שפּעטער זײנען זײ געוואָרען סימבאָלען (זין־בילדער) פון מעהר אָדער װײניגער אײנ־פאכע ק ל א נ ג ע ן".

אם בעסטען און קלאָרסטען בעווײזט עס א נאכפאָרשונג פון דיא עגיפּטישע היעראָגליפען, וועלכע זײנען יאהרהונדערטע פערבליבען א סיעפע געהײמניס און וועלכע מען איז דערגאנגען צו פערשטײן

ערשט מיט א יאהר 75 צוריק. דיא ענטדעקונג וויא צו לעזען דיא היעראָגליפען און אנדערע שריפטען פון אלטען מצרים איז געווען איינע פון דיא גרעסטע און וויכטיגסטע אין 19־טען יאהרהונדערט. דיא עהרע פין דיזער ענטדעקונג געהערט דעם געניאלען פראנצויזישען געלעהרטען שאמפאָליאָן (Champollion), וועלכער האָט געגעבען דעם שליסעל צו דיא היעראָגליפען אין זיין בעריהמטעס ווערק אין 1822, ווען ער איז אלט געווען בלויז 32 יאהר (ער איז געבאָרען אין 1790 און געשטאָרבען אין 1832).

לאנג־לאנג האבען זיך געלעהרטע געבראָכען דיא קעפּ צו דערגיין דעם זינען פון דיא זאָנדערבּארע שריפטען, וועלכע זיינען אויסגעקריצט אויף דיא פּיראמידען, אָבעליסקען און אנדערע מאָנומענטען פון אלטען עגיפּטען, וויא אויך אָנגעשריבען אויף דיא מאסען פּאפּירוסען וועלכע מען געפינט אין מצרים מייסטענס אין דיא קברים־שטיבּלעך און וועלכע מען קען זעהן אין יעדען מוזעאום פון אייראָפּא און אמעריקא. מען וואָלט עס וואהרשיינליך קיין מאָל ניט דערגאנגען, ווען א גליקליכער צופאל וואָלט ניט צוגעהאָלפען. ווען נאפּאָלעאָן דער ערשטער האָט געמאכט זיין בעריהמטע עקספּעדיציע נאך עגיפּטען און האָט דאָרטען געבראָכען דיא מאכט פון דיא שרעקליכע מאמעלוקען, האָט ער אויך מיטגענומען א סך בעריהמטע פראנצויזישע געלעהרטע, אום דאָרטען צו מאכען וויסענשאפטליכע נאכפאָרשונגען. ביי געוו׳סע אויסגראָבונגען האָט א פראנצויזישער אָפיציער מיט דעם נאמען Boussard געפונען אין 1799 יאהר ניט ווייט פון דער שטאָט ראָזעטטא א שטיין, וועלכער געפינט זיך יעצט אין בריטישען מוזעאום. אויף דיזען שטיין זיינען געווען אויפשריפטען, וועלכע דיא געלעהרטע, וואס נאפּעלעאָן האָט מיטגעבראכט, האָבען גלייך גענומען אויספאָרשען. זיי האָבען אויסגעפונען, אז דיא אויפשריפטען זיינען אין דריי שפּראכען: אין גריכיש, קאָפּטיש און אלט־עגיפּטיש, און זיי האָבען זיך אָנגעשטויסען, אז דער אינהאלט מוז זיין דער זעלבער. אויף גריכיש האָט מען איבערגעלעזען דיא נאמען פון דעם קעניג פּטאָלאָמעאוס און פון דער קעניגין קלעאָפּאטרא, און מען האָט דארום גענומען נאכפאָרשען דיא היעראָגליפישע צייכענס

אויף דעם ראָזעטטאַ־שטיין און פערגלייכען דיזע צייכענס מיט אנדערע אויף דיא אַלט־עגיפּטישע מאָנומענטען.

מיר קענען זיך דאָ ניט אריינלאָזען אין איינצעלהייטען וועגען דיזע נאכפאָרשונגען. מיר וועלען נאר זאגען, אז דיא האָפנונג פון דיא געלעהרטע, דאָס דער ראָזעטטאַ־שטיין וועט געבען דעם לאנג־געזוכטען שליסעל צו דיא געהיימניספאָלע היעראָגליפען, איז ווירקליך ערפילט גע־וואָרן. דיא עטליכע פיגורען אויף דעם ראָזעטטאַ־שטיין זיינען אבער נאר ניט גענוג געווען צו קענען פערשטיין דיא אנדערע היעראָגליפען.

דיא שוועריגקייט פון לעזען דיא היעראָגליפען בעשטייט נאך אין דעם, דאָס דיא אַלטע עגיפּטער האָבען צוגלייך בענוצט צוויי שריפט־סיסטעמען, איינע אַן א י ד ע אָ ג ר א פ י ש ע (דאס הייסט דורך בילדער וואס שטעלען פאָר געדאנקען) און דיא אנדערע א פ אָ־נ אָ ג ר א פ י ש ע (דאס הייסט דורך צייכענס וואס שטעלען פאָר קלאנגען). מען האָט דארום בעדארפט פריהער אונטער־שיידען יעדען סאָרט שריפטען, און דאס איז געווען אַן ארבייט, אויף וועלכע דיא גרעסטע געלעהרטע האָבען זיך יאָהרענלאנג געמאַטערט. שאמ־פּאָליאָן איז געווען דער ערשטער אָנצוציינען אויף דיזע פערשיעדענע פאָרמען שריפטען און צו ערקלערן, וויא מען דארף זיי לעזען. ער האָט געעפענט דעם וועג און פיעלע געלעהרטע האבען איהם נאכגע־פאָלגט, זא דאס יעצט זיינען דיא היעראָגליפען אַן אָפענער בוך פון דער געשיכטע פון מצרים. אלס אַ ביישפּיעל פון היעראָגליפּישע שריפטען וועלען מיר בריינגען דיא פיגורען, וואס בעצייכנען דיא נע־מען פון קלעאָפּאַטראַ און פּטאָלאָמעאוס (זעה פיגורע 83).

קלעאָפּאַטראַ.



פּטאָלאָמעאוס.



פיגורע 83. — א ביישפּיעל פון עגיפּטישע היעראָגליפען.

עס ווארפט זיך אין דיא אויגען אז דאס זיינען בילדער־שריפ־טען. דעם נאמען היעראָגליפען האָבען זיי געקראָגען, ווייל זיי זיינען

**בעטראכטעט נעוועז פון דיא אלטע עניפטער אלס היילינע. דער נאמען** איז א גריכישער (פון דיא גריכישע ווערטער היעראָס—הייליג, גליפאָ—גראַווירען); אבער ער איז איינענטליך אַן איבערזעצונג פון אַן עניפּטישען וואָרט מיט אונגעפעהר דיא זעלבע בעדייטונג. דיא עניפטער האבען נעגלויבט, אַז זייער אָבגאָט טהאָטה אדער טאוט, וועלכער איז נערעכענט נעוועזען פאַר דעם פאָטער פון קונסטען, מוזיק, וויסענשאַפטען און אסטראָנאָמיע, איז נעוועזען דער ערפינדער פון זייערע שריפטען. זיין נאמען טהאָטה בעדייטעט אויך: וואָרט, שפּראַך. ער האָט אלזאָ פאָרגעשטעלט דעם „געטליכען וואָרט" אדער פערקערפּערט דיא גייסטיגע קראַפט פון מענשען.

נאר עס פערשטייט זיך, אַז אזעלכע בילדער־שריפטען איז נעוועזען זעהר שווער ניט נאָר אויסצוקריצען אדער אויסצוהאַקען אויף שטיינער, זאָנדערן אפילו צו מאָלען אויף דיא עניפּטישע פּאַפּירוסען (אזא מין שרייב מאַטעריאַל וואס מען האט נעמאַכט פון דיא זאָ־נענאַנטע פּאַפּירוס־פּלאַנץ דורך ווייקען אין וואסער און פּרעסען). מען האט דארום ביסלעכווייז אָנגעפאַנגען צו נעברויכען פערקירצטע אָדער פעראיינפאַכטע היעראָגליפען, דאס הייסט מען האָט נענומען פערצייכנען טהיילען אדער נעוויסע שטריכען פון דיא פריהערע גאַנצע בילדער. אויף אזא ארט האט זיך ענטוויקעלט דיא זאָ־נענאַנטע היעראַטישע שריפט, וועלכע איז געברויכט נעוועזען פון דיא פּריעסטער און פון שטאאַטס־בעאַמטע. דאס איז מיט דער צייט נעוואָרן דיא נעלעהרטע אדער רעליניעזע שריפט און דארום רופט מען עס איהר מיט דעם גריכישען וואָרט היעראַטיש, וועלכער בעדייטעט: אנגעהערינקייט צום פּריעסטער שטאַנד. א ביישפּיעל פון דיא היעראַטישע שריפט איז פאָרגעשטעלט אויף דער פיגורע 84. אויף מאָנומענטען האָט מען איהר ווייניג נעברויכט, מייסטענס נעפינט מען איהר אין פּאַפּירוסען.

נאר פאַר דעם פּראַקטישען געברויך, בעזאָנדערס אין קאָמערץ און אין בריעף, איז דיא היעראַטישע שריפט אויך זעהר שווער געוועזן. דארום האָט מען ביסלעכווייז איינגעפיהרט א דריטען סאָרט שריפט, וועלכע ווערט גערופען דיא דעמאָטישע (פון דעם גריכישען וואָרט

פיגורע 84. — א ביישפיעל פון היעראַטישע שריפטען.

**דעמאָס**—פאָלק). דיזע שריפט האָט שוין ענטהאַלטען גאַנץ ווייניג בילדער־פאָרמען פון דיא אַלטע היעראָגליפען און איז אַלין נעהענטער געוואָרן צו דער אַלפאַבעטישער פאָרמע. דאָס איז געווען דיא עגיפּטישע פאָלקס־שריפט. מען האָט איהר געברויכט אין אָפיציעלע דאָקומענטען, קאָנטראַקטען, א. ז. וו. מען האָט איהר אויך געקריצט אויף מצבות. אין דער צייט, ווען דיא רוימער האָבען בעהערשט עגיפּטען, איז דיא דעמאָטישע שריפט שוין געווען א צימליך איינפאַכע.

אין מצרים זיינען אַלזאָ געווען דריי שריפטען, וועלכע האָבען זיך ביסלעכווייז ענטוויקעלט פון דיא נאָר אַלטע בילדער־צייכנונגען.

דיא היעראָגליפען האָבען שליסליך פאָרגעשטעלט ניט נאָר געדאַנקען דורך בילדער, זאָנדערן אויך קלאַנגען דורך געוויסע צייכענס. וויא מען זאָגט עס אין דער וויסענשאַפטליכער שפּראַך, זיינען דיא עגיפּטישע היעראָגליפען געווען אידעאָגראַפישע און פאָנעטישע. דיא אידעאָגראַפישע צייכענס האָבען פאָרגעשטעלט זאַכען אדער סימבאָלען דיא פאָנעטישע צייכענס האָבען פאָרגעשטעלט גאַנצע ווערטער אדער א טהייל פון א וואָרט, בעזאָנדערס דיא ערשטע זילבע אדער דעם ערשטען בוכשטאַב פון א וואָרט. דאס איז אַלעס צוזאַמענגעמישט געווען אין א געוויסע אָרדנונג, און נור דיא פּריעסטער האָבען גע־וואוסט דיא פערבאָרגענע געהיימניסע פון דיזע שריפטען.

דיא אורזאַכע, ווארום מען האָט אין מצרים געברויכט צוואַ־

מען אידעאָגראַפישע און פאָנעטישע צייכענס איז א גאנץ איינפאַכע. וויא שוין ערקלערט, האָט מען צוערשט פאַרנעשטעלט זאכען דורך זייערע מעהר אדער ווייניגער נאָהענטע בילדער. נאָכהער האָט מען געוויסע בילדער אָנגעפאנגען צו געברויכען פיר עהנליכע זאכען און אויך פיר געדאנקען. צום ביישפיעל: א מענש מיט צוויי פיס, אדער גאר איינפאך צוויי פיס, איז געוועזען א סימבאָל פון בעוועגונג אין אַל־געמיינען. פיעלע צייכענס זיינען אזוי געוואָרן סימבאָלען אדער זין־בילדער. נאר מיט דער ענטוויקלונג פון קולטור און ספּעציעל פון שטאאטען האָט מען אַלץ מעהר און עפטער געמוזט געברויכען שריפטליכע דאָקומענטען. מען האָט אַלזאָ געמוזט אויסטראכטען נייע בילדער און סימבאָלען, וויא דיא עגיפטער און בעזאנדערס דיא כינעזער האָבען עס אויך געטאָן. דאָס איז נאַטירליך געוועזען זעהר אונבע־קוועם און בעזאָנדערס שווער צו געדיינקען. אנשטאָט שטענדיג צו פערמעהרען דיא צאָהל פון סימבאָלען און זיי צו לערנען יאָהרענלאנג, וויא מען טהוט עס נאך יעצט אין כינא, זיינען דיא עגיפּטער גע־פאַלען אויף דעם קלוגען פּלאַן צו געברויכען פאָנעטישע צייכענס. איינינע סימבאָלען, וואָס האָבען פריהער פאָרגעשטעלטווירקליכע זאכען, האָט מען ביסלעכווייז אָנגענומען אלס דיא קלאנגען פון דיא ווערטער, מיט וועלכע מען האָט גערופען דיזע זאכען. צום ביישפיעל: דער עגיפּטישער וואָרט „ראָ" בעדייטעט א מויל און איז פאָרגעשטעלט געוואָרן דורך דעם צייכען ⬭. שפּעטער אבער ווען מען האָט אנגעפאנגען איינצופיהרען דיא פאָנעטישע סיסטעם, איז שוין דיזער צייכען ⬭ גערעכענט געוועזען פאר דעם בוכשטאב „ר". נאָך'ן זינען פון דער פראזע האט מען דיזען צייכען געלייענט „ראָ" און דאן האט ער בעדייטעט: מויל; אָדער „ר" און דאן איז ער געוועזען אן אלפאבעטישער בוכשטאב. אזוי האט מען געטאָן מיט פיעלע אנדערע צייכענס.

נאָר אין גאנצען צו געברויכען פאָנעטישע צייכענס פאר זילבען אָדער איינציגע בוכשטאבען און צו פערוואַרפען אלע היעראָגליפישע בילדער־צייכענס האבען דיא עגיפּטער דאך ניט געקענט צוליעב דיא נאַטור פון זייער שפּראך. אין אונזער בעטראכטונג וועגען דיא

עגיפּטישע שפּראַך האָבען מיר שוין אָנגעציינט, אז זיא איז זעהר רייך געווען אין האָמאָנימען און סינאָנימען. איין וואָרט האט געהאט אזוי פיעל בעדייטונגען, אז מען האט געמוזט צושטעלען א געוויסע בילד־צייכען, אום צו פערשטיין דעם ריכטיגען זינען פון דעם וואָרט אין דער פראַזע. דיא אידעאָגראַפישע און פאָנעטישע צייכענס האָבען ערקלערט איינע דיא אנדערע. צוערשט האט מען געוויינליך געשטעלט דעם פאָנעטישען צייכען פון א וואָרט. נאכהער האט מען צוגעשטעלט דעם אידעאָגראַפישען. דער ערשטער צייכען האט אָנגעציינט וויא מען דארף לעזען דעם וואָרט, דער אנדערער—אין וואס פאר א זינען ער ווערט געברויכט, וויא מען דארף איהם פערשטיין. מיר וועלען ווידער נעהמען אלס ביישפּיעל דעם וואָרט אב, וועלכער האט געהאט ניט וויינינער וויא 8 פערשיעדענע בעדייטונגען, וויא: טאנצען, האַרץ, וואנט, א. ז. וו. אום צו וויסען ביי'ן לעזען דעם פאָנעטישען צייכען פון דיזען וואָרט, אז אין דעם פאַל בעדייטעט דער וואָרט טאנצען, אין אן אנדער פאַל—א האַרץ, א. ז. וו., האט מען געמוזט בעטראכטען דעם אידעאָגראַפישען צייכען פון צוויי פיס, פון א האַרץ, א. ז. וו. דאַן האט מען שוין ניט געקענט צווייפלען, וואס מען וויל אויסדריקען אין יעדען פאַל.

דיא צאָהל פון פאָנעטישע צייכענס איז געווען אונגעפעהר 130. זיי זיינען מייסטענס געווען ניט אלפאבעטישע, נאר סילאבישע. אזוי וויא א סך ווערטער פון דער עגיפּטישער שפּראַך זיינען געווען איינזילבינע, האט מען אזעלכע ווערטער פאָרגעשטעלט דורך בעשטימטע פאָנעטישע צייכענס. דיא ווערטער מיט מעהר וויא איין זילבע האט מען אויסגעדריקט דורך א פערבינדונג פון דיזע צייכענס. דיא אידעאָגראַפישע צייכענס פלעגען בלויז אָנצייגען, וויא מען דארף פערשטיין דיא ווערטער. דיא צאָהל פון אזעלכע אידעאָגראַפישע צייכענס האָט דערגרייכט ביז 175. דיזע צייכענס האָבען געקראָגען אלץ אלגעמיינערע בעדייטונגען. זאָ, צום ביישפּיעל, א מענש אין א זיצענדער פּאָזע האט אָנפאנגס בעצייכענט א מאַן, אבער מיט דער צייט איז דיזער בילד געוואָרען א סימבאָל פון אלע בעשעפטיגונגען, אמטען, פערוואַנדשאפט פון מענשען. אין דיא היע־

ראטישע שריפטען זיינען דיזע אלע צייכענס זעהר פעראיינפאכט געוואָרען, וויא עס איז שוין בעמערקט געוועזען.

אויף אַן ענליכען שטייגער האָבען זיך ענטוויקעלט דיא קונעאָפאָרמישע שריפטען, פון וועלכע עס איז גערעדט געווען אין דער אָבהאַנדלונג איבער שפראכען. זיי האָבען אויך געהאָט אידעאָגראפישע און פאָנעטישע צייכענס. פון דיא פריהערע בילדער זיינען נאר געבליבען פיילענארטיגע צייכענס, צוזאמענגעשטעלט אין א געוויסע אָרדנונג (זעה פיגורע 85). אין דיא קונעאָפאָרמישע שריפטען זיינען

אַרטאַקסאַרטאַ (אַרטאַקסערקסעס).

פיגורע 85. — א ביישפיעל פון קונעאָפאָרמישע אָדער פיילענארטיגע שריפטען.

דיא אידעאָגראפישע צייכענס נעשטאנען פאַר דיא פאָנעטישע. צום ביישפיעל: פאַר דיא נעמען פון מענשען האָט מען געשטעלט איין גלייכען פייל, פאר דיא נעמען פון לענדער האָט מען געשטעלט דריי פיילען אין דער קרים; דיא נעמען פון הערנערדיגע בהמות האָט מען בעצייכענט מיט א גרופע פון פינף פיילען. דאָס זיינען געווען סימבאָלען. דורך א פערבינדונג פון סימבאָלען האָט מען פארגעשטעלט נייע זאכען. צום ביישפיעל: א געפענגניס איז פאָרגעשטעלט געווען דורך דיא צייכענס פון א הויז און פון פינסטערקייט; א טרער איז פאָרגעשטעלט געווען דורך דיא צייכענס פון אַן אויג און פון וואסער, א. ז. וו.

סימבאָלען זיינען אויך געברויכט געווען אין דיא אינדיאנער בילדער־שריפטען. צום ביישפיעל: א לולקע איז געווען דער צייכען פון פריעדען; פייער—פון פאמיליע; עטליכע קאָנצענטרישע קרייזען (ד. ה. איינע אין דיא אנדערע)— פון דער זון און פון צייט; א הייזשטאָק— פון פריינדשאפט; א פויגעל מיט אויכגעצויגענע פליגלען—פון שנעלקייט, א. ז. וו. דער נאמען פון דעם מעקסיקאנער קעניג איטץקאָאַטל האָט בעדייטעט: מעסער־שלאַנג און איז אויף דיא הינ־

ראָגליפען פאָרגעשטעלט געווען דורך קרעמען־מעסערס ארום א שלאַנג. דאָס איז געווען צוגלייך א בילד פון ראַיעלע זאכען און פון אן אייגען־נאָמען. פיעלע אייגען־נעמען זיינען אזוי פאָרגעשטעלט געוואָרען דורך בילדער ביי אַלע פעלקער, וועלכע זיינען דערגאַנגען צו היעראָגליפיישע שריפטען. אייזעק טעילאָר דיינקט, אז דיא אָנווענדונג פון אידעאָגראַפישע צייכענס צו אייגען־נעמען האט געפיהרט צו דעם אָנפאַנג פון פאָנעטישע צייכענס.

אין דיא מאַסען יעצטיגע כינעזישע צייכענס דערקענט מען פון ערשטען בליק אזוי ווייניג דיא אמאָליגע בילדער־צייכענס, וויא אין דיא עגיפּטישע היעראַטישע און אין דיא קוגעאָפאָרמישע שריפטען. מיר ווייסען שוין, אז דיא כינעזישע שפּראַך איז א מאָנאָסילאבישע און אז יעדער וואָרט האט א סך פערשיעדענע בעדייטונגען. עס איז דאַרום גאַנץ נאַטירליך געווען אָנצופאַנגען צו פערצייכנען פאָנעטיש גאַנצע איינזילבינע ווערטער אַנשטאָט דיא בוכשטאַבען, פון וועלכע זיי זיינען צוזאַמענגעשטעלט. פון דער אַנדערער זייט האט מען זיך ניט געקענט בעגיין אָהן ערקלערענדע אידעאָגראַפישע צייכענס אזוי וויא אין דיא עגיפּטישע היעראָגליפען. מיר האָבען שוין געזעהען, אז אום גענוי צו בעצייכנען א זאַך אָדער א געדאַנקען, פערבינדען דיא כינעזער אין זייער שפּראַך צוויי ווערטער וואס האָבען אונגעפעהר דעם זעלבען זינען. נאַטירליך, נאָך מעהר האָט מען אזוי בעדאַרפט האַנדלען ביי'ן שרייבען. אַנדערס וואָלט מען גאַר ניט פערשטאַנען וואס מען לעזט. צום ביישפּיעל: דער וואָרט „טשאָו" בעדייטעט: פּלאַפּלען, שיף, פּוך, טאַז און ברענענדיגעס. וויא אזוי קען מען פערשטיין דיא ריכטיגע בעדייטונג אין יעדען פאַל אָהן א געוויסען סימבאָל? דיא כינעזער האבען דאס געטאָן דורך דיא איינפיהרונג פון „בעשטימענדע צייכענס." צושטעלענדיג דעם צייכען פון א שיף, וועלכער איז מיט דער צייט אזוי געענדערט געוואָרן, אז ער שטעלט קוים פאָר א מאַסטע, ווייסען שוין דיא כינעזער וואס דער וואָרט „טשאָו" מיינט אין דעם פאַל. צושטעלענדיג ווייטער א צייכען וואס שטעלט פאָר צוויי פעדערן, ווייס מען שוין, אז דאָס מיינט „פּוך"; צושטעלענדיג דעם צייכען פון וואַסער, הייסט עס שוין „טאַז", א. ז. וו. דיא עלטערע פאָר־

מען פון דיא כינעזישע שריפטען זיינען נעהענטער צו דיא אורשפּרונג־ליכע בילדער־צייכענס, וויא דיא שפּעטערע. מיר געפינען, צום ביישפּיעל, אז א קייקעלע מיט א פּינטעלע אין מיטען איז געוועזן דער צייכען פון דער זון (גראדע וויא ביי דיא עגיפּטער דער צייכען „ראַ", וואס האט צוגלייך בעדייטעט דיא זון און דעם גאָט פון דער זון); א האַלבע לבנה איז געוועזן דער צייכען פון דער לבנה; עטליכע שטריכען וואס קומען זיך צוזאַמען אויבען האָבען פאָרגעשטעלט א באַרג, א. ז. וו.

אזוי וויא דיא כינעזער האָבען נים געקריצט אויף שטיינער, גלאָז, ציגעל, מעטאלען א. ז. וו., וויא דיא אסיריער און עגיפּטער, נאר האבען נאָך אין דיא עלטעסטע צייטען געמאָלען זייערע צייכענס מיט א פּענזעלע און שווארצע טינט, האָבען זיי לייכטער געקענט פערדרייהען און צוזאַמענבינדען פערשיעדענע צייכענס און אויסטראַכ־טען פערשיעדענע סימבאָלען. צום ביישפּיעל: דער צייכען פון א האַנט, וואס ציהט זיך צו העלפען א פרוי, האָט אויסגעדריקט דעם געַ־דאַנקען פון „זיכערהייט"; א מאַן אויף א בארג לעבען אַן אָבגרונד האָט בעדייטעט „געפאהר", דיא זון אונטער א בוים האָט בעצייכענט „פינס־טערקייט", דיא זון איבער א בוים—„ליכטיגקייט", א. ז. וו. אין דיא אורשפּרונגליכע כינעזישע שריפטען האָט א פרוי מיט א בעזים בע־צייכענט א ווייב, א פרוי מיט א זוהן האָט אויסגעדריקט לעבען, א. ז. וו.

דער רעזולטאט פון דיזע דאָפּעלטע שריפטען—נעמליך: אידע־אָגראַפישע און פאָנעטיש־סילאבישע—איז געווען, דאָס פאר יעדען וואָרט און פאר יעדען געדאַנקען האָט מען בעדארפט אויסקלייבען בעזונדערע צייכענס. דיא עגיפּטער און דיא אסיריער האָבען אויסגעמיידעט דיזע גרויסע שוויריגקייט דורך אלץ א גרעסערען געברויך פון איינפאַכערע פאָנעטישע און זעהר אלגעמיינע אידעאָגראַפישע צייכענס. ביסלעכווייז זיינען דיא אידעאָגראַפישע צייכענס געוואָרן נוצלאָז פאר אזעלכע ווערטער, וועלכע מען האָט לייכט געקענט פערשטיין דורך דיא פאָנעטישע צייכענס אליין. אבער דיא כינעזער זיינען געבליבען ביי זייער אלטע סיסטעם צוליעב דעם מאָנאָסילאַ־

ביזמוס פון זייער שפראך, וויא אויך ציליעב זייער נייגונג זיך צו האלטען אן זייערע אלטע פיהרונגען. אום צו קענען אלע צייכענס פון זייער ליטעראטור־שפראך מוזען זיי דארום לערנען זייער גאנצען לעבען. פיר געוויינליכע צוועקען קען מען אויסקומען מיט 500 ביז 1000 צייכענס גראדע אזוי וויא אין טאג־טעגליכען געשפרעך ווערען ניט בענוצט מעהר וויא 500 ביז 1000 ווערטער.

דיא יאפאנעזער האבען איבערגענומען זייערע שריפט־צייכענס ביי דיא כינעזער. זיי האבען אבער דיזע צייכענס ניט נאר זעהר פערא״ינפאכט, זאנדערן האבען אויך פערוואָרפען אלע אידעאָגראפישע צייכענס. זייער שריפט איז נאך ניט א ריין אלפאבעטישע, אבער זעהר נאָהענט דערצו. זיי בענוצען זיך מיט 47 בוכשטאבען, וועלכע זיי רופען „אי־ראָ־פא“ נאך דיא נעמען פון דיא ערשטע דריי בוכשטאבען. דיזע צייכענס ווערן מייסטענס געלעזען וויא זילבען, און פון זיי ווערן עס צוזאמענגעשטעלט אלע ווערטער פון דער יאפאנעזער שפראך.

דיא אלטע פערסען האבען אויף אן עהנליכע ארט פערא״ינפאכט דיא אסירישע קונעאפארמישע שריפטען. דיא צייכענס וואס האבען פריהער פארגעשטעלט גאנצע ווערטער זיינען אנגעווענדעט געווארען פון דיא פערסען אלס ריין פאָנעטישע. אבער אם בעסטען האבען זיך בענוצט דיא פיניקיער מיט דיא היעראטישע עגיפטישע שריפטען. דיא פיניקיער האבען ניט נאר פערוואָרפען דיא אידעאָגראפישע צייכענס, זאָנדערן אויך דיא פאָנעטישע צייכענס פיר גאנצע ווערטער און זילבען. זיי זיינען געוועזען דיא ערשטע ערפינדער פון א ווירקליכען אלפאבעט און דערמיט האבען זיי געלייסטעט דעם גרעסטען דיענסט דער מענשהייט. דערמיט, קען מען זאָגען, האבען זיי אויפגעהייבען דעם מענשען ביז'ן הימעל און איהם געגעבען דיא גייסטיגע וואפע, דורך וועלכע ער האט בעהערשט דיא גאנצע וועלט.

דער פראָגרעס פון מענשען, וועלכער האט אונז געבראכט צו אונזער יעצטיגע ציוויליזאציאָן, איז ערשט מעגליך געוואָרן דורך דיא ערפינדונג פון אזא איינפאכע זאך, וויא דער פיניקישער אלפאבעט פון 22 בוכשטאבען. דיא ערפינדונג פון אזעלכע שריפטען, וויא דיא היע־

ראָגליפישע, קונעאָפאָרמישע און כינעזישע, איז געוויס געווען דער רעזולטאט פון א ריזיגע גייסטיגע ארבייט. עס איז אויך געווען א ריזיגער שריט פאָרווערטס. אבער מיט דער צייט איז עס געוואָרען א מעכטיגער מיטעל צו אונטערדריקען און צו פערדומען דאָס פאָלק. וויא אייזעק טיילאָר בעמערקט עס גאנץ ריכטיג אין זיין „אלפאבעט“, האָט זיך דער אמת׳ער פראָגרעסיווער שרייבען אָנגעפאנגען דורך דיא ער־פינדונג פון א לייכטע שריפט־סיסטעם. מיט היעראָגליפען האָט מען געקענט אָנשרייבען און מען האָט אויך געשריבען פיעלע ביכער; אָבער מען האָט בעדארפט אָפּגעבען לאנגע יאהרען איידער מען האָט אויס־געלערענט זיי צו לעזען. דיא קונסט צו שרייבען איז דארום געוואָרען א פריווילעגיע פון דיא פריעסטער, וועלכע האָבען אליין צייט געהאט דערמיט זיך אָפּצוגעבען, און זיי האָבען זיך בענוצט דערמיט, אום צו הערשען איבער דעם אונוויסענדען פאָלק.

אזוי וויא נאר זיי האָבען געוואוסט וואס עס שטייט געשריבען אין דיא אלטע ביכער, וועלכע זיינען מיט דער צייט בעטראכטעט געוואָרען אלס הייליגע, אלס דיא פאָרשריפטען פון דיא געטער, האָ־בען זיי געקענט פיהרען דאס פאָלק וויא זיי האָבען געוואָלט. זייער אינטערעס איז געווען ניט צו פערשפרייטען דיא קענטשאפט צו לע־זען און צו שרייבען, זאנדערן פארקעהרט צו מאכען עס נאך וואס שווערער, אז זייטיגע מענשען זאָלען עס ניט קענען אויסלערנען, ווען זיי זאָ־לען אפילו האָבען דיא מיטעל און דעם וואונש דערצו. פון אירגענד וועלכע פאלקסבילדונג האָט גאָר קיין רייד ניט געקענט זיין. דיא פריעסטער האבען איבערהויפט געמאכט א געהיימניס פון דיא ווייניגע קענטניסע וועגען מעדיצין, אסטראָנעמיע, מאטעמאטיק א. ז. וו., וואס זיי האָבען בעזע־סען און פערצייכענט אין זייערע ביכער.

וויא ווייניג דאס פאָלק געניסט פון ביכער, וואס מען קען נאר לעזען נאך יאָהרענלאנגען שטודירען פון דיא צייכענס, מיט וועלכע זיי זיינען געשריבען, קען מען יעצט זעהען איז כינא. זייט יאהרטוי־זענדע האט מען דאָרט געשריבען ביכער, אָבער דאס איז אלץ א פערשלאָסענע תורה פאר׳ן פאָלק. אלע עפענטליכע אמטען זיינען ענג פערבונדען מיט דיא קענטשאפט פון דיא כינעזישע שריפטען. וואס

מעהר צייכענס איינער האט אויסגעלערנט נאך לאנגיעהריגע פראקטיקע, אלץ א העכערען ראנג קריעגט ער. דאס כינעזישע פאלק איז געבליבען אזוי אונוויסענד וויא אין דיא אלטע צייטען, הגם דיא כינעזער האבען אויסגעפונען דיא קונסט צו דרוקען לאנג פאר גוטענבערג'ן.

גאנץ אנדערס איז עס אָבער געוואָרן, ווען מען האט ערפונדען אן אלפאבעט פון אונגעפעהר אזוי פיעל בוכשטאבען, וויא פיעל קלאנגען א שפראך בעזיצט. דאס אויסלערנען פון עטליכע צעהנדליג צייכענס איז שוין געוועזן א קלייניגקייט. מיר לערנען דאס יעצט אוים, ווען מיר זיינען נאך קליינע קינדער. ווען מען וואלט אין דיא פריהערע צייטען געהאלטען פאר נייטיג צו לערנען דעם פראָסטען פאָלק לעזען און שרייבען, וויא מען טוט עס יעצט אין ציוויליזירטע לענדער, וואָלטען אלע דאס גאנץ לייכט אויסגעלערנט. דיא צרה איז אָבער געוועזן, וואס אקערבויער און אויך האנדווערקער זיינען אין דיא קולטור־לענדער געוועזן מעהר אָדער וויינינגער פערשקלאווט און זיי איז גאָר ניט איינגעפאלען צו לאָזען זיי פערלירען צייט אויף לערנען וואס עס איז אויסער זייער ארבייט. דיא פעלקער זיינען נאך אלץ פערבליבען אונוויסענדע, אבער שוין ניט צוליעב דיא שווירינקייט אויסצולערנען דיא שריפטען זעלבסט. ביסלעכווייז אָבער איז דיא קונסט צו לעזען און שרייבען דאך אלץ מעהר פערשפרייטעט געוואָרען אין דיא קולטור־לענדער, וויניגסטענס צווישען דיא פרייע בירגער. מען דארף אויך ניט פערגעסען, אז אפילו ווען מען האט שוין אויסגעפונען וויא צו מאכען שרייב־פאפיר, האָבען נאך ביכער געקאָסט זעהר טייער, זאָ דאס נאר רייכע לייט האבען זיי געקענט קויפען. שוין צוליעב דעם אליין איז דאס לעזען און שרייבען געוועזן א פריווי־לעגיע פון הערשענדע און רייכע קלאסען.

ערשט ווען גוטענבערג האט אין 1436 בעגליקט דיא מענשהייט מיט זיין ערפינדונג צו דרוקען, איז עס מעגליך געוואָרען צו קריגען ביכער אלין ביליגער, זאָ דאס ארימע מענשען, וועלכע האבען געהאט דיא געלעגענהייט און דעם חשק אויסצולערנען דעם אלפאבעט, האָבען שוין אויך געקענט בעקומען וואס צו לעזען. דורך דיזע ערפינדונג, וועלכע ווערט מיט רעכט גערעכענט פאר דיא וויכטיגסטע

פון דער נייער צייט האט מען געקענט פערשפרייטען בילדונג איבעראל, וואו דיא אייראפעאישע ציוויליזאציאן דערגרייכט; אבער אָהן דער ערפינדונג פון אלפאבעט וואָלט דיא גאנצע קונסט פון דרוקעריי ניט געהאט אזא אונגעהייערע בעדייטונג פאר דעם פראָגרעס פון דער מענשהייט. מען קען אויך דרוקען היעראָגליפען און בילדער, און דיא כינעזער, וועלכע האבען געדרוקט זייערע צייכענס פון פלאטען מיט יאהרהונדערטע פריהער פאר דיא אייראָפּעער, האבען נאך צוליעב דעם אליין קיינע בעזאָנדערע פאָרטשריטע געמאכט אין בילדונג. נאר דיא לייכטקייט צו לעזען דורך דיא ערפינדונג פון אלפאבעט און דיא ביליג־קייט פון ביכער דורך דיא ערפינדונג פון דרוקען האָבען עס אזוי שנעל געטריבען דיא ראָד פון פראָגרעס אין אייראָפּא. ווען מען וואָלט גע־קענט אזוי דייטליך און שנעל שרייבען און קאָפּירען, וויא מען קען דרוקען, וואָלט דיא ערפינדונג פון דרוקעריי קיין וויכטיגע בעדייטונג ניט געהאט. דאס הייסט, מיט אנדערע ווערטער, אז דיא קונסט פון שרייבען איז נאר ערלייכטערט געוואָרען דורך דיא קונסט פון דרוקעריי. גוטענבערג האט נאר געשאפען א מעכאנישע שרייב־האנט, אָבער דיא הויפּט־קראפט איז ראָך געבליבען אין דעם אלפאבעט.

# צעהנטער קאַפּיטעל.

## דער פיניקישער אַלפאַבעט און זיין פערשפּרייטונג.

דער עגיפּטישער אורשפּרונג פון פיניקישען אַלפאַבעט. — וויא דיא בוכ־שטאַבען זיינען ענטשטאַנען. — דיא נעמען און ציינען פון סעמיטישע בוכ־שטאַבען. — דער שטיין פון מישע מלך מואב. — העברעאישע אויפשריפטען אויף שטיינער און זיגלען. — דער אַראַמעאישער אַלפאַבעט. — דיא איינפיהרונג פון נקודות. — דער גריכישער אַלפאַבעט מיט וואָקאַל־בוכשטאַבען. — דער לאַטייניש אַלפאַבעט און זיין פערשפּרייטונג. — דיא ענדערונגען פון דיא גריכישע בוכשטאַבען דורך דיא ענדערונג אין דער ריכטונג פון שרייבען. — דער פיניקישער אורשפּרונג פון גריכישען אַלפאַבעט. — באָוסטראָפעדאָן. — דיא ריכטונג פון שריפטען. — דיא פערשפּרייטונג פון פיניקיש־גריכישען אַלפאַבעט אין אזיען און אייראָפּא.

---

ווען מען וואָלט ניט בעוויזען דורך זעהר גרינדליכע נאַכפאָר־שונגען, אז דער פיניקישער אַלפאַבעט שטאַמט פון דיא עגיפּטישע היעראַטישע שריפט, וואָלט מען אויך געמוזט אָננעהמען, אז דיא פיניקיער האָבען ניט געמאַכט דיזע גרויסע ערפינדונג מיט איין מאָל אָהן אירגענד וועלכע בעקאַנטשאַפט מיט אנדערע שריפטען. מיר האָבען שוין ניט איין מאָל אָנגעצייגט און מיר וועלען עס ביי יעדער געלעגענהייט ווידערהאָלען, אז דיא נאַטור און דיא מענשען שפּרינ־גען ניט פלוצלינג אריבער פון איין שטופע אין דיא אנדערע, אז יעדער שריט פאָרווערטס איז דער רעזולטאַט פון פיעלע אורזאַכען,

זעלבע ווירקען מעהר אָדער וויינינער לאנגזאם. ענטדעקונגען און ערפינדונגען ווערן ניט געמאכט בור־פלאַט. זיי זיינען דיא קינדער פון זייער צייט. דיא קולטור־ארבייט לייגט אויס א וועג פיר יעדער נייע זאַך, פיר יעדע נייע ערפינדונג. קורץ, איבעראל און אין אלע צייטען גייט אָן א שטופענווייזע ענטוויקלונג אָדער עוואָלוציאָן.

דיא פיניקיער זיינען געוועס גענוועזן זעהר פעהיגע, מוטהיגע און קלוגע מענשען. זיי זיינען געוועזן דיא ערסטע הענדלערס און ים־רייזענדע פון זייער צייט. אבער אפילו דיא קלינגסטע און פעהיגסטע פון זיי וואָלטען דאָך אליין ניט אויסגעטראכט אן אלפאבעט, ווען זיי וואָלטען ניט געהאט א געוויסען טוסטער פאר זייערע אויגען. מיר האָבען שוין אין פאָריגען קאפיטעל אָנגעוויזען, וויא שווער עס איז געוועזן צו אנאליזירען אלע ווערטער פון א שפראַך, אז מען זאָל זיי קענען פערצייכנען דורך א קליינע צאָהל בוכשטאבען. ווען דאס וואָלט געוועזן אזא לייכטע זאַך, וויא דאס שיינט אונז יעצט, וואָלטען פיעלע קולטור־פעלקער אליין דערגאַנגען דערצו גלייך און ניט בעדארפט זיך מאטערן אזוי לאנג צו פעראיינפאכען זייערע אורשפרונגליכע היעראָגליפען, צוערשט דורך צייכענס פאר גאנצע ווערטער און נאכ־העך דורך צייכענס פאר זילבען. דער שריט צו אלפאבעטישע צייכענס איז אין אמת'ן ערשט מעגליך געוואָרען, ווען מען האָט זיך שוין צו־געוואָהנט צו געברויכען איינפאכע סילאבישע צייכענס.

צו סילאבישע צייכענס זיינען דיא עגיפטער דערגאנגען אפילו אין זייערע ריינע היעראָגליפישע שריפטען. דיא פיניקיער האבען זיך נעפונען אין אונטערשטעגען מצרים, אין מצור, אין גאנץ אלטע צייטען. דאס איז בעוויזען געוואָרען דורך אויסגראָבונגען און נאכפאָרשונגען.*)

*) אין דער צייט ווען איך שרייב דיזען קאפיטעל איז שוין ערשיענען דער ערשטער באַנד פון דער „אידישער ענציקלאָפעדיע“, א ריעזענווערק פון דער גרעסטער בעדייטונג פאר דיא געשיכטע פון אידישען פאָלק, ארויסגעגעבען פון דער בעוואוכטער אמעריקאנער אויפלעגער פירמע Funk and Wagnalls Co. אין דער ענגלישער שפראַך און געשריבען פון מעהר וויא 400 געלעהרטע און פאָבלייטע. אין דיעזען באנד געפינט זיך אויך א זעהר אינטערעסאנטער און

דיא פיניקיער זיינען אלזא בעקאנט געווען מיט דיא עגיפּטישע שריפטען. און זייענדיג הענדלער און ים־פאהרערס, האבען זיי מעהר וויא דיא עגיפטער געפיהלט דיא נויטוועגדיגקייט צו געברויכען וואס איינפאכערע און לייכטערע שריפטען. דיא זעהר פלעקסירטע סעמי־טישע שפראך מיט ווארצעל־ווערטער פון דריי קאנסאנאנטען האט נאך דערצו זעהר פיעל מיטגעהאלפען דיא פיניקיער צו פערצייכענען דיא ווערטער דורך בוכשטאבען. דיא קאנסאנאנטען פון דיא סעמיטי־שע ווערטער איז פערהעלניסמעסיג לייכט צו אונטערשיידען אין יעדען פאל, וויא פיעל דיא וואקאלען זאלען זיך ניט ענדערן. צום בייספיעל: וויא מען זאל ניט לעזען דעם סעמיטישען ווארט קטל: קאטאל, קאטל, קוטאל א. ז. וו., ווארפען זיך אלץ אין דיא אויגען דיא דריי קאנסאנאנטען: „ק, ט ל". דער פאקט, אז דער פיניקישער אלפאבעט האט קיינע צייכענס געהאט פאר דיא וואקאלען, בעווייזט, אז מען האט זיך לייכט געקענט בעגיין אהן זיי ביים לעזען און שרייבען און אז דיא גאנצע וויכ־טיגקייט איז געווען אין דיא קאנסאנאנטען.

דיא פיניקישע שפראך האט ניט געהאט א סך האמאנימען און

---

וויכטיגער ארטיקעל איבער דעם אידישען אלף־בית, געשריעבען פון דר. מארק לידזבארסקי, פריוואט־דאצענט פון סעמיטישע פילאלאגיע אין דער אוניווער־זיטעט פון קיעל, דייטשלאנד. רייזענדיג וועגען דעם אורשפּרונג פון דעם פי־ניקישען אלפאבעט, בעמערקט דר. לידזבארסקי, אז „פערזוכען זיינען אפט געמאכט געווארן צו צייגען, אז דיזער אלפאבעט שטאמט פון דיא עגיפטער אדער פון דיא באבילאנער, אבער מיט קנאפּען ערפאלג". נון, אנערקענענדיג דיא קענטניסע פון דר. לידזבארסקי, מוז איך זאגען, אז איך בין גאר ניט איינפערשטאנדען מיט איהם אין דיזען פונקט און האלט מיט דער מיינונג פון Halevy, Isaac Taylor, Brugsch אזעלכע אנערקענטע געלעהרטע וויא De Rougé, אז דער פיניקישער אלפאבעט שטאמט נאר פון דיא עגיפּטישע שריפטען. מיר שיינט, אז מען קען גאר ניט צווייפלען אין דעם. יעדענפאלס, ווען מען זאל שוין זאגאר אננעהמען, אז דער פיניקישער אלפאבעט שטאמט פון דיא באבילאניש־אסירישע שריפטען, זא הייסט עס דאך אלץ אז דיזער אל־פאבעט איז ניט א גאנץ זעלבסשטענדיגע ערפינדונג פון דיא פיניקיער.

איז בעשטאנען מייסטענס פון צוויי־זילביגע ווערטער, זא דאס דיא אידעאָגראפישע צייכענס, וועלכע זיינען נייטיג געווען צו פערשטיין אין וואס פאר א זינען אן עגיפּטישער וואָרט ווערט געברויכט, זיינען געווען איבערפליסיג פאר פיניקישע ווערטער.

דאס אלעס דארף מען נעהמען אין אנבעטראכט, אום צו פער־שטיין, ווארום נראדע דיא פיניקיער האָבען פעראיינפאכט דיא שווערע און קאָמפּליצירטע עגיפּטישע שריפטען ביז צו אן אלפא־בעט פון 22 בוכשטאבען, פון וועלכע 3 בוכשטאבען האָבען פאָר־געשטעלט ספּעציעלע סעמיטישע קלאנגען, נעמליך: „ח", „ע" און „צ".

מיר קענען זיך דאָ ניט אָפּשטעלען אויף איינצעלהייטען ווענען דיא נאָהענטע פערבינדונג און פיעלע עהנליכקייטען צווישען דיא עגיפּ־טישע שריפטען און דעם פיניקישען אלפאבעט. מיר וועלען נאר ברייננען א פּאָר ביישפּיעלען צו צייגען, וויא דיא ענטוויקלונג פון דיא אלפאבעטישע צייכענס איז פאָרגעקומען. אם בעסטען זעהט מען עס, ווען מען בעטראכט דיא ענטוויקלונג פון דעם בוכשטאב m. דער עגיפּטישער וואָרט מולאק בעדייטעט: א סאָווע (נאכטאיילע). אָנפאנגס איז דיא פיגור פון דיזען פויגעל געווען אן אידעאָגראפישער צייכען. אויף אלטע היעראָגליפען געפינט מען פיגורען פון דיזען נאכט־פויגעל. נאכהער איז דיזער בילד געוואָרען א פאָנאָגראפישער צייכען, און נאך שפּעטער, ווען דיא היעראטישע שריפט איז ענטשטאנען, האָט שוין דיזער פאָנאָגראפישער צייכען אויסגעדריקט דיא ערשטע זילבע פון דעם וואָרט „מולאק", נעמליך: „מו." אין שרייבען האָט מען אלץ פעראיינפאכט דיא פיגור פון דער סאָווע, ביז עס איז דערפון פערבליבען אין דער היעראטישער שריפט א צייכען וואָס איז עהנליך צו א געשריבענעם אידישען „ד" אביסעל אין דער קרום. און פון דיזען צייכען איז עס נאכהער געוואָרן דער בוכשטאב „m." וויא אזוי דיזער בוכשטאב איז געשריבען געווען אין פיניקיש, אלט־העב־רעאיש, סאמאריטאניש און גריכיש, איז פאָרגעשטעלט אין דער טאבעלע פון אלפאבעטען אויף דער נעכסטער זייט.

דער בוכשטאב F שטאַמט פון א היעראָגליפישען בילד פון א געוויסען סאָרט אפריקאנער שלאנגען. דער בוכשטאב „א" (A) איז

| נעמען און בעדייטונגען פון העבּרעאישע בוכשטאַבען. | פעניקיש. | אַלט־העברעאיש. | סאַמאַריטאַניש. | אַלט־גריכיש. | ניי־גריכיש. |
|---|---|---|---|---|---|
| אלף (אָקס) | | | | | A אַלפאַ. |
| בית (הויז) | | | | | B בעטאַ. |
| גימל (גאָמעל) | | | | | Γ גאַממאַ. |
| דלת (טיר) | | | | | Δ דעלטאַ. |
| הא (פענסטער) | | | | | E עפּסילאָן. |
| וו (קרוק) | | | | | |
| זין (געווער) | | | | | Z דזעטאַ. |
| חית (פּאַרקען) | | | | | H עטאַ. |
| טית (שלאַנג) | | | | | Θ טהעטאַ. |
| יוד (האַנט) | | | | | I יאָטאַ. |
| כף (אייגעבויגענע האנט) | | | | | K קאַפּפּאַ. |
| למד (א טרייב שטעקען פאר אָקסען) | | | | | Λ לאַמבדאַ. |
| מם (וואסער) | | | | | M מו. |
| נון (פיש) | | | | | N נו. |
| סמך (אונטערשפּאַרונג) | | | | | Ξ קסי. |
| עין (אויג) | | | | | O אָמיקראָן. |
| פא (מויל) | | | | | Φ פי. |
| צדי (פיש־קרוק) | | | | | |
| קוף (פּאַטילניצע) | | | | | |
| ריש (קאָפּ) | | | | | P ראָ. |
| שין (צאָהן) | | | | | Σ סיגמאַ. |
| תו (קרייץ) | | | | | T טאַו. |

**אנפאנגס געווען דער בילד פון אן אָדלער, דער בוכשטאב „ר“ (R)**
**—פון א מויל, דער בוכשטאב „ד“ (D)—פון א האנט, א. ז. וו.**

דער אַלט־העברעאישער אַלפאבעט איז כמעט דער זעלבער וויא דער פיניקישער (זעהע אַלפאבעטען־טאַבעלע). דיא אידען זיינען געווען נאָהענטע שכנים פון דיא פיניקיער. רייחענדיג דיא זעלבע שפראך, האָבען זיי אויך געשריבען אויף דער זעלבער ארט. אַלע סעמיטישע שטאמען האָבען געברויכט דעם זעלבען אלפאַבעט, ענדערענדיג קוים עטליכע בוכשטאבען. דארום ווערט אויך דער פיניקישער אַלפאבעט גערופען דער סעמיטישער.

דיא בוכשטאבען פון דעם אלטען פיניקיש־העברעאישען אלפאַ־בעט צייגען נאָך גאנץ קלאָר, אז זיי שטעלען פאָר דיא בעדייטונג פון זייערע נעמען. דאס הייסט דיזע בוכשטאַבען זיינען פערא יינ־פאכטע בילדער־שריפטען. צום ביישפיעל: דער וואָרט „אלף“ בעדייטעט אן אָקס און זיין צייכען (זעה אַלפאבעטען־טאַבעלע) צייגט אָן אויף א קאָפּ מיט הערנער; „בית“ בעדייטעט א הויז און איז נאך פון דיא עניפטער פאָרגעשטעלט געווען וויא א פיערעק מיט אן עפענונג אין איין זייט; „גימל“ בעדייטעט א גאָמעל און איז פאָרגע־שטעלט מיט צוויי ליניעס אין א ווינקעל וויא א הייקער; „דלת“ בעדייטעט א טיר און זיין צייכען האט אויף אַן עהנליכקייט צו אַן עפנונג, א. ז. וו. בעזאָנדערס ווארפט זיך אין דיא אויגען, דאס דיא צייכענס פון „עין“ (אַן אויג) דורך א קייקעלע מיט א פינטעל אָדער אָהן א פינטעל אין מיטען, פון „תו“ (א קרייץ) דורך צוויי איבערגע־קרייצטע ליניעס (X), פון „ו“ (א קרוק) דורך קרוק־צייכענס, — זיינען וואהרע בילדער־שריפטען (בעטראַכט אלפאבעטען־טאַבעלע).

אונגעפעהר מיט א מויזענד יאהר פאַר דיא קריסטליכע צייט־רעכנונג איז שוין דער פיניקישער אַלפאבעט געווען פערשפרייטעט ניט נאָר ביי דיא כנענים און אנדערע סעמיטישע שטאַמען, זאָנדערן אויך אין אייראָפּא, וויינינגסטענס אין דיא ערטער, וואו דיא פיניקיער האָבען געהאט זייערע האַנדעלס־סטאַנציאָנען. דיא אויפשריפטען, וואס מען האָט געפונען אויף דיא אינזלען מ א ל ט א און ס א ר ד י נ י א צייגען א זעהר נאָהענטע עהנליכקייט מיט איינינע אויפשריפטען אין

אשה־ און מיט דעם בעריהמטען שטיין, וואס א פראנצויזישער מי־סיאָנער מיט דעם נאמען קליין האָט געפונען לעבען דיבון אין דעם לאַנד פון דיא בני מואב אין 1868. דיזער שטיין איז איינער פון דיא וויכטיגסטע מאָנומענטען פון יענער צייט, דען זיין אויפשריפט איז א בעשטעטיגונג פון דיא ביבלישע שילדערונג וועגען דיא מלחמות פון דיא אידען מיט דיא בני מואב. ווייטער צייגט דיזער מאָנומענט, אז דיא שפּראך און דיא שריפט פון דיא בני מואב זיינען געוועזן דיא זעלבע וויא פון דיא בני ישראל.

אין מלכים ב (ג, ד) ווערט דערציילט, אז מישע מלך מואב האָט רעבעלירט געגען מלך ישראל נאך אחאב׳ס טויט. אין דיא ווייטערע פּסוקים ווערט געשילדערט, וויא מלך יהורם איז ארויס פון שמרון און האָט זיך פעראייניגט מיט יהושפט מלך יהודה און מיט מלך אדום, אום צו בעשטראָפען דעם קעניג פון מואב און איינצונעהמען זיין לאַנד. נון, אויף דעם שטיין וואָס דער מיסיאָנער קליין האט געפונען אין מואב און וואס טראָגט דעם נאָמען דער „מאָאַביטישער שטיין" אָדער „מישע׳ס מאָנומענט" איז אויסגעקריצט א שילדערונג מיט אלט־העברעאישע בוכשטאבען. מיר וועלען דאָ איבערגעבען 8 פּסוקים, וויא ווייט געלעהרטע האבען עס געקענט איבערלעזען:

1. אנך. משע: בן. כמש. מלך. מאב. הד
2. יבני | אבי. מלך. על. מאב. שלשן. שת. ואנך. מלב
3. תי. אחר. אבי | ואעש. הבמת. זאת. לכמש. בקרחה | במשע. מ
4. שע. כי. השעני. מכל. המלכן. וכי. הראני. בכל. שנאי | עמר
5. י. מלך. ישראל, ויענו. את. מאב. ימן. רבן. כי. יאנף. כמש. באר
6. צה | ויחלפה. בנה. ויאמר. גם. הא. אענו. את. מאב | בימי. אמר. כדבר
7. וארא, בה. ובבתה | וישראל. אבד. אבד. עלם. וירש. עמרי. את. כל. אר
8. ץ. מהדבא | . וישב בה. ימה וחצי. ימי. בנה. ארבען. שת. ויש

## דיא שפראך פון דיזער אויפשריפט דערמאָנט אָן א קאַפּיטעל פון מלכים.*)

*) מיר גיבען דאָ איבער דעם אינהאַלט פון דער אויפשריפט אויף דעם מישע־שטיין נאך דיא בעסטע איבערזעצונגען פון געלעהרטע נאכפאָרשער, וועלכע האָבען זיך פיעלע יאהרען געמאַטערט צו לעזען דיא האַלב צוברא־כענע בוכשטאַבען. דיא פינטעלעך אין דער איבערזעצונג צייגען אָן, אז עס פעהלען ווערטער אויף דעם שטיין. דיא אויפשריפט לויטעט אזוי:

„איך מישע, זוהן פון כמוש (נדב?) קעניג פון מואב פון שטאדט דיבון. מיין פאָטער האָט געהערשט איבער מואב 30 יאהר און איך האב גע־הערשט נאך מיין פאָטער. און איך האב געמאכט דיעזען אַלטאַר פאַר כמוש אין קרחה וויל ער האט מיך גערעטעט פון אלע פיינד און ער האָט מיר געלאזט זעהן א נקמה אין דיא וואָס האַסען מיר.

„עמרי דער קעניג פון ישראל איז געקומען און האט בעדריקט מואב פיעל טעג, דען כמוש האט געצירנט אויף זיין לאנד. זיין זאהן איז געקומען נאך איהם און האט אויך געזאגט: איך וויל בעדריקען מואב. אין מיינע טעג האט (כמוש) געזאגט איך וויל ערשיינען צו מואב אין זיין טעמפעל און ישראל וועט אונטערגעהן איין עוויגען אונטערגאַנג. עמרי האָט גענומען מידבא און איז דארין געזעסען... 40 יאהר.... כמוש אין מיינע טעג.... און איך האב געבויט בעל מעון און האב געמאכט אין דעם... און איך האב בעלאַגערט דיא שטאדט קריתים. און דיא מענער פון גד... אין דעם בעצירק זייט פיעלע יאהרען. און עס האָט געבויט זיך דער קעניג פון ישראל קריתים. און איך האב געקעמפּפט געגען דיא שטאדט און האב איהר גענומען און האב דערוואָרגען אלע וואס זיינען דארט געווען, צום וואָהלגע־פאַלען פון כמוש, דעם גאט פון מואב. און איך האב גענומען פון דאָרט...... פאר דעם אַנגעזיכט פון כמוש אין קריתים. און איך האב געלאזען דארט וואוינען דיא מענער פון שירון און דיא מענער פון... שחרת.

„און כמוש האט צו מיר געזאגט געה און נעם איין נבו געגען ישראל. און איך בין געגאנגען דורך דער נאכט און האב געקעמפּפט געגען זיי פון דעם אויפגאַנג פון מאָרגען ביז מיטאָג און איך האָב גענומען דיא שטאָדט און דער־וואָרגען אַלעמען פון דאָרטען, זיעבען פירשטען........ וויל צו עשתר כמוש

ווען דיזער שטיין אין געפונען געוואָרן, האבען פיעלע לענדער איהם געוועלט קריגען פאַר זייערע מוזעאומס. דיא בעלי הבתים איבער איהם זיינען געווען דיא דאָרטיגע בעדואינען, און זיי האבען געהאט פיעלע שטרייטען וועגען דעם. דיא טערקישע רעגירונג האט אויך געוועלט קריגען דעם שטיין, און אוים האס צו דיא טערקען און צוליעב דיא רייסערייען צווישען זיך האָבען דיא בעדואינען צובראָכען דעם וויכטיגען מאָנומענט אויף שטיקער. גליקליכערווייזע האט מען דיא

---

געהערט דאס פערפלוכטע (דער חרם) און איך האב גענומען פון דארט דיא כלים פון יהוה און איך האָב זיי איינגעוויהט פאר דעם אַנגעזיכט פון כמוש.

„און עס האט געבויט דער קעניג פון ישראל יהץ און איז דארין געזעסען וויל ער האט געגען מיר געקעמפפט, און כמוש האט איהם פארטריבען פון מיין אַנגעזיכט. און איך האב גענומען פון מואב 200 מאן דיא פולע צאָהל. און איך האב בעלאַגערט יהץ און איהר איינגענומען און איהר פעראייניגט מיט דיבון.

„איך האב געבויט קרחה דיא מויער פין וואַלד און דיא מויער (פון טהאָל) און איך האב געבויט איהרע טהוירען און איך האב געבויט איהרע טהורמען און איך האב געבויט דאס קעניגס־הויז און האב געמאכט בעהעלטענים פיר בערג־וואַסער אינמיטען שטאדט און עס זיינען ניט געווען קיין גריבער (סיסטערנען) אינמיטען שטאדט און איך האב געזאגט צום פאלק: מאכט יעדער א גרוב אין זיין הויז...... און איך האב געמאכט א גראָבען ארום קרחה (מיט) ישראל.

„איך האט געבויט ערוער און האב געמאכט דיא וועג פון ארנון. איך האב געבויט בית במות, ווייל זיא איז געווען צושטערט. איך האב געבויט בצר דען עס (האבען איהר בעצוואונגען) מענער פון דיבון, זייערע 50, ווייל גאנץ דיבון איז געווען אונטערטהעניג. און איך האב אָנגעפילט.... בקרן וועלכע איך האָב פעראייניגט צום לאנד. און איך האב געבויעט........ און דעם טעמפעל פון דבלתים און דעם טעמפעל פון בעל מעון און האב געבראַכט דארטען דעם כ (מוש) .............. דאס לאנד. אין חורנים... עס האבען דארט געוואוינט........ עס האט צו מיר געזאגט כמוש: געה ארונטער, קעמפף געגען חורנים און ....... כמוש אין מיינע טעג......"

שטיקער צוזאַמענגעקליבען און מיט גרויסע מאַטערנעס צוזאַמענגע־שטעלט און איבערגעלעזען טראָץ דעם, וואָס פיעלע בוכשטאַבען פעהלען און זיינען צובראָכען געוואָרן. דיזער שטיין געפינט זיך יעצט אין דעם לואוור־מוזעאום פון פּאַריז.

לײדער האָט מען ביז יעצט ניט געפונען אין פּאַלעסטינע מאָנומענטען מיט אויפשריפטען פון דיא ערשטע צייטען פון דער אידישער מלוכה. דיא וויכטיגסטע אופשריפט נאָך מישע'ס שטיין איז דיא, וועלכע מען האָט געפונען אין 1881 יאָהר אין דעם טונעל פון דער וואַסערלייטונג אין סילאָם. דיזע אויפשריפט בעציהט זיך אויף דיא אויפבויאונג פון דער וואַ־סערלייטונג, וואָס עס איז וואַהרשיינ־ליך פאָרגעקומען אין דיא צייטען פון יחזקאל. ווייטער האָט מען גע־פונען עטליכע זיעגלען און מטבעות מיט אויפשריפטען. צום ביישפּיעל אויף איין זיעגעל איז אָנגעשריבען „לקניו", וויא אויף דער פיגורע 86. אויף אַן אַנדערע זיעגעל איז פערצייכענט: „לחנניהו בן עזריהו" מיט בוכשטאַבען וויא אויף דער פיגורע 87.



פיגורע 86. — אַן אַלטער אידישער זיעגעל מיט דעם וואָרט לקניו.

פיגורע 87. — אַן אַלטער אידישער זיעגעל מיט דיא ווערטער לחנניהו בן עזריהו.

ביי אויסגראָבונגען לעבען ירושלים האָט מען געפונען ליימענע געפעס מיט קורצע אויפשריפטען. מען רעכענט, אַז דאָס זיינען געווען צייכענס פון קעניגליכע טעפּער־פאַבריקען, וועלכע האָבען דאַן עק־זיסטירט אין פיעלע שטעט. דיא פיגורע 88 שטעלט פאָר איינעם פון דיזע צייכענס אויף א ליימענער כלי. דיא אויפשריפט איז „למלך חברן", וואָס יעדער איינער קען אליין איבערלעזען, ווען ער זאָל נאָכ־

קוקען דיא בוכשטאבען פון אלט־העברעאישען אלפאבעט אין דער טאבעלע אויף זייטע 129. דיא פיגורע 89 שטעלט פאָר א שקל פון דער צייט פון שמעון המכבי (140 יאהר פאר דיא קריסטליכע צייט). אויף איין זייט איז אָנגעשריבען: „שקל ישראל ש(נת) ב.‟ אויף דער אנדערער זייט: „ירושלים הקדושה.‟

דיא פיניקיש־העברעאישע בוכשטאבען האבען זיך מיט דער צייט געענדערט. ביסלעכווייז האבען דיא אידען איבערגענומען דיא בוכשטאבען פון דיא סיריאנער אָדער אראמעער (ארמים) צוזאמען מיט זייער שפראך. דיא אראמעאישע שריפטען זעלבסט זיינען מיט דער צייט פיעל געענדערט געווארן ביז זיי האבען אָנגענומען דיא סקווער (קוואדראט) פאָרמע, וועלכע דיא אידען אין בבל האבען אָנגעפאנגען צו געברויכען און וועלכע איז ביז יעצט פערבליבען ביי אידען. אונזער יעצטיגער אלף־בית איז אַן אראמעאישער. דיא אָרדנונג פון דעם אלף־בית וויא אויך דיא נעמען און דיא צאָהל־בעדייטונגען פון דיא בוכשטאבען זיינען אבער פערבליבען דיא זעלבע.



פיגורע 88.—א צייכען אויף א ליימענער כלי מיט דער אויפשריפט למלך חברן,

דיא סאמאריטאנער (דיא איינוואָהנער פון שמרון) האָבען זיך פעסטער געהאלטען אָן דיא אלטע פיניקיש־העברעאישע בוכשטאבען און נאך ביז היינט צו טאָג בענוצען זיי דיזען אלפאבעט איז זייערע שריפטען.

אלע סעמיטישע אלפאבעטען, וויא פיעל זייערע בוכשטאבען האבען זיך ניט געענדערט מיט דער צייט, האבען אבער געהאט דיזען הסרון, דאס זיי האבען ניט געהאט בעזונדערע צייכענס פאר וואָקאלען.

ירושלים הקדושה. שקל ישראל ש(נת) ב.



פיגורע 89.—א שקל פון שמעון המכבי'ס צייטען

מען האט אלזאָ בעדארפט גוט קענען דיא שפראך, אום צו וויסען וויא אויסצושפרעכען דיא בוכשטאבען פון דיא קאָנסאָנאנטען. דיא העברעאישע שריפט איז פערבליבען אָהן וואָקאל־צייכענס זאָ לאנג לשון קודש איז געוועזען א לעבעדיגע שפראך. אפילו דיא בוכשטאבען „י" און „ו" זיינען זעלטען געברויכט געוועזען. מען פלעגט זיי נאר אריינשטעלען צו בעצייכענען א לאנגען קלאנג. דיא נקודות האט מען ערשט ערפונדען, ווען דיא אידען זיינען שוין געוועזען אין גלות און ווען לשון קודש איז געוואָרען א טויטע שפראך. דער צוועק פון דיא נקודות איז געוועזען אָנצוהאלטען ריין און ריכטיג דיא אויסשפראכע פון דיא העברעאישע ווערטער. ווען מען האט ערפונדען דיא נקודות, וויים מען ניט גענוי, נאר מען ווייס, אז דיא אידישע רבנים האָבען נאָכגעפאָלגט דעם ביישפיעל פון דיא אראמעער און אראבער, וועלכע האָבען אויך ביסלעכווייז איינגעפיהרט נקודות. דיא גאנצע סיסטעם פון נקודות, וויא מיר געברויכען זיי יעצט, איז פעסטגעשטעלט געוואָרען ערשט אין א כ ט ע ן יאָהרהונדערט פון דער קריסטליכער צייט־רעכנונג.

דיא גריכען זיינען, וויא עס שיינט, געוועזען דיא ערשטע צו פערפאָלקאָמען דעם סעמיטישען אלף־בית דורך דיא איינפיהרונג פון וואָקאל־צייכענס צוזאמען מיט קאָנסאָנאנטען־צייכענס. מאנכע פון דיא סעמיטישע בוכשטאבען האבען זיי געמאכט פאר וואָקאלען. זאָ, צום ביישפיעל, פון דעם ספעציעלען סעמיטישען קלאנג, וועלכער

איז פערצייכענט געוועזן מיט דעם בוכשטאב „ע", איז ביי די גריכען געווארען דער וואקאל O (אמיקראן), וועלכער האט אנגעהאלטען די אורשפרונגליכע קייקעלע צו בעצייכענען איין אויג. מיט דער איינפיהרונג פון וואקאל־בוכשטאבען האבען די גריכען געמאכט א ריזיגען שריט פארווערטס. דער גריכישער אלפאבעט איז מיט קנאפע ענדערונגען פערבליבען אין געברויך ביי אלע אייראפעאישע פעלקער. יעדעס פאלק האט אדער צוגעזעצט נייע בוכשטאבען צו בעצייכענען די ספעציעלע קלאנגען פון זיין שפראך, אדער געברויכט פינטעלעך אדער פאסקעלעך אויף געוויסע בוכשטאבען פיר בעשטימטע קלאנגען.

אין וועסט־אייראפא איז פערשפרייטעט געווארען דער לאטיינישער אלפאבעט, וועלכער איז דירעקט איבערגענומען געווארען ביי די גריכען. די רוימער האבען נאר זעהר פעראיינפאכט די בוכשטאבען, צוליעב וואס, וויא אויך דורך דעם גרויסען איינפלוס פון דער רוימישער אימפעריע, איז דיזע שריפט אויסגעקליבען געווארען אין אייראפא. זיא ווערט געוויס אין דער צוקונפט פערבלייבען דער אלוועלטליכער אלפאבעט. אזוי וויא אין דער לאטיינישער שפראך האבען געפעהלט געוויסע קלאנגען, וויא צום ביישפיעל „ח", זיינען אויך דאפיר קיינע בוכשטאבען געוועזן אין דעם לאטיינישען אלפאבעט. אום אויסצודריקען אזעלכע קלאנגען דורך לאטיינישע בוכשטאבען, האט מען גענומען איינפיהרען צוזאמענגעשטעלטע בוכשטאבען. די בוכשטאבען c און h צוזאמען ווערן אין דייטש אויסגעשפראכען וויא „כ", אין פראנצויזיש וויא „ש", אין ענגליש וויא א רוסישער Ч (טשטע). יעדע שפראך וואס ווערט געשריבען מיט דעם לאטיינישען אלפאבעט, האט זיך איהרע ספעציעלע צוזאמענגעשטעלטע בוכשטאבען, אום אויסצודריקען איהרע ספעציעלע קלאנגען.

וויא ווייט דער גריכישער אלפאבעט איז נאהענט צו דעם פיניקישען, קען מען זעהן פון דער טאבעלע אויף זייטע 129. מיט דער צייט האבען אבער די גריכען געענדערט זייערע בוכשטאבען, אום זיי צו קענען לייכטער און שנעלער שרייבען. געוויסע ענדערונגען זיינען פארגעקומען דורך דעם, וואס די גריכען האבען ביסלעכווייז אנגעפאנגען צו שרייבען ניט פון רעכטס צו לינקס, וויא די

פיניקיער און אלע סעמיטישע שטאמען, זאָנדערן פאַרקעהרט, פון לינקס צו רעכטס, וויא אלע אייראָפּעער שרייבען יעצט. עס פערשטעהט זיך, אז מאַנכע בוכשטאַבען האבען דיא גריכען געמוזט שרייבען פערקעהרט אָדער אין איין אַנדער ווענדונג וויא דיא סעמיטען, זאָ דאס מיט דער צייט זיינען דיזע בוכשטאַבען געוואָרען אלץ מעהר דערווייטערט פון דעם פיניקישען מוסטער. זאָל דער לעזער פּרובירען אָנשרייבען, צום ביישפּיעל, דעם פיניקישען אלף, און ער וועט איינזעהן וויאַ אונבעקוועם עס איז צו מאַכען דעם ווינקעל מיט'ן שפּיץ צו דער לינקער האַנט, ווען מען שרייבט פון לינקס צו רעכטס. עס וועט דאַן זיין פיעל לייכטער צו שרייבען דעם אלף, אז דער שפּיץ ווינקעל זאָל אויסקומען אבי על אָן זייט צו דער רעכטער האַנט, דאס הייסט אונגעפעהר אזוי וויא אַ געשריבענער לאַטיינישער בוכשטאב A.

נאָר ווען עס וואָלט זאָגאר קיין שום עהנליכקייט ניט עקזיסטירט צווישען דיא סעמיטישע און גריכישע בוכשטאַבען, וואָלט מען אויך געמוזט אַנערקענען, אז דער גריכישער אלפאַבעט שטאַמט פון דעם פיניקישען, דען דיא נעמען פון זייערע בוכשטאַבען זיינען דיא זעלבע. אין דער גריכישער שפּראַך האבען דיא ווערטער: אלפאַ, בעטהאַ, גאַממאַ, דעלטאַ, א. ז. וו. קיין שום בעדייטונג. דאס זיינען איינפאַך איבערגענומענע נעמען פון בוכשטאַבען. ביי דיא סעמיטען איז, צום ביישפּיעל, דער בוכשטאַב אלף ארויסגעקומען פון אַן אורשפּרונגליכען בילד פון אַן אָקס, ביי דיא גריכען איז עס געווען א פרעמד וואָרט צו בעצייכענען א בעשטימטען בוכשטאַב.

דיא גריכען זעלבסט האבען אַנערקענט, אז זייערע בוכשטאַבען האבען זיי איבערגענומען ביי דיא פיניקיער. ביי זיי איז פערבליבען א לעגענדע, אז א געוויסער קאַדמוס, קעניג פון צידון, האָט זיך בעזעצט אין בעאָטיא (א טהייל פון גריכענלאַנד) און האט דאָרטען געגרינדעט דיא שטאָדט טהעבעס און אריבערגעבראַכט אַן אלפאַבעט פון 16 בוכשטאַבען. דיזע לעגענדע צייגט אויך, אז דיא גריכען זיינען נאך אין דיא ווייטע ביז־היסטאָרישע צייטען געווען אין פערקעהר מיט דיא פיניקיער און האבען קענען געלערנט דעם אל־

פאבעט פון זייערע אזיאטישע שכנים, ווען דיזער אלפאבעט איז נאך ניט בעשטאנען פון 22 בוכשטאבען.

ביי דיא גריכען און רוימער איז נאך פערבליבען א טראדיציאן (קבלה, מסירה), אז דיא פיניקיער האבען זיך בענוצט מיט דיא עגיפטישע שריפטען פאר זייער אלפאבעט. דער אלט־רוימישער היסטאריקער טאציטוס ערקלערט אויך, אז דיא פיניקישע בוכשטאבען שטאמען פון דיא עגיפטישע.

מען קען נאך אננעהמען פאר א בעוויז, אז דיא גריכען האבען איבערגענומען זייער אלפאבעט ביי דיא פיניקיער, דעם פאקט דאס אנפאנגס האבען זיי אויך געשריבען פון רעכטס צו לינקס. נאכהער האבען זיי אנגעפאנגען צו שרייבען אויף דער ארט וואס ווערט בעצייכענט מיט דעם נאמען באוסטראפעדאן (פון דיא גריכישע ווערטער: באוס—אקס, סטרעפא—דרייהען, פערקירעווען). דיזער נאמען קומט דערפון, וואס אזא ארט שרייבען זעהט אויס וויא מען אקערט מיט אן אקס א פעלד. מען האט נעמליך געשריבען איין צייל‌ע; פון רעכטס צו לינקס און דיא אנדערע פון לינקס צו רעכטס, זא דאס מען האט פערשפארט אויפצוהויבען דיא האנט פיר יעדע נייע צייל‌ע. מיט דער צייט אבער איז נאר פערבליבען צו שרייבען פון לינקס צו רעכטס. אלע פעלקער וואס האבען איבערגענומען דעם גריכישען אלפאבעט האבען אויך צוגלייך איבערגענומען צו שרייבען פון לינקס צו רעכטס.

אין אלגעמיינען איז אנפאנגס ניט געווען קיין בעשטימטע ארדנונג וויא צו שרייבען. פיר בילדער־שריפטען מאכט עס נאר ניט אויס אין וועלכער זייט מען פאנגט אן. דיא עגיפטישע היעראגליפען האבען ניט געהאט קיין בעשטימטע ווענדונג, נאר דיא היעראטישע און דעמאטישע שריפטען האבען זיך געצויגען פון דער לינקער האנט צו דער רעכטער. דיא מעקסיקאנער היעראגליפען פאנגען זיך אן אונטען און ציהען זיך ארויף. דיא כינעזער, יאפאנעזער און מאנגאלען שרייבען אין רייהען פון אויבען ארונטער. דיא רייהען ציהען זיך פון רעכטס צו לינקס.

דיא אלטע סאנסקריטישע שריפט שטאמט אויך פון דעם סעמיטישען אלפאבעט, וועלכער האט זיך פערשפרייטעט איבער גאנץ

אזיען מיט אויסנאהמע פון דיא לענדער, וואו דיא כונעזישע ציווילי־ זאציאָן האָט דערגרייכט. דער סאנסקריטישער אלפאבעט איז איינ־ געפיהרט געוואָרען אין אינדיען מיט אונגעפעהר 300 יאהר פאר דיא קריסטליכע צייטרעכנונג און ער האָט זיך פערשפרייטעט אין עטליכע לענדער צוזאמען מיט דער בודיסטישער רעליגיאָן.

דער אראבישער אלפאבעט, וועלכער איז נאטירליך א זעהר פעראיינפאכטער סעמיטישער, האָט זיך פערשפרייטעט אין דיא מאָ־ האמעדאנישע לענדער,

דיא אלפאבעטען וואָס דער ביסקופ אולפילאס האט אין 4־טען יאָהרהונדערט צוזאמענגעשטעלט פאר דיא גאָטהען און וואס דער הייליגער קיריל, דער אפּאָסטעל פון דיא סלאווען, האָט אין 9־טען יאָהרהונדערט צוזאמענגעשטעלט פאר דיא סלאווען, זיינען נאר נאָכאהמונגען פון דעם גריכישען.

דיזע קריסטליכע לעהרערס האָבען איינגעפיהרט זייערע אלפא־ בעטען אום צו קענען איבערזעצען דיא הייליגע שריפטען אין זייערע מוטער־שפּראכען. דער הייליגער קיריל האָט געמוזט אויסטראכטען עטליכע צייכענס פיר דיא ספעציעלע קלאנגען פון דער אלט־סלא־ ווישער שפּראך. פון דיזען סלאווישען אלפאבעט שטאמט עס דער רוסישער, וועלכער איז יעצט אויך אָנגענומען פון דיא סערבען, בול־ גארען, סלאָוואקען און רוסינען. דיא סלאווען וואס האָבען איבער־ גענומען דעם קריסטענטהום ביי דיא גריכען, געברויכען דעם סלאווישען אלפאבעט; דיא סלאווען וואס האָבען איבערגענומען דעם קריסטענ־ טהום פון דער רוימיש־קאטולישער קירכע. געברויכען דעם לאטיינישען אלפאבעט.

# עלפטער קאַפּיטעל.

## צאָהלען און מאָסען.

דיא ערשטע צאָהלען און פינגער־צעהלונג. — רעכנונגען אויף דריי און צוועלף, פינף און צעהן. — דיא רוימישע ציפער־סיסטעם. — ציפער־בוכשטאַבען. — דיא ענטוויקלונג פון דער דעצימאַלער רעכנונגס־סיסטעם. — דיא אראַבישע ציפער און זייער פערשפרייטונג. — מענשליכע גליעדער אלס דיא ערשטע מאָסען. — דיא אַלטע שטענדיגע מאָסען. — דיא מעטרישע סיסטעם.

---

ריידענדיג וועגען דעם אָנפאַנג פון שפּראַכען, האָבען מיר שוין אָנגעציינט, דאָס עס זיינען פערבליבען אזעלכע ווילדע פעלקער, וואס האָבען קיינע ווערטער פאַר צאָהלען העכער פון 3 און 5. אזוי איז עס אויך אַמאָל געוועזן ביי אַלע פעלקער, וויא גרינדליכע נאַכפאָרשונגען בעווייזען עס.

עס פערשטייט זיך אז דיא רעכנונגס־פעהיגקייט איז געוועזן זעהר א שוואַכע ביי דיא ערשטע מענשען. זיי האָבען אויך ניט בעדאַרפט צעהלען און מעסטען. זייערע פינגער זיינען געוועזן גענוג פאַר אַלע זייערע רעכנונגען און זיינען וועך ווייסט וויא לאַנג פערבליבען זייער רעכנונגס־מאַשינע. צוערשט האָט דער מענש זיך אליין בעטראַכט אַלס איינס און דיא גאַנצע אויסערע וועלט אַלס „א סך.“ דורך דעם אינטערשיעד פון „מיינס“ און „דיינס“ איז ענטשטאַנען דער בעגריף פון „צוויי“. אַלעס וואס עס איז געוועזן מעהר וויא צוויי,

איז געוועזן „דריי“ אָדער „א סך.“ ווען רייזענדע האבען געפונען דיא באָטאָקודען פון בראַזיליען, האָבען דיזע ווילדע וועלכע שטעהען אויף א זעהר נידערינער שטופע, געהאט דריי צאָהל־ווערטער: מאָקענאם (איינס), הענטיאַטאַ (צוויי) און אורוהו (א סך אָדער מעהר). זיי האָבען דאָך געקענט צעהלען מעהר וויא צוויי, אָנצייגענדיג אויף זאכען מיט דיא פינגער. אויף דיא עגיפּטישע היעראָגליפען בעצייכענט I איינס, II צוויי און III א סך. אין דער עגיפּטישער שפּראך זיינען אויך פערבליבען דריי צאָהלען פון נאָמענסווערטער: איינצאָהל, דאָפּעלצאָהל און דרייצאָהל, וועלכע איז אויך גערעכענט געוועזן פאַר מעהרצאָהל.

דיא צאָהל דריי איז דארום אָנגענומען געוואָרן ביי פיעלע פעלקער אלס דער אָנפאנג פון דער רעכנונגס־סיסטעם אויף דוצענס. קאָמבינירענדיג צוויי, דריי און צוויי מאָל צוויי אדער פיער איז מען געקומען צו דער העכסטער צאָהל צוועלף, וועלכע האָט מיט דער צייט אויך געקראָגען א בעזונדערן נאָמען. סמנים פון דער רעכנונג אויף דוצענס זיינען נאך ביז יעצט פערבליבען ביי אויראָפּעאישע פעלקער. צום ביישפּיעל: א פוס ווערט צוטהיילט אויף צוועלף צאָלל, אן ענגלי־שער שילינג אויף צוועלף פּענים, א. ז. וו. אין דייטשלאנד האט מען אמאָל אונטערשיידעט א הונדערט פון צעהנדליגע און א הונדערט פון דוצענס, וועלכע האָט געהייסען „גרויסהונדערט.“ אין דער דייטשער שפּראך איז נאך פערבליבען דער אויסדרוק: „ער קען קיין דריי צעה־לען“, וואס מען קען אננעהמען פאַר א סימן פון דיא צייטען, ווען דיא צעהלונג איז אָנגעגאנגען מיט דער צאָהל דריי.

פיעלע פעלקער זיינען א לאנגע צייט געבליבען שטיין ביי דער צאָהל פינף אלס דיא העכסטע אין זייערע רעכענונגען. דאס ערקלערט זיך דערמיט, אז איין האנט איז שטענדיג פערנומען געוועזן מיט פערביינען דיא פינגער פון דער אנדערער האנט און אז עס האָט געדויערט זעהר לאנג איידער מענשען האבען זיך אָפּגעוואָהנט פון רעכנונגען אויף דיא פינגער. אָנפאנגס פלעגט מען געוויינליך אָפּצעה־לען 5, פארביינענדיג איין פינגער נאך דעם אנדערן, און נאכהער פלעגט מען ווייטער דורכמאכען דיא זעלבע אָפּעראַציאָן. פריהער אָפּציילענ־

דינ דיא פינגער פון איין האנד, נאכהער פון דער אנדערער, האָט מען שוין נעהאט דיא צאָהל 10, וועלכע איז פערמליבען דער אָנפאנג פון דער רעכנונגס־סיסטעם ביי אלע ציוויליזירטע פעלקער. דיזע רעכנונגס־סיסטעם הייסט דיא דעצימאלע (צעהנדלינגע) און זיא שטאמט פון דער אורשפּרונגליכער פינגער־צעהלונג.

דיא רוימישע אדער גלה'יישע ציפער, וועלכע זיינען געברויכט געווען אין וועסט אוירָאפּא ביז דיא איינפיהרונג פון דיא יעצטיגע אראבישע ציפער אין 15־טען יאהרהונדערט, צייגען גאנץ קלאָר, וויא דיא דעצימאלע־סיסטעם פון צעהלונג האָט זיך ענטוויקעלט. I איז א צייכען פון איין פינגער, II—פון צוויי פינגער, III—פון דריי פינגער, IIII —פון פיער פינגער, V איז א פערקירצטע צייכנונג פון אָן אויסגעשטרעקטע האנט. נאכהער פאָלגען דיא פינגער פון דער אנדער האנט צום צייכען V ביז צעהן מיט דעם צייכען X, וועלכער איז א דאָפּעלטער V, איינער פון אויבען און דער אנדערער פון אונטען. 10 איז געוואָרן אָן איינס פון א העכערע אָרדנונג, און אזוי איז עס אָנגעגאנגען ווייטער, ווען מען האט בעדארפט מאכען רעכנונגען מיט גרעסערע צאָהלען און מען האט זיך צוגעוואָהנט צו אזעלכע חשבונות.

אין דער צייט, ווען 10 איז נאך געווען דיא העכסטע צאָהל ביי רעכנונגען, האבען ווערטער פאר 100 און 1000 אויסגעדריקט אָן אונבעשטימטע גרויסע צאָהל.—ערשט ביסלעכווייז האט מען געגומען בעגרייפען, אז 1000 איז 10 מאָל 100 אדער 10 דריי מאָל גע'כפל'ט. דיא אלטע גריכען האבען געברויכט דעם וואָרט מיריאדא פיר צעהן טויזענד, נאר דאס האט זיי שוין געשיינט דער גרענעץ פון אלע רעכנונגען. דארום האט מיריאדא צוגלייך בעדייטעט אָן אונגעהייערע צאָהל. פון א וואָרט „מיליאָן“ האבען דיא אלטע קולטור־פעלקער גאר ניט געוואוסט.

צייכענס פאר צאָהלען זיינען וואהרשיינליך איינגעפיהרט געוואָרען, ווען דיא ערשטע בילדער־שריפטען זיינען ענטוויקעלט געוואָרען ביז צו א בעשטימטע היעראָגליפישע פאָרמע. אָבער ווען מען האט אָנגעפאנגען צו געברויכען אלפאבעטען, האט מען געוויינליך אויסגעקליבען

נעוויסע בוכשטאבען צו בעצייכענען געוויסע צאָהלען. אין דעם פיניקיש־העברעאישען אלפאבעט האט יעדער בוכשטאב אויך בעדייטעט א געוויסע צאָהל. דיא ציפער־צאָהל פון דיא אידישע בוכשטאבען איז יעדען לעזער גוט בעקאנט. אונגעפעהר דאס זעלבע האָבען אויך געטאָן דיא גריכען מיט זייער אלפאבעט. נאטירליך, דאס איז ניט געשעהען מיט איין מאָל, נאר ביסלעכווייז. צוערשט האט מען מיט דיא ערשטע 10 בוכשטאבען בעצייכענט דיא איינסען, נאכהער האט מען אויסגעפונען, אז דיא רעכנונגען וועלען אָנגיין פיעל לייכטער און שנעלער, ווען מען וועט יעדען ווייטערן בוכשטאב אָננעהמען אלס א ווייטערן צעהנדלינג, א. ז. וו. אויף אזא ארט האט מען ביסלעכווייז געלערנט צו געברויכען אין רעכנונגען דיא צעהנער סיסטעם, וועלכע איז דיא בעסטע און בעקוועמסטע. קאָמבינירענדיג דיא ציפער־בוכשטאבען האט מען געקענט צוזאמענשטעלען פערשיעדענע צאָהלען ביז א געוויסע סומע, וועלכע איז בעטראכטעט געוועזען אלס דער גרענעץ פון אלע פראקטישע רעכנונגען. דיא רוימער האָבען אָנגענומען דיא בוכשטאבען C און M צו בעצייכענען 100 און 1000, ווייל מיט זיי האבען זיך אָנגעפאנגען דיא ווערטער Centum (הונדערט) און Mille (טויזענד).

צו אונזערע יעצטיגע רעכנונגען מיט צעהן ציפער זיינען ערשט מענשען דערגאנגען גאָר ניט לאנג צוריק. דיא איינפיהרונג פון דיא ציפער 0 צו בעצייכענען צעהנדליגע איז געוועזען א גרויסע ערפינדונג, א ריזען־שריט אויף דעם וועג פון גייסטיגען פראָגרעס. יעדערער וואס האט געלערנט דעם אָנפאנג פון אריטהמעטיק ווייס, אז דיא פאָזיציאָן פון יעדער ציפער מאכט איהר צאָהל 10 מאָל גרעסער אָדער קלענער. דאס שיינט אונז יעצט א קליינינגקייט און יעדענפאלס א גאנץ איינפאכע זאך; אבער אין אמת׳ן איז מען דערצו געקומען נאך א זעהר לאנגע גייסטיגע ענטוויקלונג און נאך לאנגע פראָבעס מיט דיא אלטע רעכנונגס־סיסטעמען. דיא אונבעקוועמליכקייטען פון דיא אלטע רעכנונגס־סיסטעמען זיינען געוואָרען אלץ גרעסער, וואס מעהר עס איז אויסגעקומען צו פערצייכענען און צוזאמענצורעכענען גרויסע צאָהלען. עס איז דארום גאנץ נאטירליך, אז וואס ווייטער קולטור־פעלקער האָבען זיך ענטוויקעלט, אלץ מעהר האבען זיי געזוכט

צו פעראיינפאכען און צו ערלייכטערען דיא סיסטעם פון רעכנונגען דורך ספּעציעלע צייכענס און צוזאַמענשטעלונגען פון דיזע צייכענס אין א בעשטימטער אָרדנונג. מען האט שליסליך געמוזט קומען צו דער ריכטיגער דעצימאַלער סיסטעם. נאר דער וואס האט דער ערשטער איינגעפיהרט דיזע סיסטעם איז געוויס געוועזן איינער פון דיא גרעסטע געניאַלע מענשען, וועלכע עס זיינען ווען עס איז בע־שאַפען געוואָרען.

וואס פאַר א פאָלק עס האָט צוערשט ערפונדען דיא ניין ציפער־צייכענס מיט דעם נול, ווייס מען נאָך ניט פּאָזיטיוו. נאָך דיא לעצטע נאַכפאָרשונגען זיינען עס געוועזן דיא בראַמינען אין אינדיען וועלכע האבען זיך בעשעפטיגט מיט רעכנונגען פון גרויסע צאָהלען. זיי זיינען יעדענפאַלס דערגאַנגען צום געברויך פון נול. נאר דיא בינעזער האבען אויך אויסגעפונען א ספּעציעלען צייכען פאַר צעהנד־ליגע און האבען אויסגעארבייט א צימליך איינפאַכע ציפער־סיסטעם. געוויינליך ווערט גערעכענט, אז דיא אראַבער זיינען געוועזן דיא ער־פינדער פון אונזערע יעצטיגע ציפער. דיזע ציפער טראָגען יעצט דעם נאמען אראַבישע. דער וואָרט ציפער איז אַן אראַבישער און בעדייטעט: פּוסט. מיט דיזען וואָרט האָבען דיא אראַבען בעצייכענט דעם נול, אבער ער איז אָנגענומען געוואָרען אין אלע אויראָפּעאישע שפּראַכען פאַר אלע 10 צאָהל־צייכענס.

מען רעכענט אז דיא אראַבען האבען איבערגענומען דיא ציפער אין אינדיען, וואו מען האט זיי ערפונדען ארום דעם אנפאַנג פון דער קריסטליכער צייטרעכנונג. נאר אויב זיי האבען דיא ציפער ניט אליין ערפונדען, האבען זיי יעדענפאַלס פיעל אויסגעבעסערט און פעראיינ־פאַכט דיא סיסטעם פון דיא דעצימאַלע רעכנונגען מיט דיא 10 צייכענס און האבען דיזע סיסטעם פערשפּרייטעט אין אויראָפּאַ. אין דעם קען קיין שום צווייפעל ניט זיין. ארום דעם עלפטען יאהר־הונדערט האבען דיא אראַבען אין שפּאַניען, וועלכע האבען אזוי פיעל אויפגעטאָן פיר דיא פערשפּרייטונג פון וויסענשאַפטען אין אויראָפּאַ, אויך איינגעפיהרט דיא יעצטיגע ציפער־סיסטעם אין זייערע בעריהמטע אוניווערזיטעטען, וואוהין מען פלעגט קומען לערנען פון אלע עקען

וועלט. פון שפּאַניען זיינען דיא אַראַבּיישע ציפער ביסלעכוויז פער־שפּריימעט געוואָרן אין פראַנקרייך און דייטשלאַנד, וואו מען האט נאָך געברויכט דיא גלח'ישע ציפער ביז דעם 16־טען יאהרהונדערט. אין ענגלאַנד זיינען דיא אַראַבּישע ציפער אריין אין אַלגעמיינען גע־ברויך ערשט אין 17־טען יאהרהונדערט.

דיא צייכענס פאַר אַראַבּישע אדער דעצימאַלע ציפער האָבען זיך נאַטירליך געענדערט מיט דער צייט ביז זיי האבען געקראָגען זייער יעצטיגע פאָרמע.

דיא מאָסען, וועלכע מענשען האבען אנגעפאַנגען צו בענוצען, זיינען ענטשטאַנען דורך א פערגלייך מיט ארומיגע זאכען און מייסטענס מיט דיא מענשליכע גליעדער זעלבסט. דיא ערשטע מענשען האָבען נאַטירליכערווייזע געמאָסטען דירעקט מיט זייערע גליעדער, און ווען מאָסען האבען זיך מיט דער צייט געענדערט, האָבען זיי דאָך אָנגעהאַלטען זייערע אורשפּרונגליכע נעמען נאָך דיא מענשליכע גליע־דער, וויא אייל, פוס, א. ז. וו. אזוי וויא מענשען זיינען ניט גלייך גרויס, זאָ האט מען מיט דער צייט געמוזט אָננעהמען א דורכשניט־ליכע מאָס און איהר מאַכען פאַר א שטענדיגע. דיא געברויכליכסטע מאָס איז איבעראַל געוועזען דער אייל. מען האט געוויינליך אונטערשיי־דעט לאַנגע און קורצע איילען נאָך דער לייננ פון דעם מעסטער'ס אָרעמס. אין סודאַן פארקויפט מען יעצט לייוועגט אויף'ן נאַטירליכען אייל. דער קויפער בעטראַכט בריהער דיא לייננ פון דעם פערקויפער'ס אָרעם און באַט איהם אַן א גרעסערען אדער א קלענערען פרייז אין פראָפּאָרציאָן צו דער לייננ פון דעם עלענבויגען. אין דיא ערטער אבער, וואו דער האַנדעל איז געוואָרן גרעסער, האָט מען אנגעפאַנגען צו געברויכען א שטיקעל האָלץ אונגעפעהר אזוי לאַנג וויא אַן עלענ־בויגען. דיזע שטיקעל האָלץ האט גע׳דיענט אַנשטאָט דיא האַנט פון דעם פערקויפער, אום איהם צו ערלייכטערן דיא ארבייט פון מעס־טען ארום זיין עלענבויגען. מיט דער צייט האט מען נאַטירליך געזעהן, אז דיא שטיקעל האָלץ זאָל האבען א בעשטימטע מאָס אין יעדען האַנדעלס־אָרט. דורך דעם זיינען ענטשטאַנען שטענדיגע מאָ־סען אין אלע לענדער. נאַר דער אייל פון איין לאַנד איז ניט געווען

גלייך צו דעם אייל פון אן אנדער לאנד. צום ביישפיעל: דער אייל פון מצרים איז געוועז 524 מילימעטער לאנג, דער פראנקפורטער אייל —540 מילימעטער, דער עסטרייכער — 780 מילימעטער, א. ז. וו.

פיר קלענערע מאסען האבען געווײנליך געדיענט דיא ברייט פון דער האנט, דער גראבער פינגער (אונגעפעהר א צאלל), דער נאגעל. דיא גרעססטע קערפער־מאס איז געוועז דיא גאנצע לענג פון דעם מענשען, וועלכע איז אונגעפעהר גלייך צו דיא שטרעקע צווישען דיאביידע ענדען פון דיא הענט ווען מען ציהט זיי אויס אין ביידע זייטען פון קערפער. דיזע לענג איז עס דער קלאפטער.

ערד פלעגט געמאסטען ווערן דורך שריט אדער, ווען מען האט בעדארפט זיין פינקטליכער, דורך דיא לענג פון דיא פיאטעס. גרעסערע וויטקייטען האט מען געמאסטען דורך „טעג" אדער אין אלגעמיינען דורך דיא צייט, וואס עס האט געדויערט צוצוקומען פון איין ארט צו אן אנדערן צו־פוס אדער רייטענדיג. וואס ווייטער צוריק אין דער פערגאנגענהייט, אלץ פערשיעדענער זיינען געוועזן דיא מאסען. ביי דיא אלטע גערמאנען איז, צום ביישפיעל, גערעכענט געוועזן פאר א מאס דיא ווייטקייט, וואס א פייל אדער א האק לויפט דורך ביי'ן שליידערן. עס איז אויך געוועזן א מאס, וואס מען האט גערופען „לולקע". מען האט נעמליך גערעכענט דיא צייט, וואס עס דויערט אויסצורויכערען א לולקע.

דיא מאס מייל איז איבערגענומען געווארן ביי דיא רוימער, וועלכע האבען איהר געגעבען דיא לענג פון 1000 דאפעלטע שריט. דערפון שטאמט עס דער נאמען mille, וועלכע בעדייטעט טויזענד.

וואס אנבעלאנגט צו דער מעטריישער אדער דעצימאלער מאס סיסטעם, איז זיא ערשט איינגעפיהרט געווארן אין פראנקרייך וועה־רענד דיא גרויסע רעוואלוציאן אם ענדע פון 18־טען יאהרהונדערט. יעדע פראנצויזישע פראווינץ האט דאן געהאט איהרע וואגען און מאסען, און אום איינצופיהרען איין בעשטימטע און ריכטיגע מאס אין גאנצען לאנד, האט דיא נאציאנאלע פערזאמלונג אדער פארלא־מענט איבערגעגעבען דיזע וויכטיגע ארבייט צו דער אקאדעמיע פון וויסענשאפטען. דיא געלעהרטע מעשען (Mechain) און דעלאמבר (Delambre) האבען געקראגען דעם אויפטראג פון דער אקאדעמיע

אויסצומעסטען דיא לענג פון א פערטעל מערידיאן (מערידיאן הייסט א קרייז ארום דיא ערד דורך דיא צוויי פּאָלען), אום צו קריגען אזא נאטור־מאָס וואס זאל אייביג פערבלייבען דיא זעלבע. א צעהן־מיליאָנטעל טהייל פון דיא לענג פון דעם געמאָסטענעם פערטעל מערידיאָן האָט מען אויסגעקליבען אלס דיא גרונד־מאָס און מען האט עס א נאמען געגעבען מעטער. וויא בעוואוסט, זיינען אלע פערטהיילונגען פון דיזער גרונד־מאָס, סיי גרעסערע סיי קלענערע, דעצימאלע, וואס עס איז זעהר בעקוועם פאר רעכנונגען. דיזע סיסטעם איז א ריין־וויסענשאַפטליכע און א זעהר לייכטע. צוליעב איהר גע־נויאינקייט און בעקוועמליכקייט האט מען איהר שוין אָנגענומען אין פיעלע לענדער, און עס קען קיין צווייפעל ניט זיין, אז זיא וועט אין א גיכער צוקונפט איינגעפיהרט ווערן אין דער גאנצער וועלט.

# צוועלפטער קאַפּיטעל.

## דיא ענטשטעהונג פון א גלויבען אין גייסטער.

דער אַלגעמיינער זינען פון רעליגיאָן. — ווילדע פעלקער אָהן רעליגיאָנען. — פערשיעדענע מיינונגען וועגען דיא רעליגיאָן פון דיא ווילדעסטע פעלקער און דיא אורזאַכען דערפון. — קיין איינגעבאָרענער רעליגיעזער געפיהל. — אַרכעאָלאָגישע בעווייזע, אז דיא ערשטע מענשען האבען קיין שום רעליגיאָן ניט געהאַט. — דיא מענשליכע דענקונגס־קראַפט און איהרע געזעץ. — עהנליכקייט פון דענקען און פון רעליגיעזע גלויבענס ביי ווילדע פעלקער. — דיא אונבעוואוסטע גייסטיגע אַרבייט און חלומות. — טרוימען און אילוזיאָנען פון ווילדע. — חלומות און דער בעגריף פון גייסטער.

---

יעצט בלייבט אונז נאָכצופאָרשען דיא גייסטיגע ארבייט פון מענשען, וועלכע האט זיך ארויסגעוויזען אין דעם וואס מען בעצייכענט מיט דעם אַלגעמיינעם וואָרט רעליגיאָן. דיזע ארבייט איז געוועזען א זעהר לאַנגע, קאָמפּליצירטע און וויכטיגע זייט מענשען האָבען אָנגעהייבען נאָכצודענקען וועגען דיא נאַטור ארום זיי. אלע גייסטיגע פעהיגקייטען פון מענשען זיינען געוועזען אַם ענגסטען פערבונדען מיט זייערע רעליגיעזע אַנזיכטען. אויף געוויסע קולטור־שטופען ווערט דער גאַנצער לעבען פון פעלקער רעגולירט פון זייער רעליגיאָן. פון זיין

נעבורט ביז זיין טויט איז יעדערער געוועזן איינגעשלאָסען אין פעסטע רעליגיעזע קלאַסען, פון וועלכע ער האט זיך ניט געקענט ארויסרייסען און האט אויך ניט געזוכט זיך ארויסצורייסען.

וואס מען זאָל ניט דיינקען וועגען רעליגיאָן ביי ציוויליזירטע פעלקער, מוז מען דאָך צוגעבען, אז ביי פעלקער אויף אלע נידריגערע קולטור־שטופען זיינען רעליגיאָנען געוועזן צוגלייך גאָטעסדיענסט, מאָראל, געזעצגעבונג, וויסענשאפט און פילאָזאָפיע. נאך יעצט האט דער וואָרט רעליגיאָן דיא בעדייטונג פון אמונה, גאָטעסדיענסט, פרומקייט, הייליגקייט, מאָראליטעט, געטליכקייט. אָפט געברויכט מען אויך יעצט דעם וואָרט רעליגיאָן, ווען מיר ווילען אויסדריקען א שטארקען גלויבען אין זאכען און מיינונגען, וואס האָבען מיט א גאָט גאָר ניט צו טאָן. דער וואָרט רעליגיאָן שטאמט פון א לאטיינישען צייטוואָרט, וואס בעדייטעט: צובינדען. צוערשט האט מען מיט דיזען וואָרט בעצייכענט בלויז דיא בעציהונגען פון מענשען צו גייסטער אָדער געטער, וואס פאר נעמען זיי האָבען ניט געטראָגען. אין דיזען אלגעמיינען זינען וועלען מיר אויך דאָ געברויכען דיזען וואָרט. יעדענפאלס איז דער גרונד פון יעדער רעליגיאָן, אפילו אונטער דיא ווילדעסטע מענשען, א גלויבען אין איבערנאטירליכעס, אין עפּעס אזעלכעס, וואס שטייט אויסערהאלב דעם מענשען און וואס האָט דאָך א מעכטיגע ווירקונג אויף אלע זיינע האנדלונגען, אויף זיין גאנצען לעבען.

וויא אזוי אָבער האבען מענשען נעקראָגען אזא גלויבען? איז עס ווירקליך אן איינגעבאָרענער געפיהל ביי מענשען, וויא פיעלע, בעזאָנדערס גייסטליכע, האבען עס בעהויפּטעט און בעהויפּטען עס נאך יעצט, אדער איז עס ענטשטאנען דורך געוויסע אייגענשאפטען פון דעם מענשליכען גייסט און דורך בעשטימטע נאטירליכע ערשיינונגען, וויא געלעהרטע נאכפאָרשער בעווייזען עס? מיט דיזער פראגע איז ענג פערבונדען אן אנדערע, נעמליך: גיבט עס אָדער האט עס ווען עס איז געגעבען אזא ווילדער שטאם, וואס זאל קיין שום בעגריף ניט האבען פון אירגענד וועלכען רעליגיעזען גלויבען אזוי וויא חיות?

לאמיר זעהן, וואס א גרינדליכע נאכפאָרשונג פון דיא רעליגיאָנען פון דיא ווילדעסטע פעלקער ענטפערט אויף דיזע פראגען.

**עס איז קלאָר, אז ווען מען זאָל געפינען א ווילדען שטאם אָהן** שום רעליגיאָן, וואָלט שוין דערמיט. אליין בעוויזען געוואָרען, אז דער רעליגיעזער געפיהל איז ניט איין איינגעבאָרענער געפיהל ביי מענשען, אז מענשען אונטערשיידען זיך ניט אין דיזער בעציהונג פון היות. אזא ווילדען שטאם האבען רייזענדע געזוכט און געאקערט אויף דער גאנצער ערד, און פיעלע רייזענדע און אפילו מיסיאָנערען האבען בעהויפטעט, אז זיי האבען אזעלכע ענטדעקט; אבער נאך גרינדליכערע נאכפאָרשונגען האט מען עס אפגעשטריטען. אונענדליכע ויכוחים זיינען אָנגעפיהרט געוואָרן און ווערן נאך אָנגעפיהרט וועגען דיזען העכסט אינטערעסאנטען און וויכטיגען פונקט. דיא אורזאכע דערפון ליעגט ניט בלויז אין דעם, וואס עס זיינען שוין יעצט ניטאָ ווילדע פעלקער אויף אזא נידעריגער שטופע, וויא דיא ערשטע מענשען זיינען געוועזען, זאָנדערן אויך אין דיא מיינונגען, אנזיכטען און גלויבענס פון דיא נאכפאָרשערס זעלבסט. עס פארשטייט זיך, אז א מיסיאָנער אדער א גלויבינער רייזענדער וועט אין זיינע בעטראכטונגען און נאכפאָרשונגען ארויסגיין פון א גאנץ אנדערן שטאנדפונקט וויא איין אונגלויביגער אָדער א גאנץ אונפּארטייאישער געלעהרטער. דיא רעזולטאטען פון זייערע נאכפאָרשונגען וועלען דארום זיין גאנץ פערשיעדענע, וויא דאס איז אויך דער פאל אין דער ווירקליכקייט. ווייטער איז עס פאר א ציוויליזירטען מענשען סתם זעהר שווער צו בעגרייפען דיא דענקונגס־ארט און דיא גלויבענס פון ווילדע. מען דארף יאָהרענלאנג לעבען אונטער ווילדע און גוט אויסלערנען זייער שפראך, אום צו קענען בעגרייפען זייערע רעליגיעזע בעגריפע, זייערע מיינונגען וועגען דיא נאטור און וועגען א'ן אויסער־נאטירליכע וועלט. פון ערשטען בליק קען עס אויסווייזען, אז ווילדע האבען ניט דעם מינדעסטען אָנפאנג פון א רעליגיאָן; אבער נאכהער, ווען מען ערלערנט זייער שפראך און מנהגים, זעהט מען איין, אז מען האט א טעות געהאט, אז זיי גלויבען דאָך אין עפּעס איבערנאטירליכעס און האבען א געוויסען גאָטעסדיענסט.

צום ביישפּיעל: פיעלע רייזענדע דערציילען, אז ווען זיי האבען געפרעגט ווילדע, ווער עס האט געשאפען דעם הימעל, האבען דיא ווילדע געענטפערט, אז זיי וייסען עס ניט און האבען וועגען דעם קיין מאָל ניט

געדענקט. דיזע רייזענדע האבען ערקלערט, אז זיי האבען גע־פונען ווילדע, וואס האבען קיין בעגריף פון רעליגיאָן. עס איז אבער בעוויזען געוואָרן, אז דיא זעלבע ווילדע גלויבען אין גייסטער, אז זיי האבען זאָגאר א געוויסען צערעמאָניאל, וויא צו פערעהרען דיא גייסטער, און דיזע גייסטע זאלען זיין גוט צו זיי. דיא רייזענדע האבען אלזאָ א טעות געהאט, און זייער טעות איז איינפאך געקומען דורך דעם, וואס זיי האבען געשטעלט דיא ווילדע צו אלגעמיינע פראַ־גען, אויף וועלכע דיא ווילדע האבען ווירקליך ניט געקענט ענטפערן. דיא רייזענדע האָבען ניט גענומען אין אנבעטראכט דעם גייסטיגען צושטאַנד פון דיא ווילדע, מיט וועלכע זיי האָבען זיך צוזאמענ־געטראָפען. אַ ווילדער קען גאר קיין אהנונג ניט האָבען וועגען א גאָט וואס האט בעשאפען דעם הימעל און דאָך גלויבען אין בייזע און גוטע גייסטער. דאס צייגט בלויז, אז זייערע רעליגיעזע אנזיכטען זיינען נאך פערבליבען אויף אַ נידעריגער שטופע, אבער דאס הייסט ניט, אז זיי האבען גאר קיין רעליגיאָן ניט. מאנכע קריסטליכע מיסיאָ־נערען האבען בעטראכטעט דיא גלויבענס פון ווילדע פעלקער אין גייסטער און געצקעס פאר באָבע־מעשיות און האָבען דארום ערקלערט, אז דיזע פעלקער האָבען גאָר קיין רעליגיאָן ניט. אבער דיזע גלויבענס זיינען אין דער ווירקליכקייט געווען דיא גאַנצע רעליגיאָן פון דיזע ווילדע פעלקער.

ווען מען זאל אורטהיילען וויא דיזע מיסיאָנערען, דאַן בלייבט צו זאָגען, אז א רעליגיאָן האָבען נאר דיא פעלקער, וועלכע גלויבען אין אלגעמיינע געטער אָדער אין איין גאָט. דאס איז אבער איינפאך אַן אונזין, דען דער גרונד פון יעדער רעליגיאָן, פון דער העכסטער ביז צו דער נידעריגסטער, בלייבט שטענדיג אַ גלויבען אין איבערנאַ־טירליכעס, אין אַ וועלט אויסערהאלב דיא דאָזיגע, וועלכע מיר פיהלען און בעגעהמען מיט אונזערע פינף חושים.

דיא יאַגהאַנען פון פייערלאַנד, וועלכע זיינען זעהר נידעריגע ווילדע, זיינען ערקלערט געוואָרען פון רייזענדע אלס א שטאם אָהן אַ רעליגיאָן. אָבער דיזע ווילדע האָבען אַ גאַנצען צערעמאָניאל און פיעלע אבערגלויבענס. זיי גלויבען, צום ביישפיעל, אז דיא האָאָר,

וואס פאָלען ארויס פון זייערע קעפּ, דאַרף מען פערברענען, זאָגסט וועט מען קראַנק ווערן; זיי גלויבען, וויא דיא מייסטע ווילדע פעל־קער, אז דעם נאָמען פון אַ טויטען דאַרף מען ניט דערמאָנען, זאָנסט וועט זיין גייסט קומען און מיטברייננגען א מגפה; זיי גלויבען, אז יונגע קאַטשקעס דאַרף מען ניט טויטען, זאָנסט וועט זיין אַ שלעכטער וועטער, א. ז. וו. האבען דען ניט דיא ציוויליזירטעסטע פעלקער עהנליכע גלויבענס? דורך דעם וואָס מיר רופען עס אַבערגלויבען ווערט דאָך דער פאַקט פון גלויבען ניט גענענדערט. יעדער אבערגלוי־בען פערבלייבט דאָך אַ גלויבען אין איבערנאַטירליכעס, א גלויבען אין עטוואָס וואס שטייט אויסערהאַלב אונז און בעהערשט אונזער שיקזאַל. אזוי איז דאס אויך דער פאַל מיט אַנדערע גלויבענס פון דיא ווילדעסטע פעלקער, וועגען וועלכע מען האָט בעהויפּטעט, אז זיי האָבען קיין רעליגיאָן.

אבער ווען מיר זאָלען צוגעבען, אז יעצט עקזיסטירט שוין גאָר קיין פאָלק ניט אָהן אַ געוויסע רעליגיאָן, קען מען נאָך דערפון אויף קיין פאַל ניט דרינגען, אז אזוי איז עס אלע מאָל געווען, אז מענשען ווערען געבאָרען מיט אַ רעליגיעזען געפיהל. מיר וועלען דאָ לאָזען אָן אַ זייט דעם בעווייז, אז עס זיינען דאָ מאַסען אונגלויביגע אָדער אַטהע־איסטען אויף דער וועלט. וואס פרומע לייט זאָלען ניט דיינקען ווע־גען אַטהעאיסטען, אָבער דאס מוזען זיי דאָך יעדענפאַלס צוגעבען, אז אזעלכע מענשען בעזיצען ניט איין איינגעבאָרענעם רעליגיעזען געפיהל. דער פאַקט, אז רעליגיאָנען האָבען זיך זעהר לאַנגזאַם ענטוויקעלט פון נידעריגערע אין העכערע, וויא מיר וועלען עס זעהען אין דיא וויטערע קאַפּיטלעך, צייגט אָן, אז אמאָל האָט בעדאַרפט זיין אזא צו־שטאַנד, ווען מענשען האָבען דערפון קיין בעגריף ניט געהאט. דיא ארכעאָלאָגיע ליפערט אונז דערצו בעשטימטע בעווייזע.

אין אָנפאַנג פון אונזער קולטורגעשיכטע האבען מיר שוין אָנ־געוויזען, אז אין זיד־פראַנקרייך האט מען געפונען הייליען, וואו מענשען האבען געלעבט נאך מיט מיליאָנען יאָהרען צוריק, ווען אייראָפּאַ איז געווען בעדעקט מיט אייז, און נאָך פריהער, ווען אייראָפּאַ האט געהאַט א טראָפּישען קלימאַט. אין דיא אַרכעאָלאָגישע מוזעאומס

געפינען זיך טוויזענדע שטיינערנע און ביינערנע געציינ און צאצקעס פון דיזע מענשען, אָבער אונטער זיי איז ניטאָ קיין איינציגע זאַך, וואס זאל אָנצייגען, אז זיא האט געקענט דיענען צו א רעליגיעזען צוועק, וויא א קמיע, צויבערמיטעל, געצקע, א. ז. וו. אין דיא היילען וואו מען האָט געפונען דיא ביינער פון דיא דאמאָלסדיגע מענשען, האט מען ניט בעמערקט קיין שום צייכען פון בעערדיגונגס־צערעמאָניעס, וויא אין דיא שפּעטערע צייטען, ווען עס האט זיך אָנגעפאנגען דער נעאָליטישער אדער פּאָלירטער שטיינערנער פּעריאָד. דער בעריהמטער פראנצויזישער אַרכעאָלאָג Mortillet איז דארום געקומען צום שלוס, אז דיא מענשען פון אייז־פּעריאָד האבען נאך קיין שום רעליגיעזען בעגריף ניט געהאט.

דיא לינגוויסטיק פיהרט אויך צו דעם זעלבען שלוס, דען ווען מען פאָרשט נאך דיא היילינע ווערטער פון אַלטע שפּראכען, געפינט מען, אז דיזע ווערטער זיינען אָנפאנגס געברויכט געוועז צו בעצייכנען גאנץ איינפאכע זאכען, וואס האבען קיין שום שייכות ניט געקענט האבען מיט רעליגיעזע בעגריפע. דערפון דרינגט מען, אז ווען דיא ערשטע מענשען האבען זיך שוין בענוצט מיט אן ארטיקולירטע שפּראך, האבען זיי נאך קיין רעליגיאָן ניט געהאט.

אבער ווען מענשען בעזיצען ניט אָן איינגעבאָרענעם רעליגיעזען געפיהל, איז דאָך דיא פראגע, וויא אזוי זיינען ביי אלע פעלקער ענטשטאנען רעליגיאָנען, וועלכע זיינען ניט נאר עהנליך איינע צו דיא אַנדערע אויף דיא זעלבע קולטור־שטופען, זאָנדערן האבען אלע איין פונדאמענט. ווארום האבען מענשען איבערהויפּט אָנגעפאנגען צו גלויבען אין א גייסטער־וועלט? וואָס האט זיי געפיהרט דערצו? פון וואנען האָבען זיך גענומען זייערע גלויבענס?

דיא אַנטוואָרט אויף דיזע פראגען דארפען מיר זוכען צוערשט אין דער נאַטור פון מענשען, בעזאָנדערס אין דיא גרונד־געזעץ פון מענשליכען דענקען. אלע געלעהרטע נאכפאָרשער ווענען דעם אורשפּרונג פון רעליגיאָנען קומען אלץ מעהר צום שלוס, אז דיזער אורשפּרונג געפינט זיך אין דער ארט און וויזע, וויא דער מענש פיהלט און קריעגט בעגריפע פון זאכען. מיט אַנדערע ווערטער הייסט

עס, אז מיר מוזען זיך ווענדען צו דער וויסענשאפט, וואס הייסט פסיכאָלאָגיע (פון דיא גריכישע ווערטער פּ ס י כ ע—אָטהעם, נשמה, ל אָ ג אָ ס — וואָרט) און וואָס בעשעפטיגט זיך מיט דעם, וויא אזוי מענשען פיהלען און דיינקען. דיזע וויסענשאפט בעווייזט, אז אלע מענשען דיינקען נאך דיא זעלבע געזעץ און אז דיזע געזעץ זיינען אזעלכע שטרענגע, אז מיר קענען זיי ניט ענדערן מיט דעם, וואס מיר רופען: פרייער ווילען. דער מענשליכער גייסט שיינט צו זיין א מאשינע, וואס מוז פיהרען צו דיא זעלבע בעגריפע און געדאנקען אונטער דיא זעלבע אומשטענדען.

אונזערע אידעען ענטשטעהען דורך דיא איינדריקע אויף דיא נערוועז פון אונזערע פינף חושים. דער גרונד פון דעם, וואס מיר רופען נשמה, ליעגט אין אונזערע נערוועז. ווען זיי ווערן אָבגעשוואכט, ווערט אָבגעשוואכט אונזער דענקונגס־קראפט, ווען זיי פערלירען זייער עמפפינדליכקייט אויפצונעהמען דיא איינדריקע פון דער אויסערער וועלט, ווערען מיר אָפגעשטאָרבענע. צום ביישפיעל: מיר זעהן, ווייל דער אויגען־נערוו נעהמט אויף דיא איינדריקע פון שיין. ווען ער פערלירט דיזע פעהינקייט, ווערן מיר בלינד. אזוי איז עס אויך מיט דיא נערוועז פון דיא איבריגע חושים. אונטער גלוויינליכע אומשטענדע פון מענשען לעבען זיינען דיא איינדריקע אויף אונזערע נערוועז זעהר עהנליך. דארום זיינען אונזערע אידעען, צו וועלכע דיזע איינדריקע פיהרען, אויך עהנליך. דער רעזולטאט דערפון איז, דאָס ווען מענשען געפינען זיך אין דעם זעלבען צושטאנד, מוז אויך זייער גייסטיגע ארבייט אדער דאָס דיינקען זיין עהנליך.

וויא אמת דאָס איז, זעהט מען בעזאָנדערס ארויס, ווען מען פאָרשט נאך דיא רעליגיאָנען פון דיא ווילדעסטע פעלקער. זיי זיינען אלע אזוי עהנליך, אז פון ערשטען בליק קען מען מיינען, דאָס איין שטאם האט זיי איבערגענומען ביי דעם אנדערן. מיר וויסען אבער, אז דיזע שטאמען האבען קיין שום שייכות ניט געהאט איינע מיט דיא אנדערע און האָבען אויך קיין שייכות ניט געקענט האָבען, ווייל זיי זיינען געוועזן אָפגעזונדערט דורך אָקעאנען. דיא ווילדע אין צענטראל־אפריקא, אין אויסטראליען, אין אמעקירא האָבען געוויס קיין

מאָל קיין פערקעהר ניט געהאַט איינע מיט דיא אנדערע, און דאָך וואַרפט זיך דיא עהנליכקייט פון זייערע רעליגיאָנען אין דיא אויגען.

דיא אורזאַכע פון דיזער עהנליכקייט מוז אַלזאָ זיך געפינען אין דיא מוחות פון דיא מענשען, אין זייער אַרט און וויזע פון דיינקען.

„דיא ערשטוינענדע עהנליכקייטען, דיא פאָלקאָמענע גלייכניסע, שרייבט דער בעוואוסטער אמעריקאַנער אַרכעאָלאָג און לינגוויסט דאַניעל ברינטאָן אין זיין בוך „רעליגיאָנען פון ערשטע פעלקער", —וועלכע צייגען זיך שטענדיג ארויס אין דיא מיטהען (פאַבעלהאַפ־טע געשיכטען, באָבע־מעשיות) און אין דיא צערעמאָניעס ביי פעלקער, וואָס זיינען אָבגעטהיילט איינע פון דיא אַנדערע דורך אָקעאַנען און גרויסע לענדער, האָט מען אָנגענומען אלס א בעוויז פון געמיינ־שאַפטליכע אָפּשטאַמונג אדער פון איבערוואַנדערונג. אין אמת'ן אבער זיינען דיזע עהנליכקייטען נאָר א בעוויז פון דיא פונדאַ־מענטאַלע איינינקייט פון דעם מענשליכען גייסט און פון זיינע ווירקונגען. וואו מיר זאָלען זיך ניט קעהרען און ווענדען צו דיא ערשטע און איינפאַכסטע רעליגיאָנען פון דער וועלט, גע־פינען מיר, אז זיי בעשעפטיגען זיך כמעט מיט דיא זעלבע זאַכען אויף כמעט דיא זעלבע אַרט. דיא פערשידענהייטען קומען נאָר דורך לאָקאַלע און צייטווייליגע אורזאַכען."

דיא פסיכאָלאָגיע לערנט אונז ווייטער, אז ניט אלע איינדריי־קע פון אונזערע נערוועז רופען זיך אָפּ אין אונזער מאָרך אויף אַזאַ ארט, אז מיר זאָלען גלייך ווערען בעוואוסט דערפון. דער גרעס'טער טהייל פון אונזערע איינדריקע זיינען אזעלכע, וואס מען רופט בע־וואוסטלאָזע, דאס הייסט, וואס ווערען ערגעץ פערצייכענט אין אונזער מאָרך אזוי, אז מיר האָבען נאָך קיין אהנונג דערפון, אז מיר געדיינקען עס ניט. אונזער גייסט אַרבייט שטענדיג, אבער זעהר אָפט אָהן אונזער בעוואוסטזיין. טויזענדע קליינינקייטען ווירקען אויף אונזערע נערוועז, און מיר ווייסען גאָר ניט דערפון ביז מיט אמאָל ווערען מיר געוואָהר פון זאַכען, פון וועלכע מיר האָבען בעוואוסטער־הייט גאָר ניט געטראַכט. ניט זעלטען האָט עס געטראָפען, אז דיא

נרעסטע ערפינדונגען, דיא בעסטע קונסט־ווערק, דיא שווערסטע מאַ־טעמאַטישע רעכנונגען זיינען ענטשטאַנען דורך דיזע אונבעוואוסטע אדער אַטאָמאַטישע ארבייט פון אונזער גייסט. מיר ווערן בעאיינ־פלוסט פון זאכען, וועגען וועלכע מיר קענען זיך קיין קלאָרע רעכנונג ניט אָפּגעבען, מיר האבען פיינט זאכען אליין ניט וויסענדיג קלאָר ווארום דאס איז אזוי. א סך איינדריקע ווערן און גאנצען פערלאָרען, דאס הייסט: מיר פערגעסען אָן זיי, ווייל זיי שפּיגלען זיך ניט אָפּ אין דעם טהייל פון אונזער מאָרך, וואס ברייננגט זיי צו אונזער בעוואוסטזיין. אנדערע אונבעוואוסטע איינדריקע רופען זיך אָבער אָפּ, און אָפט אזוי שטארק, אז זיי שיינען אונז עפּעס וויא א וואונדער, וויא אַן אָפּענבארונג, א נעטליכער פונק.

מיר וועלען זיך נאך צוריק קעהרען צו דיזע מערקווירדיגע איי־גענשאַפט פון אונזער גייסט, ווען מיר וועלען ריידען וועגען דיא אלערליי פאָרמען פון כשוף־מאַכעריי, שדים־טרייבענעס, פערבינדונגען מיט דער גייסטער־וועלט, א. ז. וו. יעצט וועלען מיר אָנצייגען, אז דיזע אונבעוואוסטע גייסטיגע ארבייט האט אימער געשפּיעלט און שפּיעלט נאך יעצט דיא גרעסטע ראָלע אין דער ענטשטעהונג פון רעליגיאָנען און אין דער פערשפּרייטונג פון רעליגיעזע גלויבענס.

איינע פון דיא וויכטיגסטע פעלע, ווען דיא בעוואוסטלאָזע ארבייט פון אונזער גייסט לאָזט זיך פיהלען, איז ווען מיר טרוימען. יעדערער וויים פון אייגענע ערפאהרונג, אז אין חלום שטעלען זיך אונז פאָר זאכען, פון וועלכע מיר האבען גאר ניט געדענקט אויף דער וואָהר. געוויינליך קומען פאָר חלומות, ווען מיר שלאָפען ניט שטארק, ווען מיר דרעמלען. דער אָטאָמאַטישער מעכאַניזמוס פון אונזער גייסט ווירקט דאַן. דיא איינדריקע, וועלכע דרעמלען, זאָ צו זאָגען, אין אונזער מאָרך, טרעטען ארויס אין אונזער שלאָף מיט מעהר אָדער וויינינגער קראַפט, און מיר זעהען זאַכען, וועלכע וואונ־דערן אונז ניט ווילענדיג, ווען מיר עפּענען דיא אויגען. אַבערגלויבישע מענשען דיינקען נאך דארום יעצט, אז אין שלאָף האָבען מיר עפּעס אַן אנדער נשמה. דער אמת איז אָבער, אז דיא בעוואוסטלאָזע ארבייט פון אונזער גייסט, וועלכע הערט קיין מאָל ניט אויף זאלאַנג

אונזערע נערוועץ בלייבען עמפפינדלעך צו איינדריקע, נעהמט דיא אויבערמאכט איבער אונזער בעוואוסטע גייסטיגע ארבייט, וועלכע גייט נאָר אָן ווען מיר זיינען אויף דער וואך און שטרענגען זיך אָן — גראדע דעריבער וויל מיר שלאָפען, דאָס הייסט: ווען מיר געפינען זיך אין א בעוואוסלאָזען צושטאנד. וויא ווילד און משונה'דיג א טרוים זאָל ניט זיין, האט ער דאָך א פערבינדונג מיט דיא בעוואוסט־לאָזע ארבייט פון אונזער גייסט. דיזע ארבייט רופט זיך אָפּ אין אונזער שלאָף אָהן אָרדנונג און אָהן צוזאמענהאנג, וויל זיא איז ניט בעוואוסט. עס שיינט אונז אזוי וויא אונזער גייסט וואנדערט ארום אין א גאנץ אנדערע וועלט וויא דיא יעניגע אין וועלכער מיר געפינען זיך אויף דער וואָהר.

דער פערשטענדיגער לעזער וועט שוין אליין בעגרייפען, וואס פאר א מעכטיגען איינפלוס חלומות האבען געמוזט האבען אויף דיא ערשטע מענשען. דערצו נאך דארף מען נעהמען אין אנבעטראכט דעם פאקט, אז ביי ווילדע זיינען דיא טרוימען עפטער און שטארקער וויא ביי ציוויליזירטע מענשען. דאס איז גאנץ נאטירליך, דען דיא בעוואוסטע ארבייט פון גייסט איז ביי ווילדע נאך ווייניג ענטוויקעלט. ווילדע טראכטען ווייניג אויף דער וואָהר, דערפאר רופען זיך מעהר אָפּ דיא אונבעוואוסטע איינדריקע, ווען זיי שלאָפען. ווילדע מענשען בע־טראכטען דארום זייערע חלומות אלס עפּעס א פארטזעצונג פון זייער לעבען אויף דער וואָהר. דיא רעאליטעט פון לעבען ווערט זעהר ענג צוזאמענגעמיישט אין זייערע געדאנקען מיט דיא פאנטאזיע פון חלומות. דיא ערשטע מענשען זיינען נאך ווייניגער געווען אין שטאנד צו מאכען אַן אונטערשיעד צווישען פאקטען און טרוימען, וויא דיא יעצטיגע ווילדע.

מיר וויסען, אז פיעלע מענשען, בעזאָנדערס נערוועזע, האבען זעהר שארפע חלומות און איליוזאָנען אין זייער שלאָף, בעזאָנדערס אין דער צייט איידער זיי כאפּען זיך אויף פון שלאָף, ווען זיי דרעמלען. זיי דוכט זיך אָפּט, אז זייער חלום איז עפּעס א ראַיעלער בילד. וואס מעהר א מענש איז אויפגערעגט, צוטראָגען, פערזאָרגט, אָנגע־שראָקען, אלץ מעהר חלום'ט זיך איהם. נאך דיא בעריכטען פון רייזענדע געפינען זיך ווילדע כמעט שטענדיג אין אַן אויפגערעגטע

צושטאַנד. דיא ערשטע מענשען האבען געוויס געלעבט אין שטענדיגע שרעק פאַר ווילדע חיות, אין שטענדיגע זאָרג צו קריעגען שפּייז, צו פערשאַפען זיך א נאַכטלעגער. דערצו ״אף פלעגען זיי זיך אָנפרעסען ביז צום פּלאַצען, ווען נאר זיי פלעגען קריעגען גענוג שפּייז, וויא אלע ווילדע טוען עס. אין דיא קאַפּיטלעך איבער דיא שפּייז פון דיא ערשטע מענשען און איבער דעם יעגער־צושטאַנד האבען מיר שוין אָנגעוויזען, וויא ווילדע זאָרגען ניט וועגען דיא צוקונפט, שפּאָרען ניט און פרעסען אלעס אויף, וויא פיעל עס לאָזט זיך. נון, עס איז אין דער נאַטור פון מענשען, אז ווען מען לאָדעוועט אָן צו פיעל דעם מאָגען און מען דרעמעלט נאַכהער איין, חלומ׳ט זיך זעהר פיעל. ווילדע בלייבען ליגען וויא קלעצער נאך זייערע סעודות, און אין דיזען צושטאַנד האָבען זיי בעזאָנדערס שאַרפע חלומות. אפילו מיט אָפענע אויגען זעהן ווילדע אזעלכע פאַנטאַסטישע בילדער און משונה׳דיגע זאַכען, וואָס נאר נערוועז־קראַנקע ציוויליזירטע קענען זעהען.

דער רייזענדער ספּיקס דערציילט, אז דיא איינגעבאָרענע פון דיא וועלדער אין בראַזיליען זיינען קיין מאָל ניט אין גאַנצען אויף דער וואָהר. זיי זיינען אין א צושטאַנד פון שטענדיגען דרעמעל. דאס זעלבע קען מען זאָגען וועגען פיעלע אַנדערע שטאַמען. דיזער צושטאַנד קומט אויך דערפון, וואס זיי זוכען ארויסצורופען אין זיך טרוימען. עס פערשאַפט זיי פערגניגען, ווען זיי ליגען און זעהען פאַנטאַסטישע בילדער. זיי דיינקען אז דאַן זיינען זיי אין פערבינדונג מיט דער גייסטער־וועלט. זיי געברויכען דערצו פערשיעדענע מיטעל, צו וועלכע דיא ערפאַהרונג פיהרט זיי. דיא געברויכליכסטע און נאַטירליכסטע מיטעל זיינען: איינזאמקייט, קוקען א לאַנגע צייט אויף איין זאַך אָדער נאר טראַכטען וועגען איין זאך און פאַסטען. וואס אַנבעלאַנגט צו פאַסטען, פּראַקטיצירען עס ווילדע מענשען ניט ווילענדיג זעהר אָפט, ווייל זיי האָבען ניט גענוג שפּייז, וויא מיר ווייסען עס שוין. אין יעגער־צושטאַנד קומט עס אויס אָדער צו הונגערן, אָדער זיך אָנצופרעסען ביז צום ברעכען. איןביידע פעלע לאָזט זיך שטאַרק פיהלען דיא אונבעוואוסטע גייסטיגע אַרבייט און דער רעזולטאַט דערפון זיינען משונה׳דיגע טרוימען, פאַנטאַסטישע בילדער און אילוזיאָנען. דער מענש איז דאַן

ניט אויף דער וואך, און דיא בעוואוסטע ארבייט פון זיין מארך ווערט אָפּגעשוואכט. ער לעבט דאן, קען מען זאָגען, אין שטענדיגען טרוים. דיא ווירקונגען פון איינזאמקייט און פון לאנגען קוקען אויף איין זאך קען יעדערער פיהלען אויף זיך זעלבסט. דאָס זיינען בעוואוסטע מיטעל צו היפּנאָטיזירען. ווילדע מענשען קומט ניט זעלטען אויס צו ליגען אליין און צו קוקען לאנג און אָהן שום צוועק אויף זאכען פאר זייערע אויגען. א ווילדער איז, וויא מיר וייסען עס שוין, זעהר פויל און ער דיינקט אויך זעהר וויניג. ער קען אָפּליגען אויף איין אָרט און קוקען אונבעוואוסט אויף, לאָמיר זאָגען, א בוים אזוי לאנג, ביז דער הונגער וועט איהם טרייבען צו זוכען עפּעס שפּייז. ער ווערט דאן היפּנאָטיזירט און זעהט פאנטאסטישע זאכען, וואס ער בעטראכט אלס ראיעלע. מען קען זאָגען, אז ווילדע געפינען זיך כמעט שטענדיג אין א מין היפּנאָטישען צושטאנד.

עס איז דארום קיין וואונדער ניט, וואס אלע פעלקער האבען געקוקט אויף א חלום וויא אויף א פּאָרטזעצונג פון לעבען און בעטראכטעט דעם בעוואוסטען לעבען וויא א חלום. יעדענפאלס איז עס קלאָר, אז דיא חלומות און אילוזיאָנען, וואס ווילדע מענשען זעהן אזוי אָפט און שטארק אפילו ווען זיי שלאָפען ניט, האבען געמוזט פיהרען דיא ערשטע מענשען צו א געדאנק וועגען עפּעס, וואס איז צוגלייך מענשליך און ניט מענשליך, ראיעל און פאנטאסטיש. אין א טרוימענדען צושטאנד און נאך מעהר אין חלומות פערלירט דער מענש זיין ווילען, זיין בעוואוסט־זיין. עפּעס א קראפט ווירקט אויף איהם, פון וועלכע ער קען זיך ניט בעפרייען, וויל ער זאָל עס ניט וועלען. דער מענש ווערט דאן פערדאָפּעלט: ער איז דער זעלבער און ניט דער זעלבער. ער פיהלט, אז דאס איז ער אליין און קיין אנדערער, און דאך ווערט ער אָנגעטריבען נעגען זיין ווילען. ער ווערט פערטראָגען אין ערטער, וואו ער געפינט זיך ניט. ער זעהט זאכען, וואס ער געפינט ניט ווען ער כאפּט זיך אויף. ער הערט רייד און קלאנגען וואס ער וייס ניט פון וואנען זיי קומען. ער טרעפט זיך צוזאמען מיט זיינע עלטערן און בעקאנטע, וועלכע זיינען שוין לאנג געשטאָרבען, א. ז. וו. וואָס זאָל דאָס בעדייטען? פון וואנען נעהמט זיך דיזער צווייטער צושטאנד, ווען זיין „איך“ איז עפּעס

נאָר אן אנדערער וואס האט נאך א מאכט איבער איהם? וואו קומט אהין זיין „איך“, ווען ער פיהלט זיך אלס מענש מיט א ווילען, אלס דענקענדע בעשעפענים מיט בעשטימטע בעדירפניסע? ווארום ווערט ער מיט אמאָל ווילענלאָז אין עפעס גאר אן אנדער וועלט, אין א וועלט פון אונגעוויינליכע, אוננאטירליכע זאכען?

דער ווילדער טראכט ניט לאנג און איז ניט אין שטאנד לאנג צו טראכטען. ער נעהמט אָן דיא ערשטע ערקלערונג, וועלכע פאלט אריין אין זיין שוואכען מוח. דיא נאטור איז פאר איהם א מיש־מאש פון זאכען, וואס זיינען ניצליך אדער שעדליך פאר איהם. ווארום דאָס איז אזוי, ווייס ער ניט, נאר ער פיהלט עס. ער פערשטייט נאָך גאָר ניט וועגען דעם צוזאמענהאנג פון זאכען אין דער נאטור, וועגען אורזאכען און זייערע פאָלגען. ער מיינט, אז אלעס לעבט אזוי וויא ער. וועגען זיינע חלומות און פאנטאסטישע בילדער האָט ער א פארטיגע ערקלערונג אין דיא פאקטען זעלבסט פון זיין דאָפעלטען צושטאנד: ער קומט דארום צום שלוס, אז ער האָט צוויי גייסטער, איינעם אויף דער וואָהר, דעם אנדערן אין טרוים. אזא ערקלערונג איז איינפאך און נאטירליך. דיא אונבעוואוסטע גייסטיגע ארבייט נעהמט ער אָהן פאר אן אנדער גייסט, וועלכער כאפט זיך אין איהם אריין און ווירקט אויף איהם. אידען און אנדערע ציוויליזירטע פעלקער גלויבען נאך ביז יעצט, אז ווען זיי שלאָפען, פערלאָזט זיי זייער נשמה און וואנדערט ערגעץ ארום. דאס איז געוועזען דער אלגעמיינער גלויבען פון אלע מענשען, וויא נאר זיי האבען גענומען נאָכדיינקען וועגען זייערע חלומות. און נאכדיינקען וועגען דעם האבען מענשען נאטירליך געמוזט, וויא נאר זיי האבען געקראָגען דיא פעהיגקייט צו טרוימען און צו דיינקען. דאס הייסט אלזאָ, אז שוין דיא ערשטע מענשען האבען אָנגעפאנגען צו גלויבען אין עפעס, וואס איז אויסערהאלב זייער נאטור און וואס קומט אריין אין זייער גוף אלס א רוחניות אָדער בעווייזט זיך פאר זייערע אויגען אלס א רוח, א גייסט.

מיט איין וואָרט, דער נאטירליכער, דאָפעלטער גייסטיגער צושטאנד פון מענשען דורך דיא בעוואוסטע און אונבעוואוסטע ארבייט

פון אונזער מארך אויף דער וואך און אין שלאף — דאס האט ביסלעכווייז געמוזט פיהרען דיא ערשטע מענשען צו וועניגסטענס א דונקעלען בעגריף וועגען גשמיות און רוחניות, קערפערליכעס און גייסטיגעס. דורך דעם האבען עס מענשען אנגעפאנגען צו גלויבען אין גייסטער און דערמיט געלייגט דעם פונדאמענט פון אלע רעליגיאנען. דער אלט־רוימישער פאעט לוקרעציוס האט נאך געזאגט: „דיא טרוימען פון מענשען האבען בעפעלקערט דעם הימעל מיט געטער", און מען מוז צוגעבען, אז דאס איז ריכטיג, ווען מען פארשט נאך דיא רעליגיעזע בעגריפע פון ווילדע פעלקער. מען זעהט עס אויך איין, ווען מען זוכט דעם עקר פון יעדער רע־ליגיאן. מען דארף גאר ניט זיין א גרויסער פילאזאף צו פערשטיין און זאגאר אליין צו דערגיין, אז יעדע רעליגיאן שטאמט פון א גלויבען אין גייסטער, אין רוחות, אז אהן דעם בעגריף וועגען א גייסט איז ניט מעגליך צו קומען צו א בעגריף וועגען נשמות און געטער.

נאר אויסער חלומות זיינען נאך דא אנדערע נאטירליכע ערשיי־נונגען, וועלכע האבען געפיהרט און געמוזט פיהרען אפילו דיא ערשטע מענשען צו א גלויבען אין גייסטער און איבערנאטירליכעס. דיזע ער־שיינונגען וועלען מיר בעטראכטען אין נעכסטען קאפיטעל.



# דרייצעהנטער קאַפּיטעל.

## דער נאַטירליכער פונדאַמענט פון רעליגיאָנען.

גייסטיגע קראַנקהייטען. — זייער ווירקונג אויף דעם גלויבען אין גייסטער. — דיא אייביגע פראַגע פון לעבען און טויט. — וויא ווילדע קוקען אויף דעם טויט און אויף קראַנקהייטען. — אָטהעם און לעבען. — אָטהעם פערגליכען מיט גייסטער. — שאָטענס און נשמות. — דיא ווירקונג פון טאָג און נאַכט אויף דיא געדאַנקען פון ווילדע. — שיין און פינסטערניס פערגליכען צו לעבען און טויט און פאָרגעשטעלט אין רעליגיאָנען אַלס אייביגער קאַמפף. — דיא וועקסלונג פון טאָג און נאַכט און דיא ווירקונג דערפון אויף דעם גלויבען אין נשמות. — טעגליכע און נאַכטליכע גייסטער. — שטורמען און דיא קראַפט פון גייסטער. — דער דונער־גאָט אָנגענומען פאַר דיא העכסטע קראַפט. — דער אָנפאַנג פון יעדען רעליגיעזען גלויבען דורך חלומות, טויט און שטורמען.

---

יעדערער וויים, אז ניט אלע מאָל געפינען זיך מענשען אין א נאַר־מאַלען צושטאַנד און אז פיעלע מענשען זיינען וואַהנזיניג אדער ליידען פון אזעלכע נערוועז־קראַנקהייטען, דאס זיי פערלירען זייער בעוואוסט־זיין, זייער געוויינליכען „איך“ און האַנדלען אזוי וויא א פרעמדער גייסט וואָלט זיך אריינגעכאַפּט אין זייער גוף, וועלכער בלייבט אויסערליך אונפערענדערט. דיזע קראַנקהייטען טראָגען פערשיעדענע נעמען: עפּילעפּסיע (דיא פאַליגע), סאָמנאַמבוליזמוס (ארומגיין אין שלאָף), לונאַטיזמוס (דיא ווירקונג פון דער לבנה), אידיאָטיזמוס, האַלוצינאַ־

ציאָן (פאָרשטעלונג פון פאַנטאַסטישע בילדער), היסטעריע, ספּאַזמען א. ז. וו. אין דיא מעדיצינישע וויסענשאַפטען גיט מען ערקלערונגען וועגען זייערע אורזאַכען און מען צייגט, וויא מען דארף און וויא מען קען זיי קורירען. אבער אלע דיזע קראַנקהייטען האבען דיזע עהנ־ליכקייט, אַז דער נאָרמאַלער גייסט פון מענשען איז צושטערט און דער זעלבסט־בעוואוסטזיין, דער זעלבסט־קאָנטראָל, דאָס וואס מען רופט פרייער ווילען, איז מעהר אדער ווייניגער פערלאָרען.

אין דיא אויגען פון פּראָסטע מענשען איז דאָס עפּעס אן אָנ־שיקעניס, אן אָנפאַל פון א בייזען גייסט. אלע ווילדע מענשען דיינקען יעדענפאַלס אזוי. זיי גלויבען, אַז דיזע אַלע קראַנקהייטען און יעדער משוגעת ווערן ארויסגערופען דורך גייסטער, וועלכע כאַפּען זיך אריין אין מענשליכע קערפּערס. און וויא זיי זאָלען זיי דען אַנדערס דיינקען? זיי פערשטייהען איבערהויפּט גיט וואס עס איז דיא אור־זאַכע פון א קראַנקהייט, זיי בעגרייפען ניט דעם אונטערשיעד פון א נאָרמאַלען און א ניט־נאָרמאַלען צושטאַנד. אָט גייהט ארום א מענש גלייך מיט אלעמען, רעט אין האַנדעלט גלייך מיט אַלעמען, מיט אמאָל פאַלט ער אַניעדער אין קאָנוואולסיעס, וואַרפט זיך און שליידערט זיך, וויא א „ניט גוטער“ וואָלט איהם אָנגע־טריבען, און נאכהער, ווען ער שטעהט אויף און קומט צוריק אין א נאָרמאַלען צושטאַנד, געדיינקט ער גאָר ניט, וואס מיט איהם האָט פּאַסירט אין זיין עפּילעפּטישען פאַל. איז עס דען ניט גאַנץ נאַטיר־ליך, אַז דער ווילדער מענש זאָל זיך ערקלערען דיזע נאַטירליכע ערשיינונג דורך דיא ווירקונג פון א רוח, וועלכער האָט זיך אריינ־געריסען אין דעם גוף פון דעם עפּילעפּטיקער? איז עס דען ניט נאַטירליך, אז ער זאָל דיזען פאַל צוזאַמענבינדען מיט זיינע חלומות און אָננעהמען דאָס אַלעס פאַר דיא האַנדלונגען פון גייסטער?

דיא גייסטיגע קראַנקהייטען האָבען יעדענפאַלס געדיענט צו פערשטאַרקען דעם גלויבען אין גייסטער, צו וועלכען מענשען זיינען צוערשט דערגאַנגען דורך זייערע חלומות. ווילדע האבען דער־פון געדרונגען אז דאָס וואס זיי זעהען אין חלום, קען אויך טרעפען אויף דער וואהר. מיר געפינען, אַז אַלע ווילדע פעלקער סטאַרען זיך און

האבען געוויסע מיטלען קינסטליך ארויסצורופען עפילעפטישע און היסטערישע אַנפעלע, וויא אויף אַ טרוימענדען און היפנאָטישען צו־שטאַנד, אום צו קומען אין אַ נאָהענטע פערבינדונג מיט דיא גייסטער, וועלכע כאַפּען זיך דאן אריין אין זיי לויט נאָך זייער גלויבען. יעדער ווילדער שטאַם האָט דערצו אַ ספּעציעלען בערוישענדען געטראַנק. דיא נעגערן אין וועסט־אפריקא האָבען פאַר דיזען צוועק זייער „פעטיש־וואַסער", איינינגע אינדיאַנער שטאַמען—זייער „שווארצען געטראַנק", א. ז. וו. דיא גאַנצע כשוף־מאַכעריי וויא אויף דער גרעסטער טהייל פון געצען־דינעריי איז בעגרינדעט, וויא מיר וועלען עס שפּעטער זעהן, אויף דיזע קינסטליכע אויפרייצונגען פון דער נערווען־סיסטעם, אויף דעם גלויבען, אַז אין דעם ניט־נאָרמאַלען צושטאַנד קומט דער מענש אין בעריהרונג מיט דיא גייסטער און קען דערגיין זייער וואונש און ווילען. דארום בעטראַכטען טאַקע דיא ווילדע זיי־ערע משוגענע, צודולטע און נערוועזע מענשען אלס „בעגייסטערע".

אבער ניט רעכנענדיג חלומות, האָט דער אייביג שרעקליכער פאַקט, אַז מענשען מוזען שטארבען, מעהר פון אלע אַנדערע נאַטירליכע ערשיינונגען געווירקט אויף דיא ענטשטעהונג און ענטוויק־לונג פון דעם בעגריף וועגען גייסטער. עס איז קלאָר, אַז וויא נאָר מענשען האָבען אָנגעפאַנגען צו דיינקען איבערהויפּט, האָבען זיי גע־מוזט נאָכדיינקען וועגען לעבען און טויט. ווארום הערט דער מענש אויף צו בעוועגען זיך? ווארום הערט ער אויף צו אָטהמען, ווערט פערגליווערט און באלד נאָך דעם פאַנגט ער אָן צו פוילען? אָט האָט ער געלעבט און אָט ליעגט ער וויא אַ שטיין. זיין גוף איז דער זעלבער, אבער דאָס וואָס האָט איהם בעלעבט איז פער־שוואונדען. וואָס איז דאָס אַזעלכעס, וואָס מאַכט יעדען מענשען, יעדע חיה, יעדע פלאַנץ צו וואקסען און צו לעבען?

דער ווילדער שטעלט זיך ניט דיזע אייביגע פראַגען אזוי קלאָר וויא מיר. דיא ערשטע מענשען האָבען געוויס גאַנץ ווייניג זיך געבראָכען דיא קעפּ וועגען דעם. זיי האָבען ניט פילאָזאָפירט, אָבער זיי האבען זיכער געפיהלט דיזע אייביגע און גרעסטע געהיימנים פון דער נאַ־טור, דעם אָנפאַנג פון אלע אָנפאַנגען. דיא איינדריקע וואס זייערע

נערוועז האָבען אונבעוואוסט געקראַנגען דורך דעם נאַטירליכען אָדער אוננאַטירליכען טויט, האבען זיך ביסלעכוויז געמוזט אָפּרופען אין זייער בעוואוסטזיין. יעדער נייער טויטפאַל האָט געמוזט שאַר־פער לאָזען פיהלען דיא פריהערע איינדריקע פון דיא ערשטע מענשען און זיי פיהרען צו געוויסע געדאַנקען וועגען דעם.

וועלכע געדאַנקען האָבען עס אָבער געקענט זיין? אונז ציוויליזירטע מענשען איז עס שווער, כמעט אונמעגליך פאַרצושטעלען זיך ריכטיג דיא געדאַנקען פון ווילדע מענשען, זאָגאר צו בעגרייפען זייער אַרט און וויזע פון דיינקען. מיר שטייען צו וויט פון זיי און קענען זיך ניט שטעלען אין זייער לאַגע, וויא מיר זאָלען עס ניט וועלען ביי אונזערע נאַכ־פאָרשונגען. דארום איז עס אזוי שווער צו בעגרייפען דיא רעליגיאָנען פון ווילדע פעלקער. אלעס וואס מיר קענען דאָ נאָר טאָן, איז צו פערצייכנען פאַקטען און צו ציהען שליסע פון זיי.

נון, עס איז א פאַקט, אז ווילדע האבען איבערהויפּט ניט מורא פאַר'ן טויט. אין זייערע שפּראַכען האָבען זיי ניט א וואָרט, וואָס זאָל בעדייטען „שטארבען“, זאָנדערן ווערטער וואָס בעדייטען „געטויטעט ווערן“. קראַנקהייטען בעטראַכטען זיי פאַר אַן אָנשיקענעס פון בייזע גייסטער אדער פון בשוף־מאַכערס. אין זייערע אויגען לעבט אלעס. יעדע חיה, יעדע בוים, יעדע גרעזעלע, אפילו יעדער שטיין האָט א געוויסע לעבענסקראַפט. און אלעס לעבט ניט נאר א געוויסע צייט, זאָנדערן אייביג. דער ווילדער פערשטייט אייגענטליך ניט דעם טויט אלס א נאַטורגעזעצליכע ערשיינונג. וועגען אנדערע זאַכען אורטהיילט ער נאך זיך זעלבסט. עס איז בעוואוסט, אז וואס ווייניגער א מענש האָט געלערנט און האָט זיך בעקענט מיט דיא ארומיגע וועלט, אלץ מעהר איז ער גענייגט צו ציהען שליסע נאָך זיינע אייגענע איינדריקע און מיינונגען, וויא אָבערפלעכליך און פאלש זיי זאָלען ניט זיין. דיא ערשטע מענשען האָבען נאַטירליך אלעס פערגליכען נור מיט זיך, וועז זייער מאַרך איז ענטוויקעלט געוואָרן אזוי וויט, אז זיי האָבען גענומען נעהענטער בעטראַכטען זייטיגע זאַ־כען און מאַכען פערגלייכע, זוכען עהנליכקייטען און אונטערשיעדע. ער אַליין לעבט—דאָס פיהלט דער ווילדער, דערפון איז ער בעוואוסט.

דארום שרייבט ער צו דעם זעלבען צושטאנד צו אלע זאכען ארום איהם. חיות לעבען אויך, פלאנצען וואקסען, לעבען אויף ווען דיא זון הייבט אָן צו ווארעמען, און ווערן אָבגעשטארבען, ווען דער הערבסט קומט. דאָס זעהט ער, דאָס פיהלט ער. ווארום זאָלען אויך בערג, טייכען, שטיי־נער, שטערן און אלעס וואס ער זעהט ארום זיך ניט לעבען?

נאָר דער ווילדער מוז זיך דאָך אויך רעכענען מיט פאקטען. ער זעהט דאָך אז מענשען שטארבען אוועק ניט נאר דורך קראנק־הייטען, דורך וואונדען אין א מלחמה, דורך אָן ערדציטערנים, דורך א בליץ א. ז. וו., זאָנדערן אויך נאטירליך, ווען מען ווערט זעהר אלט. דאָס לעצטע טרעפט אפילו זעהר זעלטען אין ווילדען צושטאנד. אבער עס טרעפט זיך אמאָל. וואס זאָל דאָס בעדייטען? הייסט עס דען, אז דער מענש, וואָס האָט אָקערשט געלעבט, וויא אלע אנדערע, און וואס ליעגט יעצט, וויא א קלאָץ, ווייל א פייל האָט איהם גע־טראָפען אין הארצען אדער ווען ער האָט עפּעס געקראָגען א קראנקהייט — הייסט עס דען, אז ער איז אויף אימער אוועק, אז ער וועט זיך שוין קיין מאָל ניט צוריק קעהרען, אז פון איהם וועט נאר בלייבען א קופּקע ביינער? ניין, ניט אזוי דיינקט דער ווילדער, וועלכער גלויבט אז אלעס לעבט. דער געטויטעטער אָדער געשטאָרבענער, דיינקט דער ווילדער, לעבט נעוויס. נאר וויא אזוי?

גאנץ איינפאך אלס ג י י ס ט. צו דיזען שלוס קומט דער וויל־דער ניט נאָר דעריבער, ווייל ער האָט שוין געקראָגען א בעגריף וועגען גייסטער דורך זיינע חלומות און אילוזיאָנען, וויא עס איז אין פאָרינען קאפּיטעל ערקלערט, זאָנדערן אויך ווייל ער בעמערקט, אז ווען א מענש הערט אויף צו לעבען, הערט ער אויך אויף צו אָ ט ה ע־מ ע ן. ביסלעכווייז האָבען דיא ערשטע מענשען געמוזט קומען צום שלוס, אז דאָס לעבען הייסט אָטהעמען און אז דער טויט הייסט „ארויסצולאָזען דעם אָטהעם". וואָס איז דער אָטהעם? עטוואָס וואס מען זעהט ניט, וואָס מען קען ניט אָנטאפּען. און דאָך אזא „עטוואָס", א קלייניגקייט, דאכט זיך, האלט עס אויף דעם מענשען ביין לעבען. מוז עס דאָך זיין עטוואָס וויכטיגעס, עפּעס א רוח, א ג י י ס ט וואָס האָט דיא מאכט איבער דעם קערפּער. דיא גייסטער פון דיא טויטע

קומען נאָך צו חלום, מען זעהט זי׳ערע שאָטענס אין שלאָף און אין טרוימענדען צושטאנד. דארף דען דער ערשטער מענש א בעסערן בעווייז, אז דיא טויטע לעבען דאָך אלס גייסטער?

ביי אלע ווילדע פעלקער ווערן יעדענפאלס דיא גייסטער פון דיא חלומות פערבונדען מיט דעם אָטהעם פון לעבען. איין גלויבען פיהרט צום אַנדערן, און ביידע פערשטארקען זיי דעם גלויבען אין איבערנאַטירליכעס, אין וואונדערבארעס. וויא געזאָגט, דיא ווילדע דיינקען, אז אלעס ארום זיי לעבט אקוראט וויא זיי אליין. זייערע געטער זיינען אָנפאנגס ניט געטער פון טויט, זאָנדערן פון לעבען. מיר קענען זיך אָפט א לאנגע צייט ניט צוגעוואָהנען צום געדאנ־קען, אז דיא וואָס זיינען אונז ליעב און טייער זיינען געשטאָרבען. אונז דוכט זיך ניט זעלטען, אז אָט לעבען זיי נאָך און שטייען פאר אונזערע אויגען, הגם מיר ווייסען גאנץ גוט, אז זיי פוילען שוין אין דער ערד. איבערהויפט האָבען נערוועזע מענשען אזעלכע אילוזיאָנען וועגען טויט און זעהן אזעלכע פאנטאסטישע בילדער. וועגען דיא ווילדע האָבען מיר שוין אָנגעציינגט, אז זיי האָבען פיעל שטארקערע אילוזיאָנען, וויא ציוויליזירטע מענשען, ווען מיר האָבען גערעט וועגען זייערע חלומות. זיי האָט זיך דארום טאָקע גאנץ אָפט געדוכט, אז זיי זעהען דיא שאָטענס אדער גייסטער פון ז׳יערע טויטע און אז זיי פיהרען מיט דיא טויטע גאנצע געשפרעכען. ביי איינינגע ווילדע שטאמען פלעגען דיא מוטערס זיך טרייסטען וועגען דעם פערלוסט פון זייערע קינדער דורך דעם, וואָס זיי פלעגען אריינפאלען אין א טיעפען שלאָף, אין וועלכען זיי פלעגען זעהן זייערע קינדער אין דער וועלט פון גייסטער. אין אלגעמיינען דוכט זיך ווילדע מענשען אויס, אז זיי זעהען, וויא דיא שאָטענס פון דיא טויטע וואנדערן ארום זייע־רע קברים און אז זיי הערען דיא שטימען אדער וויינינגסטענס געוויסע קלאנגען פון דיא פערשטאָרבענע. אלע ווילדע פעלקער גלויבען דארום, אז דיא גייסטער פון דיא פערשטאָרבענע דרייהען זיך א געוויסע צייט ארום דעם אָרט, וואו זייערע קערפערס ליגען, און פון דיזען גלויבען שטאמען עס דיא מנהגים צו לאָזען שפייז אויף דיא קברים, וויא מיר וועלען עס שפעטער זעהען.

דער פאקט, אז דיא ווערטער צו בעצייכנען א נשמה בעדייטען געוויינליך אָטהעם אָדער שאָטען, צייגט אָן קלאָר אויף דעם נאטיר־ליכען אורשפרונג פון דעם איבערנאַטירליכען בעגריף וועגען זעעלען. מיר האָבען שוין אָנגעצייגט, אז אפילו דיא ערשטע מענשען האָבען געמוזט איינזעהען דיא ענגע פערבינדונג פון לעבען מיט דעם אָטהעם. וואָס אָנבעלאַנגט צו דעם פערגלייך פון נשמות און שאָ־טענס, איז עס אויך גאנץ נאַטירליך געווען צו קומען ביסלעכווייז דערצו. וואס איז א שאָטען? איינפאַך דיא פינסטערקייט וואס א זאַך מאַכט, ווען זיא פערשטעלט דיא שיין. א שאָטען האָט ניט קיין וואָג און קיין גרעב. עס איז ניט א ראַיעלע זאַך, און דאָך איז עס ניט א פאַנטאַסטישע זאַך. עס איז נאָר א געוויסע ערשיינונג פון א זאַך דורך דיא ווירקונג פון שיין אויף אונזערע אויגען, אזוי וויא פארבען. א שאָטען פיהלען מיר נאר מיט דעם חוש פון זעהען. מיר קענען עס ניט אָנטאַפען, אָבוואָהל עס האָט לענג און ברייט. קורץ, א שאָטען איז אָן אויסנאַהמע פון אַלע זאכען, וואס מיר קענען זעהען. עס פערשווינדעט אזוי שנעל, וווא עס בעווייזט זיך.

עס איז דארום גאנץ איינפאַך, אז מענשען האָבען אָנגעפאַנגען צו פערבינדען דיא נאַטירליכע שאָטענס, וואָס זיי האָבען געזעהען אויף דער וואָהר, מיט דיא שאָטענבילדער, וואָס זיי האָבען געזעהען אין חלום אָדער אין זייערע אילוזיאָנען. דער פערגלייך פון א שאָטען מיט א גייסט האָט זיך געוואָרפען אין דיא אויגען, און וויא נאָר מענשען האָבען אָנגעפאַנגען נאכצודיינקען וועגען דיזע זאכען, האָבען זיי טאַ־קע דיזען פערגלייך געמאַכט. ווען מענשען וואָלטען געווען בלינד אָדער ווען אלע זאכען וואָלטען געווען דורכזיכטיג, וואָלטען מיר גאָר קיין אַהנונג ניט געהאַט פון א שאָטען. מאַנכע ווילדע פעלקער גלויי־בען, אז זיי זעהן זייער נשמה אין דעם אָפּשלאַג פון זייערע קערפּערס אין א וואַסער אָדער אין א שפּיגעל. אַנדערע, וויא דיא אויסטראַ־ליער, צום ביישפּיעל, דיינקען, אז א נשמה איז א רויך, א טומאַן, א ווינט, דאָס הייסט אלץ אַזעלכע זאַכען, וואס רופען ארויס דעם בעגריף פון רוחניות.

מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס, אז דיא געדאַנקען וועגען

א נשמה האָבען אָנפאַנגס געהאַט א ר אי על ען ג רונ ד, אַקאָ׳אַם וויא דיא געדאַנקען וועגען גייסטער. נאַטירליכע ערשיינונגען האָבען געווירקט אויף דעם מענשליכען גייסט, אָנפאַנגס אויף דעם אונבעוואוסטען טהייל, און האָבען אַרויסגערופען דיא בעגריפע וועגען א גייסטער־וועלט. גשמיות אָדער מאַטעריעלעס איז געוועזען דער פאָטער פון רוחניות אָדער גייסטיגעס.

נאָך אַנדערע נאַטירנ׳כע ערשיינונגען האָבען געמוזט פערשטאַרקען דיא ערשטע בעגריפע פון מענשען וועגען גייסטער און נשמות. אויף דעם ערשטען פּלאַן דאַרף מען דאָ שטעלען דיא אייביגע וועקסלונג פון טאָג און נאַכט, פון ליכט און פינסטערניס. דיזער איי־ביגער שפּיעל פון דער נאַטור האָט ניט ווילענדיג געמוזט אַרויס־רופען אויף דיא געדאַנקען א פערגלייך מיט לעבען און טויט. אָט שיינט דיא זון, און עס איז פרייהליך אויפ׳ן הארצען, אלעס איז מונטער און לעבעדיג, און אָט לאָזט זיא זיך אַראָפּ און פערשווינ־דעט ערגעץ, און באַלד קומט דיא פינסטערניס, ווען עס ווערט אומעטיג, ווען דיא גאַנצע נאַטור ווערט איינגעשלעפערט, אזוי וויא אָפּגעשטאָרבען. דאָס וואקסען פון פלאַנצען און דיא אויפלעבונג פון דער נאַטור דורך דיא ווירקונג פון דער שיינענדער זון האָבען מענשען נאַטירליך געמוזט בעמערקען גלייך, וויא זיי האָבען איבערהויפּט אָנגעפאַנגען צו דיינקען. עס איז גאַנץ נאַטירליך געוועזען צו פערגליי־כען דיא שיין מיט׳ן לעבען אין אַלגעמיינען. מיר געפינען דארום ביי אַלע פעלקער און אין אַלע רעליגיאָנען מעהר אָדער וויינינער קלאָר אויסגעדריקט דעם געדאַנקען, אז גאָט איז ליכט. דיא פינסטער־ניס ווערט דאַגעגען בעטראַכטעט אַלס דיא וועלט פון טויטע און גייסטער. ליכט און פינסטערניס האָבען אזוי מעכטיג געווירקט אויף אַלע מענשען, אז אייניגע פילאָזאָפען האָבען אויסגעדריקט דיא מיינונג, דאס דיא פערגעטערונג פון שיין איז דער פונדאַמענט פון אַלע רעלי־גיאָנען. צו דיזער מיינונג זיינען זיי געקומען, ווייל דיא הויפּטגעטער פון אַלע פעלקער שטעלען פּאָר זאַכען וואָס געפינען זיך אין הימעל און וואָס שיקען אַראָפּ אויף דער ערד שיין, רעגענס און לעבען.

אָבער דיא זון פערשווינדעט ניט אויף אימער, זיא קעהרט זיך אום צוריק און פערטריבט דיא שרעקליכע פינסטערניס. אין אַלע ענט־

וויקעלטע רעליגיאָנען ווערט דיזע נאַטירליכע וועקסלונג פאַרגעשטעלט אלס א קאַמפף צווישען ליכט און פינסטערניס, צווישען לעבען און טויט, צווישען גוטעס און בייזעס. נאר געוועהנליך, ווען מענשען האָבען נענומען נאכפאָרשען וועגען אזעלכע זאכען, האָט זיי אויך גע־מוזט קומען אויף דיא געדאנקען א פערגלייך צווישען דעם פערשווינ־דען פון דער זון און דעם פערשווינדען פון דער נשמה. דיא זון קומט צוריק, נאָכדעם וויא זיא טרעט אָפּ דעם פלאַץ צו דער פינסטערניס —ווארום זאָל דאס זעלבע נים געשעהען מיט דעם גייסט, וואס פער־לאָזט דעם מענשען צוזאמען מיט זיין אָטהעם, ווארעמקייט און דיא פעהינקייט צו זעהען? דער ווילדער גלויבט סיי וויא סיי, אז אלעם לעבט ארום איהם אזוי גוט וויא ער אליין, וויא מיר האָבען דאס שוין געזעהען; ער איז איבערהויפט געניינט צו גלויבען, אז דער מענש שטארבט נים אָפּ אויף אייביג, אז דער טויט איז נאר עפּעס אַן איבערגאנג, א נייער צושטאנד, ווען דער גייסט פליהט ארויס אַלס אָטהעם אָדער צוזאמען מיט דעם אָטהעם פון דעם גוף. און דאָ זעהט ער, וויא דיא מעכטיגע זון גייט אונטער יעדען טאָג, ווען דיא פינסטערניס קומט אָן; אָבער זיא בעווייזט זיך דאָך ווידער נאך א געוויסע צייט. דאס פערשווינדען פון דער זון האט ער זיך דארום פאָרגעשטעלט אלס איהר טויט, איהר אויפקומען — אלס איהר אויפ־לעבען.

יעדענפאלס האָבען אַלע פעלקער שטענדיג בעטראַכטעט דיא פינסטערניס אַלס א וועלט פון שאָטענס און גייסטער. אין דער פינסטערער נאַכט טרעטען עס ארויס דיא גייסטער, און נעמליך דיא בייזע; דאַן וואנדערן עס ארום דיא מתים, דיא שאָטענס פון דיא טויטע, דאַן וואנדערן עס אויך ארום ווילדע חיות און לויערן נאר וויא צו בעפאלען און צו צורייסען דעם מענשען. אין דיא דונקעלע און צור־פלאָנטערטע געדאנקען פון דיא ווילדע איז דאָס אַלעס צוזאמענגע־מישט געווען. זייערע גייסטער האָבען דיא ווילדע דארום צוטהיילט אין טעגליכע אָדער גוטע און נאַכטליכע אָדער שלעכטע.

נאך דעם גלויבען פון פּאָלינעזיער האָט טאַנאַלאָנגאָ, דיא שיין פון טאָג, א ברודער מיט דעם נאָמען ראָנגאָ, וועלכער איז

דער גאָט פון פינסטערניס און נאַכט. טאַנאַלאָנגאָ ווערט פאַרגע־שטעלט מיט העלע האָר און הויט, ראָנגאָ—מיט שוואַרצע. טאַנאַלאָנגאָ איז גוטהערציג, דער גאָט פון פריעדען, דער ערפינדער פון קונסטען; ראָנגאָ איז דער גאָט פון מלחמה, דער אויפהעצער צו שטרייטען און צו אַלעס בייזעס. דיא יאַגאַס פון פייערלאַנד זאָגען, אַז דיא גייסטער וואַנדערן ארום ביי נאַכט. דיא אויסטראַליער ציטערן פאַר פינ־סטערניס, ווייל זיי גלויבען, אַז דיא גייסטער זוכען דאַן ווען אויפ־צופרעסען. זיי גלויבען, אַז קוטשע, דער גאָט פון פינסטערניס, נעהמט אָן ביי נאַכט דיא פאָרמע פון אַ שלאַנג אדער פון אַ נאַכט־פויגעל. ער מאַכט עס אָן קראַנקהייטען צווישען מענשען, ער רופט עס ארויס שטורמען. איבערהויפּט פערבינדען ווילדע דיא דונקעלהייט אין דער צייט פון אַ שטורם מיט דעם קאַמפף צווישען טאָג און נאַכט.

שטורמען האָבען נאָך געפיהרט מענשען צו געדאַנקען ווע־גען דיא מאַכט פון גייסטער אָדער פון דער וועלט, וואס מען וועהט ניט. קיינע אַנדערע ווירקונגען פון דיא נאַטורקרעפטע האָבען מענשען אַזוי אָפט ניט געפיהלט, וויא שטורמען מיט בליצען און דונערן. אין אַלע מעשיות און לעגענדען פון ווילדע פעלקער איז דיא קראַפט פון דער גאַנצער וועלט פאַרגעשטעלט דורך דיא קראַפט פון שטורמען. אין דיא ערטער, וואו ערדציטערניסען קומען אָפט פאַר, זיינע דיא פעלקער בעזאָנדערס אבערגלויביש, וויא דער בעריהמטער ענגלי־שער היסטאָריקער באָקל (Buckle) האָט עס גאַנץ ריכטיג בעמערקט דיזע ערשיינונגען פון נאַטירליכע קרעפטע האָבען ניט נאָר שטענדיג ארויסגעיאָגט אַ שרעק אויף מענשען, זאָנדערן האָבען אין זיי אויף־ארויסגערופען דאָס וואָס מען רופט רעליגיעזע געפיהלען. דיא לופט־וועלכע איז פול מיט עלעקטריציטעט פאַר אַ שטורם האָט אַ שטאַר־קען איינפלוס אויף אונזער נערוועןּ־סיסטעם, דריקט אונזער מוטה. מאַכט אונז געניינט צום אבערגלויבען. דיא פערניכ־טענדע קראַפט פון שטורמווינטען, דער הימלישער פייער פון דיא בליצען, דער פערטויבענדער קנאַק פון דונערן—דאָס מוז אַפילו דעם ווילדעסטער מענש בעטראַכטען אלס אַ מאַכט, וואס שטעהט אונגע־

הייער העכער פאר זיינע אייגענע, וואס קען איהם פערניכטען אין א סעקונדע.

דיזע מאכט שרייבט ער צו נאטירליכערווייזע צו דיא גייסטער, דען ער זעהט דאך ניט דיא נאטורקרעפטע אזוי וויא ער זעהט ניט דיא גייסטער.ביידע געהערען צו דער אונזעהבארער וועלט און ביי־דע האבען דיא אויבערמאכט איבער איהם און אלע זיינע גלייכע. דיא גייסטער זיינען שוין ניט זיינע גלייכע, וויא נאר זיי פערלאזען דיא מענשליכע קערפערס, זיי זיינען מעכטיגער פאר איהם, זיי געהע־רען צו אן איבערנאטירליכער וועלט, וואס איהר מאכט איז שרעקליך גרויס, אונערמעסליך און אונבעגרייפבאר. דיזע בעטראכטונגען הא־בען ביסלעכווייז געפיהרט מענשען צו א בעגריף פון א העכערע קראפט אין דער נאטור, פון א געטליכע קראפט. דארום ווערט דער גאט פון דונער בעטראכטעט ביי זעהר פיעלע פעלקער אלס דיא העכסטע מאכט, אלס דער שעפפער פון דער וועלט. דיא אויסטרא־ליער גלויבען, אז מומפאל (דער דונער) האט געשאפען אלע זאכען. דער הויפט־גאט פון אלע גריכען און רוימער, זעאוס אדער יופי־טער, איז אויך פארגעשטעלט געווען מיט דער קראפט פון דונער. מאנכע לינגוויסטען בעהויפטען, אז דער נאמען פון אידישען גאט „יהוה" שטאמט פון א ווארט וואס בעדייטעט „דונער". איבערהויפט האבען אלע געטער פון דונערן, בליצען, שטורמען, ערדציטערניסען נאר פער־קערפערט דעם בעגריף פון אן איבערנאטירליכע קראפט, וואס דיזע נאטירליכע ערשיינונגען האבען ארויסגערופען אין דעם מענשען'ס גייסט.

מיר זעהען אלזא, אז אויך דער בעגריף פון דער אלמעכטיגקייט פון געטער האט געהאט א גאנץ ראיעלען גרונד. דאס זעלבע איז מיט דעם בעגריף פון דער אלוועזענהייט, גרויסקייט און אונענדליכקייט פון געטער. דיזער בעגריף איז געקומען דורך דיא גרויסקייט און אונ־ענדליכקייט פון דער נאטור זעלבסט. אין אלע זייערע וואנדערונגען האבען ווילדע מענשען קיין סוף פון דער ערד ניט געזעהען, און איבעראל האט דיא זון געשיינט ביי טאג און דיא לבנה און שטערן ביי נאכט אין דעם אונענדליכען הימעל־געוועלב. איבעראל האבען זיי געפיהלט דיא אויבערמאכט פון דיא נאטורקרעפטע, פון דיא אונזעהבארע וועלט.

און אין זייערע גערדאנקען האָבען זיי פערבונדען דיא מאכט מיט דער גרויסקייט און אלוועזענהייט פון דיא געטער.

אין אלגעמיינען איז אלזאָ דער אָנפאנג פון יעדען רעליגיעזען גלויבען ענטשטאנען דורך חלומות, דורך דעם טויט און דורך שטורמען. חלומות האָבען געפיהרט צו א בעגריף פון גייסטער, דער טויט האָט ארויסגערופען דעם בעגריף פון נשמות, און דיא שטורמען האָבען ארויסגערופען דעם בעגריף פון אן איבערנאטירליכע אָדער געטליכע קראפט. דיזע בעגריפע זיינען צוערשט געווען זעהר דונקעלע און צופלאָנטערטע. דיא ערשטע מענשען האָבען זיי מעהר געפיהלט דורך דיא אונבעוואוסטע גייסטיגע ארבייט, וויא פערשטאנען דורך דיא בע־וואוסטע גייסטיגע ארבייט. מיט דער צייט אָבער, ווען מענשען זיינען אלץ העכער געשטיגען אויף דעם קולטורלייטער, האָבען זיי זיך גענומען אָפּגעבען א קלאָרערע רעכנונג וועגען דיזע בעגריפע און האָבען יעדענ־פאלס געזוכט אלץ טיעפערע און פערנינפטיגערע ערקלערונגען. דיא גאנצע ענטוויקלונג פון רעליגיאָנען בעשטייט אייגענטליך אין אלץ א ברייטערען בעגריף וועגען גייסטער און וועגען זייערע ווירקונגען.

---

# פערצעהנטער קאַפּיטעל.

## דער גייסטער־קולט און זיינע ערשטע פאָרמען.

דיא ענטשטעהונג פון קולט. — דיא זאָרג און פורכט פאר נשמות. — דער גייסטער־קולט. — סגולות צו בערוהיגען און גוט צו מאַכען נשמות. — וואַנדערונגען פון נשמות. — צוויי־אַרטיגע בעהאַנדלונג פון טויטע קערפּערס.— דער אורשפּרונג פון דעם אָבערגלויבען ביי ציוויליזירטע פעלקער וועגען דיא אונרוהיגע נשמות פון זעלבסטמערדער. —דער מנהג צו פרעסען טויטע קערפּערס ביי ווילדע פעלקער. — דיא פערעהרונג פון מתים־פרעסענדע חיות. — דיא „טהורמען פון שווייגען" ביי דיא פּאַרסען. — פערשיעדענע פאָרמען פון נשמות־פערגעטערונג און זייער זעלבסטשטענדיגע ענטשטעהונג. — דער פונדאַמענט פון יעדען גאָטעסדיענסט. — דיא ערשטע פאָרמען פון אָפּפער צו דיא נשמות. — פאַסטען און חלקים שפּייז פאַר נשמות. — תעניתים, סעודות און פעסטען אין יעגער־צושטאַנד. — דער גלויבען אַז גייסטער נעהמען אַנטהייל אין אַלגעמיינע סעודות. — סמנים דערפון אויך ביי אידען.

---

עס פערשטעהט זיך, אַז וויא נאר מענשען האָבען אָנגעפאַנגען צו קריגען אַ בעגריף פון גייסטער און נשמות דורך דיא נאַטירליכע אורזאַכען, וואס דיא וויכטיגסטע פון זיי זיינען אָנגעצייגט געוואָרען אין דיא פאָריגע צוויי קאַפּיטלען, האָבען זיי זיך גלייך געמוזט שטעלען געוויסע פראַגען וועגען דיא מעלות און פערלאַנגען פון דיזע בעשעפעניסען, וואס מען קען ניט זעהען, נאר וואָס לאָזען פון זיך הערען, וואָס צייגען אַרויס זייער מאַכט. וואס ווילען דיא גייסטער פון טויטע

מענשען? ווארום בעווייזען זיי זיך אין חלום? ווארום זיינען זיי אמאָל גוט, אמאָל שלעכט צו מענשען? וואס דארף דער מענש טאָן, אום זיי זאָלען זיין שטענדיג גוט צו איהם, אדער וועניגסטענס ניט ארויס־ ווייזען זייער צאָרן געגען איהם?

אזעלכע פראגען האָבען גלייך געמוזט פיהרען צו א געוויסען קולט, דאָס הייסט צו א פערעהרונג פון דיא גייסטער דורך א געוויסען דיענסט, דורך בעשטימטע מיטעל. וועלכע מיטעל האָבען עס אָבער געקענט זיין? גאנץ נאַטירליך אזעלכע, וואס האָבען געקענט בעפרידיגען דעם מענשען זעלבסט, וואָס האָבען געקענט פעריאָגען זיין איינענעם צאָרן און איהם גוט מאכען. דער מענש האָט דאָ בעזאָנ־ דערס געאורטהיילט נאך זיך זעלבסט. און וויא האָט ער דען אַנדערס געקענט אורטהיילען און האנדלען? זיין גאנצע גייסטער־וועלט איז נאר געווען א פּראָדוקט פון זיין אונוויסענהייט, פון זיינע חלומות און איינבילדונגען. דאָס וואס עס איז איהם אליין אנגענעהם געוועןְ, האָט נאַטירליכערווייזע אויך געמוזט זיין אנגענעהם זיינע גייסטער; דאָס וואס האָט איהם געערגערט, פערשאַפּט ליידען און אריינגעבראַכט אין צאָרן, האָט געמוזט האָבען דיא זעלבע ווירקונגען אויף דיא גייסטער. קורץ, דיא גייסטער פון דיא ווילדע האָבען נאר מענשליכע בעדירפניסע און פערלאנגען.

דער נאַטירליכער רעזולטאַט פון אזאַ מיינונג וועגען גייסטער איז געווען און בלייבט אזאַ גאָטעסדיענסט, וויא מיר געפינען עס ביי וויל־ דע פעלקער. דיזער קולט בעשטייט צוערשט אין א געוויסע זאָרג וועגען דיא גייסטער אָדער נשמות פון דיא פערשטאָרבענע. דער גלויבען אין גייסטער געפינט דעם ערשטען און גרעסטען אויסדרוק אין אזעלכע מנהגים, וויא לאָזען שפּייז פאַר דיא נשמות פון דיא געשטאָרבענע. דער לעבעדיגער מענש מוז האָבען שפּייז און איז גאָר ניט אויפגעלייגט, ווען ער האָט עס ניט. ווארום זאָל זיין גייסט, וועלכער כאַפּט זיך ארויס פון זיין גוף און וואַנדערט ארום ניט ווייט פון זיין גוף, ניט פערלאנגען דאָס זעלבע?

מיר קענען יעצט גאָר ניט פערשטיין, וויא אזוי מען קען גאר דיינקען, אז נשמות נייטיגען זיך אין שפּייז; אָבער ווילדע האָבען זייער

לאָגיקע. זיי ווייסען ניט פון חקירות, זיי אורטהיילען נאך זייערע בעדירפניסע און פערלאַנגען און האַנדלען אזוי איינפאַך וויא זיי דיינקען. וואָרט און טהאַט גייט ביי זיי צוזאַמען. זיי פיהלען ארום זיך דיא ווירקונג פון נאַטירליכע קרעפטע, וועלכע זיי בעטראַכטען פאַר גייסטער, און זיי זוכען נאַטירליך דיזע קרעפטע גוט צו מאַכען אויף דיא זעלבע אַרט, וויא מען קען גוט מאַכען שטאַרקע און בייזע מענשען. ווען מען גיט אָפּ כבוד א מענשען, ווען מען פאָלגט איהם, ווען מען גיט איהם שפּייז און מען זאָרגט וועגען איהם, איז עס איהם אנגענעהם. דאָס זעלבע, דיינקט דער ווילדער, דאַרף אויך זיין אנגע־נעהם דער נשמה פון דעם פערשטאָרבענעם. דאַרום הייבט ער אָן צו זאָרגען, אַז דיא נשמות פון דיא געשטאָרבענע, וועלכע ער האָט גע־קענט ביי׳ם לעבען, זאָלען זיין צופריעדען מיט איהם. דעם ערשטען פּלאַץ אין זיינע געדאַנקען און געפיהלען פערנעהמען נאַטירליך זיינע עלטערן און דאַרום גיט ער ספּעציעל אָפּ כבוד צו זייערע נשמות. וואס מעהר איינער איז שטאַרקער און שרעקליכער ביי׳ם לעבען, אלץ מעהר סטאַרען זיך ווילדע אָפּגעבען כבוד צו זיין נשמה. זיי דיינקען נאַטירליך, אַז דיא נשמות פון שטאַרקע זיינען אויך שטאַר־קער און קענען אָנטאָן מעהר שאָדען, ווען מען זאָל ניט מעהר זאָרגען וועגען זיי, ווען מען זאָל זיי ניט מעהר פערעהרען. צוליעב דעם זאָרגען אלע ווילדע פעלקער דאָס מעהרסטע וועגען דיא נשמות פון זייערע עלטערן און פיהרער.

אין דיא מוחות פון ווילדע ווערן צוזאַמענגעמישט גייסטער מיט נשמות. וואס נידעריגער ווילדע שטעהען, אלץ מעהר בעטראַכטען זיי דיא נשמות פאַר גייסטער. אלע נאַטירליכע קרעפטע שרייבט צו א ווילדער צו דיא ווירקונגען פון דעם גייסט אָדער אָטהעם, וואס פליהט ארויס פון דעם מענשען, ווען ער שטאַרבט. ערשט פיעל שפּעטער, ווען מענשען ענטוויקלען זיך און קריגען מעהר ערפאַהרונג וועגען דיא נאַטירליכע קרעפטע, פאַנגען זיי אָן צו מאַכען אַן אונטערשיעד צווי־שען גייסטער, וועלכע מען בעטראַכטעט שוין פאַר געטער, און נשמות, וועלכע בלייבען שטענדיג אונטערוואָרפען מעהר אָדער ווייניגער צו דיא גייסטער־געטער. ווילדע פערגעטערן דאַרום דיא נשמות פון

פערשטאָרבענע און ספּעציעל פון דיא, פאַר וועלכע זיי האָבען מורא געהאט. אין דער זאָרג פאַר דיא נשמות פון זייערע עלטערן און עלטסטע בעשטעהט דארום דער גאַנצער קולט אָדער גאָטעסדיענסט פון דיא ווילדעסטע פעלקער. יעדענפאַלס איז עס זיכער, אז דאס איז געוועזען דער קולט פון דיא ערשטע מענשען.

וואס עס טרעפט ניט מיט א ווילדען, בעטראַכט ער עס פאַר דיא ווירקונג פון דיא נשמות פון זיינע עלטערן. א רייזענדער דערציילט, דאָס אַן אפריקאנער פיהרער האָט איהם גלייך פערלאָזען, ווען ער האָט נעקראָגען א קאָפּווייטאָג. ער איז אַוועק אָפּגעבען כבוד דער נשמה פון זיין פערשטאָרבענעם פאָטער, ווייל ער האָט אָנגענומען, אז דער קאָפּווייטאָג קומט איהם דערפון, וואס ער האָט ניט גענוג געזאָרגט וועגען דיא נשמה פון זיין פאָטער. אזוי דיינקען אלע ווילדע. זיי גלויבען איבערהויפּט, אז וויא נאָר דער אָטהעם פליהט ארויס פון דעם גוף, ווערט דער גייסט אָדער דיא נשמה זעהר מעכטיג און קען ניט נאר אָנטאָן אַלערליי צרות דיא לעבעדיגע, זאָנדערן אפילו אויך ארויסרופען א שטורם און א דונער. אזוי גלויבען, צום ביישפּיעל, דיא ווילדע אין בראַזיליען.

דיא מיטעל, וועלכע ווילדע האָבען אָנגענומען צופריעדען צו שטעלען דיא נשמות, אז זיי זאָלען קיין שאָדען ניט טאָן, זיינען פערשיעדען. ניט אַלע נשמות האָט מען אויף דיא זעלבע ארט פערעהרט. מאַנכע האָט מען אין גאַנצען פערלאָזען. געוויינליך האָט מען אָפּגעגעבען כבוד דיא נשמות פּון שטאַרקערע און בייזע מענשען, ווייל פאַר זיי האָט מען נאַטירליך מורא געהאַט; אבער אָפט האָט אויך א צופאַל געשפּיעלט דערביי א ראָלע. דיא נשמות פון קינדער, שקלאַווען און פרויען (אין פּאַטריאַרכאַלישע צייטען) האָבען קיין ווערדע ניט געהאַט אין דיא אויגען פון ווילדע. אין אלגעמיינען קען מען זאָגען, אז וואָס מעהר איינער האָט אויפגעטאָן אין זיין לעבענסצייט און וואָס מעהר מען האָט איהם געדיינקט נאָך זיין טויט, אלץ מעהר האָט מען געזאָרגט וועגען זיין נשמה. דיא צייט וועלכע מען האָט בעדאַרפט זאָרגען פאַר דער נשמה, איז אויך געוועזען פערשיעדען. דאָס איז אָבהענגיג געוועזען פון דער וויכטיגקייט פון דעם פערשטאָרבענעם. געוויינליך זאָרגען וויל־

דע אם מייסטען פאר דער נשמה באלד, וויא זיא פליהט ארויס פון
גוף, ווייל זיי רעכענען, אז דאן וואנדערן דיא נשמות ארום צווישען
דיא לעבעדיגע און זיינען בעזאָנדערס בייז. דאָס איז גאנץ נאטירליך,
ווען מען נעהמט און אנבעטראכט וואס מען פיהלט דיא ערשטע צייט,
ווען עלטערן אדער נאָהענטע קרובים שטארבען. חלומות פערשטער־
קערן נאך דעם שרעק פאר דיא נשמות. זא לאנג מען קען זיך ניט
פערגעסען אָן א געשטארבענעם, קומט ער צו חלום. יעדער אונגע־
וויינליכער גערויש דערמאָנט אָן איהם. עס דוכט זיך, אז ער שטייט
פאר דיא אויגען.

אלע ווילדע פעלקער האָבען דארום אָנגענומען געוויסע מיטעל
צו „בערוהיגען" דיא נשמות, אז זיי זאָלען זיך ניט „צוריק קעהרען"
און ניט שרעקען אָדער שלעכטעס טאָן דיא לעבעדיגע. אפילו ביי
ציוויליזירטע פעלקער זיינען נאך ביז היינט צו טאָג פערבליבען פער־
שיעדענע אבערגלויבענס וועגען דעם. ביי דיא סלאווען איז נאך
פערבליבען א מנהג, דאס ווען איינער שטארבט, עפענט מען דיא
פענסטער, אז זיין נשמה זאָל זיך גיכער אָפּטראָגען. אין דייטשלאנד
קלאפּט מען אין געפעס און אין אנדערע זאכען, אז דיא נשמה זאָל
זיך ניט קענען בעהאלטען אין זיי. עס איז נאך אויך פערבליבען ביי
דעם פּראָסטען פאָלק פון דייטשלאנד דער אבערגלויבען, אז וויא נאר
מען טראָגט ארויס פון שטוב א מת, דארף מען גלייך צומאכען דיא
טירען און טויערן און זיי ניט עפענען ביז נאך דער בעערדיגונג, אז
דיא נשמה זאָל זיך ניט צוריק קעהרען אין שטוב. דעם שוועל בעגיסט
מען נאך מיט וואסער, דען דאס ווערט גערעכענט פאר דיא זיכערסטע
סגולה געגען דעם צוריק־קומען פון דער נשמה. ביי אידען זיינען אויך
פערבליבען אזעלכע אבערגלויבענס. צום ביישפּיעל, ווען איינער שטארבט,
שטעלט מען אוועק א גלאָז וואסער, אז דיא נשמה זאָל זיך דאָרטען
טבל'ען און זאָל זיין פערטיג צו א שנעלע רייזע אין הימעל, דאס הייסט:
זיא זאָל ניט פערבלייבען אין הויז אָדער לעבען קבר. דיא אלטע רוי־
מער פלעגען גוט אויסקעהרען דיא הויז, ווען איינער פלעגט שטארבען,
אום זיין נשמה זאָל דאָרטען ניט פערבלייבען.

ביי יעדען ציוויליזירטען פאָלק איז פערבליבען עפּעס אָן אבער־

גלויבען און א מנהג, וואס צייגען דייטליך אַן אויף דעם אוראַלטען גלויבען אין דער מאכט פון גייסטער אָדער נשמות, אויף דעם ערשטען קולט, וועלכער איז בעשטאַנען אין דער פערעהרונג פון נשמות, וויא דאס איז שוין אויבען ערקלערט געוועז. דיזע אבערגלויבענס בעווייזען וויא פעסט זיי האַלטען זיך, וויא קאָנסערוואַטיוו רעליגיאָנען זיינען אין אלגעמיינען. מיר האָבען שוין עטליכע מאָל אָנגעצייגט אין דיא פרי־הערע קאַפּיטלעך, וויא אוראַלטע רעליגיעזע צערעמאָניעס פערבלייבען אונטער נייע פאָרמען. מיר זעהען עס דאָ ווידער און מיר וועלען עס נאָך אָפט זעהען ביי דיא ווייטערע נאַכפאָרשונגען וועגען רעליגיאָנען.

נאָר לאָמיר זיך דערווייל צוריקקעהרען צו אונזער ענין. געווייהנליך האָט מען געגלויבט, אז דיא נשמה פליהט ארום אָדער דרייהט זיך ארום דעם קערפּער, פון וועלכען זיא איז ארויסגעפלויגען, אזוי לאַנג ביז עס פערבלייבט נאָך א פּיצעלע פלייש אויף דיא ביינער. דיא נשמה פערלאָזט ניט גערן אפילו דיא ביינער, האָבען פיעלע פעלקער געגלויבט. דער רעזולטאַט דערפון זיינען געוועזען געוויסע צערע־מאָניעס און מנהגים ביי דיא בעערדיגונג פון טויטע. וויא באַלד דיא נשמה פערשווינדעט ניט גלייך און וואַנדערט ארום דעם קערפּער, איז עס געוועזען נאַטירליך צו זוכען מיטעל וויא צו פערזאָרגען דעם טויטען קערפּער. ווען, צום ביישפּיעל, דער קערפּער זאָל גלייך אויפגעפרעסען ווערען פון ווילדע חיות, טאָ וואָס וועט בלייבען מיט דער נשמה? וואו וועט זיא זיך אהינטאָן אָהן דעם גוף? פיעלע פעלקער האָבען דיזע הארבע קשיה ענטשיעדען אין דעם זינען, אז דיא נשמה וואַנדערט אריין אין דער חיה, וועלכע האָט אויפגעפרעסען דעם קערפּער.

דא איז אָבער פאָרגעקומען א חלוקי דעות: מאַנכע פעלקער האָבען עס בעטראַכטעט פאַר א שאַנדע און פאַר א שטראָף, דאס א מענשענס נשמה זאָל פערבלייבען איינגעשפּאַרט ביי א חיה, און זיי האָבען דארום גענומען בעערדיגען זייערע מתים און איבערהויפּט זאָרגען, אז דיא קערפּערס פון דיא פערשטאָרבענע זאָלען וואָס לענגער בלייבען גאַנץ, ניט פערפוילט. בעזאָנדערס האָבען דיא מצריים זיך אויסגע־צייכענט מיט זייער זאָרג וועגען דיא קערפּערס, דען זייערע מומיעס (איינגעוויקעלטע און באַלזאַמירטע קערפּערס) געפינט מען נאָך ער

היום אין דיא פערבאָרגענע קברים פון מצרים, אזוי וויא מען האָט זיי מיט טויזענדער יאָהרען צוריק אוועקגעלייגט. ביי דיא גריכען פון האָמער'ס צייטען איז דיא שרעקליכסטע ראכע געוועזן צו לאָזען א קערפּער פון א פיינד פאר הינט און רויבטהירע, אז זיי זאָלען איהם אויפפרעסען.

אבער אנדערע פעלקער האָבען עס גראדע בעטראכטעט אלס אן ערלייזונג פאר דיא נשמות, ווען חיות האָבען אויפגעפרעסען דיא קערפּערס. וויא באלד דיא נשמה בלייבט אין דער חיה, קען זיא דאָך שוין ניט שעדליך זיין פאר דיא מענשען, האָבען פיעלע ווילדע פעל־קער געגלויבט. דארום פלעגען זיי דוקא זוכען, אז ווילדע חיות זאָלען אויפפרעסען דיא טויטע. א סך שטאמען אין אפריקא שלעפּען אוועק דיא טויטע אין וועלדער, אז רויבטהירע זאָלען זיי אויפפרעסען. אום אָבער דיא נשמה זאל זיך פריהער ניט צוריק קעהרען, געברויכען זיי פאָלגענדע סגולה: איידער זיי שלעפּען דעם געשטאָרבענעם אוועק אין וואלד, טראָגען זיי איהם ארום עטליכע מאָל ארום זיין שטיבעל אדער געצעלט. זיי גלויבען, אז דיא נשמה ווערט דאן צומישט און צופלאָנטערט וויא א קליין קינד, זאָ דאָס זיא קען שוין ניט געפינען דעם וועג צוריק אין שטיבעל. אום נאך מעהר אָפּצונארען דיא נשמה, טראָגט מען דעם מת ארויס ניט דורך דער טיר, נאר דורך אן עפענונג, וועלכע מען האקט ספּעציעל אויס אין דער וואנט און מען פערקלאַפּט נאכהער. ווילדע גלויבען, אז דיא נשמה קען שוין דאן ניט טרעפען דעם וועג צוריק.

אזעלכע מיינונגען און גלויבענס שיינען אונז אזוי ווילד און לעכערליך, דאָס ניט ווילענדיג פאלט אונז אריין א צווייפעל, ווען מיר לעזען דיא בעשרייבונגען פון רייזענדע. אָבער מיר ברויכען נאר נעהענטער בעטראכטען איינינע פון דיא מנהגים און איבערלייבענס ביי ציוויליזירטע פעלקער, אום צו איבערצייגען זיך, אז אונזערע אור־עלטערן האָבען אמאָל גראדע אזוי געדיינקט און געהאנדעלט וויא דיא ווילדע אפריקאנער. צום ביישפּיעל, מען גלויבט געוויינליך, אז דיא נשמות פון דיא יעניגע וואס ווערן ניט בעערדיגט נאך דיא אָנ־גענומענע רעליגיעזע צערעמאָניעס, ווערן ניט אין גאנצען בערוהיגט

און וואנדערן ארום ערגעץ. אזוי וויא זעלבסטמערדער ווערן ניט בע־ערדיגט נאך דיא אנגענומענע רעליגיעזע צערעמאָניעס, דארום עקזיס־טירט נאך ביז היינט צו טאָג דער אבערגלויבען, אז זייערע נשמות קענען זיך צוריק קעהרען און בעווייזען. און עס טרעפט, אז דיא בעלי הבתים לאָזען ניט, דאָס מען זאָל דיא קערפערס פון זעלבסטמערדער ארויסטראָגען דורך דיא טירען פון זייערע הייזער!

נאר דיא מערקווירדיגסטע פון דיזע אלע סגולות פטור צו ווערן פון דער נשמה, אז זיא זאל מעהר ניט בעאונרוהיגען דיא לעבעדיגע און ניט אָנמאכען צרות, איז זיכער דיא וואס איז אנגעווענדעט געוואָרן פון פיעלע ווילדע פעלקער. דיזע סגולה בעשטייט נעמליך אין דעם, דאס דיא לעבעדיגע פרעסען אליין אויף דיא טויטע! עס זיינען דאָ פיעלע בעווייזע, אז ווילדע שטאמען האָבען דיזע שרעקליכע פרעסע־ריי פון מתים בעטראכטעט ניט נאר פאר דעם זיכערסטען מיטעל פטור צו ווערען פון דיא נשמות, זאָנדערן אויך פאר א מיטעל צו קריעגען דיא קראפט און פעהיגקייטען פון דיא געשטאָרבענע. דיזע ווילדע פלעגען אויפפרעסען דיא קערפערם פון זייערע פערשטאָרבענע קרובים ביז א פיצעל. יעדען ביינדעלע פלעגען זיי ארומגריזען און ארומלעקען אז עס זאָל קיין פלייש ניט בלייבען, דען ערשט דאן זיינען זיי זיכער געוועזן, אז דיא נשמה פון דעם טויטען איז פערשוואונדען געווארן אין זיי. דיזער גלויבען האָט געפיהרט צו מענשען־פרעסעריי מיט רעליגיעזע צוועקען, וויא מיר וועלען עס ווייטער זעהען.

אנדערע פעלקער האבען פערעהרט דיא חיות, וואס פלעגען אויפפרעסען דיא טויטע קערפערס. געוויינליך פלעגען דיא אלטע פערסען ניט בעערדיגען זייערע טויטע, נאר זיי איבערלאָזען פאר דיא הינט, וועלכע וואנדערן יעצט נאך דאָרטען ארום אין מאסען, וויא עס איז שוין דערויף אָנגעצייגט געוועזן אין אן אנדער אָרט פון דיזער קולטורגעשיכטע. זיי פלעגען דארום זעהר שטארק פערעהרען אלע הינט, ווייל זיי האבען געגלויבט, אז אין דיזע חיות ווערן אויפגעהאלטען מענשליכע נשמות.

דער מנהג איבערצולאָזען טויטע פאר רויבטהירע איז נאך ביז יעצט פערבליבען ביי דיא אנהענגער פון דיא אלטע פערסי־

רעליגיאָן, ביי דיא זאָ גענאַנטע פּאַרסען. זייערע טויטע לאָזען זיי איבער פאַר קאָרשונען (אזעלכע רויב־פויגלען) אויף געביידעס, וואָס טראָגען דעם נאָמען דאַכמאַ אָדער „טהורמען פון שווייגען“. דיא קערפּערס לייגט מען דאָרט אָוועק אויף גראַטעס, און ווען דיא קאָרשונען פרעסען אויף דיא פלייש, פאַלען דיא ביינער ארונטער אין טהורם. דיא פּאַרסען האבען אריבערגעוואַנדערט פון פּערסיען נאָך אינדיען אין 8־טען יאָהרהונדערט, ווען דיא מאַהאָמעדאַנער האָבען זיי אָנגע־פאַנגען צו פערפאָלגען.

נאָר וויא פערשיעדען דיא פאָרמען פון דעם גלויבען אין דער מאַכט פון נשמות זיינען ניט געוועזען ביי פערשיעדענע פעלקער, זיינען זיי דאָך אַלע ארויסגערופען געוואָרן פון דיא זעלבע אורזאַכען, אויף וועלכע עס איז שוין אָנגעצייגט געוועזען, און זיי האבען אויך געפיהרט צו אַן עהנליכע ענטוויקלונג פון רעליגיאָן, וויא מיר וועלען עס באַלד זעהען. דיא פערשיעדענהייט פון פאָרמען איז אָפּהענגיג געוועזען פון צופעלע און לאָקאַלע אומשטענדען. זיא צייגט ניט אויף אַן אונטערשיעד פון אורזאַכען, וויא מען קען עס פון ערשטען בליק מיינען, נאָר אויף א זעלבסטשטענדיגע ענטשטעהונג פון דעם זעלבען גלוי־בען ביי יעדען פאָלק. ווען איין ווילדער פאָלק וואָלט איבערגענומען זיין גלויבען אין נשמות און גייסטער ביי אַן אנדערן, וואָלט ער צו־גלייך איבערגענומען דיא פאָרמען פון קולט אדער דיא צערעמאָניעס וויא אזוי דיא נשמות אָפּצוגעבען כבוד און וויא זיי גוט צו מאַכען. דאַן וואָלט שוין זיכער ניט געקענט טרעפען אַזאַ הימעלווייטער אונטער־שיעד אין דער בעהאַנדלונג פון מתים, וויא צום ביישפּיעל ביי דיא אַלטע עגיפּטער, וועלכע האָבען נאָר געזוכט מיטעל וויא צו פערהיטען זייערע טויטע פון צושטערונג און פוילענעס, און ביי דיא אַלטע פּער־סען, וועלכע פלעגען איבערלאָזען זייערע טויטע פאַר הינט. ביידע, אי דיא עגיפּטער אי דיא פּערסען, זיינען ארויס פון דעם זעלבען גלויבען אין נשמות, נאָר זיי זיינען געקומען מיט דער צייט צו גאַנץ אַנדערע סגולות צו מאַכען דיא נשמות אונשעדליך פאַר זיך. פּי־לייכט האָבען דאָ פערשיעדענע חלומות געלייגט דעם אָנפאַנג פון דיא פערשיעדענע סגולות. א פּערסישען פיהרער האָט זיך גראָדע

געקענ׳ ע חלום׳ען, אז ער זעהט וויא דיא נשמה פון זיין פאָטער געהט אריין אין דעם הונט, וואס האָט דעם טויטען קערפּער אויפגעפרעסען, און ער איז דארום געקומען צום שלום, אז דאס איז דער בעסטער און זיכערסטער מיטעל צו מאכען דיזע נשמה אונשעדליך פאר איהם און אַלע לעבעדיגע. אן עגיפּטישער פיהרער האט געקענט זעהען אין חלום פערקעהרט, אז דיא נשמה פון זיין פאָטער געפינט זיך קיין רוה ניט און וואנדערט ארום, ווייל א חיה האָט אויפגעפרעסען דעם גוף, און ער איז דארום געקומען צום שלוס, אז מען דארף ניט לאָזען פערניכטען דיא טויטע קערפּערס, אום דיא נשמות זאָלען דערפאר צו רוה לאָזען דיא לעבעדיגע. ווער קען בעשטימען דיא אורזאכען פון יעדען אבערגלויבען בעזונדער? דיזע איינצעלנע אורזאכען זיינען אויך ניט וויכטיג. וויכטיג זיינען נאר דיא אלגעמיינע אורזאכען, וועלכע האבען געפיהרט און געמוזט פיהרען צו עהנליכע אלגעמיינע רעזולטאטען.

דער אלגעמיינסטער רעזולטאט פון דעם אלגעמיינען גלויבען אין נשמות און גייסטער איז געוועזען דער געדאנק וועגען אָפּפער, א געדאנק וועלכער האָט געליינט דעם פונדאמענט פון יעדען קולט אָדער גאָטעסדיענסט. וויא מיר האָבען שוין אָנגעצייגט, שטאמט דיזער געדאנק פון דער נאטירליכער נייגונג פון מענשען צו אורטהיילען נאך זיך זעלבסט און צו פערגלייכען דיא נאטור פון דיא נשמות און גייסטער מיט דער מענשליכער נאטור. דער מענש איז צופרידען, ווען מען שיינקט איהם עפּעס, ווען מען טהוט איהם גוטעס, ווען מען שעצט איהם, ווען מען גיט איהם אָפּ כבוד. עס איז אלזאָ גאנץ נאטירליך פאר מענשען צו דיינקען, אז דאס זעלבע וועט אויך צופרידען שטעלען דיא נשמות און גייסטער. און מיר געפינען דארום ביי אַלע פעלקער אָהן אויסנאהמע, סיידען אזעלכע וואס האָבען נאך קיין שום רעליגיאָן ניט, דאס מען זוכט גוט צו מאכען דיא נשמות דורך געוויסע געשאנקען אָדער אָפּפער. דיא פאָרמען זיינען דאָ ווידער פערשיעדען, אָבער דיא אורזאכע איז דיא זעלבע. ברייננגען אָפּפער צו דיא גייסטער און געטער איז, קען מען זאָגען, דער אָנפאנג און דער סוף פון יעדען גאָטעסדיענסט. דאָס איז דער

אויסוועדטיגער אויסדרוק פון דעם אינערליכען גלוי־בען אין איבערנאַטירליכעס. אָהן דיזע אויסדריקע, אָהן פאָרמען פון אָפּפער און פערעהרונג איז דער גלויבען אין געטער טאַקע נאַר א פוסטע זאַך, עפּעס וואס האָט גאָר קיין ממשות ניט.

לאָמיר יעצט בעטראַכטען אין קורצען, וויא דיזע שטרעבונג עפּעס צו טאָן פאַר דיא נשמות, אויסצודריקען זיי טרייהייט און אונטערטעניגקייט דורך אָפּפער האָט זיך צוערשט ארויסגעצייגט ביי ווילדע מענשען.

אויף פיעלע אינזלען פון גרויסען אָקעאַן האָבען אויראָפּעאישע רייזענדע געפונען פערלאָזענע פעלדער ארום דיא הייזער פון פער־שטאָרבענע. דיא איינגעבאָרענע האָבען גענטפּערט אויף דיא פראַגען פון דיא רייזענדע, אז צו דיזע שטיקער לאַנד טאָר מען זיך ניט צוריהרען, ווייל זיי געהערן אין גאַנצען צו דיא גייסטער פון דיא טויטע. זיי האָבען געגלויבט, אז דיא נשמות ערנעהרען זיך מיט שפּייז אזוי וויא דיא לעבעדיגע, און דארום איז ביי זיי איינגעפיהרט געוועזען איבערצולאָזען פאַר דיא נשמות גאַנצע שטיקער לאַנד, אז זיי זאָלען האָבען גענוג שפּייז.

דיא פּאַפּואַנער פון דעם גרויסען אינזעל ניי־גווינעא, וואס זייער רעליגיאָן איז נאָך ביז יעצט פערבליבען אין דער אוראַלטער פאָרמע פון נשמות־קולט, גראָבען אויס אין בעשטימטע צייטען דיא שארבענס פון זייערע פערשטאָרבענע עלטערן און קרובים, פארבען דיזע שארבענס, בעפּוצען זיי מיט בלומען און פעדערן, שטעלען זיי אוועק אויף א ביהנע צוזאַמען מיט שפּייזען און געטרענקע. דערמיט צייגען דיא פּאַפּואַנער ארויס זייער דאַנקבארקייט צו דיא נשמות פון זייערע עלטערן, דען זיי גלויבען, אז נאָר דורך דיא פערעהרונג פון נשמות פון זייערע עלטערן בלייבען זיי לעבען.

דיא רייזענדע וואס האָבען ענטדעקט דעם אמעריקאַנער אינזעל האאיטי, האָבען געפונען ביי דיא איינגעבאָרענע א מנהג, אויף וועלכען עס איז שוין אָנגעצייגט געוועזן אין דיא קאַפּיטלעך איבער דיא שפּייז פון דיא ערשטע מענשען. דיא איינגעבאָרענע האָבען נעמליך ניט גענעסען א געוויסען סאָרט פּפירזיכען. זיי האָבען עס ערקלערט דער־

מיט, וואס זייערע אורעלטערן האָבען אָפּגעגעבען דיזע פּרוכטען צו דיא טויטע, וואס לאָזען זיך אַראָפּ ביינאַכט פון דיא בערג אין דיא טהאָלען און שפּייזען זיך מיט דיזע פרוכטען.

דיא איינגעבאָרענע פון דעם אינזעל פּסח (אויף דעם גרויסען אָקעאַן) גלויבען, אַז קאַרטאָפּעל דארף איבערגעלאָזען ווערן אלס שפּייז פאַר דיא טויטע. דיא פערוואַנדטע פון א געשטאָרבענעם לאָזען פוילען אויפ'ן פעלד דיא פערזייהטע קאַרטאָפּעל און ריהרען זיי ניט אָן אפילו אין צייטען פון הונגער. זיי גלויבען, אַז דיא גייסטער בענוצען זיך אויף א געוויסע אַרט מיט דיא קאַרטאָפּעל און ווֶעלען שוין בע־לוינען זייערע קינדער פאַר דיזע אָפּפער, וויא גייסטער קענען עס נאָר.

אויף דעם אינזעל האוואַאי איז געווען איינגעפיהרט ניט צו זוכען שפּייז און גאַר ניט צו ארבייטען עטליכע טעג און זאָגאַר עטליכע וואָכען, ווען א קעניג פלעגט שטאַרבען. עס איז פערבאָטען געווען צו קלייבען פרוכטען, צו טויטען חיות און אפילו אַרומצוגיין אויף פעלדער, דען יעדע זאַך אויף דעם אינזעל איז דאַן גערעכענט געווען פאַר דעם איינענטהום פון דעם קעניג'ס גייסט. דיא יעניגע וואס האָבען ניט געהאַט אָנגעגרייט שפּייז אין זייערע הייזער, פלעגען איינפאַך הונגערן. אַלע האבען דאַן מעהר אָדער וויינינער געפאַסט, ווייל זיי האָבען ניט געהאַט גענוג שפּייז אין זייערע וואָהנונגען. דאס האָט געהייסען „אַן אַלגעמיינער טאַבו". וואס טאַבו הייסט, ווייסען מיר שוין פון דיא קאַפּיטלעך איבער דיא ענטוויקלונג פון פּריוואַט איינענטהום. דער אָנפאַנג פון דיזען זעהר פערשפּרייטעטען חרם ביי דיא פּאָלינעזיער שטאַמט פון דעם אבערגלויבען, דאָס מען דאַרף עפּעס אָפּגעבען צו דיא נשמות. ווער עס האָט געקענט, האָט זיך נאַטירליך בעצייטענס פערזאָרגט מיט שפּייז פאַר דעם ערוואַרטעטען טויט פון א קעניג. דיא איינגעבאָרענע פלעגען דערציילען מעשיות, וויא אַמאָל פלעגט מען גאַנצע יאהרען אָנהאַלטען אַזאַ טאַבו, אבער דאס זיינען געוויס פאַנטאַזיעס, דען אַזאַ לאַנגען פאַסטען איז אונמעגליך אויס־צוהאַלטען. אין אַזאַ טרויער־צייט האָט דער אינזעל בעדאַרפט אויסזעהן, וויא אַן אָפּגעשטאָרבענער. יעדערער האָט בעדאַרפט בלייבען זיצען אין זיין הייזעל און קיין גערויש ניט מאַכען. דאָס האָט בעדייטעט, אַז

דאָס גאנצע פאָלק גיט זיך איבער צום גייסט פון דעם פערשטאָר־בענעם קעניג, אזוי וויא מען איז געווען אונטערטעניג צום קעניג, ווען ער האָט געלעבט.

מיט אזעלכע ביישפּיעלע פון נשמות־פערעהרונג אָדער גייסטער־פער־געטערונג קען מען אָנפילען גאנצע ביכער. דיא אויבענגעבראכטע ביישפּיעלע ציינען אויך אָן צוגלייך אויף צייטען, ווען מענשען האָבען נאך קיינע זאַ־פּאסען געהאַט און געלעבט, וויא מען זאָגט, פון האנט צו מויל, וויא עס איז געוויינליך דער פאַל אין יענער־צושטאַנד. ווען זייער גלויבען אין גייסטער האָט זיי שוין געפיהרט דערצו, אז זיי זאָלען בריינגען קרבנות צו דיא גייסטער, אז זיי זאָלען ארויסצייגען זייער פורכט און אונטערטעניגקייט צו דיא גייסטער דורך אויסווערטיגע צייכענס, האָבען דיא מענשען אין יענער־צושטאַנד דארום דאס ניט געקענט ארויסווייזען אַנדערש, וויא נאר דורך דעם וואס זיי האָבען אליין זיך צוריקגעהאַלטען פון געברויכען געוויסע שפּייזען. דאס הייסט מיט אַנדערע ווערטער, אז זייער געשאַנק צו דיא גייסטער אדער קרבן (שליסליך איז דאָך דאס איינס און דאָס זעלבע) האָט געוויינליך נאר געקענט בעשטיין אין הונגערן אָדער פ א ס ט ע ן. אפּגעבענדיג דיא פּרוכטען פון געוויסע בוימער צו דיא גייסטער פון זיינע עלטערן, האָט שוין דערווילדער יענער אליין זיך געמוזט בעגיין אָהן דעם. מיר ווייסען שוין פון דיא קאַפּיטלעך איבער אייגענטהום, אז דעם פערשטאָרבענעם האבען אין דיזען קולטור־צושטאַנד און נאך לאַנגע צייט־טען שפּעטער געהערט אלע זאכען, וואס ער האט בעזעסען ביי'ן לעבען, וויא זיינע געצייג, געוועהר, פּוץ־זאַכען און קליידער. דאס איז גע־ווען זיין פּערזענליכער אייגענטהום אקוראַט וויא זיין קערפּער און דאס האָט געמוזט אויך איבערגעגעבען ווערן צו זיין גייסט. מעהר האט קיינער דאָן ניט געהאַט. ווען איינער האָט געוואָלט עפּעס געבען דיא גייס־טער פון זיינע עלטערן, האָט ער שוין אליין געמוזט זיך אָפּזאָגען פון דעם, דאס הייסט: פאַסטען. אין דעם איז בעשטאַנען זיין אָפּ־פער, זיין קרבן צו דיא גייסטער.

דיא מנהגים פון אָפּגעבען פּרוכטען און גאנצע פעלדער צו דיא גייסטער פון דיא טויטע, מנהגים וואָס שיינען אונז אזוי ווילד און

משונה׳דיג, זיינען דארום געווען זעהר לאָגיש און נאַטירליך אין יענער־צושטאנד. יעדענפאלס האבען זיי זיך אונטערשיידעט פון דיא תעניתים און קרבנות ביי ציוויליזירטע פעלקער ניט אין אינהאלט, זאָנדערן אין פאָרמע. סמנים אדער אָנזווייזונגען אויף דיזע עלטעסטע פאָרמע פון דעם גייסטער־קולט געפינען זיך נאך ביז היינט צו טאָג ביי אלע ציוויליזירטע פעלקער, וויא עס איז אויבען בעוויזען געוואָרן.

נאָר פון דער אנדערער זייט האָבען דיא מענשען אין יענער־צושטאנד געהאט טעג, ווען זיי האָבען ניט געקענט אויפפרעסען דיא חיות, וועלכע עס איז זיי געלונגען צו טויטען. דער אויפמערקזאמער לעזער וועט זיך דערמאָנען וואָס עס איז געזאָגט געוואָרען וועגען דעם אין דיא קאפיטלעך איבער דיא שפייז און איבער דיא פיהרונגען פון ווילדע יעגערס, ספּעציעל איבער זייערע געמיינשאפטליכע סעודות. ביי דיזע סעודות האָט מען אויך ביסלעכווייז אָנגעפאנגען צו דערמאָנען זיך אָן דיא גייסטער. דיזער דערמאָנען־זיך האָט זיך מייסטענס אויסגעדריקט אין אויסטהיילען חלקים פאר דיא נשמות פון דיא טויטע. מיט דער צייט האָט מען אויך גענומען מאַכען אַלגעמיינע סעודות צו עהרע פון דיא גייסטער פון אזעלכע מענשען, וואס האָבען זיך אויסגעצייכענט אלס אָנפיהרער און הערשער ביי׳ן לעבען. אין אזא פאל האָט מען שוין אזא געפירכטעטען גייסט גע־בראכט אלס קרבן א געוויסען טהייל פון דיא שפייז. דיא סעודה איז שוין דאָן געערעכענט געווען פאר א פעסט אָדער יום טוב. אייניגע ווילדע פעלקער האָבען פערברענט אָדער פערניכטעט אויף אירגענד וועלכער וויזע דעם חלק שפייז פון דיא גייסטער; דיא מייסטע פעלקער האָבען עס אָבער אליין אויפגעגעסען נאך געוויסע צערעמאָניעס. דאָ האָט ווידער א צופאל געשפּיעלט א ראָלע, און דיא מנהגים זיינען געווען פערשיעדענע, אָבער אלע זיינען זיי געווען גלייך דערמיט, וואָס אזעלכע סעודות זיינען אויך אָנגענומען געוואָרן פאר פעסט־טעג. דער אינהאלט איז נאַטירליך פערבליבען דער זעל־בער, וואס מען האָט ניט געטאָן מיט דעם חלק שפייז, וועלכען מען האָט אָפּגעגעבען צו דיא גייסטער, אום זיי אָנצוטאָן כבוד און צופריי־דען צו שטעלען.

מיר זעהן אלזאָ, אז דיא ערשטע פאָרמען פון גייסטער־קולט אָדער דיא ערשטע צערעמאָניעס פון דער נשמות־פערעהרונג האָבען זיך אויסגעדריקט און אויך געמוזט אויסדריקען אין פאַסטען און אין פעסטען. דיזע פאָרמען געפינען מיר טאַקע פערשפּרייטעט ביי אלע פעלקער, וועלכע האבען דעם מינדעסטען רעליגיעזען גלויבען.

ביי דיא אינדיאנער און איבערהויפּט ביי אלע ווילדע יעגער־שטאמען זיינען תעניתים בעזאָנדערס פערשפּרייטעט. זייער אונזיכע־רע ארט לעבען פיהרט זיי דערצו. ווען זיי גליקט אויף געיעג, שרייבען זיי עס צו דעם גוטען ווילען פון דיא גייסטער און געטער. דארום האל־טען זיי עס פאר זייער הייליגע פפליכט צו בעדאנקען דיא גייסטער און געטער דורך א פעסט־סעודה מיט געוויסע צערעמאָניעס, וועלכע זיינען צייכענס פון זייער דאנקבארקייט און אונטערטעניגקייט. ווען אבער זיי גליקט ניט אויף געיעג און זיי קומט אוים סיי וויא סיי צו הונגערן, בעטראכטען זיי עס אלס א שטראָף פון דיא גייסטער אָדער געטער און זיי פאסטען דאן, אום דורך דיזען אָפּפער צו געווינען דעם גוטען ווילען פון גייסטער אָדער געטער. דורך דעם האָט מען גענומען קוקען אויף פאסטען וויא אויף א פאָרמע פון תשובה. תעניתים און יומים טובים קומען דארום עפטערס פאָר איינע נאך דיא אנדערע. דערפון זיינען עס פערבליבען פעסטען נאך גרויסע תעניתים אפילו אין דיא ענטוויקעלטסטע רעליגיאָנען פון דיא ציוויליזירטעסטע פעלקער.

ביי דיא פעלקער וועלכע האבען ניט געהאט איינגעפיהרט אלגעמיינע סעודות, פלעגט מען בריינגען דיא גייסטער זעהר איינפאַ־כע און קליינע קרבנות. דיא אור־איינוואָהנער פון טאאיטי פלעגען זיך בעגנוגענען דערמיט, וואס זיי פלעגען אוועקלייגען לעבען זייערע טויטע עטליכע פרוכטען און בריינגען שפּייז־וואָרצלען אין דיא אָפּגע־צאמטע ערטער פאר דיא גייסטער. דיא מייסטע פעלקער, וועלכע האָבען עפענטליכע סעודות, גלויבען אז דיא גייסטער און געטער האָבען אויך דערפון הנאה, אז זיי געפעהלט ספּעציעל וואָס מענשען גיבען זיי אָפּ כבוד צוזאמען אין איין קאָמפּאניע. ווען אוויראָפּפער האָבען ענטדעקט דעם אינזעל טאָנגאַטאַבו, איז איינער פון זיי איינגעלאַדען געוואָרען פון דיא איינגעבאָרענע צו זייערן א רעליגיעזען

יום טוב. דיא פעסטליכקייט איז בעשטאנען אין דעם, וואס דיא
ווילדע האָבען זיך אויסגעזעצט אין א קרייז און וואס יעדערער האט
אויסגעטרונקען פון א שיסעלע, וועלכע איז געמאכט געוועןפון א
באנאנא - בלאט, א געוויסען געטראנק, וועלכען זיי האָבען זעהר
ליעב געהאט צו טרינקען. אין דעם איז בעשטאנען זייער גאנצער
גאָטעסדיענסט און דאָס האָט ניט וויניג איבערראשט דעם אייראָפּעער.
עבענזאָ פערוואונדערט זיינען געוועןדיא מיטגליעדער פון א דייטשער
וויסענשאפטליכע עקספּעדיציאָן, ווען זיי האָבען בייגעוואָהנט א כינע־
זישע רעליגיעזע צערעמאָניע אין אינדאָ־כינא. כינעזער האָבען געבראכט
אין זייער טעמפּעל א געבראָטענעם חזיר׳ל און, נאָכדעם וויא זיי
האָבען זעהר פריינדליך איינגעלאדען דיא אייראָפּעאישע רייזענדע צו
נעהמען אנטהייל אין זייער סעודה, האָבען זיי אָנגעפאנגען זעהר
לוסטיג צו עסען זייער קרבן. זיי האָבען גאנץ געמיטהליך געשמועסט
ביי דיעזער רעליגיעזער סעודה. דיא כינעזער גלויבען נאָך אויך, אז
דיא גייסטער, צו וועמעס עהרע זיי מאכען אזא סעודה, אזוי וויא מיר
מאכען א באנקעט צו עהרע פון א מאן, זיינען דערביי אנוועזענד און
האָבען דערפון פערגעניגען.

נאר מיר דארפען ניט פארקריכען אזוי וויט נאך ביישפּיעלען.
מיר קענען זיי אויך געפינען אונטער דער האנט, ווען מיר זאָלען נאָר
זוכען וויא געהעריג און זיך ניט לאָזען נארען פון אויסערליכע צופּר־
צונגען און נייע־מאָדנע ערקלערונגען און פּירושים. ביי אידען זיינען נאָך
ביז היינט צו טאָג פערבליבען גאנץ קלאָרע סמנים פון דעם אוראלטען
מנהג איינצולאדען גייסטער צו סעודות און פעסטליכקייטען. עס איז
נענוג אָנצוצייגען אויף דעם מנהג צו לאָזען א כוס פאר אליהו הנביא
ביי׳ם סדר פּסח און אויף דעם מנהג צו לאָזען א שטול דעם זעלבען נביא
ביי ברית׳ן (וואס מען רופט כסא של אליהו). נאטירליך, תלמודיסטען און
רבנים גיבען וועגען דעם זייערע ערקלערונגען, אום אויסצוגלייכען דיזע
אוראלטע געצענדינערשע מנהגים מיט דעם גלויבען אין איין גאָט,
מיט דעם ריינעם יודאאיזמוס; אָבער קיינער פון זיי וועט דאָך ניט
לייקענען, אז דאס פאָלק גלויבט טאקע אין אמת׳ן, דאס אליהו
הנביא קומט אריין, ווען מען עפענט דיא טיר ביים סדר, און טרינקט

אויס דעם כוס וואס שטייט אָנגעגרייט פאַר איהם, און דאס ער איז אנוועזענד ביי יעדען ברית־מלה, דען ער ווערט דאָך גערעכענט פאַר דעם מלאך הברית.

אָבער בעזאָנדערס דייטליך ווייזט זיך ארויס דער אָנגעצייגטער אוראַלטער מנהג אין דער איינלאַדונג צו דיא אושפיזין, וואס אידען מאַכען אין זייערע סוכות יעדען טאָג פון דיזען יום טוב פאַר דער סעודה. מיר וועלען נאר דאָ בריינגען דיא איינלאַדונג פון דעם ער־שטען טאָג סוכות. זיא לויטעט: „אזמן לסעודתי אושפיזין עילאין אברהם יצחק יעקב יוסף משה אהרן ודוד" (איך לאַדע איין צו מיין סעודה דיא ערהאַבענע געסט אברהם, יצחק, א. ז. וו.).

עס איז איבעריג זיך ווייטער אָפּצושטעלען אויף דעם. מיר ווייסען שוין, וויא אזוי דער גלויבען אין גייסטער איז ענטשטאַנען, וואס פאַר פאָרמען ער האָט צוערשט אָנגענומען, און מיר דאַרפען זיך דאַרום גאר ניט וואונדערן, ווען מיר געפינען עהנליכע רעליגיעזע צערעמאָניעס ביי גאַנץ פערשיעדענע פעלקער אויף פערשיעדענע קולטור־שטופען.

אזעלכע עהנליכקייטען האבען מיר שוין ניט איין מאָל געפונען און מיר וועלען זיי נאָך געפינען ביי אונזערע ווייטערע נאכפאָרשונגען וועגען רעליגיעזע פאָרמען.



# פופצעהנטער קאַפּיטעל.

## גייסטער, געטער און גאָטעסדיענסט.

דיא ווירקונג פון מאַטעריעלע קולטור אויף רעליגיעזע ענטוויקלונג.—סאָרטירונג פון נאַטורקרעפטע.—העכערע און נידעריגערע גייסטער.— דיא ווירקונג פון געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָן אויף דיא ענטשטעהונג פון געטער.— דער „גרויסער גייסט" פון דיא אינדיאַנער. — דער גלויבען אין דעם אַנטהייל פון גייסטער און געטער אין מלחמות. —לאָקאַלע און נאַציאָנאַלע געטער. — דיא פעסטקייט פון קולט. — ווארום אלטע רעליגיעזע צערעמאָניעס פערבלייבען א'ן גאטעסדיענסט. — פערבליבענע אלטע צערעמאָניעס ביי גריכען, רוימער און אידען. — געטראַנקען און בשמים ביי'ן גאטעסדיענסט. — שפּייז פאַר נשמות און געטער. — דער געברויך פון בלוט אין קולט. — ראָם פאַר טויטע ביי נעגערן. — בלוט אין דעם קולט פון גריכען און אידען. — קעפּ אין דעם קולט פון מצריים. — דער אָרט פון דער נשמה אין מענשליכען קערפּער נאך דיא מיינונגען פון פערשיעדענע פעלקער. -- דער גלויבען אז דיא נשמה געפינט זיך אין בלוט.

---

אין דיא לעצטע קאַפּיטלעך האבען מיר אָפט געברויכט דיא ווערטער: נשמות, גייסטער און זאָגאַר געטער, אזוי וויא זיי וואָלטען געהאט דיא זעלבע בעדייטונג. דאס האָבען מיר נאר געטאָן דאריבער, ווייל אין דער צייט, ווען מענשען האָבען געקראָגען א בעגריף וועגען א רוח, א גייסט און אפילו ווען מענשען זיינען שוין דערגאנגען צום גייסטער־קולט, האָבען זיי דאָס אלעס גערעכענט פאַר איין זאך. א שאָטען,

אין אַטהעם, א הלום־בילד, אין אילוזיאָן, דיא קראַפט פון א ווינט, פון אין ערדציטערניס, א. ז. וו. — דאס איז בעטראכטעט געווען פאר אין ערשיינונג פון א גייסט, וואס מען זעהט געוויינליך ניט. מען האט נאך ניט געהאט בעזונדערע ווערטער פאר אַ נשמה, פאר א גייסט אדער אַ גאָט. אלעס וואס איז ניט געווען אדער האָט געשיינט ניט צו זיין קערפּערליכעס, איז גערופען געוואָרן מיט א וואָרט, וועלכער האט געוויינליך בעדייטעט אָטהעם, אַ בלאָז, אַ שאָטען. שילדערנדיג דיא בעגריפע פון ווילדע וועגען נשמות, האָבען מיר שוין אָנגעצייגט, אז זיי פערשטעהען נאך גאר ניט אדער זעהר דונקעל דעם אונטערשיעד צווישען א גייסט און א נשמה. מיר וועלען יעצט ספּעציעל אויפמערקזאם מאכען דעם לעזער אויף דיזען פּונקט, ווייל דיא ענטשטעהונג פון העכערע רעליגיאָנען איז ערשט מעגליך געוואָרען, ווען מענשען האבען גענומען מאכען אלץ קלאָרערע און ברייטערע אונטערשיעדע צווישען נשמות און גייסטער.

יא, ווען מען בעטראַכט נאר מיט קריטישע אויגען דיא געשיכטע פון רעליגיאָנען, געפינט מען, אז זייער פּאָרטשריט איז הויפּטזעכליך בעשטאַנען אין דער אומוואַנדלונג פון גייסטער אין געטער. דיזע אומוואנדלונג איז געווען דער רעזולטאט פון דער אלגעמיינער ענטוויקלונג פון מענשען אויף דעם וועג פון קולטור. ווען מענשען האָבען זיך אָנגעפאַנגען אלץ מעהר צו בעשעפטיגען מיט אַקערבוי און פיהפּיטערונג און האָבען שוין געקענט מאכען זאַפּאַסען, אז זיי האָבען עס נאר געוואָלט, האבען זיי אויף מעהר צייט און מעהר לוסט געקריאָגען נאכצודיינקען וועגען נאַטירליכע ערשיינונגען און וועגען דיא גייסטער־וועלט. מען האט דארום אלץ ווייטער אָנגעפאַנגען צו אונטערשיידען דיא נאַטירליכע זאכען און ערשיינונגען און צו סאָרטירען זיי אין געוויסע גרופּען. ניט אלע ווינטען, דונערן און בליצען זיינען גלייך אין קראַפט; דיא וואַרעמקייט און דיא שיין פון דער זון זיינען אויך ניט אלע מאל גלייך; דיא ערשיינונגען אין הימעל זיינען ניט גלייך צו דיא ערשיינונגען אויף דער ערד; וואַסער איז עפּעס גאָר אַן אַנדער זאך וויא לופט, און ביידע זיינען זיי גאַנץ פערשיעדען פון פייער, א. ז. וו., א. ז. וו.

דער מענש האָט דאָ ווידער אויך געאורטהיילט נאך זיך אליין.

זא לאנג מענשען האבען געלעבט אָפּגעזונדערט אָדער אין קליינע פאמיליען־גרופּען, האבען זיי געדיינקט, אז אזוי פיהרען זיך אויך דיא גייסטער, אז וויינינגסטענס דיא גייסטער פון ערוואקסענע און שטאַרקע מענשען זיינען אלע גלייך אין קראפט. נאר ווען עס זיינען ענטשטאַנען אלץ גרעסערע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָנען מיט בעפעהלגעבערס און קעניגע, האָבען שוין מענשען ניט געקענט גלויבען אז אלע נשמות האבען אַ גלייכע קראפט צו טאָן גוטעס אדער שלעכטעס. זיי האבען ניט געקענט דיינקען, אז דער גייסט פון אַ קעניג זאָל ניט זיין מעכטיגער וויא דער גייסט פון אַ פּראָסטען מענשען אדער פון אַ שקלאַוו. אַ קעניג׳ס גייסט האָט אלזאָ אויך געמוזט הערשען איבער אַנדערע. דאָס איז שוין געוועזען אַ **גרויסער** גייסט, וועלכען מען האט בעדארפט מעהר פערעהרען, פאר וועלכען מען האָט בעדאַרפט מעהר מורא האבען. מיט דער צייט האט מען אזאַ „גרויסען גייסט“ אויך פערבונדען מיט אַ גרעסערע נאַטורקראַפט און ער האָט שוין דאן געקראָגען דיא בעדייטונג פון אַ גאָט.

דער אונטערשיעד צווישען אַ גייסט און אַ גאָט איז אייגענטליך נאָר אין דער מאָס פון זייער קראַפט, פון זייער פעהיגקייט צו ווירקען אויף דעם לעבען פון מענשען. אָן דיא גייסטער פון שוואַכע און געוויינליכע מענשען פערגעסט מען שנעל. אין דער געדעכעניס בלייבען אַם לענגסטען דיא גייסטער, וואס האָבען בעלעבט מעכטיגע מענשען, העלדען און קעניגע. דיזע גייסטער פערגעטערט מען אלץ מעהר, אלע איבעריגע גייסטער ווערן שוין פאַרגעשטעלט אלס אַ מעננגע וואַנדערענדע נשמות. דיא פורכט פאר נשמות איבערהויפּט פערבלייבט נאָך פון דעסטוועגען ביז היינט צו טאָג ביי אלע ציוויליזירטע פעלקער.

וויא וויט דער בעגריף פון אַ „גרויסען גייסט“ פאָלגט נאַטירליך בערווייזע פון אַ געזעלשאַפטליכער אָרגאַניזאַציאָן אונטער דעם בעפעהל פון קאָמאַנדירען, צייגט בעזאָנדערס דער גלויבען פון דיא אינדיאַנער וועגען זייער הויפּטגאָט, וואס זיי רופען טאַקע „דער גרויסער גייסט“. זיי דיינקען נעמליך אז דיא מאַכט פון דעם „גרויסען גייסט“ איז ניט אַ שטענדיגע, אז זיין הערשאַפט איבער אַנדערע גייסטער קריעגט

זר נאר אין דער צייט פון א מלחמה. אין געוועהנליכע צייי־טען פלעגען דיא אינדיאנער ערקלערען דיא מיסיאָנערען, זאָרגט גאר ניט דער „גרויסער גייסט" וועגען מענשען. דאַן האבען דיא אינדי־אַנער געהאט צו פירכטען פאַר אַנדערע גייסטער, מייסטענס דיא נשמות פון זייערע פערשטאָרבענע עלטערן אדער פון בעוואוסטע אָנפיהרער. דאָ ווארפט זיך אין דיא אויגען א פערגלייך מיט דער אָרגאַניזאציאָן פון ווילדע יעגערס. געוויינליך לעבען זיי פריי און זעלבסטשטענדיג; נאר אין צייט פון נעיעג און בעזאָנדערס פון מלחמה קלייבען זיי אויס איינעם אלס קאָמאַנדיר און בעפעהלסגעבער, און אלע מוזען איהם דאַן פאָלגען צוליעב דיא אינטערעסען פון דעם גאַנ־צען שטאַם. קיין קריעג קען ניט געפיהרט ווערן אָהן א געוויסע דיסציפלין און אָהן א פיהרער. דיא אינדיאנער האבען דארום גע־דיינקט, אז דאָס זעלבע קומט אויך פאָר אין דער גייסטער־וועלט. איינער פון דיזע גייסטער ווערט קאָמאַנדיר איבער דיא אַנדערע אין קריעגצייט. ער איז עס דער „גרויסער גייסט". נאָך דעם קריעג הערט אויך אויף דיא גייסטער־קאָמאַנדע, און דער „גרויסער גייסט" ווערט א געוועהנליכער, אזוי וויא דער קריעגס־פיהרער ווערט א גע־וויינליכער יעגער.

אז דיא גייסטער און געטער נעהמען אַנטהייל אין מענשליכע מלחמות—אין דעם האבען מענשען שטענדיג געגלויבט זייט זיי האָ־בען געגלויבט אין גייסטער איבערהויפּט. דיא גייסטער מישען זיך אריין אין אלע מענשליכע אנגעלעגענהייטען, פאָלגליך אין מלחמות אויך. וואס פאַר א ווערדע וואָלטען דען גייסטער געהאט ביי מענשען, ווען ניט דער גלויבען אז זיי ווירקען צום גוטען אדער צום בייזען אויף דעם מענשען׳ס שיקזאל? און ווען איז דען מענשען מעהר וויכטיג צו וויסען דעם ווילען פון דיא גייסטער, ווען ניט פאר דעם אָנפאַנג פון א קריעג? דיא אינדיאנער, ביי וועלכע דיא אָפּפער־פאָרמע דורך פאַס־טען איז געוועזן זעהר פערשפּרייטעט, פלעגען דארום שטענדיג פאַסטען פאַר א מלחמה. דאס זעלבע האבען אויך געטאָן פיעלע אַנדערע פעלקער. יעדער קריעגער האט געגלויבט, אז דיא גייסטער פון זיינע עלטערן אדער פון זיין פאַמיליע קעמפּפען אויף זיין זייט, און אלע קריעגערס פון

איין שטאם האבען געגלויבט, אז דער „גרויסער גייסט" בעשיצט זיי אלעמען געגען דעם שונא. א זיעג איז צוגעשריבען געוואָרען צו דער הילפע פון דיא גוטע און צופריעדענע גייסטער, און א נידערלאגע איז גערעכענט געווען פאר א שטראָף פון דיא גייסטער דערפאר, וואס מענשען האבען זיי ניט אָפגעגעבען גענוג כבוד אדער האבען מיט עפּעס ארויסגערופען זייער צאָרן. קורץ, א נידערלאגע אין א מלחמה, וויא יעדער אונגליק, איז גערעכענט געווען אלס א שטראָף פאר דיא זינד.

און ווען מענשען זיינען שוין דערגאנגען צו א בעגריף וועגען זעהר מעכטיגע גרויסע גייסטער אדער געטער, איז אויך פערבליבען דער גלויבען, אז דיזע גייסטער אדער געטער קעמפּפען זייט ביי זייט מיט דיא מענשען אין מלחמות. אם קלאָרסטען און איינפאכסטען געפינט מען אויסגעדריקט דיזען גלויבען אין דיא גריכישע לעגענדען וועגען דעם קריעג אין ט ר אָ י א מיט אונגעפעהר 12 הונדערט יאהר פאר דיא קריסטליכע צייטרעכנונג. א כ י ל ע ס, פּ א ט ר אָ ק ל ע ס און אנדערע העלדען פון דיזער מלחמה, וועלכע איז ארויסגערופען געוואָרען דורך דיא פערכאפּונג פון דער שיינער העלענע, זיינען גאנצע מחותנים מיט דיא געטער. אין קריסטליכע צייטען האבען קריעגערס געגלויבט, אז דיא הייליגע העלפען זיי מיט. דער אינהאלט איז פערבליבען דער זעלבער, נאר דיא נעמען און פאָרמען האבען זיך מיט דער צייט געענדערט.

דיא אינדיאנער און אנדערע ווילדע פעלקער האבען אויך געגלויבט, אז עס זיינען דאָ דורות פון גייסטער אזוי וויא פון מענשען. דער גייסט פון דעם גרינדער פון א פאמיליע איז גערעכענט געווען פאר דעם עלטסטען און ערשטען. ווען א פאמיליע איז געוואָרען שטארק און האט בעהערשט אנדערע, זיינען איהרע הויפּט־גייסטער אויך פערעהרט געווארן פון אנדערע. דיא גייסטער פון שקלאווען זיינען גערעכענט געווען פאר גאר ניט, אזוי וויא דיא שקלאווען ביי'ן לעבען. זיי האבען נאר נאָכגעפאָלגט דיא הערשער. דארום פלעגט מען עס טויטען שקלאווען אויף דיא קברים פון זייערע הערשער. וואס מעכטיגער א שטאם איז געוועזן און וואס מעהר שרעק ער האט ארויפ־

געיאָגט אויף דיא אַרומיגע שטאַמען, אַלץ מעהר האָט מען אויך געציטערט פאַר דעם הויפּט־גייסט אדער גאָט פון דיזען שטאַם. מען האָט געזוכט איהם אָפּצוגעבען כבוד, אום איהם גוט צו מאַכען. אזא גייסט האט דארום אלץ מעהר געקראָגען דיא בעדייטונג פון א גאָט אין דיא אויגען פון פיעלע שטאַמען.

ווענען אַן אַלגעמיינעם גאָט, וועלכער האט בעשאַפען אַלע מענשען און דיא גאַנצע וועלט, האָט מען אַ דונקעלען בעגריף געהאט אפילו אויף דער הויכער שטופע פון דער גריכיש־רוימישער קולטור. דיא אַלגעמיינסטע געטער זיינען העכסטענס געווען לאָקאַלע און נאַציאָנאַלע. זיי זיינען שטענדיג פערבונדען געווען מיט אַ בע־שטימטען אָרט און פאָלק, ווייל זיי זיינען נאר געווען „גרויסע גייסטער" פון א שטאַם, וועלכער האט זיך פערמעהרט און איז מעכטיג געוואָרן אין דיזען אָרט. אַ גאָט האט מען בעטראַכט וויא אַ הערשענדען גייסט, און אַלע זיינען גערעכענט געווען פאַר זיינע קינדער. דער אידישער גאָט איז אויך גערעכענט געווען פאַר אַ נאַציאָנאַלען. ער האָט „אויסגעקליבען זיין פאָלק". ער האט געמאַכט דיא בני ישראל פאַר אתה־בחרתנו׳ניקעס. עס איז אמת, אַז דיא ביבלישע אידען זיינען שוין דערגאַנגען צו אַ גלויבען אין אַן איינציגען גאָט, א בורא פון דער גאַנצער וועלט; נאר פּראַקטיש האבען זיי לאַנג ניט געקענט צוגעוואָהנען זיך צו דיזען גלויבען און פערוואַרפען אַלע זייערע פריהערע גייסטער און אַבערגלויבענס. זיי האָבען דארום געגלויבט, אַז אַנדע־רע פעלקער האָבען אַנדערע גרויסע געטער, אַז מען דאַרף זיך אויך רעכענען מיט זיי. פון צייט צו צייט פלעגען זיי דורך דעם אריינ־פאַלען אין געצענדיענסט, וויא דאס ווערט געשילדערט אין דער ביבעל זעלבסט. דאס צייגט, אַז הויכע געדאַנקען פערשפּרייטען זיך זעהר לאַנגזאַם אונטער דיא בעסטע אומשטענדען און אַז אַלטע גלוי־בענס בלייבען דארום זייט ביי זייט מיט נייע, הגם זיי ווידערשפּרע־כען זעהר קלאָר און אָפען איינע דיא אַנדערע.

מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס, אַז אַלע פאָרמען פון גע־צענדיענסט האבען עקזיסטירט גלייכצייטיג מיט דעם גלויבען אין איין גאָט, אַפּילו מיט דעם ריינסטען מאָנאָטעאיזמוס פון דער אידישער

רעליגיאָן. דער גלויבען אין גוטע און בייזע גייסטער (דיא עלטעסטע רעליגיאָן) פערבלייבט נאך איינגעוואָרצעלט ביי דיא ציוויליזירטעסטע פעלקער, וויא דאָס וויינט זיך בעזאָנדערס ארויס אין אבערגלויבענס וועגען עין־הרע, וועגען קאָרטען־ווארפען, וואהר־זאָגעריי, כישוף, מאַלים־מאנען, אמולעטען, קמיעות, שיר־המעלות׳ן, א. ז. וו. דיזע אבערגלויבענס זיינען אזוי אלט וויא דער רעליגיעזער גלויבען, און עס וועלען נאך פער־שווינדען ווער ווייסט וויא פיעל דורות איידער ציוויליזירטע פעלקער וועלען זיך בעפרייען פון זיי. נאַטירליך, מיר קוקען יעצט מיט אנדערע אויגען אויף דיזע סגולות גוט צו מאַכען דיא גייסטער.

נאר וויא לאנגזאם דיא רעליגיעזע אנזיכטען האָבען זיך ניט גע־ביטען, האבען זיך נאך לאנגזאמער געביטען דיא אויסווערטיגע אויס־דריקע פון גלויבען אדער, מיט איין וואָרט, דער קולט. דיא צערעמאָניעס, וואס זיינען פערבונדען מיט דעם גלויבען אדער אבערגלויבען—רופט עס וויא איהר ווילט—פערבלייבען לאנג־לאנג נאך דעם, וויא מען האט שוין אפילו פערגעסען אָן דיא געדאַנקען און שטרעבונגען, וועלכע האבען זיי ארויסגערופען. פאַר דיא נייע דורות פערלירען זיי יעדען זינען, אבער דאָך האלט זיי זיך אָן. מיר האבען שוין ניט איין מאָל אָנגעצייגט אין אונזער קולטורגעשיכטע אויף אוראלטע רעליגיעזע צערעמאָניעס, וועלכע ווערן אָפּגעהיט נור דעריבער, ווייל זיי זיינען אלט. מיר האבען אויך אָנגעצייגט, דאס אזעלכע צערעמאָניעס גיבען אונז ערקלערונגען וועגען דיא פיהרונגען פון מענשען אין ווייטע ביז־היסטאָרישע צייטען.

יעצט ווילען מיר עס זעהן אויף יעדען שריט. עס איז ווירקליך א וואונדער וויא ווייניג דער קולט האט זיך געענדערט, הגם דער בע־גריף וועגען גאָט איז אלץ ברייטער און העכער געוואָרן. דער קולט אדער גאָטעסדיענסט בלייבט איינגעשלאָסען אין אייזערנע ראַמען. זיינע ענדערונגען קומען פאָר אין דיזע ראַמען, און דאס אויך מערקווירדיג לאנגזאם. אנדערס קען עס אויך ניט זיין. ווען א מענש האט אָנגעפאנגען צו גלויבען—עס מאַכט ניט אויס דורך וועלכע אורזאַכען—אז ער קען נאר איינשטילען דיא נשמות אדער גוט מאַכען דיא גייסטער דורך איבערלאָזען א געוויסען טהייל שפייז פאַר זיי, דורך אויפפרעסען דיא קערפערס פון דיא טויטע, דורך א סעודה צו זייער טהרה, א. ז. וו.:

וועט ער עס פאָרטזעצען צו טאָן אין א צייט, ווען ער וועט שוין דערגיין צו א בעגריף וועגען אַלמעכטיגע געטער. ער וועט טאָן וויא זיין טאַטע האָט געטאָן, ער וועט מורא האבען אָפּצוטרעטען פון דיא אַלטע מנהגים, וויא דום און לעבערליך זיי זאלען ניט זיין. דיא פורכט, טאָמער וועט ער דאָך בעשטראָפט ווערן, ווען ער וועט ניט אָפּהיטען דיא אַל־טע צערעמאָניעס, און דיא האָפנונג, אַז דיא געטער וועלען איהם העלפען ווען ער וועט אויספיהרען דיא אַלטע צערעמאָניעס—דאס האט שטענ־דיג אָנגעהאלטען דיא אוראַלטע צערעמאָניעס פון קולט און אַלע אבערגלויבענס. עס זיינען נאָך היינט צו טאָג דאָ ווייניג מענשען, וואס זיינען פריי פון יעדען אבערגלויבען, פון א גלויבען אין מזל, אין שדים, אין קמיעות, א. ז. וו. דער גלויבען אין איין איינציגען גאָט און דיא אונזיננינסטע אבערגלויבענס פון דיא עלטעסטע צייטען פערבלייבען נאָך זייט ביי זייט.

לאָמיר יעצט זעהן, וויא אַזוי דער קולט האט זיך אין פערלויף פון יאָהרטויזענדע געענדערט אין דיא ענגע אייזערנע ראַמען, אין וועלכע ער איז געוועזען און בלייבט איינגעשלאָסען.

מיר ווייסען שוין, אַז דיא ערשטע פאָרמען פון דעם עלטעסטען גייסטער־קולט זיינען בעשטאַנען אין תעניתים און פעסט־סעודות. מיר ווייסען אויך, אַז דיזע פאָרמען זיינען ארויסגערופען געוואָרען דורך דיא נאַטירליכע נייגונג פון מענשען צו ברייננגען אָפּפער צו דיא גיי־סטער. זיינען דען דיזע פאָרמען אָפּגעשאפט געוואָרן, ווען מענשען זיינען שוין געוואָרן ענטוויקעלטער און האָבען געגלויבט אין געטער? יעדערער ווייס, אַז ניין, אַז תעניתים און ימים טובים ווערען אָנגעהאל־טען אין דיא העכסטע רעליגיאָנען.

מיר האָבען אין פאָריגען קאַפּיטעל געזעהען, וויא דער גלויבען פון ווילדע אין נשמות און גייסטער האָט זיי געבראַכט צו דיא מנהגים צו לאָזען שפּייז פאר דיא גייסטער און צו מאַכען טעודות צו זייער עהרע. איז דיזע צערעמאָניע פערשוואונדען, ווען מענשען האָבען שוין געגלויבט אין געטער און זאָגאר אין איין גאָט? ניין. מיר האָבען שוין געבראַכט עטליכע ביישפּיעלע, וויא דיזער אוראַלטער גלויבען איז נאָך פערבליבען אפילו ביי אידען. מיר וועלען יעצט צייגען, וויא

אזוי דיזער גלויבען איז אָפּגעהיט געוואָרן ביי דיא ציוויליזירטעסטע פעלקער פון אלטערטהום.

דיא פאָרגעשריטענסטע גריכישע רעפּובליק אַטהען האט זיך גע־רעכענט אונטער דער ספּעציעלער השגחה פון דער געטין דער וויזהייט. דיא אַטהענער האָבען איהר בעטראַכט פאר זייער מוטער. דאָרום האָבען זיי גערעכענט, אז זיא מוז יעדען טאָג אַנטהייל נעהמען אין זייערע סעודות. אין איהר טעמפּעל, וואו עס האָט געברענט א שטענדיגער פייער, אזוי וויא אין אַלטע ווירטהשאַפט, פלעגט מען יעדען טאָג מאַכען א סעודה, צו וועלכע געוויסע פערטרעטער פון דער געמיינדע פלעגען מוזען קומען. דאס איז געווען אַן אַלטער מנהג, וועלכער איז שטרענג אָפּגעהיט געווען. דיא ענדערונג איז נאָר בעשטאַנען אין דעם, וואס ניט אַלע פלעגען קומען צו דער סעודה וויא אין יענער־צושטאַנד, זאנדערן פערטרעטער פון דער געמיינ־דע, וועלכע זיינען יוצא געווען דעם קהל. דיזע אויסגעקליבענע פערטרעטער פלעגען ניט טאָרען אָפּזאָגען זיך פון דיזע אוראַלטע צע־רעמאָניע. אַן אָפּזאָגונג האט מען בעטראַכטעט פאר א בעליידיגונג און פערברעכען געגען דיא געטער. מען האט געגלויבט, אז ווען מען זאל ניט אויספיהרען דיזע סעודה־צערעמאָניע, וועט דיא גאַנצע געמיינ־דע בעשטראָפט ווערן מיט א הונגער און מיט פערשיעדענע קראַנקהייטען.

יופּיטער, דער הויפּט־גאָט פון דיא רוימער, האָט געהאט ארום זיך א סוויטע פון פערשיעדענע געטער, דיענער און אפילו פּאַריקמאַ־כערס, אזוי וויא א קעניג אויף דער וועלט. עס איז נאָך פערבליבען דער אַלטער מנהג אויסצופּאַרבען רויט דאָס געזיכט פון יופּיטער׳ס געצקע און פון־ דעם רוימישען קעניג־פּריעסט, וויא מיר ווייסען דאָס שוין פון דיא קאַפּיטלעך איבער דיא ענטוויקלונג פון שטאַאטען. דער קולט האָט דאָ אַלזאָ אָנגעהאַלטען דעם מנהג צו פאַרבען דיא געזיכ־טען, א מנהג וועלכער צייגט, אז דיא פאָרפאַטערס פון דיא אלטע רוימער האבען זיך געפאַרבט וויא אינדיאַנער און אַנדערע ווילדע שטאַמען.

אין גריכענלאַנד און אין רוים איז אויך פערבליבען דער מנהג צו ברייגגען הינט פאר א קרבן צו דיא געטער, הגם דיא בירגער פון

**דיזע לענדער האָבען אליין שוין לאַנג ניט געגעסען הינט־פלייש. דיזען** מנהג האבען זיי איבערגענומען ביי פעלקער, וועלכע האבען פריהער פאר זיי געלעבט דאָרטען. יעדענפאַלס צייגט דיזער מנהג אויף צייטען, ווען מענשען האבען אליין געגעסען הינט־פלייש און האבען עס אויך דארום געבראַכט אַלס קרבן צו זייערע גייסטער און געטער. דיא גריכען און רוימער האבען אין גאנצען פערגעסען אָן דיא אַלטע פעלקער, וועלכע זיי האבען פעריאָגט אדער אויסגעשלאָכטעט; אבער אָן דעם גאָט און אָן דיא הינט־אָפּפער פון דיזע פעלקער האבען זיי ניט פערגעסען, ווייל דאָס איז געוואָרען אַ טהייל פון וייער קולט.

פון דיא קאַפּיטלעך איבער שפּייז ווייסען מיר שוין, אַז באָב, ארבעס און נאָך אַזעלכע פּלאַנצען זיינען געברויכט געווען ביי רעליגיעזע צערעמאָניעס, ווייל נאָך דיא ערשטע מענשען האבען זיי שוין גערבויכט אַלס שפּייז. מען האט מיט זיי דארום אויך מכבד געווען דיא נשמות און גייסטער, און דיזע צערעמאָניע איז פערבליבען אין פיעל שפּע־טערע צייטען, ווען מענשען האבען שוין געהאט בעסערע און פערשיעדענע שפּייז. איבערהויפּט זיינען אין קולט פערבליבען דיא עלטעסטע גע־ריכטען און שפּייזען פון פעלקער.

דיא צערעמאָניעס ביי דיא קרבנות אין בית המקדש פון ירושלים זיינען אויך אָנגעהאַלטען געוואָרן פון דיא עלטעסטע צייטען. אין דער ביבעל ווערט אַ קרבן גערופען ג אָ ט ׳ ס שפּייז. צוויי מאל אין טאָג, אין דער פריה און אַבענדס, פלעגט מען אין בית־המקדש אָנגרייטען סעודות. יעדע וואָך פלעגט מען באַקען פרישע ברויט און עס בריינגען אין בית המקדש. שבת פלעגט דער עולם עסען בעסער און מעהר וויא אַ גאַנצע וואָך, דארום האט מען אויף דעם טאָג געבראַכט אַ גרעסערען קרבן. דיא בני ישראל, וויא איבערהויפּט אַלע כנענים, זיינען געווען פער־עהרער פון דער לבנה, און דארום איז נאָך ביז יעצט פערבליבען ביי אונז דער געצענדינערשער מנהג מחדש צו זיין דיא לבנה. אין בית המסדש פלעגט מען אין דיזע פעסט־טעג מאַכען אַ גרויסע סעודה פון אַן אָקס, אַ באַראַן און 7 לעמעלעך מיט צושפּייזען. וועהרענד דיא הויפּט־פעסטען: פּסח, שבועות און סוכות, פלעגט מען אויך בריינגען אַ סך קרבנות אין בית המקדש, ווייל מען האט דאַן געמאַכט גרעסערע

און בעסערע סעודות. ביי אידען וויא ביי גריכען איז איינגעפיהרט גע־
ווארן א מנהג צו פערברענען א טהייל פון דיא קרבנות, ווייל דאס איז
גערעכענט געווען פאר אן עדעלערע פארמע צו ברייננגען א קרבן צו גאט;
אבער אין דער זעלבער צייט איז אויך פערבליבען דער אוראלטער מנהג
פון געמיינשאפטליכע סעודות. דיא פאמיליען, וואס פלעגען קומען
ברייננגען קרבנות אין בית המקדש, פלעגען דארטען אליין אויך עסען.

אז דיא ביבלישע אידען האבען געקוקט אויף דיא קרבנות גראדע
וויא זייערע געצענדינערשע אורעלטערן ווייסען מיר אויך פון דיא נביאים
ישעיה און ירמיה, וועלכע זיינען פייערדיג ארויסגעטראטען געגען דיזען
גראבען און בארבארישען קולט און האבען געלייקענט, אז גאט האט
מענשליכע בעדירפניסע.

מיר ווייסען שוין, אז אלע ווילדע פעלקער האבען געוויסע גע־
טראנקען, אום צו קומען דורך דעם אין א נעהענטערע פערבינדונג מיט
דיא גייסטער, וויא זיי דיינקען. דיזע געטראנקען בערוישען און „בע־
גייסטערן". זיי זיינען דארום געברויכט געווען ביי דעם גייסטער־קולט
אין דער זעלבער צייט וויא שפייז. דיא גייסטער האבען דאך אויך בע־
דארפט טרינקען אזוי גוט וויא עסען. צו דעם זעלבען צוועק האבען
אויך געדיענט גראזען, וואס זייער רויך בערוישט, וויא טאבאק, סאנדאל,
ווייהרויך, א. ז. וו. דארום האט מען אויך געברויכט געטראנקען און
בשמים, ווען מען האט שוין געקענט אויפבויען פראכטפאלע טעמפ־
לען צו דיא געטער. ווענען דעם געברויך פון וויין און ווייהרויך ביי
דיא קרבנות אין בית המקדש וויים יעדערער. ווייהרויך און וויין וערן
נאך יעצט געברויכט אין קריסטליכען קולט.

אין אלגעמיינען פלעגט מען ברייננגען פאר א קרבן צו דיא געטער
אזעלכע שפייז, וואס מענשען האבען אליין געברויכט. א ווילדער
וואס פרעסט נאך אליין ווארצלען פון געוויסע פלאנצען, דיינקט אז
דיא נשמות בעגנוגענען זיך אויך מיט אזא שפייז. א יעגער ברייננגט
שוין אויך פלייש אלס א קרבן צו דיא גייסטער. דיא אלטע עגיפ־
טער האבען געגלויבט, אז דיא נשמות קענען נאר צופרידען זיין מיט
דיא פלייש פון אקסען און גענז. דיא עגיפטער און דיא אידען האבען
ניט געגעסען קיין שווייני־פלייש, דארום האבען זיי אויך דיזע פלייש

ניט בענוצט פאר קרבנות. פארקערט, דיא מאלאיער, כינעזער און אנדערע פעלקער פון מזרח־אזיען, וויא אויך דיא גריכען, רוימער און גערמאנער, האבען בעטראכטעט א שווין פאר דיא בעסטע חיה צו אפפערן צו דיא געטער, ווייל זיי האבען פיעל געברויכט שווייגען־פלייש. דיא נאמאדען, וואס פלעגען אליין געברויכען פערדען־פלייש, פלעגען אויך אפפערן פערד צו דיא געטער. דיא פעלקער וואס האבען ניט געגעסען פערדען־פלייש, פלעגען ניט אפפערן פערד צו דיא געטער.

מאנכע טהיילען פון א געטויטעטע חיה פלעגט מען בעזאנדערס שעצען. דאס זיינען געוויינליך געוועזען דיא געשמאקערע שטיקער, וואס דיא יעגערס פלעגען גלייך אויפפרעסען, אדער דיא טהיילען, וואס זיינען גערעכענט געוועזען פאר דעם ארט פון דער נשמה. פיעלע ווילדע פעלקער גלויבען, אז זיי וועלען ווערען שטארקער און פלינקער, ווען זיי וועלען אויפפרעסען דעם טהייל פון א חיה, וואו איהר נשמה געפינט זיך. אפילו נאך דיא ערשטע יעגערס האבען געקענט איינזעהען, וואס פאר א וויכטיגע ראלע בלוט שפיעלט אין דעם לעבען פון חיות. ווען מענשען זיינען געקומען צו א בעגריף פון א נשמה, האבען זיי אנגעפאנגען צו גלויבען, אז דיא נשמה איז בלוט, אדער אז זיא האלט זיך אויף אין בלוט, ספעציעל אין הארצען, דעם צענטער פון דער בלוט־צירקולאציאן אין קערפער. אויסער דעם איז בלוט א זעהר זעטיגע און קרעפטיגע שפייז. פאר מענשען, וואס האבען געגעסען ווערים, זשוקעס און פאדלעס, איז פרישע בלוט נאטירליך געוועזען א טהייערער לעקער־ביסען. מען האט דארום געטרונקען בלוט פון געטויטעטע חיות און מענשען, אום צו האבען א טהייערע שפייז און צו ווערן קרעפטיגער, ווייל דערמיט האט מען אויך איינגעזויפען דיא נשמות פון דיא געטויטעטע, וויא מען האט עס פעסט געגלויבט. אין דיא לעגענדען פון דיא אינדא־אייראפעאישע פעלקער איבער העלדען און ריעזען ווערט דערציילט, אז זיי פלעגען טרינקען דאס בלוט פון אקערשט געטויטעטע חיות, אום נאך שטארקער צו ווערן.

עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אז דיא בלוט־טרינקערס האבען אויך איבערגעלאזען בלוט פאר דיא גייסטער און נשמות. זיי האבען געגלויבט, אז דאס דארף זיין דער בעסטער און ליעבסטער מאכל

פאַר דיא נשמות אזוי גוט, וויא פאַר דיא לעבעדיגע מענשען. דיזער גלויבען איז אזוי שטארק איינגעוואָרצעלט געוואָרען, אז ווען מען האָט שוין אָנגעפאַנגען צו גלויבען אין געטער און זאָגאַר אין איין גאָט, האָט מען בלוט געררעכענט פאַר דעם בעסטען קרבן. מען האָט דיזע אמאָליגע שפייז געלאָזען פאַר דיא געטער, ווען מענשען האָבען שוין אליין געוועהנליך ניט געטרונקען בלוט און ווען עס האט זיי זאָגאר געעקעלט דאס צו טרינקען. דער קולט האָט דאָ אלזאָ ווידער אָנגעהאלטען אן אוראַלטע שפייז פון מענשען אלס א קרבן.

דיא ארט און וויזע וויא מען פלעגט אָפּפערן בלוט צו דיא גייסטער און געטער איז געווען פערשיעדען. געוועהנליך פלעגט מען גיסען בלוט אויף דיא קברים פון דיא געשטאָרבענע. מען האָט זיך געפיהרט וויא איינינע נעגער־שטאַמען פון וועסט־אפריקאַ, וועלכע גיסען אויף דיא קברים פון זייערע טויטע ראָם, זייט זיי האָבען געהאַט דעם אונגליק צו פערזוכען דיזע משקה פון דיא אייראָפּעאישע ציוויליזירער. זייער גרעסטער פערגעניגען איז צו זויפען ראָם, און דארום האלטען זיי עס פאַר דעם בעסטען מאכל פאַר דיא נשמות און גייסטער. זיי גלויבען, או דיא נשמות לעבען אין קברים. דעריבער גיסען זיי ראָם אויף דיא קברים, אום דיזע געליעבטע משקה זאָל דורך דיא ערד צוקומען צו דיא נשמות. איינינע נעגערן לאָזען איבער לעבער אין דיא קברים און גיסען דורך דיזע לעבער ראָם פאַר דיא נשמות און גייסטער. אנדערע נעגערן פאַסען אויף, אז אויף דיא קברים זאָל קיין גראָז ניט וואקסען, דען זיי דיינקען אז דיא גראָז וועט פערהאלטען דעם ראָם און דיא נשמות וועלען גאָר נישט קריעגען דערפון. זיי רייסען אויס אדער פערברענען דיא גראָז אויף דיא קברים.

דיא גריכען האבען אמאָל אויך געגלויבט גראדע וויא דיזע נעגערן. זיי פלעגען נאך אויסגראָבען א לאָך אין דער ערד און אהין גיסען דאָם בלוט פון דיא חיות, וועלכע זיי פלעגען ברייננען פאַר א קרבן צו דיא געטער, ווען זיי אליין האבען שוין ווייניג געגלויבט אין דעם נוצען פון אזעלכע צערעמאָניעס. דאס האבען זיי נאכהער געטאָן אויס אכטונג צו זייערע פאָרפאטערס און צו אלטע מנהגים. ...יין פלעגען גיסען בלוט לעבען מזבח. שפעטער, ווען מען האט

אַנגעפאַנגען צו גלויבען, אַז דיא געטער געפינען זיך ניט אונטער דער ערדה, זאָנדערן איבער דער ערר אין לופטען און אין הימעל, האָט מען אָנגעפאַנגען צו שפּריצען בלוט אין דער לופטען. דיא ביבלישע אידען האבען געגלויבט, אַז גאָט געפינט זיך איבער דעם ארון און דאַרום האבען זיי אין בעשטימטע צייטען געשפּריצט דאָרט בלוט פון דיא קרבנות.

ביי אידען איז נאָך דערביי אַנגעהאַלטען געוואָרן דיא עלטעסטע פאָרמע פון קרבנות, נעמליך: דאָס אָפּזאָגען זיך פון געווימע זאַכען צו גונסטען פון דיא גייסטער. מיר האבען שוין געזעהען אַז ווילדע לאָזען איבער געוויסע פּלאַנצען און זאָגאר גאַנצע פעלדער אלס שפּייז פאַר דיא נשמות פון דיא טויטע. ביי אידען איז איינגעפיהרט געוואָרן איבערצולאָזען בלוט פאַר דיא גייסטער און געטער, און אַזוי איז עס פערבליבען, ווען זיי האבען שוין געגלויבט אין איין גאָט. דער קולט האָט אָנגעהאַלטען דיזע גאַנץ אוראַלטע פאָרמע. דיא אידישע רעלי־גיאָן האט דארום פערבאָטען צו געברויכען בלוט אויף אירגענד וועלכע אַרט. דאָס גאַנצע בלוט איז איבערגעגעבען געוואָרען צו גאָט. יעדע זאַך, וואס איז געווען בעפלעקט מיט בלוט, האָט געהערט צו גאָט, און קיין איד האָט איהר ניט געטאָרט אָנריהען זאָ לאַנג מען האָט דיא זאַך ניט „ערלייזט“ אדער אויסגעקויפט ביי גאָט דורך געוויסע צערעמאָניעס, וועגען וועלכע עס וועט זיין דיא ריידע אין דעם קאַפּיטעל איבער ערלייזונגען און אויסקויפונגען.

נאַטירליך, דיא תלמודיסטען און רבנים האבען געגעבען זייערע סברות און פּירושים וועגען דעם פערבאָט צו געברויכען בלוט און וועגען דעם גלויבען, אַז בלוט געהערט צו גאָט, וויא אויך וועגען אַנדערע געצענדיענערשע מנהגים, וועלכע דער קולט האָט אָנגעהאַלטען טראָץ זייער ווידערשפּרוך מיט דעם ריינעם גלויבען אין איין איינציגען גאָט. אבער דיא קולטורגעשיכטע מאַכט קיינע פּלפּולים און דריידלעך. זיא רעכענט זיך מיט פאַקטען אין נור מיט פאַקטען. זיא קען ניט בעהאַלטען דיא וואהרהייט און וויל עס ניט טאָן. זיא פערגלייכט איין רעליגי־אָן מיט אַן אַנדערע, וויא ווייט זיי זאָלען ניט זיין איינע פון דיא אַנדערע, און זיא גיט איבער דעם רעזולטאַט פון איהרע נאַכפאָרשונ־

גען גאַנץ אונפּאַרטייאיש, וויא יערע וויסענשאַפט טהוט עס. זיא ערקלערט אַז דער גלויבען און דיא צערעמאָניעס פון אידען וועגען בלוט און קרבנות שטאַמען נאָך פון דיא ביז־היסטאָרישע צייטען, ווען מענשען האָבען אַליין געטרונקען בלוט און נאָכהער געלאָזען בלוט אַלס שפּייז פאַר דיא נשמות און גייסטער, און אַזוי איז עס. אַנדערס קען עס גאָר ניט זיין.

דאָס זעלבע וואס אידען האבען געטאָן מיט בלוט, האָבען דיא אַלטע עגיפּטער געטאָן מיט קעפּ פון חיות. זייער רעליגיאָן האָט שטרענג פערבאָטען צו עסען קעפּ פון חיות. דיא מצריים האבען גע־גלויבט, אַז נשמות געפינען זיך אין קעפּ און האָבען זיי דאַרום איבערגעלאָזען פאַר דיא געטער. פיעלע אַנדערע פעלקער האָבען געגלויבט, אַז דער אָרט פון דיא נשמות איז אין דיא קעפּ, אַז דיא נשמה קוקט אַרויס דורך דיא אויגען. דאַרום פלעגט מען עס בעעהרען דיא קריעגס־פיהרער און הערשער מיט דיא קעפּ פון דיא געטויטעטע חיות און געפאַלענע פיינד אין אַ מלחמה; דאַרום פלעגט מען עס ביי רעליגיעזע סעודות איבערלאָזען דיא קעפּ פון דיא קרבנות צו דיא גייסטער און געטער. דאָס איז גע־רעכענט געוועזען פאַר זייער חלק. מען האט נאַר געמעגט עסען דיא איבעריגע טהיילען פון דיא קרבנות דאַרום, ווייל מען האט געלאָזען דיא קעפּ פאַר דיא געטער. ביי דיא אַלטע גערמאַנער פלעגט מען ספּעציעל איבערלאָזען פאַר דיא געטער דיא קעפּ און שאַרבענס פון פערד.

איינינע פעלקער פלעגען גראַדע לאָזען פאַר דיא געטער דיא הערצער פון חיות, ווייל זיי האבען געגלויבט אַז דאָרט איז עס דער אָרט פון דיא נשמות. דיא מעקסיקאַנער כהנים פלעגען גלייך אויפשניידען דיא ברוסט פון דיא חיות און מענשען, וואס מען פלעגט אָפּפערן צו דיא געטער, פלעגען אַרויסרייסען דיא נאָך שלאָגענדע הארץ און פלעגען עס אויפ־הייבען צו דער זון, זייער הויפּטגאָט, אדער איינפאַך שפּאַרען אין מויל זייערע געצקעס.

אויסער בלוט, קעפּ און הערצער האָט מען אויך אַנדערע טהיי־לען פון חיות געאָפּפערט צו דיא גייסטער און געטער. דאָס איז אָפּהענגיג געוועזען פון דיא מיינונגען פון מענשען איבער דיא ראָלע פון דיא אָרגאַנען אין דעם לעבענס־פּראָצעס. דיזע מיינונגען זיינען געוועזען

…יעדען אין פערשיעדענע צייטען. עס זיינען געוועזען צייטען, ווען מען האָט געדענקט, אז דער מענש האָט עטליכע נשמות מיט א מאָל. עס זיינען געוועזען גריכישע פילאָזאָפען, וועלכע האָבען געלערנט, אז די גייסטיגע זעעלע פון מענשען געפינט זיך אין קאָפּ, די טהירי־שע—אין הארצען אדער אין דער ברוסט, די גראָזענע אָדער פלאנציגע —אין מאָגען און קישקעס. ביי איינינע ווילדע פעלקער אויף א זעהר נידעריגער שטופע שפּיעלט דארום נירען־פעטס אזא ראָלע וויא בלוט. מיר וויסען שוין, אז דיזע פעטס איז גערעכענט געוועזען פאר א גרויסען מאכל אין דעם יעגער צושטאנד, בעזאָנדערס ווען מען האָט נאָך ניט געוואוסט פון פוטער. דארום האָט מען אויך דיזע פעטס געלאָזען פאר די נשמות און גייסטער. די ווערטער „בלוט און פעטס" בעדייטען ביי איינינע ווילדע פעלקער: „אינוויינדיגסטער מענש".

נאר אין אלגעמיינען איז בלוט גערעכענט געוועזען פאר דעם בעס־טען און געליעבטעסטען קרבן צו די געטער. נאָך די בעשרייבונגען פון האָמער פיהלען זיך די נשמות אין דער „אונטערערדישער מלוכה" זעהר שלעכט און אונגליקליך, קענען זיך ניט דערמאָנען אָן אירגענד וועלכע זאך און קענען ניט דיינקען וועגען וואס ניט איז, ביז וואנען מען דערלאנגט זיי ניט בלוט, די „שפּייז וואס ענטהאלט א נשמה". די „שאָטענס" אָדער גייסטער טרינקען זשעדנע דאָס בלוט, וואס אָדיסעאוס (א העלד פון דער טראָיאנער מלחמה) ברייננט זיי; און וויא נאָר זיי האבען זיך אָנגעטרונקען, האָט זיך צו זיי צוריק־געקעהרט דער זכרון און זיי האָבען ווידער געקראָגען פערשטאנד. אזעלכע מיינונגען זיינען געוועזען פערשפּרייטעט ביי זעהר פיעלע פעלקער.

עס פערשטייט זיך, אז אזעלכע מיינונגען האָבען בעדארפט ארויס־רופען א בעזאָנדערן חשק צו מענשליכע בלוט. וויא באלד בלוט ענטהאלט אין זיך די נשמה און האט אזא וואונדערבארע קראפט, איז דאָך נאטירליך געוועזען צו בעטראכטען מענשליכע בלוט פאר דעם בעסטען אָפּפער צו די געטער און פאר דעם בעסטען מיטעל שטארק צו ווערן. און מיר געפינען טאקע, אז מענשליכע בלוט איז כמעט איבעראל געברויכט געוואָרן ביי רעליגיעזע צערעמאָניעס.

# זעכצעהנטער קאַפּיטעל.

## קאַניבּאַליזמוס און מענשליכע קרבנות.

צווייערליי מענשליכע קרבנות. — דיא ווירקונג פון פאָרשטעלונגס־קראַפט אויף דעם מיטליידס־געפיהל.—דיא גלייכגילטיגקייט פון ווילדע צו שמערצען. — דיא אורזאַכען פון קאַניבּאַליזמוס. —מענשענפרעסעריי אויס הונגער.— מענשענ־פרעסעריי אין פערבינדונג מיט רעליגיאָן. — דער קולט פון מענשליכע קרבנות ביי פערשיעדענע פעלקער. — דיא פערברענונג פון אלמנות אין אינדיען. — פרויען און שקלאַווען אַלס קרבנות צו בעגלייטען דיא נשמות פון זייערע הער־שער. —מענשליכע קרבנות אַלס בעשיצענדע גייסטער. — סמנים דערפון אין אייראָפּא. — קעפּ־געיעג ביי מאַלאַיער שטאַמען.— סקאַלפּירונג ביי אינדיאַנער. — בלוטיגע זעלבסטאָפּפער. — בלוט־לאָזען ביי מעקסיקאַנער אַלס אַ סגולה געגען קינדער־קראַנקהייט. — דער ביבלישער פערבאָט צו שניידען זיך דעם קערפּער לכבוד דיא פערשטאָרבענע. — דער מנהג צו קלאַפּען זיך אין קאָפּ און אי־ברוסט. — אַלטע מנהגים אונטער נייע פאָרמען.

---

מענשליכע בלוט־קרבנות זיינען געוויינליך געבראַכט געוואָר אויף צוויי אַרטען: אדער מען האט מקריב געווען אַנדערע אדער מע האָט פערגאָסען אייגענע בלוט. דאָס איז מייסטענס אָפּהענגיג געווע פון דער צייט און אומשטענדען. אין דיא ווילדעסטע צייטען הא מען געשלאַכטעט מענשען אום צו אָפּפערן זייער בלוט צו דיא גייסטע דורך דעם האָט זיך פערשפרייטעטקאַניבּאַליזמוס. נאַכהער, ווען מע

שען האָבען געמאַכט פאַרטשריטע און אויך געקראַנגען מענשליכערע געפיהלע און העכערע רעליגיעזע בעגריפע, האָבען זיי גענומען אָפּפערן זייער אייגענע בלוט. אָפּט האָט מען גלייכצייטיג געבּרויכט ביידע סאָרטען מענשליכע קרבנות צוזאַמען. יעדענפאַלס זיינען טייבען מענשליכע בלוט פערגאָסען געוואָרען צו עהרע פון נשמות, גייסטער און געטער.

דער מנהג מקריב צו זיין און צו פרעסען מענשען איז געווען פערשפּרייטעט ביי אַלע פעלקער אויף אַ געוויסער קולטור־שטופע, נאָר ניט אין אַ גלייכע מאָס. מיר קענען יעצט ניט פערשטיין, וויא אַזוי מענשען האָבען געקענט פרעסען מענשליכע פלייש און אפילו וויא אַזוי מענשען האָבען געקענט צוקוקען, וויא מען איז מקריב אַנדערע, אָפּט זייערע אייגענע קינדער. מיר דאַרפען אָבער נעהמען אין אַנבעטראַכט, אַז דאָס וואס מיר רופען יעצט מענשליכקייט, מענשליכער געפיהל, מיטלייד, סימפּאַטיע איז אויך אַ פּראָדוקט פון קולטור. אָפּט שרעקט אונז דיא פאָרשטעלונג פון שמערצען מעהר וויא דיא שמערץ זעלבסט. דאָס קומט דערפון וואָס מיר האָבען שוין אַ שטאַרקע פאָרשטעלונגס־קראַפט און עמפּפינדליכקייט. עס איז אויך קלאָר, אַז דער געפיהל פון מיטלייד איז אַלץ שטאַרקער, וואס שטאַרקער און שאַרפער מיר קענען זיך פאָרשטעלען דיא ליידען און שמערצען פון אַנדערע. ווען דיזע אַנדערע זיינען אונזערע פריינד און בעקאַנטע—מיר ריידען שוין ניט פון עלטערן און פערוואַנדטע— ווערט אין אונז גיכער און שאַרפער ערוועקט דער געפיהל פון מיטלייד ווענען זייערע צרות און שמערצען, וויא ווען דיזע אַנדערע זיינען פרעמדע. מיר בעדויערן דעם טויט אָדער אַן אונגליק פון אונזערע בעקאַנטע, אבער מיר בלייבען געוויינליך גלייכגילטיג, ווען מיר הערען פון דעם שרעקליכסטען טויט פון אונבעקאַנטע מענשען. ווען אַ דעפּעשע ברייננט אונז למשל דיא נייעס ווענען אַ שרעקליכע פערפלייצונג אין כינא, ביי וועלכער טויזענדער מענשען האָבען פערלאָרען זייער לעבען, ווערן מיר דערפון ניט אַזוי אויפגערעגט, וויא ווען איינער פון אונזער שטאָט ווערט דערטרונקען.

מיר קענען זיך דאָ ניט אַריינלאָזען אין פּסיכאָלאָגישע ערקלע־רונגען ווענען אונזער געפיהל פון מיטלייד, דען דאָס וועט אונז

אראפפיהרען צו ווייט פון אונזער עניז. נאר פון דעם געזאגטען איז קלאר, אז דיזער געפיהל איז זעהר פיעל אפהענגיג פון אונזער פאר־שטעלונגס־קראפט, דאס הייסט אויף פון אונזער גייסטיגע ענטוויקלונג. נון, ווילדע מענשען האבען נאטירליך א שוואכע פארשטעלונגס־קראפט. וואס ווילדער מענשען זיינען, אלץ וועניגער קענען זיי זיך פארשטעלען אפילו זייערע אייגענע שמערצען. צו דיא שמערצען פון אנדערע זיינען זיי דארום זעהר גלייכגילטיג. דאס וואס מיר רופען בלוט־דורשט און גרויזאמקייט פון ווילדע איז געוויינליך נאר דער רעזולטאט פון זייער שוואכען מיטליידס־געפיהל און נאך שוואכערע פארשטעלונגס־קראפט. זיי שלאכטען קריעגס־געפאנגענע, שקלאווען און אפילו זייערע אייגענע ניט ווייל זיי ווילען זיין בלוטדורשטיג, נאר ווייל זייערע געפיהלען זיינען פערגרעבט און ווייל זיי קענען זיך ניט פארשטעלען עמפפינדליך דיא שמערצען פון זייערע אפפער. דיא גלייכגילטיגקייט פון דיא אפפער זעלבסט צו זייער שרעקליכען שיקזאל איז מיט גרויס ערשטוינען בעמערקט געווארן פון אלע רייזענדע, וואס האבען זיך צו־זאמענגעטראפען מיט קאניבאלען.

„אפילו צווישען דיא פאלינעזיער, וואס מיסיאנערען האבען שוין געמאכט פאר קריסטען, שרייבט ראטצעל אין זיין „פעלקערקונדע", ווערט מען ערשטוינט פון דער גלייכגילטיגקייט, מיט וועלכער זיי בעגעגענען א שענדליכען טויט דורך דיא האנט פון א תליון. קינדער זיינען גאנץ רוהיג, ווען זייערע עלטערן שטארבען. דאס האבען פיעלע רייזענדע בעמערקט בעזאנדערס אין ניי־זעעלאנד". אין אפריקא זיינען דיא אפפער פון דיא קאניבאלען אזוי גלייכגילטיג פאר זייער טויט וויא בהמות, לויט וויא פיעלע רייזענדע דערציילען עס.

דיזען פסיכאלאגישען פונקט מוזען מיר גוט האבען אין זינען, ווען מיר לעזען שילדערונגען פון קאניבאלישע סעודות און קרבנות. אויסער דעם דארפען מיר אויך ניט פערגעסען, וואס עס איז שוין געזאגט געווארן וועגען מענשענפרעסעריי אין דיא קאפיטלעך איבער דיא שפייז פון דיא ערשטע מענשען. רעליגיאן איז דא אפט פערבונדען געווען מיט עקאנאמישע אורזאכען, וויא אין פיעלע אנדערע פיהרונגען און איינריכטונגען.

„קאניבאַליזמוס, זאָגט ראטצעל גאַנץ ריכטיג אין זיין „פעל־קערקונדע“, איז ניט פערבונדען גראדע מיט דיא נידריגסטע שטופען פון ציוויליזאציאָן און איז אויך ניט אַן איינפיהרונג, וואס שטאמט פון איין אורזאכע. פעלקער וויא דיא מ אָ נ ב ו ט ו ס (נעגערן אין צענטראל־אפריקא), ב א ט א ק ע ן (מאלאיער־שטאמען פון דיא אינז־לען באָרנעאָ, יאוואַ, א. ז. וו.) מ א אָ ר י ס (דיא איינגעבאָרענע פון נייי־זעעלאנד) קענען גערעכענט ווערן צווישען דיא העכסטע פון זייערע ראסען. אבער זיי האָבען געווס מענשען און זיינען נאך ניט דערגאַנ־גען צו אזא שטופע. אז זיי זאָלען קענען בענוצען זייער איבערפליסיגע בעפעלקערונג אין פראָדוקטיווע ארבייט. מענשען זיינען ביליג ביי זיי. קאניבאליזמוס מיינט געברויכען מענשען אלס שפייז. דארום געפינען מיר מענשענפרעסעריי ביי פעלקער מיט א געדיכטע בעפעלקערונג אדער ביי פעלקער וואס קענען קריגען א סך שקלאַווען. דיא ב א נ־ג א ל ע ן (א נעגער־שטאם אין קאָנגאָ) האָבען מעהר שקלאַווען, וויא זיי קענען געברויכען צו ארבייט, און מענשליכע פלייש איז ביי זיי ביליג.

„נאך אַן אורזאכע פון קאַניבאַליזמוס איז דיא פיינדשאפט צווישען ראַסען און שטאַמען. ווילדע פון איין שטאַם בעטראַכטען דיא מיטגלידער פון אַן אנדער שטאַם פאַר בלוטפיינדע און זיי דיינ־קען, אַז זיי מעגען דארום טאָן מיט פרעמדע וואס זיי ווילען, אפילו זיי אויפפרעסען.... ווייטערע אורזאכען זיינען ראכע, וועלכע געפינט דיא גרעסטע בעפרידיגונג אין אויפפרעסען דעם שונא, און קנאה. אזוי וויא מען האָט ניט געהאט געפענגניסע צו האלטען פערברעכער, פלעגט מען זיי טויטען און אויפפרעסען. אויסער דעם איז קאניבא־ליזמוס פעסט צוזאַמענגעפלאָכטען מיט דעם גאַנצען לעבען פון ווילדע, מיט זייערע פיהרונגען און גלויבענס, וויא דאָס בריינגען פון מענשליכע קרבנות, וויא דער געברויך פון געוויסע טהיילען פון מענשליכען קערפער ביי צערעמאָניעס און כישוף־מאַכעריי און וויא דיא אָנווענדונג פון שארבענס פאַר בעכערס, ביינער פאַר שפּיזען און רינגען, ציינער פאַר האַלזבענדער, א. ז. וו. (זעה פיגורע 90). הונגער פיהרט אויך צו קאַ־ניבאַליזמוס ביי ווילדע פעלקער.“



פיגורע 90.—מענשליכער אונטערשטער קינבאַק אַלס אַן אַרם־רינג אויף דעם אינזעל נײַ־גווינעאַ.

בײַ פיעלע פעלקער, וועלכע זיינען שוין געשטאַנען אויף א גאַנץ הויכע קולטור־שטופע, איז מענ־שענפרעסעריי לאַנג פערבליבען בײַ געוויסע זעהר וויכטיגע רעליגיעזע צערעמאָניעס. דאָס צייגט, אז קאַ־ניבאַליזמוס איז ספּעציעל געווען פערבונדען מיט דיא אויבען־אָנגע־צייגטע רעליגיעזע בעגריפע און גלויבענס. דיא אורזאַכען, אויף וועלכע ראַטצעל צייגט אָן, האָבען געוויס געהאַט זייערע ווירקונגען אויף קאַ־ניבאַלישע מנהגים; אָבער מענשענ־פרעסעריי וואָלט דאָך ניט אַזוי אַלגעמיין געווען פערשפּרייטעט און וואָלט בלויז פאַרגעקומען אין צייטען פון הונגער, ווען ניט דער גלויבען, אז מענשליכע קרבנות זיינען דיא ליעבסטע און בעסטע פאַר דיא גייסטער און געטער. מען קען זאָגען, אז דיזער גלויבען איז געווען דיא הויפּט־אורזאַכע פון קאַניבאַליזמוס. יעדענפאַלס איז עס זיכער, אז צוליעב דיזען גלויבען האָט זיך דער קאַניבאַליזמוס איינגעוואָרצעלט אפילו בײַ קולטור־פעלקער. וויא מיר האָבען עס שוין ניט איין מאָל אָנגעוויזען, האָט דאָ דער קולט ווידער אָנגעהאַלטען דיא אַלטע פאָרמען.

איבערהויפּט, ווען מען רעדט וועגען קאַניבאַליזמוס, דאַרף מען אונטערשיידען אויסשלאַכטונגען פון מענשען צוליעב שפּייז און צוליעב רעליגיעזע צוועקען. אָפט האָבען ביידע אורזאַכען געווירקט צוזאַמען, און דאַן האָט דער קאַניבאַליזמוס דערגרייכט זיין העכסטע און שרעק־ליכסטע שטופע, וויא אין מעקסיקאָ און ניי־זעעלאַנד. נאָר מייסטענס האָט דער האַנדעל מיט מענשענפלייש זעהר ווייניג געהאַט צו טאָן מיט רעליגיעזע קאַניבאַלישע סעודות. מען האָט יעדענפאַלס געפונען זעהר ווייניג ווילדע פעלקער, וואָס האָבען געשלאַכטעט מענשען וויא בהמות צוליעב שפּייז אליין אָהן שום רעליגיעזע צוועקען. געוויינליך

זיינען אזעלכע אויסשלאַכטונגען פאָרגעקומען אין צייטען פון הונגער און מלחמה; נאכהער איז עס ביסלעכווייז געוואָרן א געוואָהנהייט, וויא ביז היינט צו טאָג ביי איינינע שטאַמען אין קאָנגאָ.

דער אראבישער היסטאָרישער אבד־אלאטיף דערציילט א סך געשיכטען פון מענשענפרעסעריי אין מצרים אין דער צייט פון א גרויסען הונגער אין 597 יאהר נאך דיא מאָהאַמעדאנישער צייט־רעכנונג. מען האָט זיך דאַן געיאָגט נאך מענשען און בעזאָנדערס נאך קינדער, ווייל א געבראָטענעס קינד איז גערעכענט געווען פאַר דעם גרעסטען מאכל. מען פלעגט היגריכטען דיא מענשענפרעסערס דורך פערברענען, אבער דאָס האָט אזוי ווייניג אָפּגעשראָקען דיא הונגעריגע, אז זיי פלעגען פרעסען דיא הינגעריכטעטע, ווען עס פלעגט זיי נאר געלינגען צו קריגען א שטיק פון דיא האלב־פערברענטע פלייש פון הינגעריכטעטע. מען האט זיך ביסלעכווייז צוגעוואָהנט צו מענשענ־פלייש. עס איז אזוי אריין אין דער מאָדע אז רייכע שוואנגערע פרויען פלעגען זיך מאכען מאכלים פון מענשליכע פלייש. נאר דאָס איז הפּנים אויך גערעכענט געווען פאר א סגולה צו האָבען א לייכטען קינדבעט אָדער געזונטע און פיינע קינדער.

אין פראנקרייך האָט מען זיך געיאָגט נאך מענשענפלייש אין 1030 יאהר נאך דיא קריסטליכע צייטרעכנונג, ווען א שרעקליכער הונגער האָט געהערשט 3 יאהר נאכאנאנד. איינער איז פערורטהיילט געוואָרן צום פערברענען דערפאַר, וואס ער האָט אָנגעפאנגען צו פער־קויפען מענשליכע פלייש אין דער שטאָט טורנע. אין 1590 יאהר, ווען הענריך דער פערטער האָט בעלאגערט פאריז, האָט מען דאָרטען געפרעסען מענשענפלייש גראָדע וויא ביי דער רוימישער בעלאגערונג פון ירושלים. איין רייכע דאמע וואס איהרע צוויי קינ־דער זיינען געשטאָרבען פון הונגער, האָט געהייסען איהר דיענסטמיידעל איינזאלצען דיא קערפּערלעך און נאכהער האָבען זיי ביידע זיך געשפּייזט דערמיט. אויף דיא גאסען פון פאריז פלעגט מען פיהרען א געיעג אויף מענשען און מאכען קאניבאלישע סעודות אין פיעלע האָטעלען... דער קערפּער פון דעם געטויטעטען מארשאל ד'אנקרא איז אויף מאָרגען ארויסגעשלעפּט געוואָרן פון דעם קבר, און איינער האָט

אָבגעבראָטען זיין הארץ אויף קוילען און עס אויפגעפרעסען, בעני־
סענריג דאָס הארץ מיט א ביסעל עסיג, אז עס זאָל בעסער שמעקען.
דער גרויסער דייטשער דיכטער שילער דערציילט, אז צו ענדע פון
דעם פערוויסטענדען דרייסיג־יעהריגען קריעג (פון 1618 ביז 1648) זיינען
דיא זאקסען געוואָרען מענשענפרעסער.

דאָ אבער האָבען מיר נאר צו בעטראכטען דעם רעליגיעזען
קאָניבאליזמוס, וואס זיין ריכטיגע אורזאכע איז שוין ערקלערט געוואָרען.
דיזער קאָניבאליזמוס איז צוערשט בעשטאנען אין דעם, דאָס מענשען
זיינען געבראכט געוואָרן אלס קרבנות צו דיא געטער און נאכהער
אויפגעפרעסען געוואָרען ניט אום צו שטילען דעם הונגער, זאָנדערן אום
איינצושלינגען דיא נשמות פון דיא אָפּפער און צו שטילען
דעם צאָרן פון דיא גייסטער. ניט אלע קרבנות זיינען געבראכט גע־
וואָרן, אום אויפצופרעסען זייערע נשמות. מען פלעגט נאך אויסשלאכטען
מענשען, אום געוויסע נשמות זאלען האָבען בעגלייטערס אין דער
שאָטען־וועלט. דיא לעצטע פאָרמע פון מענשליכע קרבנות האָט זיך
בעזאָנדערס ענטוויקעלט מיט דער צייט, ווען עס זיינען שוין ענטשטאנען
קלאסען, ווען עס זיינען אויפגעקומען הערשער און שקלאווען.

דיא ארט און ווייזע וויא מען האָט געבראכט מענשליכע
קרבנות און וואס מען האָט מיט זיי געטאָן איז געווען פערשיעדען
ביי פערשיעדענע פעלקער.

מיר וועלען דאָ נאָר בריינגען עטליכע ביישפּיעלען, אום ניט
צו פערנעהמען צו פיעל פּלאץ מיט שוידערליכע איינצעלהייטען.

ווען דיא אייראָפּעער האָבען ענטדעקט דיא אינזלען אויף דעם
גרויסען אָקעאן, זיינען נאָך דיא איינגעבאָרענע דאָרטען געווען קאָני־
באלען און פלעגען בריינגען מענשליכע קרבנות צו דיא געטער. „מענ־
שען אָדער טהיילען פון מענשען—צום ביישפּיעל, דיא אויגען, וויל
מען האָט געגלויבט, אז דערמיט שטעלט מען בעזאָנדערס צופרידען
דיא געטער—פלעגט מען בעגראָבען אין דיא פונדאמענטען פון טעמ־
פּלען, שרייבט ראטצעל אין זיין „פעלקערקונדע". ווען מען פלעגט
בויען קריעג־שיפלעך האָט מען געהאלטען פאר נויטווענדיג צו בריינגען
מענשליכע קרבנות. אם מייסטען האָט מען געאָפּפערט צו דיא געטער

שקלאווען און קריעגס־געפאנגענע, וויא אין אלע ערטער, וואו עס האט עקזיסטירט קאניבאליזמוס. דיא אויסוואהל פון מענשליכע קרבנות איז אין איינינע פלעצער אפהענגיג געווען פון דיא פריסטער. געוועהנליך פלעגט א פריעסט פערבלייבען א געוויסע צייט אין א טעמפעל און נאכהער פלעגט ער ארויסגיין און אנצייגען וועמען גאט פערלאנגט פאר א קרבן.

„דיא מאאָריס פלעגען צוזאמענקלייבען נאך א שלאכט דיא דיא טויטע קערפּערס פון זייערע פיינד און אפשניידען זייערע אויערן און דיא הויט פון דיא קעפּ אלס א קרבן צו דיא געטער. נאכהער פלעגען זיי אויסגראבען צוויי רייהען גריבער צום קאָכען. אין איין רייהע גריבער פלעגט מען קאָכען פאר דיא געטער אויסשליסליך. ווען דיא מענשליכע פלייש איז פערטיג געווען צום עסען, פלעגט דער אנפיהרער אראפּשלינגען רוּיערהייט דיא אויגען און דעם מארך פון איינעם פון דיא געפאלענע פיינד. נאכהער פלעגען זיך נעהמען צו דער שרעקליכער סעודה זיינע זיהן און פערוואנדטע און נאָכדעם אלע קריעגערס. ביי אזעלכע סעודות פלעגט מען פרעסען ביז צום ברעכען. וואס עס פלעגט בלייבען, פלעגט מען ארייגלייגען אין קערב און אוועקשיקען צו דיא שטאמען ארום. ווען א שטאם פלעגט אננעהמען און אויפפרעסען דעם געשאנק, איז עס געווען א צייכען, אז ער איז פריינדליך צו דיא זיעגערס....

„אין דיא מארקעזאס אינזלען פלעגט מען אנפאנגען דיא קאניבאלישע סעודות מיט אפשניידען דיא האאר פון דיא אפּפער, אום צו מאכען דערפון רינגען און האלזבענדער. מען האט עס גע־האלטען פאר טייערע קמיעות. אין האוואאי פלעגט מען אריינלייגען אן אויג פון א מענשליכען קרבן אין דעם אייל, מיט וועלכען מען פלעגט בעשמירען דעם קעניג. דיא ביינער פון שטארקע מענשען פלעגט מען געברויכען פאר קמיעות. אין האוואאי פלעגט גערע־כענט ווערן פאר א גרויסע עהרע צו טראָגען א מענשליכען ביינדעל צוגעבונדען צו א האלז־שנירעל פון מענשליכע האר.

„דיא גאנצע מיטהאָלאָגיע (פאבעלהאפטע געשיכטען וועגען געטער, גייסטער און פערגעטערטע העלדען) פון דיא פּאלינעזיער איז דורכגעדרונגען מיט דעם גלויבען, אז געטער עסען נשמות. דער

הויפּט־גאָט טאָנגאַראָאַ פלעגט כאַפּען נשמות מיט א נעץ אָדער מיט א פּעטליע און זיי אויפפרעסען. איין גאָט האָט געטראָגען דעם נאמען טעראָנגאָ, וואס עס בעדייטעט: מענשען־עסער. אזעלכע בע־גריפע, שליסט פּראָפעסאָר ראַטצעל, קענען לייכט פיהרען צו א מנהג אויפצופרעסען דעם קערפּער מיט דער נשמה. אזוי וויא מען האָט ניט געוואוסט דעם גרענעץ צווישען מענשליכעס און געטליכעס, האָבען דארום מענשליכע קרבנות וויא אויך מענשענפרעסעריי געקראָגען א געטליכע הסכמה."

מענשליכע קרבנות און מענשענפרעסעריי זיינען געווען איינ־געפיהרט ביי פיעלע אינדיאַנער שטאַמען, נאר דאָס פלעגט פאָרקומען אין בעשטימטע צייטען. דיא נוטקאַס פלעגען בריינגען מענשליכע קרבנות איין מאָל אין דריי יאהר. דיא טהינקליטען פלעגען בע־גראָבען לעבעדיגערהייט א שקלאַוו אונטער א נייע הויז. דאס איז געווען א קרבן צו דיא געטער, אז זיי זאָלען בעשיצען דיא נייע הויז. דיא עסקימאָסען פרעסען אויף דיא הארץ פון א כישוף־מאַכער אדער פון א געטויטעטען פיינד, וויל זיי גלויבען אז דורך דעם וועלען זיי פּטור ווערן פון זיין נשמה און פון דיא ראַכע פון דעם שטאַם, צו וועל־כען דער געטויטעטער געהערט. געוויינליך פלעגען דיא אינדיאַנער בעגיין א קאַניבאַלישען אקט אויס ראַכע צו זייערע פיינד. מען האָט אבער קיין מאָל ניט געהערט אז אינדיאַנער האָבען אויפגעפרעסען א ווייסען אָדער א נעגער. ווען זיי פלעגען טויטען א ווייסען, פלעגען זיי איהם נאר סקאַלפּירען, דאָס הייסט אַראָפּרייסען דיא הויט פון קאָפּ. דיזע סקאַלפּען פלעגען זיי ארומטראָגען אלס א צייכען פון זייער מוטה און קריגערישע קונסט. דאס איז איינפאַך געווען אן אקט פון ראַכע. וועגען דעם שרעקליכען קאַניבאַליזמוס פון דיא מעקסיקאַנער האָבען מיר שוין גערעדט אין דיא קאַפּיטלעך איבער שפּייז. דער קאַניבאַ־ליזמוס איז אזוי איינגעוואָרצעלט געווען אין מעקסיקאָ, אז אפילו דיא פון זייערע הערשער, וועלכע זיינען געווען געגען דעם, פלעגען מוזען נאָכגעבען און לאָזען בריינגען מענשליכע קרבנות. מען בעהויפּ־טעט אז איידער דיא שפּאַניער האָבען זיך אריינגעריסען אין מעקסיקאָ פלעגען דאָרטען יעהרליך אויסגעשלאַכטעט ווערן 25 טויזענד מענשען.

ניט אַלע מאָל פלעגט מען ברייגנען אזוי פיעל מענשליכע קרבנות וויא אין דער צייט, ווען מאָנטעזומא, דער לעצטער מעקסיקאַנער קעניג, האָט געהערשט. דאס איז אָפּהעננגינ געווען פון דיא קעניגע. פון דער אַלט־מעקסיקאַנער געשיכטע ווייס מען, אז עס זיינען געווען קעניגע־רעפאָרמערס, וועלכע האָבען געזוכט אָבצושאַפען אָדער וויניג־סטענס צו פערקלענערן דעם שרעקליכען מנהג. דיא צאָהל פון מענש־ליכע קרבנות איז אויך אָפּהעננגיג געווען פון דער מאַכט, וואס דיא הערשענדע אצטעקען האָבען געהאַט אין פערשיעדענע צייטען איבער דיא בעזיעגטע שטאַמען, וועלכע פלעגען דארפען צושטעלען מענשען פאַר דיא קאַניבאַלישע סעודות. נאר אין אַלגעמיינען זיינען מענשליכע קרבנות געווען איינגעפיהרט ביי אַלע פעלקער פון צענטראַל־אַמעריקאַ און אויך אין פערו.

אין צענטראַל אפריקאַ איז קאַניבאַליזמוס ווייט פערשפּרייטעט ביז היינטיגען טאָג, טראָץ אַלע אַנשטרענגונגען פון אויראָפּעער אויס־צוראָטען דיזען שרעקליכען מנהג פון דיא עלטעסטע צייטען. ביז פראַנקרייך האָט איינגענומען דאַנאָמעי און ענגלאנד—אַשאַנטיען פלעגט מען אין דיזע צוויי נעגער־מלוכות פון וועסט־אפריקאַ אויס־שלאַכטען יעהרליך טויזענדער מענשען ביי רעליגיעזע צערעמאָניעס און פעסטען. דער קעניג פון דאַגאָמעי פלעגט יעהרליך ברייגנען וויניגסטענס 500 קרבנות. ווען אַ קעניג פלעגט שטאַרבען אין דאַגאָמעי אדער אין אשאַנטיען פלעגט דיא אויסשלאַכטונג פון שקלאַווען און פרויען זיין אַ פירכטערליכע. עס איז געווען איינגעפיהרט, אז שקלאַווען זאָלען נאָכפאָלגען זייערע בעלי־הבתים אין קבר און אז סאָלדאַטען זאָלען בעגראָבען ווערן מיט זייער קאָמאַנדיר. צוליעב דעם פלעגען דיא דיענערס און סאָלדאַטען פון אַ נעגער־קעניג ניט זוכען דעם טויט פון זייער הערשער, דען דערמיט וואלטען זיי אונטערגעשריבען זייער איינענעם טויט־אורטהייל. אין גווינעא איז געווען אַ געוויינליכע זאך צו געברויכען אַ שאַרבען צום טרינקען. אַ פיהרער פון דעם שטאַם מאַטאַבעלען בעשמירט זיין קערפּער מיט מענשליכע פעטס, שמידען וואַרפען אריין שטיקלעך מענשליכע פלייש אין שמעלץ־אויווענס. מכשפים ציינען אַרויס אַם בעסטען זייער קונסט, ווען זיי

געברויכען טהיילען פון א מענשליכען קערפער. דאָרט וואו מען עסט ניט דיא פלייש פון דיא מענשליכע קרבנות, האלט מען עס פאר א גרויסע סגולה צו עסען זייערע הערצער.

פיעלע רייזענדע האָבען מיט ערשטוינען בעמערקט אז גראדע דיא שטארקערע און מעהר ענטוויקעלטע נעגער־שטאמען אין צענטראל־אפריקא זיינען קאניבאלען, וועהרענד אזעלכע נידערשלאָגענע און דומע ווילדע וויא, צום ביישפיעל, דיא באריס לעבען דיא קוואלען פון נילוס, טרייסלען זיך אָפּ מיט ישרעק און עקעל פון מענשליכע פלייש. נאר דאָס בעשטעטיגט בלויז, וואס מיר האָבען שוין געזאָגט וועגען קאניבאליזמוס ביי שטארקערע און קריגערישע פעלקער, וועלכע האָבען געהאט א סך שקלאַווען און קריעגס־געפאנגענע.

דיא אינדאָ־אוירֹאָפּעאישע פעלקער זיינען אמאָל אויך געוועזען קאניבאלען. מיר געפינען סמנים פון מענשליכע אָפּפער אין גריכענ־לאנד און אין רוים. דיא סעלטען האָבען זיך בעזאָנדערס אויסגעצייכענט מיט זייערע מענשליכע קרבנות. זייער קולט איז געוועזען א גרויזאמער. דיא גערמאנען און סלאווען פלעגען אויך אָפּפערן מענשען צו דיא געטער. ווען דיא רוימער האָבען גענומען בעהערשען דיא פעלקער ארום דעם מיטעלמעער, האָבען זיי איבעראל געזוכט אויסצוראָטען דיזען שרעקליכען קולט; אבער ערשט אין דער צייט פון אימפעראטאָר אדריאן (אונגעפעהר מיט 300 יאהר נאך קריסטוסעס געבורט) איז דיא רוימער געלונגען צו פערניכטען דיא לעצטע סמנים פון מענשליכע קרבנות ביי דיא בעהערשטע פעלקער. אין רוים זעלבסט פלעגט מען פון דעסטוועגען נאך צו יענער צייט ברייגנען איין מענש־ליכען אָפּפער יעדען יאהר.

אין אינדיען איז נאך דער שרעקליכער קולט פון מענשליכע קרבנות פערבליבען ביז אונזער צייט.

„מען בעהויפּטעט אז דיא כאָנדען ברייגגען נאך יעצט מענשליכע קרבנות, שרייבט ראטצעל אין זיין „פעלקערקונדע.“ וואס אָנבעלאנגט צו דיא גאראָסען איז אָפּיציעל בעוויזען געוואָרען אין 1866, אז זיי אָפּפערן מענשען צו דיא געטער. נאך ביז היינטיגען

טאָג האָבען דיא ענגלענדער אָן ארבייט אויסצוטראָטען געוויסע פאָר־מען פון מענשליכע קרבנות אין אינדיען. דיא גלויביגע אָפּפערן אויף זייערע קרובים, אום צו שטילען דעם צאָרן פון דיא געטער. אין 1883 יאהר האָט זיך א גאַנצע פאַמיליע אויפגעאָפּפערט צו דעם גאָט גאַנאַפּאַטי. דער עלטעסטער זוהן האָט פריהער אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ פון זיינע עלטערן, דאַן פון זיינע 4 ברידער, צוויי שוועסטער און דריי שוואָגערס און נאכהער איז ער בעגאַנגען זעלבסטמאָרד דורך אריינשפּרינגען אין א ברונען. ארום דער צייט האָט נאך עק־זיסטירט דיא פאָרמע פון מענשליכע אָפּפער, וואס האָט געטראָגען דעם נאמען מונסאַמי. ווען צוויי מענשען פלעגען זיך צושלאָגען, און דער שוואכערער פלעגט זיך שוין ניט קענען פערטהיידיגען, פלעגט ער סטראַשען מיט מונסאמי. דיזער סטראשונאָק איז בעשטאַנען אין דעם, דאָס דער שוואַבער פלעגט אוועק גיין אהיים און שפּאַלטען דעם קאָפּ פון זיינעם א קינד, אום דיא פערגאָסענע אונשולדיגע בלוט זאָל פאַלען אויף דעם קאָפּ פון זיין געגנער אַלס א פלוך. עס זיינען נאך געוועזען בראַמינען וואס האָבען פערטהיידיגט דיזע פאָרמע פון קינדער־מאָרד אויף דעם גרונד פון דיא שאַסטראַ (דיא הייליגע ביכער פון דיא אינדוסען).“

אין אינדיען איז נאך אויף ביז אונזער צייט פערבליבען דער מנהג צו פערברענען אלמנות אויף דיא קברים פון זייערע מענער. דיזער שרעקליכער מנהג איז נאָך אַלץ ניט אויסגעראָטעט געוואָרען פון דיא ענגלישע רעגירונג, וועלכע האָט אונערמידליך פערפאָלגט דיא פערברענערס פון אלמנות. אין דיא פערוואָרפענע צענטראַל־טהיילען פון אינדיען, זאָגט מען, טרעפט נאָך יעצט, אַז מען איז מקריב אלמנות צו דיא גייסטער פון זייערע מענער. נאַטירליך, דאָס געשעהט אין דעם שטרענגסטען סעקרעט, אַז דיא ענגלישע בעאמטע זאָלען זיך דערפון ניט דערוויסען. דער גלויבען אַז ווייבער דאַרפען פאָלגען זייערע מענער אויף יענער וועלט איז אזוי שטאַרק געוועזען איינ־געוואָרצעלט, דאָס דיא אלמנות פלעגען זיך אָפט אליין אריינוואַרפען אין א שייטער־הויפען, אום זייערע אויסגעלייטערטע נשמות זאָלען בעגלייטען דיא נשמות פון זייערע מענער. נאר געוויינליך פלעגט

מען בערוישען אָדער פערטויבען דיא אונגליקליכע אלמנות און זיי אריינוואַרפען אין דיא פלאַמען נאָך געוויסע צערעמאָניעס.

דיא פערברענונג פון אלמנות איז נאָר איינער פון דעם אויבען־אָנגעצייגטען סאָרט מענשליכע אָפּפער, וועלכע מען פלעגט ברייננגען צו בעגלייטען דיא נשמות פון דיא געשטאָרבענע. דאָרט וואו אזעלכע אָפּפער זיינען איינגעפיהרט געוואָרן, האָט מען שוין געוועהנליך ניט געגעסען מענשען־פליישׁ. יעדענפאַלס איז עס געוועזען א טהייל פון דעם גייסטער־קולט, וועלכער האָט געפאָדערט אָפּפער פון נשמות פון שוואַכע און אונטערטעניגע גוט צו מאַכען דיא נשמות פון שטאַרקע און הערשער. מיר האָבען שוין ערקלערט, וויא עס איז געוועזען נאַטירליך פאַר דיא ערשטע מענשען צו דיינקען, אַז דיא נשמות און גייסטער האָבען אזעלכע בעדירפניסע וויא לעבעדיגע. עס איז דארום אויך געוועזען נאַטירליך אָנצונעהמען, אַז דער איינענטהום פון דעם געשטאָרבענעם דאַרף איבערגעלאָזען ווערן פאַר זיין נשמה. אויף דיזען גרונד פלעגט מען ניט נאָר לאָזען אָדער פערניכטען דיא געוועהר, געצייג און פוצזאַכען פון דעם געשטאָרבענעם אויף זיין קבר (וועגען דעם האָבען מיר שוין גערעדט אין דיא קאַפּיטלעך איבער איגענטהום), זאָנדערן אויך זיינע פרויען און שקלאַווען, וועלכע זיינען גערעכענט געוועזען פאַר זיין אייגענטהום. דיא אינדוסען און פיעלע אַנדערע פעלקער האָבען געגלויבט, אַז דיא נשמות פון דיא שקלאַווען און פרויען דיענען דער נשמה פון זייער הערשער אין דער שאָטען־וועלט, אקוראַט וויא זיי האָבען געדיענט, ווען זיי האָבען זיך געפונען אין דיא קערפּערס. עס פערשטעהט זיך, אַז וואָס מעהר איינער איז געוועזען מעכטיג, אַלץ מעהר בעגלייטערס האָט מען אריבערגעשיקט צו זיין נשמה. ווען א קעניג פלעגט שטאַרבען, פלעגט דיא אויסשלאַכטונג פון אָפּפער־בעגלייטערס זיין א שרעקליך גרויסע. מאַנכעסמאָל פלעגט מען אזוי אומבריינגען טויזענדע מענשען מיט איין מאָל.

דיא גריכען פון האָמער׳ס צייטען, דיא גערמאַנען און סלאַווען פלעגען אויך ברייננגען מענשליכע אָפּפער אויף דיא קברים פון דיא טויטע אדער ביי דער לויה. מען וויים פּאָזיטיוו אַז ביי דיא רוסען (א גערמאַנער שטאַם) האָט עקזיסטירט דיזער שרעקליכער מנהג.

וואס אָנבעלאַנגט צו דיא סלאַווען, ווייס מען פון דיא בעריכטען פון קריסטליכע מיסיאָנערן, אַז דיא אלמנות פלעגען פאָלגען אין קבר נאָך זייערע מענער. דיא עסקימאָסען פון גרענלאַנד פלעגען נאָך מיט א יאהרהונדערט צוריק בעגראָבען א לעבעדיגעס קינד מיט דער מוטער, ווען זיא פלעגט שטאַרבען איידער מען האָט דאָס קינד אָפּ־געוואָהנט פון דער ברוסט. דיזער שרעקליכער מנהג איז הפנים אויף ארויסגערופען געוואָרען דורך דיא נויט, דען עס איז ניט גע־ווען מיט וואָס צו האָדעווען א זויגלינג אויסער מיט זיין מוטער׳ס מילך.

מאַנכע פעלקער פלעגען שלאַכטען א מענשען ניט נאר אום גוט צו מאַכען א גייסט אָדער גאָט, זאָנדערן אום דערמיט זיך צו שאַפען א בעשיצענדען גייסט. נאָך אין 18־טען יאהרהונדערט האָבען אוי־ראָפּעער בייגעוואָהנט אַזאַ פאַל אין סיאם. אין איין שטאָט האָבען דיא איינוואָהנער געוועלט קריגען א ספעציעלען גייסט, וואס זאל בע־שיצען זייערע נייע־אויפגעבויטע שטאָט־טויערן און זאָל זיי אָנזאָגען וועגען א געפאהר פאר זייער לעבען און פערמעגען. זייער קעניג האָט צו דיזען צוועק אויסגעקליבען א מענשען, אויף וועמען זיין בליק איז צופעליג געפאַלען. דיזען „אויסערוועהלטען“ האָט מען גלייך גענומען בעטראַכטען פאר א גאָט. מען האָט איהם אָפּגעגעבען גרויס כבוד און געקאָר־מעט מיט דיא בעסטע מאכלים. דער קעניג האָט איהם דאַן ערקלערט וואס ער דאַרף טאָן אלס א בעשיצענדער גייסט פון דיא שטאָט־טויערן. באַלד נאכדעם האָט מען איהם געטויטעט. אלע האָבען נאָך געדעכענט, אַז דער אָפּפער האָט געהאַט א גליקליכען סוף, דען עס פערשטייט זיך, אַז אזא קרבן איז געווען א גרויסער אָרימאַן, וואס זיין לעבען איז סיי וויא סיי גאָר ניט ווערטה געווען. ווען ער וואָלט אפילו ניט געשטאָרבען פון הונגער, וואלט דאָך יעדענפאַלס קיינער ניט געזאָרגט פאר זיין נשמה. אַזוי אבער וועט ווייניגסטענס זיין נשמה פערעהרט ווערן וויא א גאָט. מען וועט איהר בעפרידיגען מיט קרבנות, אום זיא זאָל בעסער בעשיצען דיא שטאָט.

ביי אויראָפּעאישע פעלקער האָבען הפנים אויך עקזיסטירט אַזעלכע מנהגים. דערויף צייגען אָן פיעלע אלטע לעגענדען, אין וועלכע עס

ווערט דערציילט, וויא מען האָט איינגעמויערט לעבעדיגע מענשען און זאָגאַר קינדער אין דיא ווענט פון שלעסער, אונטער בריקען, אין שטאָט־ווענט, א. ז. וו. אין אייניגע פון דיזע לעגענדען ווערט אויס־דריקליך בעמערקט, אַז דיא מענשליכע אָפּפער האָט מען געבראַכט צו בעשיצען דיא שלעסער, פעסטונגען, שטאָט־ווענט, א. ז. וו. גע־ווענליך פלעגט מען דערצו קויפען קינדער ביי בעטלערינען אָדער מען פלעגט אָנשכור'ן אַ בעטלער און נאכהער איהם טויטען אָדער איינמויערן לעבעדיגערהייט. דיא געדעכענים אָן אזעלכע אָפּפער איז אזוי טיעף פערבליבען צווישען אייראָפּעאישע פעלקער, דאָס מען האָט געשאפען אזעלכע לעגענדען, ווען מען האָט גענומען בויען בריקען פאר אייזענבאהנען. מען האָט גאנץ ערנסט דערציילט אין פערוואָר־פענע דערפער, אַז אונטער אייזענבאַן־בריקען בעגראָבט מען לעבעדיגע מענשען ווענען מזל און זיכערהייט ווענען!

ביי דיא מאלאיער שטאמען איז בעזאָנדערס פערשפּרייטעט געוועזען דער מנהג צו יאָגען זיך נאך מענשליכע קעפּ. דער גלויבען אַז דיא נשמות פערלאנגען בלוט האָט געפיהרט צו דיזען שרעקליכען מנהג, וועלכער ווערט בעצייכענט אין דער קולטורגעשיכטע מיט דעם נאמען „קעפּ־געיעג" און וועלכער האָט אויך עקזיסטירט ביי אַנדערע ראַסען. וויא נאר איינער פלעגט שטארבען, פלעגען זיינע פערוואנדטע ארויס אויף אַ געיעג נאך קעפּ. זיי פלעגען זיך אזוי לאַנג יאָגען נאך מענשען ביז זיי פלעגען איינעם פאנגען און איהם אָפּהאַקען דעם קאָפּ. נאכהער פלעגען זיי דעם קאָפּ אַוועקטראָגען אין אַ ספּע־ציעלע קאָרב (זעה פיגורע 91) אויף דעם קבר פון דעם געשטאָרבענעם.

„מארטין דע ראדא, דער הויפּט פון דיא אויגוסטינער גלחים אין לוצאָן (איינער פון דיא פיליפּינער אינזלען), שרייבט ראַטצעל אין זיין „פעלקערקונדע", האָט שוין אָנגעצייגט אויף דיא „קעפּ־געיעג" אין 1577 יאהר, און ביז יעצט יאָגען זיך נאך דיא ווילדע טאַגאַל און דאַיאַק שטאמען נאך קעפּ און שארבענס טראָגען אַלע פערפאַל־גונגען פון דיא אייראָפּעאישע בעאמטע. קעפּ־געיעג איז אויך פער־שפּרייטעט צווישען דיא מאלאיער שטאמען אויף דעם אינזעל ניי־גווינעא.

„אום צו פערשטיין, ווארום דיזער מנהג האַלט נאך אָן, דאַרף



פיגורע 91. — אַ קאָרב פון אַ דאַיאַק קאָפּ־יעגער מיט אַ האַלבען שאַרבען הייגנענדיג ביי דער זייט.

מען נעהמען אין אנבעטראַכט, אַז אַלע מאַלאַיער שטאַמען האָבען פערגעטערט שאַרבענס. צוליעב דעם האָט זיך ביי זיי איינגעוואָרצעלט דער גלויבען, אַז שאַרבענס פון פיינדע דארפען זיין דיא בעסטע אָפּפער פאַר דיא גייסטער פון דיא עלטערן אדער אבות. אין דעם נאָרד־טהייל פון אינזעל באָרנעאָ וואַלגערן זיך מענשליכע שאַרבענס צווישען

אַלטע האָלץ. דיא דאַיאקען יאָגען זיך נאר, וויא רייזענדע מעלדען, נאך קעפּ פון דאַיאקען (איינגעבאָרענע פון באָרנעאָ). איידער זיי גייען אַרויס אויף דעם שרעקליכען געיעג, פיהרען זיי אויס געוויסע רעליגיעזע צערעמאָניעס. זיי בויען אויס א הייזעל וועלכע זיי בעפּוצען מיט בלומען און פּאַלמען און אין וועלכע זיי לייגען אַניעדער קליינע הילצערנע שווערדלעך, פּיילען, שיעלדען א. ז. וו. דיא באַנדע וואָס קלייבט זיך אַרויסצוגיין אויף א געיעג נאך מענשליכע קעפּ, פערבלייבט דאָרט פון 4 ביז 6 טעג לויט נאך אָנגענומענע סמנים וועגען מזל. איידער זיי גייען אַרויס, בעהאַלטען זיי אין דער ערד אזוי פיעל גראָב־אויסגעשניצטע פיגורען, פון וויא פיעל מאַן דיא באַנדע בעשטייט. דאָס רעכענען זיי פאר א סגולה איינצושטילען דיא בייזע גייסטער.

„קעפּ ווערן אויך פערלאַנגט צו בעפּוצען דעם זאַל פון א פיהרער׳ס הויז, צו לייגען זיי אונטער דיא קלעצער, ווען מען בויט א נייע הויז. שאַרבענס ווערן געברויכט אַלס טרינק־שיסעלעך, וועהרענד ציינער און האָר דינען אַלס צירונג און פּוץ. ווען דיא האָלענדישע בעאַמטע האָבען אָנגעפאַנגען אָוועקצונעהמען שאַרבענס ביי דיא קעפּ־יעגערס, האָבען דיזע יעגערס זיך ענטזאַגט אָפּצוגעבען דיא סקאַלפּען און דיא אונטערשטע קינבאַקען. אזוי וויא ערפאָלגרייכע קעפּ־יעגערס זיינען געוועזען זעהר אָנגעזעהען און מען האָט זיי געהאַלטען פאר כוואַטעס, האָט יעדערער געזוכט צו קריגען וואָס מעהר שאַרבענס.

„דיא פערבינדונג פון קאָפּ־געיעג מיט קאַניבאַליזמוס ציינט זיך אַרויס דורך דיא פערשיעדענע געברויכען, וואס מען מאַכט מיט דיא קעפּ און אַנדערע טהיילען פון מענשליכען קערפּער. דיא באַטאַקען זיינען קאַניבאַלען, דיא דאַיאַקען—קעפּ־יעגערס. אין איינינע ערטער ווערט א בונד געשלאָסען דורך אויפפרעסען א שקלאַוו. דער שטאַם סולו פון נאָרד־באָרנעאָ, וועלכע זיינען ניט קעפּ־יעגערס, בינדען זייער אָפּפער און שטעכען איהם אריין אין ברוסט א שפּיז. יעדער איי־נער פון דאָרף האַלט פאַר זיין פליכט צו דערלאַנגען א שניט דעם צאַפּלדיגען קערפּער. נאָכדעם בעגראָבען זיי דעם אָפּפער. אבער זיי האַקען ניט אָפּ זיין קאָפּ, ווייל דיא „פיהרערס פון דיא סולו ווינשען

עס ניט." אין אנדערע ערטער קלייבט מען צוזאמען דעם אָפּפער'ס בלוט און מען בעשפּריצט דערמיט דיא פעלדער".

דיא אינדיאַנער פלעגען אויף אָפּהאַקען דיא קעפּ פון זייערע פיינד. ספּעציעל אבער פלעגען זיי איבערלאָזען דיא סקאַלפּען (דיא הויט מיט דיא האָר פון קאָפּ). אַן אויסגעטריקענטער סקאַלפּ איז געווען אַ גרויסע עהרע פאַר אַ קריעגער. אַ קאָפּ מיט האָר איז געווען אַ צירונג פאַר אַ הויז פון אַ פיהרער אדער פאַר אַ פערזאַמלונג פון אינדיאַנער. (זעה פיגורע 92). דיא אינדיאַנער פלעגען פאַסטען און זאָגען תפילות פאַר דיא קעפּ־האַקעריי און סקאַלפּירונג אַזוי וויא דיא דאַיאַקען פון באָרנעאָ. דיא אינדיאַנער פלעגען דערביי רויכערן אַ הייליגע לולקע. ביי איינינגע אינדיאַנער עקזיסטירט נאָך ביז יעצט דיזער קאַניבאַלישער מנהג. דיא פּאַנטשעס הייגגען אויף דיא קעפּ פון זייערע געטויטעטע פיינד אויף דיא טירען פון זייערע הייזער. דיא מונדרוקען האַלטען עס פאַר זייער פפליכט אפּצוהאַקען דעם קאָפּ פון יעדען פּאַטיענטין, וואס זיי טרעפען אָן.

אין פּאָלינעזיען איז ביז מיט אַ הונדערט יאהר צוריק פערבליבען אזא אָנדיינקען פון דעם אמאָליגען קעפּ־נעיעג: ווען איינער פלעגט שטארבען, פלעגט זיין נעכסטער פערוואַנדטער אָנטאָן אַ בעזונדערע קלייד, וואס דיא פּאָלינעזער האָבען גערופען „טרויער קלייד" און פלעגט זיך בעוואפנען מיט אַ לאַנגען שטעקען, אויף וועלכען עס זיינען געווען ביי איין עק אָנגעזעצט ציינער פון אַ הייפּיש. אלע פלעגען זיך דאַן פאַר איהם צולויפען אין שרעק, דען ער פלעגט שלאָגען ביז בלוט יעדען, וועמען ער פלעגט נאַר טרעפען.

צו גלייכער צייט, ווען מען האָט פערגאָסען בלוט פון אַנדערע צו זעטיגען אדער גוט צו מאַכען דיא נשמות, האָט מען אויף אָנגעהויבען צו פערגיסען אייגענע בלוט. עס איז נאַטירליך געווען צו קומען צום שלוס, אַז ווען בלוט איז אַזוי אַנגענעהם פאַר דיא נשמות און גייסטער, וועלען זיי זיכער אָננעהמען דאָס בלוט פון זייערע אייגענע קינדער און פערוואַנדטע. דאָס האָט געפיהרט צו מענשליכע קרבנות אין דער פאָרמע פון זעלבסטאָפּפערונג.



פיגורע 92.—אַן אויסגעטריקענטער קאָפּ פון אַן אינדיאַנער.

דיזע פאָרמע פון מענשליכע קרבנות איז ניט נאר געווען פערשפרייטעט ביי אלע פעלקער, זאָנדערן זיא איז מיט געוויסע ענדערונגען פערבליבען ביז היינט צו טאָג ביי קולטור־פעלקער. לאָזען זיך בלוט אין נאמען פון גאָט און זאָגאר בעגיין זעלבסטמארד לשם שמים איז גאָר ניט אזא אונגעוועהנ־ליכע זאך אין אונזערע צייטען.

אין אינדיען זיינען זיך טויזענדע מענשען מקריב צו סיווא, דעם שרעקליכען גאָט פון צערשטערונג. זיי ווארפען זיך אונטער דיא רעדער פון דעם וואָגען, אויף וועלכען מען פיהרט סיוואַ'ס געצקע, און זיי ווערן צודריקט. אין רוס־לאנד עקזיסטירט א סעקטע, וואס איהרע מיטגלידער לאָזען זיך

בענראָבען לעבעדיגערהייט, ווייל זיי גלויבען, אז דאָס איז דער זיבער־סטער מיטעל אריינצוקומען אין גן־עדן.

דיא איינגעבאָרענע פון דיא טאַאיטי־אינזלען פלעגען זיך מאַכען וואונדען אויף זייער גאַנצען קערפּער, בעזאָנדערס אויפ'ן שטערן און ברוסט, מיט דיא ציינער פון א הייפיש, ווען דער עלטססטער פון זייער פאַמיליע פלעגט שטאַרבען אדער ווען זיי פלעגען דאַרפען אויסבעטען א גוטען מזל ביי זייערע געטער. ווען דיא וואונדען זיינען געמאַכט געוועזען נאָך איינעם'ס טויט, פלעגט מען צוזאַמענקלייבען דאָס רינענדע בלוט און איינטונקען אין דעם שמאַטעס, וועלכע מען פלעגט אוועקלייגען אויף דעם קבר פון דעם געשטאָרבענעם, אום זיין נשמה זאָל זיך דערמיט קוויקען. מיט דיא סמנים פון אזעלכע וואונדען פלעגט מען שטאָלצירען, ווייל דאָס האָט בעוויזען, אז מען איז פרום.

דיא אלטע מעקסיקאַנער פלעגען זיך לאָזען בלוט, ווען עס פלעגט זיי טרעפען אַן אונגליק, אום דערמיט גוט צו מאַכען דיא געטער. אפילו ווען מען פלעגט מקריב זיין מענשען און זיי אויפפרעסען, פלעגט מען דערביי אויך לאָזען אייגענע בלוט. דיא מעקסיקאַנער האָבען געגלויבט, אז דיא געטער זיינען זשעדנע נאָך בלוט, און מען האָט עס זיי ניט געזשאַלעוועט. דיא מעקסיקאַנער פלעגען בעזאָנדערס ציטערן פאר איין געטין, ווייל זיי האָבען געגלויבט, אז זיא כאַפּט צו און פרעסט אויף קינדער. דיזער גלויבען איז וואהרשיינליך ענטשטאַנען דורך דעם וואס פריהער פלעגט מען טאקע מקריב זיין קינדער צו דיזער געטין. מיר וועלען אין נעכסטען קאַפּיטעל זעהען, אז דער מנהג צו אָפּפערן קינדער, בעזאָנדערס בכורים, איז געוועזען פערשפּריי־טעט ביי אלע פעלקער נאָך פון דיא עלטעסטע צייטען. נאר ווען דיא מעקסיקאַנער האָבען שוין אויפגעהערט מקריב צו זיין זייערע קינדער, האָבען זיי נאָך געגלויבט, ווען קינדער פלעגען שטאַרבען פון קראַנקהייטען, אז דיא געטין אליין קומט נעהמען איהרע קרבנות. דאַרום פלעגען זיי אין אזא צייט זיך לאָזען בלוט. דיזעס בלוט פלעגען זיי צוזאַמענקלייבען אין א כלי פון בלעטער און פלעגען עס אויפהייגנען אויף דיא טירען פון זייערע הייזער. זיי האָבען גע־

גלויבט, אַז דיא גערטין בעגנוגענט זיך מיט דיזען אָפּפער און לאָזט דאַן צו רוהע דיא קינדער. קורץ, דיא מעקסיקאַנער האָבען עס גע־האַלטען פאַר אַ סגולה געגען קינד־קראַנקהייטען.

מען רעכענט, אַז דער אַלט־מאָדישער מעדיצינישער מיטעל צו לאָזען בלוט ביי יעדער קראַנקהייט איז פערבליבען אַן אַנדיינקען פון דיא צייטען, ווען מענשען פלעגען אָפּפערן זייער אייגענע בלוט אין פאַל פון אונגליקען און ספּעציעל פון קראַנקהייטען, אום גוט צו מאַכען דיא נשמות און גייסטער.

אַזעלכע מנהגים האָבען אויך עקזיסטירט ביי קולטור־פעלקער. דערויף ציינט גאַנץ דייטליך אַן דיא ביבעל, וועלכע פערביטעט דיא אידען צו מאַכען זיך שניטען אדער צייכענס אויפ׳ן לייב לכבוד דיא טויטע (ושרט לנפש לא תתנו בבשרכם וכתבת קעקע לא תתנו בכם. ויקרא, יט, כח). אין אַנדער אָרט פון דער ביבעל (ויקרא, כא, ה) גע־פינען מיר, אַז דיא כהנים איז עס אויך ספּעציעל פערבאָטען זיך איינצושניידען דאָס לייב אַלס צייכען פון טרויער נאָך טויטע. וואס אַנבעלאַנגט צו דעם מנהג צו ברייננגען קינדער, בעזאָנדערס בכורים, פאַר אַ קרבן געפינען מיר דערויף אויך אַן אָנווייזונג אין דער ביבלישער געשיכטע וועגען דיא צעהנטע מכה פון מצרים. משה זאָגט אַן דיא אידען (שמות, יב, כב), אַז זיי זאָלען נעהמען אַ בעזימעל (אגודת אזוב), איינטונקען עס אין בלוט און בעשפּריצען דיא טירען פון זייערע הייזער, אַז גאָט זאָל ניט אָנריהרען אידישע קינדער, ווען ער וועט טויטען אַלע בכורים פון דיא מצריים. דאָס איז עס געוועזען דער „אָפּפער פון איבערהיפּען" (זבח פסח). אונזער יום טוב וועגען יציאת מצרים טראָגט דאַרום דעם נאַמען פּסח. דער אונטערשיעד צווישען דיא אידען און דיא מעקסיקאַנער בעשטייט אין דיזען פאַל נאָר אין דעם, דאָס אידען האָבען פערגאָסען דאָס בלוט פון אַ לעמעלע צו רעטען זייערע קינדער, וועהרענד דיא מעקסיקאַנער האָבען פערגאָסען זייער אייגענע בלוט. דער עיקר, דער צוועק פון אַזעלכע קרבנות איז געוועזען דער זעלבער.

העראָדאָטוס דערציילט, אַז דיא קאַריער, וועלכע האָבען געוואָהנט אין קליין־אַזיען, פלעגען ביי געוויסע רעליגיעזע צערעמאָניעס

זיך האַקען מיט מעסערס אין שטערן. דעם זעלבען מנהג האָט ער אויך בעמערקט ביי דיא מצריים, נאר דיא לעצטע פלעגען שוין ניט פערגיסען זייער בלוט פאר דיא געטער, זאָנדערן זיך קלאַפּען אין קאָפּ מיט דיא קולאַקעס. ביי דער לויה פון זייער קעניג פלעגען אַלע ספּאַר־טאַנער, מענער און פרויען, זיך קלאַפּען אין קאָפּ מיט דיא קולאַקעס. אַ סמן פון דיזע מנהגים איז פערבליבען ביז היינט צו־טאָג ביי אונז אין דער פאָרמע פון שלאָגען זיך „אשמנו" מיט'ן קולאַק אין ברוסט. יעצט קלאַפּט מען זיך אויך אין קאָפּ און אין ברוסט, ווען מען איז אין פערצווייפלונג אָדער ווען מען האָט שטארק חרטה און מען טהוט תּשובה. פריהער פלעגט מען דערביי פערגיסען אייגענע בלוט.

דאָ זעהען מיר ווידער, וויא אַן אַלטער מנהג איז פערבליבען אונטער נייע פאָרמען. ווען מען זאָל זאָגען, אַז מיר קלאַפּען זיך אין קאָפּ אדער אין ברוסט, ווייל מיר האָבען דאָס בירושה פון אונ־זערע אור־אורעלטערן, וועלכע פלעגען זיך מאַכען וואונדען, ווייל זיי האָבען גענלויבט אַז מיט זייער בלוט וועלען זיי גוט מאַכען דיא גייסטער—ווען מען זאָל דאָס אונז אַ זאָג טאָן, וועלען מיר זיך דער־פון אויסלאַכען וויא פון אַ משוגעת. אבער ווען מיר פאָרשען נאָך דיא ענטשטעהונג פון רעליגיאָנען און פון רעליגיעזע צערעמאָניעס, וואָרפט זיך אונז דער צוזאַמענהאַנג אַליין אין דיא אויגען.

דיא גאַנצע ענטוויקלונג פון רעליגיאָנען בעשטייט אייגענטליך אין דער פאָרם־ענדערונג פון אַלטע רעליגיעזע צערעמאָניעס. דיזע ענטוויקלונג געהט האַנד אין האַנד מיט דער אַלגעמיינער גייס־טיגער ענטוויקלונג פון מענשען, וועלכע איז צוערשט אַ רעזולטאַט פון קולטור און נאכהער אַן אורזאַכע פון אַ העכערע קולטור. דיא אַלטע גלויבענס און רעליגיעזע מנהגים פערבלייבען, נאר מען פער־טייטשט זיי אַנדערס ווייל מען פערשטייט זיי אַנדערס. מען גלויבט שוין לאַנג אין איין גאָט, נאר פון דעסטוועגען ציטערט מען נאָך פאַר נשמות כמעט אזוי וויא אונזערע ווילדע אורעלטערן, וויא מיר האָבען דאָס שוין אויבען געזעהען. וואָס מעהר מענשען האָבען אָנ־געפאַנגען צו פערשטיין דיא נאַטירליכע ערשיינונגען, וואָס מעהר זייערע געפיהלען זיינען פיינער און עדעלער געוואָרן, אַלץ מעהר

האָבען זיי אָנגעפאַנגען צו ענדערן דעם אלטען בלוטיגען און באַרבאַ־רישען קולט אַזוי, אַז ער זאָל שטימען מיט זייערע נייע געדאַנקען. וויא אַזוי דיזע פאָרם־ענדערונג איז צוגעגאַנגען, וועלען מיר בע־טראַכטען אין נעכסטען קאַפּיטעל



# זיעבּצעהנטער קאַפּיטעל.

## כּפּרות און ערלייזונגען.

„גוטער וואס מען עסט“. — פיגורען־לעקעכלעך. — די ווירקונג פון מיטלאַלטער־געפיהל אויף די אָפּשאַפונג פון מענשליכע קרבנות. — פּשרות מיט'ן בלוטיגען קולט. — אָפּקומענעס און „טרויער יאָהר“ פון אלמנות.—פּשרה דורך פערקירצען די קרבנות־צייט לכבוד די נשמות. — ערלייזונג דורך פּאַפּירענע כּפּרות ביי כינעזער. — ערלייזונג דורך חיות. — לעגענדען וועגען דעם ביי גריכען און רוימער. — די ראָלע פון רעליגיאָן אין קינדער־אויסשלאַכטונגען.— די אויפאָפּפערונג און ערלייזונג פון בכורים. — די ערלייזונג פון בכורים ביי אידען. —ביבלישע געשיכטען וועגען קינדער־קרבנות און וועגען ערלייזונגען דורך „באָרגען“ די אָפּפער צו גאָט. — בכורים אַלס גאָט'ס דיענער.— קינדער־קרבנות און עלילת דם. — די פערשפּרייטונג פון דעם בלוטיגען בלבול. — וואָס די אַבערגלויבענס וועגען הינגעריכטעטע פערברעכער צייגען. — ערלייזונג דורך תפילות. — די אַלגעמיינע ענטוויקלונג פון ערלייזונגען.

---

די היינטיגע קולטור־פעלקער גלויבען שוין ניט אין אזא גאָט, וואס זאָל זיך דארפען זעטיגען מיט בלוט פון קרבנות. נאר דער גלויבען אין דער נויטווענדיגקייט צו צייגען טרייהייט צו גאָט דורך אָפּפער איז פערבליבען אין זיין גאנצע קראפט. מיר ברייננגען אויך יעצט קרבנות צו גאָט, אבער אויף א גאנץ א נ ד ע ר ע א ר ט און אין א גאנץ א נ ד ע ר ן ז י נ ע ן. אונזערע קרבנות דריקען זיך אויס אין ו ו ע ר ט ע ר און צ י י כ ע נ ס. אין דעם בעשטייט די גאנצע ענדערונג פון קולט.

לאָמיר יעצט נאכפארשען דיזע ענדערונג.

ווען א געמיינדע אין מעקסיקאָ פלעגט אויפאָפּפערן א מענ־שען צו גאָט, פלעגען אלע מיטגליעדער נאטירליך וועלען אנטהייל נעהמען אין דער געטליכער סעודה. מען האָט געגלויבט, אז דער גאָט, וועמען מען האָט מכבד געוועזן מיט א קרבן, וועט זיין גוט צו דיא יעניגע, וואס וועלען נעהמען אנטהייל אין דער סעודה. וויא האָבען אבער אלע געקענט זיך צוטהיילען מיט איין מענשליכען קרבן? דיא כהנים און עלטעסטע האָבען געפרעסען דיא פלייש פון דעם קרבן. פאר דיא איבריגע איז גאָר ניט געבליבען. אום זיי אויך צו בעפרידיגען, איז מען געפאלען אויף פאָלגענדען פלאַן: פון טייג, אין וועלכע מען האָט אָנפאנגס ארייננעמישט א ביסעל בלוט פון דעם קרבן, האָט מען געמאכט פיגורען עהנליך צו דעם קרבן. דיזע פיגו־רען האָט מען געבאקען און אויפגעפרעסען. אזא פיגורע האָבען דיא מעקסיקאנער גערופען „גאָט וואָס מען עסט“. דערמיט איז מען יוצא געוועזן דעם עולם, וואס האָט ניט געקענט קריגען א טהייל פון דעם מענשליכען קרבן. שפּעטער האָט מען אויך אויפ־געהערט ארייננצוגיסען בלוט אין דיא טייג, פון וועלכע מען האָט געקנאָטען „דיא געטער וואס מען עסט“. דיזע פיגורען זיינען אלזאָ געוואָרן א סימבאָל אדער צייכען פון דעם ווירקליכען קרבן. זיי זיינען אזוי פערהייליגט געוואָרן וויא דער קרבן זעלבסט.

דער מנהג צו ברייננגען מענשליכע קרבנות איז נאָך פערבליבען ביי דיא מעקסיקאנער, נאר ביסלעכוויז האָט ער אויך אָנגענומען א סימבאָלישע פאָרמע דורך אונשולדיגע פיגורען פון דיא אָפּפער. דאָ האָבען מיר א קלאָרען ביישפּיעל, וויא אזוי דיא פאָרם־ענדערונג פון קולט איז ארויסגעקומען. מיט אנדערע ווערטער הייסט עס אויך, אז מען האָט זיך ערלייזט פון ברייננגען א מענשליכען קרבן דורך דעם, וואָס מען האָט אויפגעגעסען זיין פיגורע פון טייג. דער וואס האָט אויפגעגעסען אזא פיגורע האָט שוין געטאָן זיין פפליכט צו דיא געטער און האָט געמעגט ערווארטען זייער הילפע און בעלוינונג גראַדע וויא ווען ער וואָלט געפרעסען דיא פלייש פון מענשליכען קרבן.

דיא מעקסיקאנער זיינען אבער ניט געווען דיא איינציגע צו ערלייזען זיך דורך „געטער וואס מען עסט" אנשטאט מענשליכע קרבנות. דיא זעלבע אורזאכען און אנזיכטען האבען געפיהרט און געמוזט פיהרען צו עהנליכע רעזולטאטען.

דיא אינדא־אייראפעאישע פעלקער האבען אויך, וויא מיר וויסען עס שוין, געבראכט מענשליכע אפפער צו זייערע געטער. זיי האבען דארום שפעטער אויך געברויכט „געטער וואס מען עסט", וויא דיא מעקסיקאנער. א סמן דערפון בלייבט נאך ביז היינט צו טאג. יעדערער ווייס, אז אין אייראפא איז אין דער צייט פון געוויסע פעסטען פערבליבען א מנהג צו עסען לעקעכלעך, וואס שטעלען פאר געוויסע פיגורען. מען האט שוין אפט אנגעצייגט, אז דיא געברויכליכסטע פיגורען פין דיזע לעקעכלעך זיינען קאפיעס פון דיא פיגורען פון דיא אמאליגע געטער. דיזע לעקעכלעך ווערן געברויכט בעזאנדערס אין אזעלכע יומים טובים, וועלכע זיינען אין אמאליגע יאהרען פערבונדען געווען מיט קרבנות און אלגעמיינע סעודות. מען פלעגט נאך מאכען לעקעכלעך אין דער פיגורע פון א חזיר אדער פון אן אקס פאר געוויסע יומים טובים, ביי וועלכע מען האט אין אמאליגע צייטען גראדע געאפפערט דיזע חיות צו דיא געטער. א'ן אלטער געצענדינערשער מנהג, אן וועלכען אלע האבען שוין פערגעסען, איז דא אלזא פערבליבען אין א גאנץ אונשולדיגער פארמע, וואס האט שוין אפילו מיט דעם קולט גאר ניט צו טאן. מען האלט דאך פון דעסטוועגען פאר א מצוה צו עסען אזעלכע פיגורען־לעקעכלעך וועהרענד דיא קריסטליכע יומים טובים.

דער ביישפיעל מיט דיא מעקסיקאנער „געטער וואס מען עסט" צייגט אן אז דיזער מנהג איז ענטשטאנען דורך דעם, וואס מען האט ניט געהאט גענוג מענשליכע קרבנות. עס פערשטייט זיך, אז יעדערער האט געזוכט אויסצומיידען צו זיין דער קרבן פאר דיא געטער. וויא מיר וויסען עס שוין, האט מען געוועהנליך געברויכט דערצו פרעמדע שקלאווען און קריעגסגעפאנגענע. דיא שטארקערע האבען אלע מאל געאפפערט דיא שוואכערע, דיא הערשער—דיא בעהערשטע. אפילו דיא ווילדעסטע קאניבאלען קענען ניט סתם

שלאַכטען דיא מיטגליעדער פון זייער שטאַם. זיי וואָלטען דאַן אַלע אין אַ קורצע צייט אומגעקומען. זיי האָבען דארום געמוזט אָננעהמען געוויסע רעגעלען צו פערזיכערען זייער לעבען און דעם לעבען פון זייערע קינדער. מענשען זיינען נאָך אַלעם ניט ערגער געווען פאַר חיות, וועלכע פרעסען דאָך ניט איינע דיא אַנדערע. דער קאַניבאַ־ליזמוס אָהן רעליגיעזע צוועקען, איינפאַך אום צו עסען מענשליכע פלייש, איז דארום געווען זעהר בעשרענקט אפילו ביי דיא ווילדעסטע און גרויזאַמסטע פעלקער, וויא מיר ווייסען עס שוין. געוועהנליך פלעגט מען פרעסען מענשען אין צייטען פון הונגער, וואס עס טרעפט נאָך אַפילו יעצט אין קולטור לענדער, בעזאָנדערס ביי אונגליקען אויפ'ן ים, ווען מאַטראָסען רעטען זיך אויף קליינע שיפלעך און ווערן ארומגע־טראָגען פון דיא כוואַליעס וואָכענלאַנג, איידער זיי ווערן בעגעגענט און גערעטעט פון אַ שיף. אונטער אַזעלכע שרעקליכע אומשטענדען האָט עס ניט איין מאָל פּאַסירט אין אונזער צייט, אַז דיא שטאַרקערע מאַט־ראָסען טויטען און פרעסען אויף דיא שוואַכערע.

נאר אונטער געוועהנליכע אומשטענדען זיינען מענשען ניט גע־ווען ערגער פאַר חיות. וויא ווילד און גרויזאַם דיא ערשטע מענשען זיינען ניט געווען, האָבען זיי דאָך געהאַט עפּעס אַ מיטגעפיהל צו זיי־ערע גלייכע. זאָנסט וואָלטען מענשען גאָר ניט עקזיסטירט. קיין פערבינדונג, קיין פעראייניגונג פון מענשען וואָלט ניט מעגליך געווען ווען זיי וואָלטען גאָר ניט געהאַט מענשליכע געפיהלען. מיר ווייסען, אַז דער מענש איז אַ געזעלשאַפטליכע חיה, אַז ער קען ניט לעבען אין גאַנצען אָפּגעזונדערט פון אַנדערע. ער איז שטענדיג צוגעבונדען געווען צו דער גרופּע, צו וועלכע ער האָט געהערט. דיא אינטע־רעסען פון זיין גרופּע האָט ער גערעכענט פאַר זיינע אייגענע. ער האָט זיי געמוזט פערטהיידיגען צוליעב זיין אייגענע זיכערהייט. צו־ערשט איז ער צוגעבונדען געווען צו זיין פאַמיליע, נאַכהער צו אַ שטאַם און שפּעטער צו אַ פערבאַנד פון שטאַמען אדער פאָלק. אַלע פרעמדע האָט ער בעטראַכטעט פאַר פיינד און האָט זיי בעהאַנ־דעלט וויא פיינד, אָבער אין זיין אייגענער גרופּע האָט ער געהאַנדעלט, וויא דער אַלגעמיינער אינטערעס האָט עס פערלאַנגט. אין דיא

גרענעצען פון זיין גרופע איז זיין געפיהל פון אתדות און מיטלייד אלץ געשטיגען. דיזער געפיהל איז שטענדיג ארויסגעטראטען ניט נאר געגען מענשענפרעסעריי, זאנדערן אויך געגען מענשליכע קרבנות אין אלגעמיינען. וואס מעהר א שטאם איז געשטיגען העכער אויף דעם קולטור־לייטער, אלץ מעהר איז ער אויך גייסטיג ענטוויקעלט געווארן, און צו גלייכער צייט זיינען זיינע געפיהלע עדעלער און פיי־נער געווארען.

קורץ, ווען מיר ווילען וויסען, ווארום קאניבאליזמוס איז ביס־לעבוויז אפגעשאפט געווארען אפילו אין קולט, וואו ער האט זיך גאנ־טירליך אם לענגסטען אנגעהאלטען, דארפען מיר נעהמען אין אנבע־טראכט דעם געפיהל פון מיטלייד, וועלכער איז שטענדיג פערבליבען אין דעם מענשען׳ס הארצען. דיזער געפיהל האט עס בעזאנדערס געטריבען דיא מענשען אומצוגיין דיא פארדערונגען פון קולט וועגען מענשליכע קרבנות. ער האט עס געפיהרט צו דער ערפינדונג פון כפרות, פון ערלייזונגען, פון סימבאלען. צווישען דעם מיטליידס־געפיהל און דעם קולט מיט זיינע שרעקליכע פארדערונגען אין נאמען פון דיא נשמות, גייסטער און געטער איז אנגעגאנגען א שטענדיגער קאמפף. מען האט מורא געהאט אין גאנצען זיך אפצוזאגען פון דיא אלטע שרעקליכע רעליגיעזע צערעמאניעס, ווען מען האט שוין אפילו גאנץ וויניג געגלויבט אין זיי, וויא מיר האבען עס שוין אין פאריגען קאפיטעל געזעהען; אבער דיא גייסטיגע און מאראלע ענטוויקלונג פון דיא מענשען האט אלץ מעהר געווירקט געגען דיזע צערעמאניעס. מען האט דארום גענומען זוכען אויסוועגען וויא דאס אלעס אויסצוגלייכען. דער רעזולטאט איז געווען א פשרה מיט דעם אלטען קולט דורך נייע פארמען פון אפפער.

מיר וועלען דא בריינגען א פאאר ביישפיעלען, וויא אזוי דיא פשרות זיינען געמאכט געווארן.

מיר וויסען שוין, אז דער שרעקליכער מנהג צו אפפערן פרויען נאך דעם טויט פון זייערע מענער איז געווען פערשפרייטעט ביי פיעלע פעלקער, וועלכע האבען קיין פערקעהר געהאט צווישען זיך. מיט דער צייט אבער האט מען אויפגעהערט צו פערברענען אדער צו

טויטען אויף אַן אַנדער אַרט דיא אונגליקליכע אַלמנות. פון דעסט־וועגען איז נאָך לאַנג־לאַנג פערבליבען אַ סמן פון דיזען אַלטען שרקליכען מנהג אין דער זעהר טרויעריגער לאַגע פון אַלמנות. אַנ־שטאָט זיי צו ברייננגען פאַר אַ קרבן, האָט מען דיא אַלמנות פערפּינסטערט דעם לעבען דורך פּיעלע בעשרענקונגען און ערנידערונגען. דער גלויבען, אַז זיי געהערען צו זייערע פערשטאָרבענע מענער איז נאָך פערבליבען, נאַר דער מיטליידס־געפיהל האָט שוין ניט דערלאָזען, אַז מען זאָל זיי טויטען אויף דיא קברים פון זייערע מענער. וואס זאָל מען דאָך טאָן? וויא אַזוי זאָל מען איינשטילען דעם צאָרן פון דעם מאַן'ס נשמה, וועלכע פערלאַנגט דיא נשמה פון זיין ווייב, און דאָך לאָזען דיא אַלמנה לעבען? מען האָט געמאַכט אַ פּ ש ר ה, וועלכע איז געוועהנליך בעשטאַנען אין דעם, אַז דיא אַלמנה זאָל אָפּקומען אויף דער וועלט. זיא האָט זיך געמוזט אויפאָפּפערן צו איהר פערשטאָר־בענעם מאַן ווייניגסטענס אַ בעשטימטע צייט.

ביי פיעלע אינדיאַנער שטאַמען איז נאָך פערבליבען זייער גלויבען, אַז דיא פרויען געהערען צו זייערע פערשטאָרבענע מענער. מען האָט שוין ניט געטויטעט אַן אַלמנה, נאַר מען האָט איהר אויסגעמיידעט. אַן אַלמנה איז געווען פערוואָגעלט און פערשאָלטען. קיינער האט ניט געטאָרט האָבען אַ פערקעהר מיט איהר. אפילו פאַר אַ בעלוינונג האט זיא ניט געקענט קריגען אַ שטיקעל פלייש. דיא אינדיאַנער האָבען געגלויבט, אַז זיי וועלען האָבען אַן אונגליקליכען געיעג, ווען זיי וועלען געבען אַן אַלמנה אַ שטיקעל פלייש. זיא האָט דאַרום געמוזט אליין זוכען ערגעץ פלאַנץ־שפּייז און לעבען גאַנץ אָפּגעזונדערט.

נאָר ווען מען וואָלט אַזוי בעהאַנדעלט אַלמנות זייער גאַנצען לעבען, וואָלט עס דאָך געהייסען זיי צו מאַטערן און איינפאַך צו לאָ־זען שטאַרבען פון הונגער און צרות. דאס וואָלט נאָך געווען ערגער און גרויזאַמער וויא זיי גלייך צו אָפּפערן צו דיא מענער אויף דעם אַלטען שטייגער. דאַרום האט מען דיא צייט פון אַזא אָפּקומעניש בעשרענקט אויף אַ געוויסען טערמין. אין דעם איז עס בעשטאַנען דיא פּשרה מיט דיא נשמות פון דיא מענער. דיא פרויען האָבען זיך ע ר ל י י ז ט פון זייערע פערשטאָרבענע מענער דורך דיזע נייע פאָרמע פון אָפּפער.

**דיא רעליגיעזע צערעמאָניעס לכבוד דיא נשמות פון דיא פער־**
שטאָרבענע האט מען מיט דער צייט איבערהויפּט געגומען בעשרענקטן אויף א געוויסע צייט. אנדערס וואָלט מען גאָר ניט געקענט אויס־האלטען. דיא לעבעדיגע וואָלטען געמוזט בלייבען שטענדיג שקלאַוון פון דיא טויטע און זיי אימער ברייגגען קרבנות. זיי האָבען זעהר אָפט פאַר זיך אויך קיין שפּייז ניט געהאט. מיר ווייסען שוין, אז אין ווילדען צושטאַנד קומט אויס זעהר אָפט צו הונגערן. מען האט דאָ אַלזאָ געמוזט געפינען אַן אויסוועג, מאַכען א פּשרה מיט דיא נשמות. דיזע פּשרה איז מייסטענס בעשטאַנען אין דעם, אז מען האָט געגומען גלויבען, דאָס דיא נשמות פערלאַנגען נאר שפּייז און איבערהויפּט אָפּפער א געוויסע צייט נאכדעם וויא זיי פערלאָזען דעם קערפּער. דיזע צייט איז צוערשט געוועהנליך געווען א יאהר, נאכהער האָט מען איהר אַלץ פערקירצט, אום צו פערלייכטערן דעם דיענסט פון דיא לעבעדיגע צו דיא טויטע.

צו דער צייט, ווען דיא אלמנות פון דיא אינדיאַנער האָבען נאך בעדאַרפט אָפּקומען דערפאַר, וואס זיי זיינען ניט געשטאָרבען צוזאַמען מיט זייערע מענער, האָבען שוין דיא אינדיאַנער געגלויבט, אז מען דאַרף אָפּגעבען א טויטען כבוד בלויז איין יאהר. דארום האָט דיא אָפּקומענעס־צייט פון דיא אלמנות אויך געדויערט א יאהר. נאכהער האָט מען שוין געמעגט פערקעהרען און אפילו חתונה האָבען מיט אַן אלמנה. זיא איז שוין געווען אַן ערלייזטע, א פרייע, אַן אויסגערייניגטע.

דער „טרויער יאהר" פון אלמנות איז א צייכען פון אזעלכע פּשרות מיט דיא טויטע ביי אויראָפּעאישע פעלקער. אין אלטע צייטען האָבען פרויען זייער גאַנצען לעבען געהערט צו זייערע טויטע מענער. שפּעטער איז דערפון נאר פערבליבען דער מנהג, אז א פרוי דאַרף ניט חתונה האָבען א יאהר נאך דעם טויט פון איהר מאַן.

דיא כינעזער זיינען געפאַלען אויף אזא פּשרה־פּלאַן. דער גייסטער־קולט איז ביי זיי נאָך פערבליבען ביז היינט צו טאָג. דארום לייגען זיי אריין אין דיא קברים אלע זאַכען פון דיא טויטע: געצייג, געוועהר, געפעס, קליידער, חיות, מענשען און געלד—אָבער אלץ געַ־

מאכטע פון פאפיר. דיזע פאפירענע זאכען זיינען עס א כפרה פאר דיא אמת'ע, וועלכע דיא זעהר שפארזאמע כינעזער לאזען גאנץ פיין איבער פאר זיך.

ביי א סך קולטור־פעלקער זיינען חיות געווען דיא כפרות פאר מענשליכע אפפער. ביי דיא גריכען און רוימער זיינען פערבליבען לעגענ־דען, וויא גוטע געטינען האבען גענומען אונטערלייגען חיות אנשטאט מענשליכע קרבנות. איין רוימישע לעגענדע דערציילט, וויא דיא גוטע פרוי קארנא פלעגט רעטען קינדער פון דיא סטריגען (בייזע גייסטער) דערמיט, וואס זיא פלעגט פערבייטען דיא קינדער אויף דיא איינגעווייד פון א חזיר'ל.

דיזע לעגענדע ציינט אויף, אז דיא גריכען און רוימער פלעגען אפפערן קינדער צו דיא געטער, נאר מיט דער צייט האט מען זיי גענומען אויסקויפען דורך אלערהאנד כפרות און דריידלעך. דער שרעקליכער מנהג מקריב צו זיין קינדער איז געווען פערשפרייטעט ביי אלע פעלקער אויף א געוויסע קולטור־שטופע. מיר ווייסען שוין, אז ווילדע שלאכטען קינדער, בעזאנדערס מיידלעך. מיר האבען אויך אנגעצייגט אויף דיא עקאנאמישע אורזאכען פון קינדערמארד אין דיא קאפיטלעך איבער שפייז און פאמיליען. דערביי האבען מיר בעמערקט, אז רעליגיאן האט געשפיעלט א גרויסע ראלע אין קינדערמארדען.

דיזע ראלע און דיא רעזולטאטען דערפון וועלען מיר יעצט נע־העטער בעטראכטען.

ווען מען האט אנגעפאנגען צו ברייננען מענשליכע קרבנות פאר דיא גייסטער און געטער, האט מען נאטירליך גיכער געאפפערט א קינד, וואס מען האט נאך בעדארפט א יאהר דריי־פיער האדעווען מיט דער מוטער'ס מילך, איידער א דערוואכסענעם מענש. מען האט דארום אנגעפאנגען צו שיינקען קינדער צו דיא גייסטער. פיעלע פעלקער האבען איבערהויפט געגלויבט, אז קינדער געהערען צו דיא געטער. בעזאנדערס איז דיזער גלויבען געווען פערשפרייט וועגען דיא ערשט־לינגע. אין דיא צייטען פון מאטריארכאט און יעגער־צושטאנד, ווען זעהר יונגע מיידלעך פלעגען ווערען מוטערס און ווען מען האט געהאט ווניג שפייז, איז עס געווען א גאנץ געוועהנליכע זאך איינפאך צו

טויטען דיא ערשט־געבאָרענע. דיא יונגע מוטערס האָבען געוואלט לעבען פריי און זאָרגלאָז. עס איז געווען אַ צו גרויסער אָפּפער פאַר מיידלעך פון 14—15 יאהר צו האָדעווען קינדער גאַנצע 3—4 יאהר און אין דער צייט קיין פערקעהר ניט צו האָבען מיט מענער. מיר ווייסען שוין, אַז וויא נאָר אַ פרוי האָט געבאָרען אַ קינד אין דער צייט, ווען זיא האָט נאָך געהאַט אַ זויגלינג, האָט מען איינעם פון זיי געמוזט ערמאָרדען.

דיא ערטשלינגע פלעגט מען דארום גלייך אָפּפערן צו דיא געטער. מען האָט גענומען גלויבען, אַז זיי געהערען טאקע צו דיא געטער און אַז מען טאָר זיי גאָר ניט לאָזען לעבען. דאָס דאַרף מען גוט נעהמען אין אנבעטראַכט, ווען מען וויל ריכטיג פערשטיין דיא פערשיעדענע מנהגים צו ערלייזען אדער אויסצוקויפען בכורים.

אַז ביי אידען און ביי דיא כנענים פלעגט מען מקריב זיין קינ־דער, דאס ווייסען מיר אויך פון דער ביבעל. דיא מעשה ווענען אברהם מיט יצחק׳ן איז אַן אַנדיינקען אָן דיא פריהערע צייטען, ווען פאָטערס פלעגען אָפּפערן זייערע בכורים צו דיא געטער. דער איל (באראַן), וואס אברהם האָט שליסליך געאָפּפערט צו גאָט אַנשטאָט זיין זוהן, איז געווען דיא כפרה, דיא ערלייזונג פון דעם גרוי־זאמען אַלטען מנהג מקריב צו זיין ערשטלינגע. צו אַזעלכע כפּרות זיינען געקומען אַלע פעלקער אויף דער זעלבער קולטור שטופע, ווען מען איז מעהר ענטוויקעלט געוואָרען גייסטיג און מען האָט געקראָגען ע־לעלערע געפיהלע. עס פערשטייט זיך אַז דער נאַטירליכער געפיהל פון עלטערן־ליעבע און בעזאָנדערס פון מוטערליעבע האָט שטענדיג געקעמפּפט געגען דעם שערעקליכען קולט פון קינדער־קרבנות. אין צייטען ווען מען האָט שוין געהאַט גענוג שפּייז פאַר זיך און פאַר יונגע קינדער, אין אַזעלכע צייטען וויא דיא ביבלישע, ווען עס זיינען שוין געווען רייכע, הערשער און מלכים, איז עס בעזאָנדערס שרעקליך געווען פאַר עלטערן צו אָפּפערן זייערע קינדער צו אַזעלכע אָבגעטער וויא מלך. מען האָט אבער דאָך מורא געהאַט איינצורייסען מיט דיא געטער. דער אונער־באַרעמליכער קולט האָט פערלאַנגט אָפּפער, האָט מען מיט דיא געטער און מיט דעם קולט גענומען מאַכען פשרות און מען האָט

מקריב געווען חיות אנשטאט קינדער. מען האט דא געהאנדעלט אויף דעם זעלבען אופן וויא איבערהויפט וועגען אלע מענשליכע קרבנות. מען האט זיך ערלייזט און אויסגעקויפט דורך לייכטערע אפפער אנשטאט שווערע, דורך עדעלערע אנשטאט גראבע און באר־באַרישע, דורך סימבאלען אנשטאט דיא זאכען זעלבסט און שליס־ליך איינפאך דורך ווערטער אין דער פארמע פון געבעט.

דיא חיות און אנדערע שפייז־זאכעז, וואס מען האט געאפפערט צו דיא געטער, האט מען אויך געקענט פערברויכען. מיר וויסען שוין, אז דיא ווילדעסטע פעלקער פלעגען מאכען סעודות צו עהרע פון דיא נשמות און גייסטער. וויא פעסט דיא ערשטע מענשען האבען ניט גע־גלויבט, אז דיא נשמות ברויכען שפייז, האבען זיי זיך דאך געמוזט רעכענען מיט דעם פאקט, אז דיא נשמות און גייסטער עסען דאך ניט אויף דיא שפייז, וואס מען לאזט איבער פאר זיי. מען האט דארום גענומען גלויבען, אז דיא נשמות פון מענשען עסען דיא נשמות פון דיא זא־כען. דער רעזולטאט פון דיזען גלויבען איז געווען, אז מען האט נאר איבערגעלאזען פאר דיא גייסטער דעם טהייל פון דיא קרבנות, וואו דיא נשמות האבען זיך געפונען, לויט נאך דיא בעגריפע און אבערגלויבענס פון דיא קרבנות־בריינגער. מיר וויסען שוין, אז אזעל־כע טהיילען זיינען ביי מענשען און חיות גערעכענט געווען דיא קעפ, דיא אויגען, דיא הע־צער, נאר בעזאנדערס בלוט. דאס איבעריגע האבען דיא קרבנות־בריינגער אליין געגעסען. אפילו אידען און גריכען, ביי וועלכע עס איז איינגעפיהרט געווארן דער מנהג צו פערברענען קרבנות, האבען דאך דעם גרעסטען טהייל איבערגעלאזען פאר דיא כהנים און דיא אפפער־בריינגער.

דאס זיינען וויעדער געווען פשרות מיט דיא געטער, וועלכע האבען נאך אלץ פערלאנגט לעבעדיגע קרבנות. מען האט ביי זיי אלץ מעהר גענומען ערלייזען דיא חיות, וועלכע מען פלעגט אפפערן צו ער־לייזען מענשליכע קרבנות. מען האט ביי זיי אויסגעקויפט דעם גאנצען קרבן דורך זיינעם א נשמה־טהייל. אויף דיזער ארט האט מען זיך ביסלעכווייז אלץ מעהר בעפרייט פון דעם אמאליגען שרעקליכען קרבנות־קולט.

דער גלויבען אז מען דארף ברייננגען קרבנות צו דיא געטער איז אָבער נאָך ביז היינט צו טאָג פערבליבען ביי אַלע קולטור־פעלקער. וויא עס איז שוין ניט איין מאָל ערקלערט געוועז, האָבען זיך נאָר דיא פאָרמען פון דיא קרבנות גענדערט מיט דער צייט. זאָ, צום ביישפּיעל, איז נאָך ביי אידען פערבליבען דער אַלטער גלויבען, אז בכורים געהערן צו גאָט און אז מען דארף זיי ערלייזען דורך געוויסע אָפּפער, וויא פּדיון הבן און פאַסטען ערב פסח. ביי דער צערעמאָניע פון פּדיון הבן, ווען מען דערלאנגט א כהן 5 שקלים אויסקויף־געלט פאר א בכור, זאָגט מען „זה תחת זה, זה תמורה זה“. עס איז קלאָר דערפון, אז מען קויפט טאקע אויס ביי גאָט דעם בכור, וועלכען מען פלעגט אמאָל ברייננגען פאר א קרבן ביי דיא בני ישראל אזוי גוט וויא ביי אנדערע פעלקער. דיא צערעמאָניע פון פאַסטען ערב פסח איז שוין פערבונדען מיט דער געשיכטע וועגען דיא ערלייזונג פון אידישע בכורים אין מצרים דורך א לעמעלע. מען דארף אָבער אויך ניט פערגעסען, אז פסח איז אייגענטליך דער אַלגעמיינער פריהלינגס יום־טוב, ווען מען פלעגט אין דיא גרוי־אַלטע צייטען מייסטענס אָפּפערן ערשט־לינגע צו דיא געטער.

אין דער ביבעל ווערט אין איין אָרט דירעקט דערציילט, אז מען האָט געאָפּפערט א בכור צו דיא געטער. דאס איז נעמליך דיא געשיכטע מיט מלך מואב, וועלכער האָט פערברענט זיין בכור, אום דיא געטער זאָלען איהם העלפען אין זיין שלאַכט מיט מלך אדום. (ויקח את בנו הבכור אשר ימלך תחתיו ויעלהו עלה על החמה. מלכים ב, ג, כ״ז). דיא בני מואב זיינען געוועזן כנענים וויא דיא אידען, זיי האָבען געהאט דיא זעלבע מנהגים און שפּראַך, וויא דאס צייגט דער שטיין פון מישע מלך מואב, וועגען וועלכען עס איז געוועזן דיא רייד אין דעם קאַפּיטעל איבער דעם פיניקישען אלף־בית. דיא מעשה מיט יפתח, וועלכער האט געאָפּפערט זיין איינציגע טאָכטער צו גאָט (שופטים י״א) צייגט, אז אין דער צייט האט מען נאָך ניט אויפגעהערט צו ברייננגען מענשליכע קרבנות צו גאָט ביי דיא בני ישראל. דיא מעשה אין שמואל ב, כ״א, וועגען דעם, וויא מען האט אונטער דוד׳ס הער־שאַפט אויפגעהאנגען פאר גאָט זיעבען פון שאול׳ס זיהן, אום צו

שטילען גאָט׳ס כעס, וועלכער האט זיך אויסגעדריקט אין א דריי־יעהריגען הונגער. דיזע מעשה צייגט אויך אָן אויף דעם פערבליבענעם מנהג מקריב צו זיין מענשען, נאָר זיא איז שוין פערבונדען מיט ראַכע. שאול׳ס קינדער זיינען נעמליך געטויטעט געוואָרן פון דיא גבענים, ווייל שאול האט זיי געוועלט פערטיליגען. דאָ האָבען שוין געווירקט פּאָליטישע אורזאַכען, נאָר דער רעזולטאַט איז דאָך א קרבן צו גאָט, אז דער הונגער זאָל אויפהערן.

דיא מעשה וועגען חנה, דיא פרוי פון אלקנה, דיא מוטער פון שמואל, גיט אונז א ריכטיגע ערקלערונג וויא אזוי מען האָט אָנגע־פאַנגען צו ערלייזען בכורים דורך דעם, וואס מען האָט זיי אָפּגעגעבען צו גאָט, אָדער אויף דעם ביבלישען לשון „געבאָרגט“ צו גאָט (שמואל א, א). חנה האָט א נדר געטאָן, אז ווען זיא וועט האָבען א זוהן, וועט זיא איהם אוועקגעבען צו גאָט אויף זיין גאַנצען לעבען. ווען איהר וואונש איז ערפילט געוואָרן, האָט זיא אויך אויסגעפיהרט איהר נדר. דער בכור איז געוואָרן א „שאול ליהוה“, א געבאָרגטער צו גאָט זיין גאַנצען לעבען. דער אויסוועררטיגער צייכען פון אזעלכע „געבאָרגטע“ איז געוועזן, וואס צו זייערע האָר האָט זיך קיין שער ניט צוגעריהרט. זייער פפליכט איז געוועזן צו דיענען גאָט. אנשטאָט מקריב צו זיין דיא בכורים, האָט מען זיי געמאַכט פאַר גאָט׳ס דיענער. זיי האָבען אַלזאָ שטענדיג געהערט צו גאָט, נאָר דיא פאָרמע פון זייער אויפאָפּפערונג האָט זיך געענדערט. זיי זיינען גע־וואָרן דיא „געהייליגטע“ און אויך דיא כהנים. שפּעטער האָט מען אויך ערלייזט דיא בכורים פון דיזען אָפּפער דורך דעם וואס מען האָט געמאַכט דיא לוים פאַר גאָט׳ס דיענער. דיא כהנים זיינען בעפרייט געוואָרן פון פּדיון הבן, ווייל זיי האָבען סיי וויא סיי אַלע געהערט צו גאָט.

ביי דיא אייראָפּעאישע פעלקער זיינען אויך פערבליבען אָנווייזונגען אויף אַזעלכע ערלייזונגען אפילו אין דיא צייטען, ווען זיי האָבען זיך שוין בעקעהרט צום קריסטענטהום. אין מיטעלאַלטער איז געוועזן א מנהג אין פיעלע פאַמיליען, בעזאָנדערס ביי אַדעליגע, אָפּצוגעבען אָדער צו „באָרגען“ איינעם פון זייערע קינדער צו גאָט, אָדער צו איינעם

פון זיינע הייליגע. דאָס איז גערעכענט געווען פאַר אַ סגולה צו פער־שאַפען גליק דער גאַנצער פאַמיליע אָדער איהר צו רעטען פון געפאַהר. דיזע אָפּגעבונג איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס מען פלעגט אזעלכע קינדער איינשפּאַרען אין קלויסטערס און מאַכען זיי פאַר מאָנאַכען אַז זיי זאָלען זייער גאַנצען לעבען דיענען צו גאָט פאַר דיא גאַנצע פאַ־מיליע. אַזאַ מאָנאַך האט זיך געאָפּפערט צו גאָט און דערמיט ערלייזט דיא פאַמיליע. איבערהויפּט פלעגט מען זיך דאַן ערלייזען פון זינד און פערברעכען דורך דיענען צו גאָט אין דיא קלויסטערס. אַן אַלטע כראָניקע (פּנקס) בעשרייבט וויא אַזוי אַ פירסטליכע פאַמיליע האָט געאָפּפערט איהר געליעבטעסטען זוהן, ווען ער איז קראַנק געוואָרן. קיינע סגולות האָבען ניט געהאָלפען, אפילו אויך ניט וואס דיא אָם „האט זיך צודראַפּעט דעם פנים מיט איהרע קרומע נעגעל״. דאַן האט מען בעשלאָסען צו בריינגען דעם איינגעל פאַר אַן ערלייזונגס־קרבן צו גאָט און מען האט איהם אוועקגעלייגט אויף דעם מזבח פון דער הייליגער מאַריע. דורך דעם איז גאָט׳ס כעס געשטילט געוואָרן. דער איינגעל איז געבליבען לעבען אלס „דיענער פון גאָט״, דאס הייסט אַלס מאָנאַך. שפּעטער איז ער געוואָרן אַ ביסקופּ. אזעלכע אָפּפערונגען פון קינדער פון אַדעליגע פאַמיליען זיינען מיט דער צייט אויך אַרויסגערופען געוואָרן דורך עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אורזאכען. אייניגע אַדעליגע פאַמיליען פלעגען וועלען האָבען איין איינפלוס אין וויכטיגע אַנגעלעגענהייטען דורך זייערע זיהן, וועלכע פלעגען ווערן מיט דער צייט ביסקופען; אַנדערע פאַמיליען פלעגען זיך דערמיט אויסקויפען פון דער פפליכט צו שענקען געלט און מאַ־יאָנטקעס פאַר דיא קלויסטערס. מיט דעם אָפּפער פון אַ זוהן צום גאָטעסדיענסט האָט מען זיך אַלזאָ אויך ערלייזט פון אַן אָפּפער פון זאכען צו דיא קלויסטערס, פון מתנות צו דער „טויטער האַנד״, וועגען וועלכע עס איז גערעדט געווען אין דער אבטהיילונג איבער איי־גענטהום.

דיא אויפאָפּפערונגען פון קינדער צו געטער האָבען נאך געהאט דעם העכסט אינטערעסאַנטען רעזולטאַט, דאס זיי האָבען אַרויסגע־רופען עלילת דם געשיכטען ביי פערשיעדענע פעלקער אויף

פרעמדע פעלקער. אין מיטעלאַלטער, ווען קריסטענטהום האט זיך אַלץ ווייטער פערשפרייטעט איבער אויראָפּאַ, האט מען אויך אָנגעפאַנגען צו פערשפּרייטען שרעקענס-געשיכטען, אז דיא ניט-קריסטליכע פעלקער זיינען מקריב מענשען און בעזאָנדערס קינדער ביי רעליגיעזע צערעמאָניעס. אין דער געדעכעניס פון דיא אויראָפּעאישע פעלקער איז דער שרעקליכער רעליגיעזער מנהג צו אָפּפערן קינדער פערבליבען לאַנג נאָכדעם, וויא ער האט שוין אויפגעהערט דורך ערלייזונגען און כפרות. דיא קריסטליכע מיסיאָנערען פלעגען שרעקען זייערע שילער מיט געשיכטען, אז זייערע שכנים זיינען מקריב מענשען צו געטער. דיזע געשיכטען זיינען געווען אַמיטעל אָפּצוהאַלטען דיא ניי-געבאַקענע קריסטען פון אַלטען געצענדיענסט. צו יענער צייט האט מען טאקע געאָפּפערט מענשען צו דיא געטער ביי אייניגע אויראָפּעאישע שטאַמען. מען האט אבער שוין דערצו געוועהנליך געברויכט שקלאַווען אָדער פערברעכער. ניט נאָר דיא סעלטען, זאָנדערן אויך אייניגע נאָרדליכע גערמאַנער שטאַמען פלעגען מקריב זיין מענשען צו זייער גאָט פון מלחמה. מייסטענס פלעגט מען דיא אָפּפער אויפהייגגען אויף הייליגע בוימער אדער, אייגענטליך, זיי קרייציגען. אָדין, דער הויפּט-גאָט פון דיא סקאַנדינאַווען, איז אויך גערופען געווען „היינגער גאָט". דער שרעק פאַר געצענדיענער וואָס אָפּפערן מענשען מיט רעליגיעזע צוועקען, איז אַלזאָ גאָר ניט געווען אַן אומזיסטער.

נאָך אין 1005 יאהר האָבען דיא פּאָרשטעהער פון דער קריסטליכער קירכע אויף זייערע אַ'ן אסיפה אין ארנסבורג אין דער אנוועזענהייט פון דעם קייזער הענריך דער צווייטער פערבאָטען ארויסצופיהרען קריסטליכע שקלאַווען אין געצענדינערישע לענדער, ווייל זיי האָבען מורא געהאַט, דאָס מען וועט דאָרטען געברויכען דיזע שקלאַווען פאַר קרבנות צו דיא אָבגעטער. דיא קאַטוילישע קירכע האָט זאָנסט גאָר ניט געטאָן, אום אָפּצושאַפען שקלאַווערייא אין אַלגעמיינען. פאַרקעהרט זיא האָט נאָך אַליין געברויכט שקלאַווען און לייבקנעכט אויף איהרע מאַיאָנטקעס. נאָר דיא פורכט, אז מען וועט מקריב זיין קריסטען ביי געצענדינערשע צערעמאָניעס — און אַזוי איז עס טאקע

אויף געוועןــ האָט געצוואונגען דיא קאַטוילישע קירכע אָנצונעהמען מיטעל געגען דעם, אז קריסטען זאָלען ניט פערקויפט ווערן פאר שקלאווען אין געצענדינערשע און מאָהאַמעדאַנישע לענדער.

נאר וואס ווייטער קריסטענטהום האָט דערגרייכט אין אייראָפּא ביז צו דיא גרענעצען פון אזיען, האָט אויף דער בלוט־בלבול אלץ ווייטער געוואַנדערט. מען האָט אָנגעפאַנגען צו דערציילען שרעקענס־געשיכטען, אז ערגעץ ארום דיא גרענעצען פון קריסטענטהום לעבען פעלקער, וואס פערגיסען בלוט פון קינדער צו עהרע פון זייערע געטער. איין פאָלק האָט געוואָרפען דיא בלוטיגע בעשולדיגונג אויף אַן אַנדערן אדער איבערהויפט אויף פרעמדע ניט־קריסטליכע פעלקער, ביז זיא איז געבליבען אלס קללה אויף דיא אידען, וועלכע זיינען געבליבען דיא איינציגע ניט־קריסטען אין וועסט־אייראָפּא. דיא גלחים האָבען נאך געהאָלפען וואַרפען דיזען שרעקליכען בלבול אויף דיא פערוואָגעלטע אידען, אום זיי צו צווינגען אָנצונעהמען דעם קריסטליכען גלויבען אדער זיי איינפאַך אויסצוראָטען. דיא אידען האָט מען איבערהויפט בעטראַכטעט אלס פון גאָט פערשאָלטענע, וייל מען האָט אויף זיי ארויפגעוואָרפען דעם בלבול, דאָס זיי האָ־בען געקרייציגט יעזוס קריסטוס. דאַרום איז עס זעהר לייכט געוועןארויפצוואַרפען אויף זיי פיעלע אַנדערע שרעקליכע בלבולים. אין פינסטערן מיטעלאַלטער האָט מען, וויא בעוואוסט, בעשולדיגט דיא אידען אין כישוף־מאַכעריי, אין פערגיפטען ברונימער, טייכען א. ז. וו. ניט איין מאָל זיינען מאַסען אידען אויסגעשלאַכטעט געוואָרען צוליעב דיזע פאַלשע בעשולדיגונגען.

דיא ערגסטע און שרעקליכסטע פון דיזע אבערגלויבישע בע־שולדיגונגען איז נאַטירליך געוועןעלילת דם. דער פאַקט, אז זיא הייגנט נאך ביז היינט צו טאָג איבער דיא קעפּ פון אידען אין ניד־ריגע קולטור־לענדער, בעווייזט נאר נאך אמאָל וויא שטאַרק איינגעוואָר־צעלטעס עס בלייבען מנהגים, וואס זיינען פערבונדען מיט׳ן קולט. דעם קולטור־געשיכטליכען גרונד פון אויפאָפּפערונג פון קינדער איבערהויפט און פון בכורים בעזאָנדערס ווייסען מיר שוין. דיא אורזאַכע איז גאַנץ קלאָר און שטימט פאָלקאָמען מיט דיא רעליגיאָנען, וועלכע

זיינען ענטשטאַנען דורך דעם גלויבען אין נשמות און גייסטער, וויא מיר האָבען דאָס שוין געזעהען. אבער ניט נאר איז נאָך ניט אָפּגעשטאָרבען דיא געדעכענים אָן דיא אמאָליגע קינדער קרבנות, זאָנדערן עס זיינען נאָך פערבליבען געוויסע ערלייזונגס־צערעמאָניעס, ווען מען האָט שוין לאַנג אפילו פערגעסען ווארום אזעלכע ערלייזונגס־צערעמאָניעס זיינען ענטשטאַנען. קיין וואונדער דארום, דאָס נאָך אין אונזער צייט געפינען זיך פיעלע מענשען, וואס גלויבען, אז אַנדערע זיינען נאָך מקריב קינדער וועגען רעליגיעזע צוועקען.

דיא בלוטיגע בעשולדיגונג איז ניט געווען פערשפרייטעט בלויז ביי דיא קריסטליכע פעלקער און איז ניט געפאַלען בלויז אויף אידען. אין אַזיען האָבען אויך געוויסע פעלקער געוואָרפען דיא זעלבע בעשולדיגונג אויף אַנדערע, בעזאָנדערס אויף פרעמדע פעלקער. אין כינא ווארפט מען נאָך יעצט דיזע בעשולדיגונג גראַדע אויף דיא קריסטליכע מיסיאָנערען מיט זייערע נאכפאָלגער. ניט איין מאָל האָט עס געטראָפען, אַז דיא כינעזער זיינען בעפאַלען דיא בעקעהרטע קריסטען, בעשולדיגענדיג זיי אין געברויכען קינדער־בלוט ביי רעליגיעזע צערעמאָניעס. אויף דיא קריסטען קוקט מען יעצט אין כינא אַזוי וויא מען האָט געקוקט אויף דיא אידען אין פינסטערן מיטעלאַלטער. דער רעזולטאַט דערפון זיינען דיא זעלבע בלבולים. אין איינינע ערטער האָבען דיא כינעזער בעשולדיגט דיא קריסטען אויך אין פערגיפטען דיא ברונימער און טייכען, אין ארויסרופען קינדער־קראַנקהייטען, עפּידעמיעס, א. ז. וו.

סמנים פון אמאָליגע מענשליכע קרבנות זיינען אויך פערבליבען אין אַבערגלויבענס וועגען הינגעריכטעטע פערברעכערס. אין אזעלכע פעלע, ווען מען האָט ניט געקענט קריגען אָדער קויפען שקלאַווען, האט מען אָנגעפאַנגען צו אָפּפערן פערברעכער צו דיא געטער. ביסלעכווייז איז דאָס געוואָרען אַ מנהג. דערמיט האט מען מיט איין קלאַפּ אויסגעפיהרט צוויי זאכען: מען איז פּטור געוואָרען פון דיא פערברעכער און מען האט צופרידענגעשטעלט דיא געטער, וועלכע האָבען נאָך אַלץ פערלאַנגט בלוט נאָך דעם אַלטען גלויבען. מען האט דארום אויך אָנגעפאַנגען צו בעטראַכטען אַ הינריכטונג, וויא אַן אויפּ־אָפּפערונג צו דיא געטער. דיא פערברעכער האט מען צוליעב דעם

בעהאנדעלט אזוי וויא פערגעטערטע מענשען ביז צו דער הינ־ריכטונג. מען האָט זיי געשפּייזט ביז אַ רעליגיעזע צערעמאָניע, ווען מען האָט געהאַלטען פאַר נייטיג צו זעטיגען דיא געטער מיט מענש־ליכע בלוט. מיר ווייסען שוין, אז דיא מעקסיקאַנער און אַנדערע פעלקער פלעגען פערגעטערן זייערע קרבנות. דיא הינגעריכטעטע פערברעכער האָט מען אויך געהאַלטען פאַר „אָפּגעגעבענע צו דיא געטער". מען האָט זיי יעדענפאַלס אָפּגעגעבען כבוד און בעפרידיגט אַלע זייערע וואונשען פאַר'ן טויט.

דארום איז עס נאָך פערבליבען דער מנהג צו מאַכען אַ סעודה פאַר אַ פערבאורטהייכטען צום טויט איידער מען פיהרט איהם צום עשאַפאָט. יעדענפאַלס גיט מען איהם עסען און טרינקען, וואס און פיעל ער וויל. מען ערפילט איבערהויפּט זיינע וואונשען, וויא ווייט דאָס איז מעגליך. אויסער דעם בעהאַלטען נאָך אַבערגלויבישע מענשען דיא זאַכען פון אַ הינגעריכטעטען אלס קמיעות, וואס האָבען אַ געוויסע צויבערקראַפט. אין פריהערע צייטען פלעגען דיא הענקערס מאַכען פיינע געשעפטען מיט דיא שטריק, אויף וועלכע מען פלעגט אויפהיינגען פערברעכערס. מען האָט געגלויבט, אַז שטיקלעך פון אַזעלכע שטריק זיינען סגולות געגען אונגליקען און קראַנקהייטען. אָט אַזוי פערבלייבען עס דיא אַבערגלויבענס פון דיא עלטעסטע צייטען ווייל זיי זיינען געווען אַ טהייל פון קולט.

וואס ווייטער מענשען האָבען זיך ענטוויקעלט און וואָס מעהר זייערע געפיהלען זיינען עדעלער געוואָרן, האָבען זיי געזוכט אַליך לייכטערע ערלייזונגען. אַנשטאָט מענשען האָט מען גענומען אָפּפערן חיות. דאָס זיינען געווען כפּרות. נאַכהער האָט מען אָנגעפאַנגען צו ערלייזען דיזע כפּרות דורך אויסקויפונגען מיט געלט אדער איינפאַך דורך געוויסע סימבאָלען און צערעמאָניעס מיט בעשטימטע געבעט. אזוי איז עס צוגעגאַנגען ביי אַלע קולטור־פעל־קער. דיא לעצטע פאָרמע פון ערלייזונגען איז פערבליבען אין געבעט, דאָס הייסט אין ווערטער. מען האָט אַליך מעהר אָנגעפאַנגען צו גלויבען אין דער קראַפט פון געוויסע תפילות אדער איינפאַך פון עטליכע ווערטער אין אַ בעשטימטער אָרדנונג פאַר אַ בעשטימטען

צוועק. דאס איז אזוי ווייט געגאנגען, אז מען האָט ניט נאר גע־רעכענט, דאָס מיט געוויסע אָפּשווערונגען קען מען אַלעס אויספיהרען ביי דיא געטער, ווען מען ווייס נאר דעם „ריכטיגען סוד“ וויא און ווען דיא ווערטער פון דיא אָפּשווערונגען צו געברויכען, זאָנדערן מען האָט איינפאַך פערגעטערט איינינגע ווערטער און איבערהויפּט דאָס וואָרט. דעם סוד פון דיזע ווערטער און אָפּשווערונגען האָבען נאַטירליך געוואוסט דיא מכשפים־פּריעסטער. דארום האָבען זיי געקראָגען אַלץ א גרעסערע מאכט אויף דיא גלויביגע.

וואס פאַר א ראָלע תּפילות שפּיעלען אפילו אין דיא ענטוויי־קעלטעסטע און העכסטע רעליגיאָנען פון דיא ציוויליזירטע פעלקער, ווייס יעדערער, און דארום וועלען מיר זיך דאָ אויף דעם ניט אָפּשטעלען. פאַר אונז איז נור וויכטיג צו וויסען, אז זיי זיינען דיא לעצטע און לייכטעסטע פאָרמע פון ערלייזונגען. דיא געשיכטע פון רעליגיאָנען בעווייזט עס אונבעשטרייטבאר.

מען דארף אָבער ניט דיינקען, אז אין דער צייט, ווען מען האָט נאָך מקריב געווען מענשען, האָט מען גאָר ניט געברויכט געוויסע תּפילות און געזאַנג צו עהרע פון דיא געטער. מען האָט אויך דאַן געברויכט געוויסע אָפּשווערונגען צו צווינגען דיא בייזע געטער נאָכ־צוגעבען דעם וואונש פון דיא מענשען אדער ארויסצורופען דיא גוטע געטער צו הילפע. נאר מיט דער צייט האָט מען אַלץ מעהר געוויכט געלייגט אויף תּפילות, ביז זיי האָבען כמעט אין גאַנצען פערנומען דעם פּלאַץ פון אַלע אַנדערע אָפּפער צו שטילען דעם צאָרן פון דיא געטער אדער צו ערלייזען זיך פון דיא שטראָפען פאַר דיא זינד. אין דעם איז עס בעשטאַנען דיא ענדערונג פון קולט.

דיא ווילדעסטע פעלקער גלויבען אויך אין דער קראַפט פון געוויסע ווערטער צו פעריאָגען דיא ניט־גוטע, דיא רוחות, דיא שדים, דיא טייוואָלים אדער וויא מען זאָל זיי ניט רופען. אָפּשווערונגען, אָפּשפּרעכונגען און קללות זיינען שטענדיג געווען גערעכענט פאַר קרעפטיגע מיטעל אין כישוף־מאַכעריי. דיא גוטע גייסטער האָט מען גענומען בעעהרען מיט לויבגעזאַנג, אום זיי נאָך בעסער צו מאַכען. מען האָט זיי געבעטען מיט פיינע ווערטער, מיט גוטע רייד.

דאס איז געווען דער אָנפאַנג פון תפילות. נאר תפילות זיינען צוערשט נאר געווען א צוגאָב צו דיא קרבנות אזוי וויא רעליגיעזע טענץ, קלאפּעריי אין פּויקען און געזאַנג. דיא ערשטע תפילות זיינען געווען ענג פערבונדען מיט טענץ און געזאנג. דער קרבן איז געווען דיא הויפּטזאַך, אלעס איבעריגעס איז געווען א נעבענזאַך. נאר ביסלעכ־וויז האָבען זיך דיא ראָלען פון קרבנות און תפילות געענדערט ביי׳ם גאָטעסדיענסט. א לאנגע צייט זיינען זיי פערבליבען צוזאמענגעבונדען און געוויסערמאסען בלייבט עס נאך אזוי ביז יעצט; אבער וואס מעהר מענשען האָבען זיך ענטוויקעלט, אלץ מעהר האָט מען אָנגעפאנגען צו דיינקען, אז דיא געטער זיינען מעהר צופריעדען מיט תפילות וויא מיט בלוטיגע קרבנות. דאָס איז אזוי ווייט געגאנגען, אז מען האָט ניט נאר געברויכט אלץ מעהר און עפטער תפילות, זאָנדערן מען האָט גאנץ איינפאך פערגעטערט דאָס וואָרט, וויא מיר וועלען עס זעהן אין נעכסטען קאפּיטעל.

# אכצעהנטער קאַפּיטעל.

## דיא פערגעטערונג פון ווערטער און צאָהלען.

עכאָ־מיטה. — דאָס געטליכע וואָרט. -- דיא ווירקונג פון ווערטער. — דיא קראַפט פון קללות. — צויבערווערטער אָהן אַ זינען. — נעמען בעטראַכטעט אַלס אַ טהייל פון קערפּערס. — טעפּי. — דיא פורכט צו דערמאָנען נעמען פון טויטע. — געהיימניספאָלע נעמען פון געטער. — דיא מאַכט פון געטער דורך נעמען. — דיא ווידערהאָלונג פון ווערטער ביי געבעט. — דיא ווירקונג פון תפילות.—ווערטער פון געטער דורך אָראַקעל און פּראָפעטען.— טאַבו.—ווערטער וועגען געטער. — דיא פערבינדונג פון שפּראַכען מיט מיטהען. — דיא פּער־עהרונג פון צאָהלען. — דרייפאַכע געטער ביי פערשיעדענע פעלקער. — דיא דרייאייניגקייט אין דער קבלה. — דיא פערהייליגונג פון דיא צאָהלען 4, 7 און 12 און זייער אַסטראָנאָמישע בעדייטונג.

דיא איינגעבאָרענע פון דעם אינזעל מאנגאיא אויף דעם גרויסען אָקעאַן האָבען אזא אינטערעסאַנטען מיטה (פּאָבעלהאַפטע געשיכטע) וועגען מעשה בראשית: ווען דער שעפּפער פון אלע זאַכען, דערציילען זיי, האָט בעפוילען, אַז דיא יבשה זאָל זיך ארויסהייבען פון אונטער דיא וואַסערן, איז ער זיך אַרומגעגאַנגען צו בעטראַכטען זיין אַרבייט. „עס איז גוט“, האָט ער צו זיך געזאָגט. „גוט“, האָט געענטפערט אַן עכאָ פון אַ באַרג דערביי. „וואָס!“? האָט אויסגע־שריען דער בורא, „איז דען אימעצער שוין דאָ? בין איך דען ניט דער ערשטער“? „איך בין דער ער'שטער“, האָט געענטפערט דער אָפּקלאַנג.

**דארום גלויבען דיזע ווילדע, אז פריהער פאר אלץ האָט עק־** זיסטירט דער קלאַנג, דיא שטימע. זיי זיינען ניט דיא איינציגע אזוי צו גלויבען. פיעלע ווילדע פעלקער האָבען בעטראַכטעט דעם קלאַנג פאר אַן אָנפאַנג פון לעבען און יעדענפאַלס פאר איינעם פון דיא ערשטע צייבענס פון לעבען. דערפון שטאַמען עס זייערע מיטהען וועגען טייכען, בוימער א. ז. וו. אלס בעלעבטע זאַכען. יעדע זאַך וואס האָט ארויסגעלאָזען א קלאַנג, א גערויש איז שוין דורך דעם אליין בעטראַכטעט געוועזען פאר א לעבעדיגע בעשעפענעס.

מיט דיזען גלויבען האָבען ווילדע אויסגעדריקט אויף זייער איינפאַכע ארט דאָס זעלבע, וואָס מען האָט אין שפּעטערע צייטען, ווען דיא גייסטיגע ענטוויקלונג האָט שוין דערגרייכט צו א פיעל העכערע שטופע, צוגעשריבען דעם געטליכען וואָרט. דאָס וואָרט איז ערקלערט געוואָרען אלס דער אָנפאַנג און דער סוף פון אלעס, אלס גאָט אליין. אין דעם עוואַנגעליום (ברית חדשה) פון הייליגען יוחנן ווערט ערקלערט: „אנפאַנגס איז געוועזען דאָס וואָרט, און דאָס וואָרט איז געוועזען מיט גאָט, און דאָס וואָרט איז געוועזען גאָט״. עהנליבע בעהויפּטונגען געפינען מיר אין אלע ענטוויקעלטע רעליגיאָנען. דער הייליגער יוחנן האָט יעדענפאַלס אליין ניט ערפונדען דעם גלויבען, א גאָט און וואָרט איז איינס און דאָס זעלבע. ער האָט עס נאָר אויסגעדריקט אין קורצע און קרעפטיגע ווערטער. און זיין צייט האָט מען געהאַלטען, אז דיא מאַכט פון א שם המפורש איז אונבעגרענצט, אז מיט געוויסע צויבער־ווערטער און בעשטימטע געבעט קען מען אלעס אויספיהרען ביי דיא געטער.

ווען מען בערעכענט גוט, זיינען טאַקע ווערטער אלעס אין אונ־זער גייסטיגען לעבען. אָהן ווערטער קענען מיר ניט אויסדריקען קלאָר אונזערע געדאַנקען צו אנדערע. געדאַנק און וואָרט זיינען אזוי ענג פערבונדען, וויא שיין און וואַרעמקייט פון דיא זונענשטראַהלען. עס איז אונז אפילו שווער נאָכצודיינקען וועגען עפּעס אָהן ווערטער. ווען מיר הערען א וואָרט רופט עס אין אונז ארויס א בילד פון א זאַך, א געפיהל אָדער א געדאַנקען. דיא ווירקונג פון ווערטער אויף א פערזאַמלונג פון מענשען איז נאָך גרעסער וויא אויף א׳ן איינצעלנע פּערזאָן.

מיט איין וואָרט קען מען אמאָל עלעקטריזירען א מאסע און ווירק־
ליך אויפטהאָן וואונדער.

„א וואָרט ברייגנט אונז ניט בלויז א נייעם געדאנקען—שרייבט
דאניעל ברינטאָן אין זיין בוך „רעליגיאָנען פון ערשטע פעלקער"—
זאָנדערן רופט נאך ארויס אנדערע געדאנקען. עס איז א זריעה
וואָס וואקסט, לאזט ארויס צווייגען, בליהט און ברייגנט פרוכטען.
דורך דיא פעהיגקייט פון ריידען ווערט מעגליך א געזעלשאפטליכער
לעבען. אויב עס איז איבערהויפט דאָ א וועג, דורך וועלכען דיא
גייסטער פון הימעל און לופט, דיא געטליכע שליחים קענען אָנריה־
רען און בעלערנען אונזערע נשמות, איז עס בעזאָנדערס דורך א
געשפראָכענעם וואָרט.

„יעדע רעליגיאָן פון דער וועלט איז א בעוויז דאפיר. אין
קיין אנדער פונקט זיינען זיי ניט אזוי איינשטימיג איינע מיט דיא
אנדערע וויא אין דיזען. פון דיא איינפאכסטע ביז דיא ענטוויקעלט־
סטע הילכען זיי אָפּ דיא ווערטער פון דעם עוואנגעליסט, וועלכער
האָט געשריבען: „אָנפאנגס איז געווען דאָס וואָרט, און דאָס וואָרט
איז געוועזן מיט גאָט, און דאָס וואָרט איז געווען גאָט". ווען מיר זאָ־
לען גיין אזוי וויט צוריק וויא דיא צייט פון דיא ערשטע פאָרמען פון
דער אלטער עגיפּטישער רעליגיאָן, וועלען מיר געפינען דיא לעהרע אז דער
מענש וואָס וועט אויסלערנען און קענען אויסריידען דיא געטליכע
ווערטער, וועלכע זיינען ענטפלעקט געוואָרן דורך דעם גאָט ט ה אָ ט ה
(דיזער נאמען בעדייטעט: געדאנקען, וואָרט), וועט דורך דעם ווערן א
גאָט און זיין איינס און דאָס זעלבע מיט גאָט".

אלע פעלקער האָבען צוגעשריבען געוויסע ווערטער א צויבער־
קראפט. אין מצרים האָט מען געגלויבט, אז דיא מעכטיגסטע געטער
קען מען צווינגען צו פאָלגען א מענשען דורך געוויסע ווערטער. ספּעצ־
יעל האָט מען געגלויבט, אז מיט ווערטער קען מען ארויסיאָגען
אדער צוזאמענרופען בייזע גייסטער אדער שדים. ביי פיעלע פעלקער
קען מען ווערן א פּריעסט, ווען מען לערנט נאר אויס דעם נוסח
וויא צו פערטרייבען רוחות. אין קיין זאך גלויבען דיא אינדוסען ניט
אזוי שטאַרק וויא אין דער צויבערקראפט פון זייערע מ א נ ט ר א

(געוויסע געבעט אדער צויבערווערטער). **זיי גלויבען אז דורך דיזע** ווערטער קען מען ענדערן דיא נאַטור און קריגען אַ'ן אויבערמאַכט איבער דיא געטער.

דיא אויסטראַליער האָבען אויך געוויסע געבעט און ווערטער ארויסצורופען רעגענס, אָפּצוהאַלטען פערפלייצונגען און צו מאַכען פערשיעדענע וואונדער. זיי גלויבען, אז דער מעכטיגסטער טייוועל קען ניט ווידערשטיין דיא מאַכט פון אַ „ריכטיגען וואָרט". אייניגע אויסטראַליער שטאַמען גלויבען, אז ביי נאַכט וואַנדערט ארום אַ ביי־זער גייסט אין דער פאָרמע פון אַ קאַרליק מיט אַ ריזיגע קאָפּ און פרעסט אויף יעדען מענשען וואס ער בעגעגענט. נאר ווען אַ מענש שרייט אויס דעם וואָרט „בונבאַלאָנג", לויפט דער רוח אַוועק און ריהרט ניט אָן דעם מענש. עס איז איבעריג צו בעמערקען, אז „בונבאַלאָנג" שפּיעלט דיא זעלבע ראָלע ביי דיא אויסטראַליער וואָס „שמע ישראל" ביי אידען אדער אנדערע אָפּשרעקונגס־ווערטער ביי אנדערע מאָ־נאָטעאיסטען.

אם מייסטען האָט מען געגלויבט אין דער קראַפט פון קללות. געוויסע קללות האָבען זאָגאר געקענט טרעפען דיא געטער זעלבסט. דיא רוחות האָבען געציטערט פאַר פערשילטונגס־ווערטער. פיעלע וויל־דע פעלקער גלויבען, אז מיט אַ קללה קען מען אזוי זיכער טויטען וויא מיט אַ מעסער. דיא אויסטראַליער גלויבען, אז אַ קללה פון אַ גרויסען מכשף קען טויטען אַ מענשען אויף אַ ווייטקייט פון אַ הונדערט מייל. דיא אינדיאַנער גלויבען, אז ווען זייערער אַ מכשף ווערט „בעגייסטערט", פערשילט דאַן אימעצען און הייסט איהם שטאַרבען, וועט זיך שוין יענער ניט רעטען. ער וועט אַנידערפאַלען טויט אויפ'ן אָרט אָדער וועט זיך מאַטערן עטליכע טעג ביז ער וועט שטאַרבען.

דיא מאַכט פון דיא געטער האָט זיך אויך אויסגעדריקט דורך ווערטער. נאָך דער ביבלישער שילדערונג איז ליכט געוואָרן דורך גאָט'ס ווערטער „יהי אור!" אין דיא לעגענדען פון אנדערע פעלקער געפינען מיר, אז דיא ערד איז בעשאַפען געוואָרן דורך ווערטער פון זייערע געטער.

**מערקווירדיג איז דערביי דאָס דיא צויבערקראַפט, וואָס מען**

האָט צוגעשריבען און וואס מען שרייבט צו נאָך אין אונזער צייט אפילו ביי דיא ציוויליזירטעסטע פעלקער צו געוויסע ווערטער, איז גאנץ אונאבהענגיג פון זייער בעדייטונג. ניט דער זאַך אָדער דעם געדאַנקען וואָס ווערט בעצייכענט פון א וואָרט ווערט צוגעשריבען דיא קראפט, נאָר איינפאַך דעם קלאַנג פון דעם וואָרט. פאַר דיא מעכטינגסטע צויבער־ווערטער ווערן גערעכענט גראַדע אַזעלכע, וואס האָבען קיין שום בעדייטונג אָדער וואס זייער זינען איז מיט דער צייט פערלאָרען געגאַנגען. אין אַלע נוסחאות פון אָפּשווערונגס־ווערטער און קללות, מיט וועלכע מכשפים בענוצען זיך, ווערן געברויכט אַזעלכע אַלטע ווערטער, וואס דיא מכשפים זעלבסט פערשטייען שוין ניט זייער בעדייטונג. דיזע ווערטער זיינען אָנגעהאַלטען געוואָרן אין קולט זייט ווער ווייסט וויא לאַנגע צייטען.

אָפּט ווערן אָפּשווערונגס־ווערטער און געשרייען פון מכשפים ספּעציעל צוזאמענגעשטעלט פון קלאַנגען, וואס האָבען גאָר קיין זי־נען ניט. פיעלע בעוואוסטע קאבאַליסטען און וואָהרזאָגערס האָבען ערקלערט אין זייערע שריפטען, אז גראַדע געוויסע ווערטער אָהן א זינען האָבען דעם גרעסטען איינפלוס אויף שדים. פיעלע ווילדע פעלקער געברויכען ביי זייערע רעליגיעזע צערעמאָניעס לאַנגע פּזמונים פון אַזעלכע ווערטער, וואס האָבען גאָר קיין בעדייטונג ניט. זייערע רעליגיעזע געזאַנג בעשטייען מייסטענס פאַר א ווידערהאָלונג פון געוויסע קלאַנגען אָהן א זינען. הפּנים מען האָט נענומען גלויבען, אז דיא ווערטער וואָס מענשען פערשטייען ניט נאָר ווערען ניט פער־שטאַנען פון דיא געטער, זאָנדערן זיינען א טהייל פון דער געטליכער שפּראַך. צו דיזען גלויבען איז מען אָבער געקומען דאַן, ווען דיא אוראַלטע צויבערווערטער, וועלכע האָבען זיכער געהאַט א גאַנץ איינפאַכע בעדייטונג, האָבען שוין אין גאַנצען פערלאָרען דיזע בעדיי־טונג. אזוי וויא זיי זיינען פערבליבען אין קולט צוזאַמען מיט אוראַלטע צערעמאָניעס, האָט מען זיי אָנגעפאַנגען צו האַלטען פאַר „געטליכע ווערטער“ אדער פאַר ווערטער פון א געטליכע שפּראַך.

דער הייליגסטער פון אַלע ווערטער איז ביי אַלע ווילדע פעלקער גערעכענט געוואָרען א נאַמען. א ווילדער בעטראַכטעט ניט זיין נאָמען

אלס א צייכען צו אונטערשיידען איהם פון אַנדערע, זאנדערן אלס א טהייל פון זיין „איך". דיא עסקימאָסען פילאָזאָפירען, אַז א מענש בעשטעהט פון דריי טהיילען: קערפּער, נשמה און נאָמען. פון דיזע דריי טהיילען בלייבט נאר דער נאָמען אונשטערבליך. אין אַלגעמיינען איז א נאמען פון א מענשען פערבונדען געווען מיט דעם גייסט פון דער זאך וואָס דער וואָרט האָט בעצייכענט. יעדער־רער פלעגט דארום בעזאָנדערס פערעהרען דעם גייסט פון זיין נאָמען. אייניגע אינדיאַנער שטאַמען פלעגען בעצייכענען פערזאָנען מיט דיא זעלבע נעמען מיט א וואָרט, וואָס האָט בעדייטעט: „ער איז א צווייטער איך זעלבסט".

אַזוי וויא א נאָמען איז גערעכענט געווען פאר א טהייל פון דעם נאָמען־טרעגער, זאָ איז שוין געווען נאטירליך צו קומען צום שלוס, אַז יעדע קללה אויף דעם נאמען האָט אויך געמוזט ווירקען אויף דער בעטרעפענדער פּערזאָן. מען האָט זאָגאר געגלויבט, אז מען קען אפילו שטאַרבען דורך געוויסע כישוף אויף דעם נאמען. צוליעב דעם זאָגען געוועהנליך ווילדע ניט אויס זייער ריכטיגען נאמען. דיא אינדיאַנער פלעגען זעלטען ארויסגעבען זייערע ווירקליכע נעמען, נאר פלעגען זיך רופען מיט צונעמענעסען. אין אויסטראַליען איז ביי אייניגע שטאַמען איינגעפיהרט, אז יונגע לייט זאָלען זיך אָפּזאָגען פון זייערע פריהערע נעמען, ווען זיי ווערן דערוואַקסענע מענער. אַן אויסטראַליער פרוי האָלט אָן איהר מיידעל־נאמען, אבער קיינער אויסער איהר מאַן האָט ניט דאָס רעכט איהר צו רופען מיט איהר אמת'ן נאמען. דיא דאיאקען פון אינזעל באָרנעאָ ענדערן שטענדיג זייערע נעמען נאך א קראַנקהייט. זיי גלויבען, אז דער טייוועל וואס האָט געשיקט דיא קראַנקהייט, וועט שוין ניט דערקענען זיין אָפּפער נאָך א נאָמען־ענדערונג.

ביי דיא פאַלינעזיער איז דורך דיא בעהעלטענעס אדער פערדריי־הענעס פון נעמען ענטשטאַנען דער קוריעזער מנהג, וואס ווערט גערופען טעפּי. ער איז בעשטאַנען אין דעם, דאָס אלע ווערטער, פון וועלכע דער נאָמען פון דיא פיהרערס איז געיוען צוזאַמענגעשטעלט און וועלכע האָבען געהאַט אַן עהנליכען קלאַנג, זיינען מעהר ניט געברויכט געוואָרן

אין דער שפראך. עטליכע צעהנדליג פון דיא גענוועהנליכסטע ווערטער פלעגען אזוי מיט איין מאָל פערשווינדען און נייע פלעגען ערפונדען ווערן צו דער גרעסטער צומישענעס פון דיא קריסטליכע מיסיאָנערן און אַנדערע אויראָפּעער, וואס פלעגען קומען אין א נעהענטערן פערקעהר מיט דיא איינגעבאָרענע. דיא איינגעבאָרענע פון קאמטשאַטקא האָבען מורא אָנצורופען א בער אדער א וואָלף, ווייל זיי גלויבען אז דיזע חיות פערשטייען דיא מענשליכע שפראך און וועלען זיך געפינען בעליידיגט דורך אזא פאַני־בראַטסטווע. אין אלטען רוים זיינען געוועזען געוויסע פּריעסטער (דיא זאָ־גענאַנטע flamen dialis), וועלכע פלעגען זיך היטען אויסצורעדען דיא נעמען פון א הונט אדער פון א בער, אום ניט צו ווערן פעראונריינינגט דורך דעם. און נאך ביז היינטיגען טאָג שפייט אויס א מוסולמאַן, ווען עס קומט איהם אויס צו געברויכען דעם וואָרט „חזיר", אום זיין מויל זאָל ניט פער־אונריינינגט ווערן דורך דעם נאמען פון דיזער אונריינער חיה.

ביי אידען איז, וויא מיר ווייסען עס, ביז היינט צו טאָג פערבליבען דער אבערגלויבען צו געבען איינעם א צווייטען נאָמען אלס א סגולה געגען א קראַנקהייט.

נאך מעהר האָט מען מורא געהאט צו דערמאָנען דיא נעמען פון דיא טויטע. דיזע פורכט איז איינגעוואָרצעלט געוועזען ביי דיא איינגעבאָרענע פון אמעריקא, אפריקא, אויסטראַליען און פּאָלינעזיען. דיא אורזאכע דערפון איז געוועזען דער גלויבען, אז א נאמען איז א טהייל פון דעם פערשטאָרבענעם'ס גייסט און אז מיט ארויסריידען דעם נאמען שטערט מען דיא רוהע פון דעם פערשטאָרבענעם אין זיין קבר, זאָ דאָס ער וועט זיך נאך דורך דעם בעווייזען פאר דיא צוהערער.

יעצט וועט דער לעזער אליין פערשטיין, אז ווען מען האָט אזוי מורא געהאט צו רופען מענשען און זאָגאַר חיות מיט זייערע נעמען, וויא האָט מען שוין בעדאַרפט ציטערן אויסצורידען דיא נעמען פון דיא גייסטער און געטער! דער אמת'ער נאמען פון א גאָט, א נאמען וואס איז צוערשט געוועזען א גאַנץ גענוועהנליכער וואָרט, וויא זיא לינגוויסטיק בעווייזט עס, איז מיט דער צייט בעטראַכטעט געוואָרן אלס דער גאָט זעלבסט. לענאָרמאַן, א בעוואוסטער נאכ־

פאָרשער איבער דיא כאַלדעאישע רעליגיאָן און מאַגיקער (מכשפים) שרייבט וועגען דעם: „אין אַלע רעליגיאָנען פון דיא אַמאָליגע אַזי־אַטישע פעלקער איז דער „געהיימניספאָלער נאָמען“ בעטראַכטעט געווען אַלס אַ ראַיעלע און געטליכע בעשעפענעס, וואס האט געהאט אַ פּערזענליכע עקזיסטענץ און אַ ספּעציעלע מאַכט איבער דיא נאַטור און דיא גייסטער־וועלט“. אין מצרים האָט מען געגלויבט, אַז דיא הויפט מאַכט פון אַ גאָט געפינט זיך אין זיין נאָמען. אַן עגיפּטישער בישוף־נוסח, וואס מען האט געפונען אריינגעשטעקט אין דעם מויל פון אַ געצקע, לויטעט אַזוי: „איך בין דער אויסערוועהלטער פון מיליאָנען יאָהרען. ווען מיין נאָמען וואָלט אויסגעשפּראָכען ווערן אויף דיא ברעגעס פון אַ טייך, וואָלט דער טייך פערצעהרט געוואָרן; וואָלט מען איהם אויסגעשפּראָכען אויף דער ערד, וואָלט אַ פייער זיך ארויסגעריסען פון דעם גרונט“.

אַזוי וויא מען האָט געגלויבט, אַז דער וואס האָט געוואוסט דעם ריכטיגען נאָמען פון אַ גאָט, האָט דערמיט געקענט האָבען אַ מאַכט אויף דעם גאָט, האָבען זיך מכשפים זעהר שטאַרק בענוצט דערמיט נאָך פון דיא עלטעסטע צייטען. דיא נעמען פון געוויסע געטער זיינען גערעכענט געווען פאַר דיא וויכטיגסטע און זיכערסטע צויבערמיטעל. דיזער גלויבען פערבלייבט נאָך אין קראַפט ביז היינט צו טאָג. בעזאָנדערס פעסט האָט מען געגלויבט, אַז מען קען צווינ־גען אַ שד צו ערשיינען, ווען מען זאָל נאָר איהם רופען מיט זיין ריכטיגען נאָמען.

דיא פּריעסטער און מכשפים האָבען דאָרום געהאַלטען דיא ריכטיגע נעמען פון דיא געטער אין שטרענגעסטען סעקרעט. ניט נאָר האָבען זיי דערמיט געוועלט אָנהאַלטען זייערע אייגענע מאַכט איבער דיא גלויביגע, זאָנדערן זיי האָבען אַליין מורא געהאַט, אַז אַנדערע זאָלען זיך ניט בענוצען מיט דיזע נעמען, אום אָנצומאַכען גרויסע צרות. מען האָט אַזוי גוט געהאַלטען אין סעקרעט דיא אמת'ע נעמען פון דיא געטער, אַז מיט דער צייט האָט מען זיי אין גאַנצען פערלאָרען. דיא אידען און אַראַבען האָבען אַזוי אויך פערלאָרען דיא ווירקליכע נעמען פון זייערע געטער. דער אידישער „שם המפורש“, מיט וועלכען מען

**האָט געקענט אויפטאָן וואונדער, איז טאַקע געוואָרען אַן אַלגעמיינע גע־**
היימנים. דיא אראבען האָבען אנשטאָט דעם אמת'ן נאָמען פון זייער גאָט
גענומען געברויכען דעם וואָרט א ל ל א ה, וואָס עס בעדייטעט:
„דער איינציג־מעכטיגער". דעם אמת'ן נאָמען ווייס מען שוין ניט.
דיא אידען ריידען אויס דיא געהיימניספאָלע פיער בוכשטאבען „יהוה"
אדני, וואָס עס בעדייטעט: מיין הער.

נאָך דיא בעשרייבונגען פון בעוואוסטע רייזענדע געברויכען אויך
ווילדע פעלקער פערשיעדענע צונעמעניסען אנשטאָט דיא אמת'ע
נעמען פון זייערע געטער. דיא איינגעבאָרענע לעבען דעם זאמבעזי־
טייך אין זיד־אפריקא האָבען אַ גאָט, וואס זיין אמת'ער נאָמען איז
„ניאמבע", נאָר אנשטאָט דעם געברויכען זיי דעם נאָמען „מאָלעמא",
וואס עס בעדייטעט: „דער אויבערשטער". דער הויפּטגאָט פון פיעלע
אויסטראליער שטאַמען הייסט „טוראמולון". דיזער וואָרט בעדייטעט
איינפאך: „דער איינפּיסיגער". זיין נאָמען ווערט אבער ניט אויס־
געזאָגט צו פרויען און צו בחורים, איידער זיי ווערן אַנערקענט דורך
געוויסע צערעמאָניעס פאַר מענער.

מיר דארפען אָבער ניט זוכען ביישפּיעלע און בעווייזע אין דער
פערגאנגענהייט און ביי ווילדע פעלקער. מיר האָבען זיי אונטער דער
האַנט ניט נאָר אין אזעלכע געבעט וויא „געלויבט זאָל זיין דיין
נאָמען", זאָנדערן אפילו אין דעם דריטען געבאָט פון עשרת הדברות,
וועלכע ווערן גערעכענט פאַר דיא עלטעסטע אידישע געזעץ. דער
געבאָט „לא תשא את ש ם יהוה אלהיך לשוא (זאָלסט ניט דער־
מאָנען דעם נ אָ מ ע ן פון יהוה דיין גאָט אומזיסט)" קען נאָר האָבען
דעם זעלבען זינען, וויא אין אַלע אַנדערע ערשטע רעליגיאָנען, וועלכע
האָבען פערבאָטען צו דערמאָנען דיא נעמען פון זייערע געטער.

מען האָט נאָך אַזוי וויִיט געגלויבט אין דיא ראַיעלע עקזיסטענץ
פון נעמען, דאס דער גאָט וואס האָט געטראָגען פיעלע נעמען איז
גערעכענט געוועזען פאַר אַ שטאַרקערן מיט אַזוי פיעל מעלות וויא פיעל
נעמען מען האָט איהם צוגעשריבען. ביי דיא אַלטע עגיפּטער האָבען
דיא הויפּטגעטער געטראָגען אַ סך נעמען. דיא געטין פון דער ערד
**א י ז י ס, דיא ווייב פון דעם זונען־גאָט אָ ז י ר י ס און דיא מוטער**

פון דעם משיח אדער ערלייזער האָרוס, איז גערופען געוואָרן מיט אזוי פיעל נעמען, דאָס דיא גריכען האָבען איהר בעצייכענט מיט דעם וואָרט „מיריאָנאָם״, וואס עס בעדייטעט: „צעהן־טויזענד־נעמיגע״. אין בבל האָט מען דעם גאָט עאַ צוגעשריבען דיא נעמען פון פופ־ציג גרויסע געטער. דורך דעם האָט ער זיי איינגעשלונגען און צוגענומען זייערע מעלות. דאָס זעלבע איז געווען ביי אנדערע פעל־קער: ווען א גאָט האָט פערלאָרען זיין נאמען, האָט ער דערמיט פערלאָרען זיין עקזיסטענץ.

ווען א פיהרער האָט אָנגענומען דעם נאמען פון א גאָט, איז ער צוליעב דעם אליין פערגעטערט געוואָרן. מען האָט געגלויבט, אז דיא געטליכע קראַפט איז פערבאָרגען אין דעם נאמען און ווערט איבערגעגעבען דעם מענשען וואס טראָגט דיזען נאמען. דאָס גיט אונז אן ערקלערונג, ווארום הערשער זיינען אזוי לייכט פערגעטערט געוואָרן אין אלטע צייטען נאָך ביי זייער לעבען, וויא מיר ווייסען עס שוין פון דיא קאַפּיטלעך איבער דיא ענטוויקלונג פון שטאַאטען. אין דער זעלבער צייט ערקלערט עס אונז אויך דעם פערבליבענעם מנהג ביי ציוויליזירטע פעלקער צו טראָגען נעמען פון געטער און הייליגע.

אין אלגעמיינען האָבען ווערטער אלץ א גרעסערען איינפלוס אויף מענשען, ספּעציעל ביי רעליגיעזע צערעמאָניעס, וואס מעהר מען ווידערהאָלט זיי. אזא ווידערהאָלונג איז אן אנערקענטער מיטעל צו היפּנאָטיזירען. דארום האָט מען אויך אין תפילות צו געטער שטענדיג ווידערהאָלט געוויסע ווערטער און דיא תפילות זעלבסט פיעלע מאָל איבערגעחזר׳ט. דער רעליגיעזער געפיהל ווערט יעדענפאלס שטענדיג שטאַרקער און שאַרפער דורך דעם פּראָצעס פון זאָגען גע־בעט. וואס מעהר מען האָט געבעטען, האָט מען זיך געפיהלט אלץ נעהענטער צו דיא געטער, צו וועמען מען האָט אדרעסירט דיא געבעט.

דיא ערשטע געבעט פון מענשען האָבען נאַטירליכערווייזע אויסגעדריקט זייער וואונש צו האָבען געזונט, שפּייז, צו זיין געזונד, צו האָבען גליק אין מלחמה, מיט איין וואָרט, הצלחה אין וועלטליכע זאכען. דיא געבעט האָבען געוועהנליך ענטשפּראָכען דעם גייסטיגען

צושטאַנד פון דיא אַנבעטערס; נאר מען געפינט אויף אויסנאַהמען ביי ווילדע פעלקער. אין מאנכע תפילות דריקען זיי אויס דעם וואונש צו בלייבען מאָראַליש ריין און צו לעבען צוזאמען מיט גאָט. דיא פאָרמען פון געבעט האָבען זיך שליסליך וויינינ געענדערט. דיא קראַפט וואס מען האָט צוגעשריבען צו געוויסע צויבערווערטער פון דיא עלטעסטע צייטען אָן איז צוגערעכענט געוואָרן צו געבעט, וועלכע האָבען ענטהאַלטען דיזע ווערטער, און שפּעטער צו תפילות איבער־הויפּט. מען האָט דארום אַלץ מעהר געגלויבט, אַז מיט תּפילות קען מען אַלעס אויספיהרען ביי געטער, און דיזער גלויבען איז, וויא עס איז שוין געזאָגט געוועזען אין פאָריגען קאַפּיטעל, פערבליבען אפילו אין דיא העכסטע רעליגיאָנען. געבעט איז געוואָרן דיא אַלגעמיינסטע און וויכטיגסטע פאָרמע פון ערלייזונגען פאר אַלע זינד. אַלע רע־ליגיעזע צערעמאָניעס האָבען גאָר קיין טעם ניט אָהן בעשטימטע תּפילות. „בעט שטענדיג" איז געוואָרען דער העכסטער רעליגיעזער געבאָט.

נון, ווען דיא ווערטער פון מענשען צו גאָט אין דער פאָרמע פון אויסגעשרייען און תּפילות האָבען אַזא קראַפט, היינט וויא גרויס איז שוין דיא קראַפט פון דיא ווערטער, וואס ווערן צוגעשריבען צו דיא געטער זעלבסט אדער וואס זיינען אויסגעשפּראָכען געוואָרן פון דיא אָראַקעל אדער פּראָפּעטען! דיזע ווערטער ווערן דיא שטרענג־סטע געזעץ פאר מענשען. וואס עלטער זיי זיינען, אַלץ מעהר ווערן זיי פערהייליגט.

מען דאַרף ניט דיינקען, אַז פּראָפּעטען זיינען נאר געוועזען ביי אידען אדער אין דיא צייטען פון דיא ענטוויקעלטע מאָנאָטעאיסטי־שע רעליגיאָנען, וויא עס ווערט געשילדערט אין דיא הייליגע ביכער פון דיא בראַמינען, בודדיסטען, כינעזער, אידען, קריסטען און מאָהאָ־מעדאַנער. אפילו אין דיא ערשטע געצענדינערשע רעליגיאָנען געפינט מען פאָרשריפטען פון דיא געטער דורך זייערע פערטרעטער, וועל־כע זיינען געוועזען צוגלייך פּריעסטער און מכשפים. וויא מיר וועלען עס שפּעטער זעהען, זיינען מכשפים גערעכענט געוועזען פאר „בעגייס־טערטע" מענשען, וואס ריידען אין נאָמען פון דיא געטער. זיי

האָבען עס מייסטענס פערפאַסט דיא אָפּשפּרעכונגען און אלערליי קללות און תפילות און זיי האָבען אויך געגעבען אַ געטליכע הסכמה אויף דיא אָנגענומענע מנהגים, צערעמאָניעס און געזעץ.

דיא ערשטע פאָרשריפטען זיינען געווען פערבאָטען. זיי האָבען געהאַט דיא פאָרמע פון „לא“, דו זאָלסט ניט טאָן דיזעס אדער יענעס. אין דער קולטור געשיכטע בעצייכענט מען דיזע אלע פער־באָטען מיט דעם פּאָלינעזיער וואָרט ט א ב ו, וואס שטאַמט פון דעם וואָרט ט אַ פּ אַ (געבען א נאמען). יעדע זאַך וואס איז ערקלערט געוואָרען פאר הייליג אָדער פאר אַ פערברעכען געגען דיא געטער איז געווען טאבו. פון דיא קאַפּיטלעך איבער שפּייז און אייגענטהום ווייסען מיר שוין וועגען דעם. דער גאַנצער לעבען פון ווילדע פעל־קער ווערט רעגולירט דורך דיא טאבוס אדער חרם׳ס, וועלכע זיינען געווען זעהר פערשיעדען. דיא טאבוס בעציהען זיך אויף שפּייז, אויף קליידער, אויף חתונות, פעסטען, מלחמות, פערקעהר צווישען מענשען אין אַלגעמיינען. אלעס איז מעהר אדער וויינינער בעשרענקט געוואָרן דורך דיזע חרם׳ס אין נאמען פון דיא געטער. פאר איבער־טרעטען דיזע אורשפּרונגליכע געזעץ אין אַ רעליגיעזער פאָרמע האָט מען ניט נאר געהאַט צו ערווארטען דעם צאָרן פון דיא געטער, מען איז אויך אייגפאַך בעשטראָפט געוואָרן מיט דעם טויט נאָך אַ בע־שלוס פון דעם שטאַם.

דער גלויבען פון דיא איינגעבאָרענע פון קאַמטשאַטקאַ איז געווען אַ זעהר איינפאַכער. וועגען זייער הויפּטגאָט ק ו ט ק אַ האָבען זיי דערציילט פיעלע מיטהען אדער פאַבעלהאפטע געשיכטען. זיי האָבען נאר ערווארטעט שלעכטעס פון איהם, וויא אויך פון אלע אנדערע גייסטער. זיי האָבען איהם פיעל עפּטער געשאָלטען וויא געלויבט אדער געבענשט. פון דעסטוועגען האָבען זיי געהאַט אַ גאַנצען צערעמאָניעל און אַ פּעקעל מיט טאבוס, אום ניט ארויפצו־ציהען אויף זיך דעם צאָרן פון דיא געטער. זיי האָבען געגלויבט, אַז מען טאָר ניט קאָכען פלייש און פיש אין איין טעפּעל, זאָנסט וועט מען קריעגען געשווירען; אַז מען טאָר ניט נאַכפּאָלגען דיא שפּורען פון אַ בער, זאָנסט וועט מען קריגען אַ הויטקראַנקהייט; אַז

מען טאָר ניט אָפּקראַצען דעם שנעע פון דיא שטיוועל מיט א מע־סער, זאָנסט וועט זיין א גוואַלדיגער שטורם, א. ז. וו.

וועגען דיא איינגעבאָרענע פון דיא אנדאַמאַנער אינזלען האָט מען בעהויפּטעט, אז זיי האָבען קיין שום רעליגיאָן ניט, אזוי וויא דיא יאַנהאַנען פון פייערלאַנד, וועגען וועלכע עס איז שוין דיא רייד געווען אין א פאָריגען קאַפּיטעל. דיא אנדאַמאַנער האָבען טאַקע ניט קיין בעשטימטע פאָרמע פון גאָטעסדיענסט. זייער שפּראַך בעזיצט אפילו ניט א וואָרט, וואָס זאָל בעצייכנען „געבעט". אבער זיי גלויבען דאָך אין גייסטער און האָבען אויך פערשיעדענע טאַבוס, וויא צום ביישפּיעל, אז מען דאַרף קאָכען פיש אָדער א שילד־קרעט (טשערעפּאַכע) אויף א פייער פון א בעשטימטען סאָרט האָלץ; אז א חזיר טאָר מען ניט קאָכען, נאָר בראָטען, א. ז. וו.

מיט אזעלכע ביישפּיעלען פון טאַבו קען מען אָנפילען גאַנצע ביכער.

וואָס אנבעלאַנגט צו דיא געשיכטען וועגען געטער אָדער, מיט איין וואָרט, מיטהאָלאָגיע, זאָ האָבען אייניגע געלעהרטע נאָכ־פאָרשער גאַנץ איינפאַך ערקלערט, אז „דאָס וואָרט איז דער האַנד־ווערקער פון געטער". דער גריכישער וואָרט „מיטה" בעדייטעט טאַקע „א וואָרט". שפּעטער האָט מען אָנגעפאַנגען צו בעצייכענען מיט דעם וואָרט „מיטה" שילדערונגען וועגען געטער, וועגען זייערע אויפטואונגען און מאַכט. אין אַלגעמיינען איז א מיטה א וואָרט וועגען געטער.

דיא ערשטע מיטהען זיינען זיכער בעגרינדעט געווען אויף חלומות, אילוזיאָנען און בעגריפע וועגען גייסטער און געטער. וואָס דיא ערשטע מענשען האָבען געפיהלט און געדענקט וועגען זייער אייגענעם לעבען און וועגען דיא נאַטור אַרום זיי, האָבען זיי עס אויסגעדריקט אין געשיכטען וועגען נשמות, גייסטער און געטער. מיר ווייסען שוין, אז אין זייערע מוחות זיינען צוזאַמענגעמישט געווען ראַיעלע זאַכען מיט איינבילדונגען און חלומות. זיי האָבען זיך ניט געשטעלט קשיות, זיי האָבען ניט געפרעגט: „איז עס מעגליך?"—וואָס עס האָט זיך זיי פאָרגעשטעלט אין זייער פאַנטאַזיע, איז געווען בעגלויבט. מיר קענען יעצט ניט פערשטיין, וויא אזוי מענשען האָבען געקענט גלויבען אין

**אזעלכע אונזיננינע און משונה׳דינע געשיכטען, וועלכע מיר געפינען** אין ביכער איבער מיטהאָלאָגיע; אבער מיר דארפען בערעכענען, אז ווילדע זיינען וויא קינדער און גלויבען אין אלעס וואָס מען דערציילט זיי. דיא מיטהען זיינען דארום א שפּיעגעל פון דיא גייסטיגע און מאָראלישע ענטוויקלונג פון פעלקער.

מען האָט נאָך ניט געפונען אזא ווילדען שטאם, וואָס זאָל גאר קיינע מיטהען ניט האָבען. אפילו דיא שטאמען, וואס האָבען נאָך קיין בעשטימטען גאָטעסדיענסט, בעזיצען א סך וואונדערגעשיכטען. דיא בושמענען פון זיד־אפריקא ווערן גערעכענט צווישען דיא נידעריגסטע און פערשלאָגענסטע ווילדע. זיי האָבען ניט קיינע טעמפּלען, קיינע מזבחות, קיין צערעמאָניאל וויא צו דיענען דיא געטער, און דאָך האָבען מיסיאָנערען צוזאמענגעקליבען ביי זיי טויזענדע מעשיות וועגען זייערע געטער און וועגען דיא בעציהונגען פון דיזע געטער צו מענשען און חיות. דיא אויבענדערמאָנטע איינגעבאָרענע פון דיא אנדאמאנער אינזלען, וועלכע האָבען נאָך ניט קיין בעשטימטען קולט, דערצעהלען פון דעסטוועגען וואונדער־געשיכטען וועגען זייער גאָט פּ ו ל ו נ ג א, דעם „זעלבסט־געשאפענעם און אונשטערבליכען“, וועגען דעם אורשפּרונג פון פייער, וועגען דיא האנדלונגען פון גייסטער, א. ז. וו.

דאס צייגט, אז מיטהען זיינען פערפאסט געוואָרען פריהער, וויא מען האָט נאָך אָנגעפאנגען צו דיענען געטער דורך געוויסע צערעמאָניעס. מען קען זאָגען, אז וויא נאָר מענשען האָבען זיך געקענט צוזאמענריידען און האָבען זיך גענומען פאָרשטעלען גייסטער, האָבען זיי צוגלייך אָנגעפאנגען צו פאנטאזירען וועגען דיא האנדלונגען פון דיא גייסטער און צו פערפאסען באָבע־מעשיות.

עס פערשטעהט זיך, אז שפּראכען זיינען ענג פערבונדען מיט מיטהען—אָהן א שפּראך וואָלט מען דאָך ניט געקענט דערציילען מעשיות. וואס איינפאכער און אָרימער א שפּראך איז, אלץ איינפאכער און אָרימער זיינען דיא מיטהען. נאר אָפט זיינען מיטהען ענטשטאנען אויסשליסליך דורך אן עהנליכקייט פון ווערטער. פיעלע בעריהמטע שפּראך־קענערס האָבען אָנגעצייגט אויף דיזען אינטערעסאנטען פונקט. זיי האָבען געבראכט מאסען ביישפּיעלע, וויא דיא

עהנליכקייט אין דעם קלאַנג פון ווערטער מיט אַ פערשיעדענע בע־דייטונג זיינען צוזאַמענגעפּלאָנטערט געוואָרן דורך מיטהען.

מיר ווילען דאָ נאר ברייננגען אַ פּאָר ביישפּיעלען פון ברינטאָן׳ס בוך "רעליגיאָנען פון דיא ערשטע פעלקער".

אין דער שפּראַך פון דיא אייגעבאָרענע פון דיא אַנדאַמאַנער אינזלען האָט דער וואָרט „גאַרוב" צוויי בעדייטונגען: דיא נאַכט און אַ מין ווערימל. דיא דאָפּעלטע בעדייטונג פון דעם וואָרט „גאַרוב" איז נאַטירליך ענטשטאַנען דורך אַ צופאַל, וויא איבערהויפּט האָמאָנימען אין אַלע שפּראַכען. אין אונזער נאַכפאָרשונג איבער שפּראַכען האָבען מיר שוין אָנגעצייגט, אַז פיעלע שפּראַכען זיינען בעזאָנדערס רייך געוועזען אין האָמאָנימען און סינאָנימען. אבער דיא אַנדאַמאַנער פי־לאָזאָפען האָבען גענומען דיינקען, אַז דאָס איז ניט אומזיסט, אַז צווישען דיאביידע בעדייטונגען מוז עפּעס זיין אַ שייכות. דער רעזולטאַט דערפון איז אַ מיטה, אַז אַ פּרוי האָט אַמאָל צוטראָטען אַ גאַרוב־ווערימל, דאַרום האָט גאָט פּולונגאַ אַראָפּגעשיקט אויף דער ערד דיא גאַרוב־נאַכט, אום צו בעשטראָפען דיא מענשען. דיזער מיטה צייגט צוגלייך, אַז אויך ביי אַזעלכע ווילדע האָט מען שוין גערעכענט, דאָס דיא פרוי איז שולדיג אין דעם מענשען׳ס צרות אויף דער ערד.

אַ געוויסער אינדיאַנער שטאַם פון קאַנאַדאַ האָט אַ מיטה, אַז דער פוקס איז געוועזען דיא ערשטע חיה וואָס האָט פערלאַנגט ליכט און וואָס האָט עס געקראָגען דורך אַ צויבערקאַפּט. ווען מען האָט גענומען נאַכפאָרשען, וויא אַזוי דיזער משונה׳דיגער מיטה איז ענט־שטאַנען, האָט מען אויסגעפונען, אַז דיזע אינדיאַנער יאָגען זיך נאָך אַ סאָרט פוקס, וואָס לאָזט ארויס אַ געשריי וועלכער קלינגט „קהאיה", און אַז דער וואָרט צו בעצייכנען ליכט איז „יעק־קהאיה". דיא עהנליכקייט פון דיא קלאַנגען האָט דאָ געפיהרט צו אַ זעהר זאָנדערבארען מיטה.

אבער ניט נאר ווערטער זיינען פערגעטערט געוואָרען אדער זיינען גערעכענט געוואָרן פאַר אַ צויבער־קראַפט, פאַר אַן אויסדריק פון גאָט׳ס ווילען, א. ז. וו., זאָנדערן אויך צאָהלען. אַלע פעלקער וואָס קענען נאר צעהלען מעהר וויא דריי און פיער, האָבען געוויסע

„הייליגע צאָהלען". אין דיא מיטהען ווערען דיזע צאָהלען געררעכענט פאַר צויבערליכע. דיא ערשטע און געוועהנליכסט הייליגע צאָהלען זיינען דריי און פיער.

ווען מען פאָרשט נאָך דיא רעליגיאָנען פון אַלע פערצייטיגע און היינטיגע פעלקער, ווערט מען ניט ווילענדיג ערשטוינט, דאָס דיא צאָהל דריי ווערט איבעראל ספּעציעל פערבונדען מיט א געוויסע געטליכע דריי־איינינקייט. פעלקער, וואָס האָבען קיין מאָל זיך ניט צוזאַמענגעטראָפען, וויא דיא אינדיאַנער שטאַמען, דיא עגיפּטער, דיא סעלטען, גערמאַנער, סלאַווען א. ז. וו., האָבען אלע געהאַט א גלויבען אין דער דריי־פאַכער נאַטור פון גאָט. טויזענדער מיטהען פון פערשיעדענע פעלקער זיינען צוזאַמענגעקליבען געוואָרן פון געלעהרטע וועגען דיזע מערקווירדיגע רעליגיעז־פילאָזאָפישע בעטראַכטונג. וואס פאַר א נעמען דיא געטער פון דער דרייאיינינקייט זאָלען ניט טראָגען— זאָלען מיר זיי רופען בראַהמאַ, ווישנו און סיוואַ, וויא דיא אינדיער; וואַזשראַפּאַני, מאַנזשורסי און אוואַלאָקיטעס־וואַראַ, וויא איינינגע בודיסטישע סעקטען; אָראָמאַזד, מיט־ראַ און אַהרימאַן, וויא דיא אַלטע פּערסען; אָדין, טהאָר און פּרעי, וויא דיא סקאַנדינאַוויען; טאַילאַק, פּאַן און מאָ־לאַק, וויא דיא דרואידען (סעלטען); אַפּאָמטי, טשורונטי און אינטיקוואַקי, וויא דיא פּערואַנער; טאַנגאַלאָאַ, מאַוריא און טיקי, וויא דיא פּאָלינעזיער, א. ז. וו.—האָבען זיי אַלע מעהר אדער ווייניגער קלאָר אויסגעדריקט דעם זעלבען אינהאַלט, דעם זעלבען גלויבען.

עהנליכע אורזאַכען האָבען דאָ ווידער געפיהרט צו עהנליכע רע־זולטאַטען. וואס פאַר אורזאַכען דאס זיינען, איז דייטליך פון דיא ערקלע־רונגען, וועלכע דיא גלויביגע אין דריי־איינינגקייט האָבען אליין געגעבען.

אום ניט צו פערקריכען צו ווייט אין דיזען זעהר וויכטיגען ענין, וועלען מיר דאָ ברייננגען אין קורצען דיא ערקלערונגען פון דיא בראַמינען און עגיפּטער, ווייל זיי דאַרפען גערעכענט ווערן פאַר דיא עלטעסטע אין דער וועלט. אַנדערע אזיאַטישע און אייראָפּעאישע פעלקער האָ־בען זייער גלויבען אין דער דריי־איינינגקייט געקענט איבערנעהמען ביי דיא עגיפּטער און אינדיער (אזוי איז עס ווירקליך געוועזן דער פאַל

מיט איינינע פעלקער), אויב זיי זיינען אליין ניט דערגאַנגען דערצו, וויא דיא פערואַנער, מעקסיקאַנער און פּאָלינעזיער.

אין זייערע הייליגע ביכער ערקלערען דיא בראַמינען, אַז דיא געטליכע טרימורטי (פון דיא סאַנסקריטישע ווערטער טרי — דריי, מורטי — פאָרמע) איז אין דערזעלבער צייט איינס און דריי, בראַמאַ, ווישנו און סיוואַ צוזאַמען. בראַמאַ שטעלט פאָר דיא שאַפענדע קראַפט און איז דארום דער פאַטער, ווישנו שטעלט פאָר דיא בעשיצענדע קראַפט און ווערט גערעכענט פאַר דעם זוהן, און סיוואַ שטעלט פאָר דיא פערניכטענדע און אויך צוריקשאַפענדע קראַפט און ווערט גערעכענט פאַר דעם הייליגען גייסט. דערמיט האָבען דיא בראַמינען ערקלערט דיא גרעסטע געהיימניס פון דער נאַטור, נעמליך: דיא געבורט, דיא עקזיסטענץ און דעם טויט. דאס זעלבע איז אויך מעהר אָדער וויניגער קלאָר אויסגעדריקט אין אַלע אַנדערע געטליכע דריי־איינינקייטען.

ווען מענשען האָבען נאָר אָנגעפאַנגען טיעפער צו בעטראַכטען דיא נאַטירליכע ערשיינונגען, האָבען זיי געמוזט בעמערקען, אַז עס איז דאָ עפּעס אַ קראַפט וואָס שאַפט, אַ קראַפט וואָס דערהאַלט דיא עקזיסטענץ פון דער געשאַפענער זאַך און אַ קראַפט וואָס זוכט דיא געשאַפענע זאַך צו צושטערען און רופט ענדליך ארויס דעם טויט. מען האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז דיא „אייביגע עסענציע", „דער אָנפאַנג פון אַלע אָנפאַנגען" איז אימער איינס, נאָר עס צייגט זיך אַרויס אויף דיזע דריי אַרטען. דער אויסווערטיגער צייכען פון דיזער אייביגער געהיימניס איז ביי דיא בראַמינען אַ וואָרט פון דיא דריי בוכשטאַבען A U M, וואָס ווערט געוויינליך אויסגעשפּראָכען אָם. דיזען געהיימניספאָלען וואָרט טאָר מען ניט אויסשפּרעכען ריכטיג גראַדע וויא ביי אידען „יהוה".

דער פאַקט, אַז סיוואַ ווערט אין דער זעלבער צייט גערעכענט פאַר דעם צערשטערער און אויפלעבער קומט איינפאַך דערפון, וואָס דיא שטערבענדע לאָזען איבער לעבעדיגע, וואָס מיט דעם טויט ווערט דאָך אַלעס ניט געענדיגט, וואָס דיא וועלט געהט דאָך ניט אונטער. סיוואַ'ס אויסווערטיגער צייכען איז אויך אַ טויב. זיין נאַטור, ווערט גע־

רעכענט פאר דעם גייסט, וואס ענדערט דיא פאָרמען פון אלע זאכען. דארום איז א טויב אויך געווען ביי פיעלע פעלקער דער צייכען פון הייליגען גייסט.

אין איינעם פון דיא הייליגע ביכער פון דיא בראַמינען ווערט דערציילט, אַז אַ געוויסער אַטענסין האָט זיך געווענדעט צו בראַ־מאַ, ווישנו און סיוואַ בזה הלשון: „אָ איהר דרייגעטער! ווייסט, אַז איך אנערקען נאר איין גאָט. זאָגט מיר דארום, וועלכער פון אייך איז דער אמת'ער גאָט, אַז אייך זאָל נאר איהם אליין קענען פער־עהרען". דאַן האָט ער געקראָגען אַזאַ אַנטוואָרט: „זיי וויסען, דו גלויביגער, אַז עס איז ניטאָ קיין ראַיעלער אונטערשיעד צווישען אונז, אַזוי שיינט עס דיר נאר. עס ערשיינט אין דריי פאָרמען, אבער עס איז איינס".

אין מצרים, וואו מען האָט אויך פערעהרט א דרייפאַכען גאָט און איהם פאָרגעשטעלט דורך דיא צייכענס פון א פליגעל, א קייקעל און א שלאַנג, האָט דער אָראַקעל פון דעם זונען־גאָט סעראַפיס אין דעם בעריהמטען טעמפעל פון מעמפיס אַזוי ער־קלערט דיא געטליכע דרייאיינינגקייט: „צוערשט גאָט, נאכהער דאָס וואָרט און צוזאמען מיט זיי דער הייליגער גייסט. אלע זיינען זיי פון דער זעלבער נאטור און מאכען איין גאַנצעס מיט אַן איבּיגע מאַכט".

ביי דיא אלטע פערסען איז אָראַמאַזד גערעכענט געווען פאַר דעם פאָטער, מיטהראַ—פאַר „גאָט'ס זוהן", דעם „ערלייזער", „געזאַלב־טען" און ארימאַן—פאַר דעם צערשטערער.

דער אלגעמיינער סימבאָל אדער צייכען פון דער געטליכער דריי־איינינגקייט איז געווען אַ פיגורע מיט דריי קעפּ. אַזעלכע פיגורען האָט מען געפונען אין פיעלע ערטער, אפילו ביי דיא ווילדע איינגעבאָרענע אין סיביר. זיי טראָגען דעם נאמען „דרייפאַכער גאָט". איינע פון דיזע געצקעפּס זעהט אויס וויא דיא פיגורע 93. מען האָט דיזע געצ־קע געפונען ביי אויסגראָבונגען אויף אַן אינזעל לעבען באָמבעי (אינדיען) וואו עס איז אַמאָל געשטאַנען א זעהר אַלטער טעמפעל.



פיגורע 93.—אַ טרימורטי אָדער דרייאייניגקייט־גאָט פון אינדיען.

אנדערע הייליגע צייכענס פון דער דרייאייניגקייט זיינען געווען און פערבלייבען נאך ביז יעצט: אַ דריי־עק, פלאַנצען מיט דריי בלעטלעך, אַ טריפאָד (דרייפוס), פיגורען מיט דריי פיס, א.ז.וו. אין מצרים האָט מען פאָרגעשטעלט דיא געטליכע דרייאיינינקייט דורך אַ געצקע פון אָזירים מיט אַ דרייעק איבער'ן קאָפּ. דיא פּיראַמידען און אָבעליסקען צייגען אויך אָן אויף אַ פערעהרונג פון דיא צאָהל דריי. דיא כהנים פון מצרים האָבען גערופען דעם דרייעק־סימבאָל פון אָזירים „דיא איינס־אין־דריי געהיימניס". דיא בראַמינען פערהייליגען אַ צווייגעלע מיט דריי בלעטלעך אלס אַ סימבאָל פון זייער טרימורטי. דער דרייפוס איז געווען אַ הייליגער צייכען אין דיא גריכישע טעמפּלען.

ווענען דיא דרייאייניגקייט־געטער און דיא צייכענס און צערעמאָניעס, וועלכע זיינען דערמיט פערבונדען ביי אלע פעלקער, איז דאָ זעהר פיעל צו ריידען. אבער מיר קענען זיך דאָ ניט אָפּגעבען מיט איינצעלהייטען. דיא אויבענגעבראַכטע ערקלערונגען און ביישפּיעלען צייגען אונז גאַנץ קלאָר, ווארום דיא צאָהל דריי איז איבעראַל פערהייליגט געוואָרן.

נאר אַז מיר האַלטען שוין דערביי, וועלען מיר אויך בעמערקען, דאָס דיא אידען האָבען ניט נאר געהאט סימבאָלען פון דרייאייניגקייט, ווען זיי זיינען געווען געצענדיענער, זאָנדערן אין דער קבלה זיינען פערבליבען אָנווייזונגען דערויף. אין זוהר (פ" האזינו דף רפ"ח ע"ב)

שטעהט אויסדריקליך: „האי עתיקא בתלת רושין וכלילן רישא (דער אלטער איז מיט דריי קעפּ, וועלכע זיינען בלויז איין קאָפּ)“. אין אנדערע ערטער פון זוהר קענען מען געפינען עטליכע שטעלען וועגען דיא דרייאייניגקייט־געהיימנים, וויא צום ביישפּיעל פאָלגענדע: קומט און זעהט דעם סוד פון דעם וואָרט אלהים: עס זיינען דא דריי גראדען, יעדער גראד איז איינער פאר זיך און דאָך זיינען זיי אלע איינס, פערבונדען צוזאמען אין איינס און קענען ניט אָפּ־געטהיילט ווערן איינער פון אנדערן.

ביז יעצט איז נאך ביי אידען פערבליבען א סמן דערפון אין דעם געברויך פון הדסים ביי לולב־בענטשען, ווייל דיא הדסים וואקסען אין דריי בלעטלעך. דיא גאנצע צערעמאָניע מיט׳ן לולב־בענשען איז א געצענדינערשע.

דיא פערהייליגונג פון דער צאָהל פיער שטאמט איינפאך פון דיא פיער עקען וועלט און יסודות. אין זיינע בעוועגונגען אויף דער ערד האט זיך דער מענש שטענדיג גערעכענט נאך דעם געבוי פון זיין קערפּער: רעכטס, לינקס, פאָרענט און הינטען. בעטראכטענדיג דיא שיינבארע בעוועגונגען פון דער זון, האָט ער זיי אויך צוטהייקט אין פיער זייטען. דיא ערד האָבען זיך מענשען שטענדיג פאָרגעשטעלט אלס א פלאכע זאך מיט פיער אָפּטהיילונגען. דעם הימעל האָט מען שפּעטער אויך צוטהיילט אין פיער חלקים. מען האָט געגלויבט, אז ער האלט זיך אויף פיער זיילען. דיזע איינבילדונגען ווערן געשילדערט אין טויזענ־דער מיטהען און געפינען אן אויסדריק אין פערשיעדענע צערעמאָניעס. פיערעקען, צלמים און דיא צאָהל פיער אין אלגעמיינען זיינען דארום געווען סימבאָלען פון דער וועלט און פון דעם גאָט, וועלכער האָט דיא וועלט געשאפען.

נאך דיא צאָהלען דריי און פיער איז זיבען וואהרשיינליך אם מייסטענס פערהייליגט געוואָרן פון פיעלע קולטור־פעלקער. זיבען איז גערעכענט געוואָרן פאר א געהיימניספאָלע צאָהל, בעזאָנדערס אין אסטראָלאָגיע (שטערענזעהעריי). איז מצרים און ביי אלע קולטור־פעלקער אין אזיען איז דיא צוויבערקראפט פון דער צאָהל זיבען פערבונדען געווען מיט דיא זיבען פלאנעטען, פון וועלכע מען

האָט דאן נעוואוסט, נעמליך: דיא זון, דיא לבנה, סאטורן, יופיטער, מארס, ווענוס און מערקוריוס. יעדער טאָג פון דער וואָך האָט געקראָגען א נאמען נאך א פּלאַנעטע. דיא אלטע עגיפּטער האָבען הפנים דיא ערשטע דאָס געטאָן. דיא צאָהל זיעבען זיי געהאלטען פאר א געטליכע געהיימנים און הייליג־טהום. דיא עגיפּטישע כהנים פלעגען זינגען דיא זיבען וואָקאלען אלס א שיר צו זייער גאָט סעראפּיס. דיא גערמאַנישע נעמען פון דיא וואָכענטעג צייגען נאך דייטליך אָן אויף דיא פערעהרונג פון דיא זיעבען פּלאַנעטען. זאָנטאג איז געוועזען הייליג צו דיא זון, מאָנטאג צו דעם מאָנד, דיענסטאג—צו טויסא (אויף ענגליש הייסט דינסטאג Tuesday) אדער מארס, מיטוואָך—צו אָדין אדער וואָדען (אויף ענגליש הייסט מיטוואָך Wednesday) און צו מערקוריאוס, דאָנערש־טאָג (אויף ענגליש Thursday)—צו טהאָר און יופּיטער, פרייטאג—צו פרייא און ווענוס, און זאמסטאג (אויף ענגליש Saturday) צו סאטורן.

עס פערשטעהט זיך, אז דיא צאָהל זיעבען האָט נאָר געקענט אזוי פערהייליגט ווערן ביי פעלקער, וועלכע זיינען שוין געווען גענוג פאָרטגעשריטען צו אונטערשיידען פּלאַנעטען. ביי אזעלכע פעלקער האָט דיא צאָהל זיעבען אָנגעפאנגען צו שפּיעלען אלץ א גרעסערע ראָלע אין דיא מיטהען און אין רעליגיעזע צערעמאָניעס. מיר וועלען דאָ נאָר ברייננגען עטליכע פון דיא צאָהלרייכע ביישפּיעלען:

דער טהורם פון בבל האָט געהאט זיעבען שטאָק, יעדער פון וועלכע איז געווען געבויט לכבוד א פּלאַנעטע. דיא בראַמינען האָבען זיעבען פּראָפּעטישע רינגען. אין לאקאָניא (א טהייל פון גריכענלאַנד) זיינען געווען זיעבען זיילען צו עהרע פון דיא זיעבען פּלאַנעטען. דיא אסיריער האָבען פאָרגעשטעלט דעם „לעבענס־בוים" (עץ הדעת) מיט זיעבען צווייגען. דער אינדישער גאָט אגני ווערט פאָרגעשטעלט מיט זיעבען הענט, און דער פערד פון דעם גאָט סורא איז פאָרגעשטעלט געווען מיט זיעבען קעפּ. כאל־דעער האָבען גערעכענט זיעבע הויפּט־מלאכים אזוי וויא דיא אידען. דיא עגיפּטישע כהנים האָבט יעבען מאָל בעשפּריצט מיט

בלוט דיא מזבחות. דיא מנורה פון בית המקדש אין ירושלים האָט געהאַט זיבען צווייגען. דער הייל פון דעם פּערסישען „גאָט'ס זוהן" מיטהרא האָט געהאַט זיבען טירען. דיא שטאָט טהעבעס האָט געהאַט זיבען טויערן, און אויף יעדען פון זיי איז געווען דער נאָמען פון א פּלאַנעטע. דיא לירע פון דעם גאָט אַפּאָלאָ האָט געהאַט זיבען סטרונעס. דיא אידען און אַנדערע פעלקער רעכענען זיבען הימלען.

אין דער ביבעל בעגעגענען מיר זעהר אָפט דיא צאָהל זיבען: יעקב האָט געדיענט זיבען יאהר; פרעה האָט געהאַט א חלום מיט זיבען קיה; בלעם האָט געבויט זיבען מזבחות און אויף יעדען פון זיי מקריב געווען זיבען אָקסען און זיבען בעק; שמשון איז געבונדען געוואָרן מיט זיבען שטריק, זיין חתונה האָט געדויערט זיבען טעג; לעבען יריחו זיינען געגאַנגען זיבען כהנים, וועלבע האָבען געטראָגען זיבען שופרות; א. ז. וו.

דיא צאָהל צוועלף איז אויך פערהייליגט געווען אין דיא רע־ליגיאָנען פון דיא פערצייטיגע קולטור־פעלקער. דיא אורזאַכע איז ווידער געווען אַן אַסטראָלאָגישע. דיא צאָהל צוועלף איז נעמליך געווען א געהעמניספאָלער צייכען פון דיא 12 מאָנאַטען און בעזאָנדערס פון דיא מזלות. אייניגע פעלקער האָבען דאַרום גערעכענט צוועלף גרויסע געטער. דער עגיפּטישער זונען־גאָט אָזיריס האָט געהאַט צוועלף בעגלייטערס. הערקולעס, דער גריכישער העלד, וועלכער האָט פאָרגעשטעלט דיא זון, האָט אויפגעטאָן צוועלף אַרבייט. דער גאָט מאַרס האָט געהאַט צוועלף שילדען. דיא בני ישראל זיינען צוטהיילט געוואָרן אין צוועלף שבטים. דיא יאַפּאַנעזער גלויבען, אז גאָט זיצט אויף צוועלף הייליגע קישענס. א. ז. וו., א. ז. וו.

אייניגע אַנדערע צאָהלען זיינען גאַך פערהייליגט געוואָרן, וויא צום ביישפּיעל: פערציג; אבער אַזוי וויא זייער פערהייליגונג איז ניט געווען אַלגעמיין, וועלען מיר דאָ וועגען זיי ניט ריידען.



# ניינצעהנטער קאַפּיטעל.

## פעטישען און סימבאָלען.

**דער גרונד פון פעטישיזמוס. — נעגערן און זייערע פעטישען. — פעטי־שען אַלס פערמיטלער צווישען מענשען און גייסטער. — פעטישיזמוס, פּאָליטע־איזמוס און מאָנאָטעאיזמוס. — דיא גרענעצען פון איבערנאַטירליכעס.—בלינדער גלויבען. — מיסטיקער און ספּיריטואַליסטען. — דיא ווירקונג פון זאַכען און פון זייערע בילדער אויף געדאַנקען. — פערגעטערונג פון הימלישע קערפּערס. — פערגעטערונג פון בוימער. — מיטהען וועגען עץ־החיים. — שטאַנגען און קרייצען אַלס אַ סימבאָל פון עץ־החיים. — בוימער־טעמפּלען. — פערגעטערונג פון שטיינער. — שטיינער אַלס אַ סימבאָל פון עוויגקייט. — פערגעטערונג פון בערג. — פערגעטערונג פון פויגלעך. — אייער אַלס אַ סימבאָל פון לעבען.— פערגעטערונג פון שלאַנגען. — מיטהען וועגען דעם שלאַנג פון גן־עדן.— דיא פערגעטערונג פון פיש. — פיש אַלס אַ סימבאָל פון פרוכטבאַרקייט. — פיש לכבוד וועגוס יעדען פרייטאַג.—דיא פערגעטערונג פון דיא פיער יסודות.**

ווען מענשען האָבען געקענט פערגעטערן קלאַנגען, ווערטער און צאָהלען, דאַרפען מיר זיך גאָר ניט וואונדערן, דאָס זיי האָבען זיך געבוקט צו פערשיעדענע געצקעס און פערגעטערט חיות, פלאַנ־צען און שטיינער. עס איז זיכער ניטאָ אזא נאַטורזאַך אויף אונזער ערד, וואָס איז ניט פערהייליגט אדער פערגעטערט געוואָרן פון מענ־שען. איין פאָלק האָט מעהר פערגעטערט אַן אָקס, אַן אַנדערער אַ פויגעל, אַ דריטער אַ שלאַנג, אַ פערטער אַ פיש, אַ פינפטער אַ וואָרם, אַ זעקסטער אַ שטיין, א. ז. וו., אבער דער אינהאַלט פון

**דיזער זאכען־פערגעטערונג, וועלכע טראָגט דעם אַלגעמיינען נאמען** פעטישיזמוס, איז איבעראַל דער זעלבער.

דער גרונד פון פעטישיזמוס איז דער זעלבער וואס פון יעדען רעליגיעזען גלויבען: עס איז דער אורשפּרונגליכער גלויבען אין נשמות און גייסטער אויסגעדריקט אין אויסוועָרטיגע זאכען, אין פאָרמען וואס מען קען זעהען. ווען מענשען האָבען נאָר אָנגעפאַנגען נאכצודיינקען וועגען דיא גייסטער־וועלט, האָבען זיי אויך געמוזט קומען צום שלוס, אַז דיא גייסטער קענען זיך פערבינדען מיט אַנדערע זאכען אויסער זייערע קערפּערס. מיר האָבען שוין געזעהען אין דעם קאַפּיטעל איבער דער ענטשטעהונג פון דעם גלויבען אין גייסטער, אַז ווילדע בעטראַכטען אַלעס ארום זיך אַזוי בעלעבט וויא זיי אַליין. זאכען האָבען דארום, נאָך זייערע בעגריפע, גייסטער. נון, פאַר אַ גייסט איז דאָך ניט שווער צו וואַנדערן און זיך אריינצוכאַפּען וואו ער וויל נאָר. אין חלומות און אין אילוזיאָנען אָדער טרוימען אויף דער וואָהר זעהען דאָך מענשען וואונדערבארע זאכען און פאַנטאַסטישע בילדער. גייסטער בעוויייזען זיך דאָן אין פערשיעדענע פאָרמען. דאָס אַליין האָט שוין בעדארפט פיהרען צו אַ גלויבען, אַז גייסטער קענען זיך אריינכאַפּען אין אַלערליי זאכען און איבערוואַנדערן פון איין זאך אין אַ׳ן אַנדערע. ביסלעכוויז האָט עס אויך געפיהרט צו דעם בעוואוסטען גלויבען אין גלגולים, אין דער וואַנדערונג פון נשמות.

דיא בעדייטונג פון דעם וואָרט פעטיש צייגט אָן, אַז דער גלויבען אין גייסטער האָט ארויסגערופען אַ פערעהרונג פון זאכען. דער וואָרט שטאַמט פון וועסט־אפריקאַ. פּאָרטוגעזישע רייזענדע און הענדלער האָבען איהם צוערשט אָנגעפאַנגען צו געברויכען. נאכהער האָט מען איהם אָנגענומען אין אַלע שפּראַכען. מיט דיזען וואָרט האָבען דיא נעגערן פון וועסט־אַפריקאַ בעצייכענט יעדע זאך, וועלכע זיי האָבען פערעהרט פאַר איהר פערבינדונג מיט אַ גייסט. דיא אויראָפּעער האָבען ניט פערשטאַנען, וואס דיא נעגערן מיינען, ווען זיי טראָגען זיך ארום מיט זייערע פעטישען, וויא פיעלע אַבערגלויביגע אויראָפּעער מיט טאַליסמאַנען און קמיעות. זיי האָבען אָנגענומען

אַז דיא נעגערן בוקען זיך איינפאַך צו דיא זאַכען זעלבסט, וואס זיי (דיא נעגערן) האָבען גערופען פעטישען. דערפון איז ענטשטאַנען דיא פאַלשע מיינונג וועגען פעטישיזמוס אין אַלגעמיינען און וועגען דעם גלויבען פון דיא נעגערן בעזאָנדערס. דער אמת איז, אַז דיא נעגערן פערגעטערן אייגענטליך ניט אין זייערע פעטישען דיא מאַ־טעריעלע זאַכען, פון וועלכע דיא פעטישען ווערן געמאַכט, זאָנדערן דיא ג י י ס ט ע ר, וועלכע געפינען זיך דאָרט נאָך זייער גלויבען.

איין אויראָפּעאישער רייזענדער האָט אמאָל געזעהען, וויא אַ נעגער האָט פאָרגעשלאָגען שפּייז צו אַ בוים. ווען דער רייזענדער האָט איהם געזאָגט, אַז אַ בוים קען דאָך ניט עסען, האָט דער נעגער געענטפערט: „אָ, בוים ניט אַ פעטיש, גייסט אַ פעטיש, לעבט אין בוים, ניט צו זעהען“. גרינדליכע נאַכפאָרשער פון דיא גלויבענס פון דיא נעגערן אין וועסט־אַפריקאַ האָבען בעוויעזען, אַז דיזע נעגערן האָבען אויך אַלגעמיינע שטאַם־געטער און בעזיצען אויך געוויסע בעגריפע וועגען אַ גאָט וואָס האָט געשאַפען דיא וועלט. אַ פעטיש בעטראַכטען זיי אייגענטליך וויא אַ קמיע. זיי גלויבען, אַז ווען זיי וועלען פערעהרען דעם גייסט, וועלכער ליעגט פערבאָרגען אין דעם פעטיש, וועט עס זיי ברייננגען גליק. ווען אַ פעטיש ערפילט ניט וואָס מען ערוואַרטעט פון איהם, וואַרפט מען איהם אַוועק אָהן שום צערעמאָניעס. דיא נעגערן צוברעכען אָדער פערברענען אַ פעטיש, וואָס העלפט זיי ניט. גלייך נאָכדעם שאַפען זיי זיך אַן אַנדערן. דיזע פעטישען זיינען איינפאַך דיא שפּיעלצייג פון צופאַל. וואס מעהר איינעם גליקט, שרייבט ער עס צו דער מאַכט פון זיין פעטיש. אַזעלכע „גליקברייננגענדע“ פעטישען האָבען אַ הויכען פּרייז און מען פיהרט מיט זיי אַ גאַנצען האַנדעל.

אַזוי בעגייען זיך מיט זייערע פעטישען אַלע אַנדערע פעלקער אויף דער זעלבער קולטור־שטופע. דיא פעטישען פון דיא פּאַפּואַנער אויף דעם אינזעל ניי־גווינעאַ זיינען הילצערנע ליאַלקעס אָנגעטאָן אין קאָלירטע שמאַ־טעס. דיא פּאַפּואַנער גלויבען, אַז דיא גייסטער צייגען אַרויס זייער ווילען און מאַכט דורך דיזע ליאַלקעס. ווען אַז אַ פעטיש ברייננגט אַבער קיין גליק, ווערט ער אַוועקגעוואָרפען אָדער צובראָכען וויא אַ נוצלאָזע

זאך. דיא נעגערן, פאפואנער און אנדערע ווילדע פעלקער שלאָגען און שמייסען אָפט זייערע „פאלשע“ פעטישען מיט גרויס צאָרן.

דאָס צייגט גאנץ קלאָר, אז דער מאטעריאל זעלבסט פון דעם פעטיש האָט קיין שום ווערדע ניט וויא באלד מען הערט אויף צו גלויבען, אז אין איהם שטעקט א גייסט. עס איז א גרויסע פראגע, אויב מענשען האָבען ווען עס איז פערגעטערט א זאך איינפאך אלס א זאך. איידער מענשען זיינען געקומען צו א בעגריף וועגען רוחניות איבערהויפט, האָבען זיי דאָך געוויס ניט געקענט פערגעטערן איר־גענד וועלכע זאך. פעטישען אדער איבערהויפט געצקעס האָבען מענשען ערשט געקענט מאכען, ווען זיי האָבען שוין געגלויבט אין נשמות און גייסטער אדער אין אלגעמיינען אין עפּעס אידערנאטירליכעס. עס קען דאָך גאָר ניט געמאָלט זיין, אז אירגענד וועלכע נאטירליכע זאך, מעג עס אפילו זיין דיא זון זעלבסט וואס איז איבעראל אם מייסטען פערגעטערט געוואָרן, זאָל ארויסרופען א גלויבען, אז אין איהר שטעקט עפּעס א גייסט. מיר האָבען שוין געזעהען, אז דער בעגריף וועגען רוחניות איז ענטשטאנען דורך דיא גייסטיגע ארבייט אין דעם מענשען זעלבסט. דיזער בעגריף איז ביסלעכוויז איבער־געטראָגען געוואָרען אויף אויסווערטיגע זאכען דורך דיא ווירקונג פון אלגעמיינע נאטורקרעפטע. ערשט דאן האָט מען גענומען גלויבען, אז גייסטער קענען זיך אויך געפינען אין זאכען אויסערהאלב מענשען, ערשט דאן האָט געקענט ענטשטעהען דער פעטישיזמוס.

בעזאָנדערס איז דער פעטישיזמוס אָנגעהאלטען געוואָרן דורך דעם גלויבען, אז דורך געוויסע צערעמאָניעס קען מען ווירקען אויף דיא גייסטער, אז זיי זאָלען טאָן אלעס וואס מענשען פערלאנגען פון זיי. מיר ווייסען שוין, אז ווען מענשען וואָלטען ניט געגלויבט אין דער מעגליכקייט גוט צו מאכען דיא גייסטער און געטער דורך געוויסע מיטעל, פון וועלכע יעדער קולט בעשטעהט, וואָלטען רעליגיאָנען איבערהויפט גאָר ניט עקזיסטירט. דיא וויכטיגקייט פון אלע פעטי־שען איז אייגענטליך ניט בעשטאנען אזוי אין דעם, וואס מען האָט גערעכענט אז זיי ענטהאלטען א גייסט, וויא אין דעם, אז מען האָט געגלויבט, דאָס דורך זיי קען מען קומען אין א נעהענטערע פער־

בינדונג מיט דיא גוטע גייסטער און אויספיהרען דאן אלע פערלאנגען. פעטישען זיינען אלזא געווען און ווערן גערעכענט פערמיטלער צווישען מענשען און גייסטער. דאס זעלבע איז מיט אלע געצקעס, היילינע חפצים, קמיעות, טאליסמאנען א. ז. וו. ניט דיא שטיקעלביינדעל, שטיינדעל, פאפיר אדער אירגענד וועלכע אנדערע זאך, וואס ווערט געברויכט פאר א קמיע איז דער עיקר, זאנדערן דיא איינבילדונג, אז דיזע זאכען קענען ברייננען מזל, דאס הייסט: ווירקען אויף דיא געטער זיי זאלען גוטעס טאן דעם מענשען. דיא יעניגע וואס בענוצען זיך מיט פעטישען אדער קמיעות פערשטעהען פיללייכט ניט אזוי קלאר דיא ריכטיגע בעדייטונג פון דיזע זאכען; אבער זיי פיהלען עס זיכער. זיי גיבען זיך געוועהנליך ניט אפ א גענויע רעכנונג, ווארום זיי גלויבען אין דער ווירקונג פון קמיעות אויף זייער שיקזאל; אבער ווען מען זאל זיי נאכפרעגען וועגען דעם אדער ווען זיי זאלען אליין נאכדיינקען, וועלען זיי געוויס זאגען, אז דאס איז בלויז א מיטעל צו פועל'ן עפעס ביי גאט אדער ביי דיא מלאכים און היי־ליגע. זיי זיינען דאך ניט דומער וויא דער נעגער פון וועסט־אפריקא וועלכער האט געענטפערט דעם אויראפעאישען רייזענדען, אז ניט דער בוים איז דער פעטיש, זאנדערן דער גייסט וואס לעבט אין בוים.

ווען מיר פערשטעהען דיא ריכטיגע בעדייטונג פון א פעטיש אין דיא אויגען פון גלויביגע, וועלען מיר שוין אליין איינזעהען, אז צווישען פעטישיזמוס און געצענדינערייי איז אייגענטליך קיין אונטער־שיעד ניטא אפילו אין דער פארמע. דאס הייסט מיט אנדערע ווערטער, אז פעטישיזמוס פערבלייבט ביי פעלקער, וואס גלויבען אין פיעלע געטער אדער אפילו אין איין גאט. געוועהנליך נעהמט מען אן, אז דיא רעליגיעזע ענטוויקלונג פון מענשען איז אנגעגאנגען אזוי: צוערשט האבען זיי פערגעטערט אלע זאכען—דאס איז געווען דיא צייט פון פעטישיזמוס; נאכהער האט מען סארטירט דיא פערגעטערטע זאכען און מען האט אויסגעקליבען א מעהר אדער וויינינער גרויסע צאהל אל־געמיינע געטער—דאס איז געווען דיא צייט פון פיעלגעטערייי אדער פאליטעאיזמוס; צולעצט האט מען אנגעפאנגען צו גלויבען אין איין

גאָט—דאָס איז דיא צייט פון מאָנאָטעאיזמוס, צו וועלכען נאר דיא העכסטע קולטור־פעלקער זיינען דערגאנגען.

דאָס איז אבער ניט ריכטיג. מיר האָבען שוין געזעהען, אז ווילדע פעלקער, וועלכע ווערן גערעכענט פאר גראָבע פעטישיסטען, גלויבען ניט נאר אין גרויסע געטער, זאָנדערן אפילו אין אן אויבערגאָט, אין א „גרויסען גייסט" וויא דיא אינדיאנער און אין א בורא פון דער וועלט. פון דער אנדער האנד ווייסען מיר, אז מיליאָנען מאָנאָטעאיסטען גלויבען אויך אין פערשיעדענע געצקעס, אין קמיעות, אין ביינער פון הייליגע, אין אָפּשפּרעכונגען, וואָהרזאָגעריי, כישוף, א. ז. וו. דיא מאהאָמעדאנער זיינען שטרענגע מאָנאָטעאיסטען; זיי האָבען אפילו פערוואָרפען דיא דריי־אייניגקייט, פון דעסטוועגען בוקען זיי זיך צו דעם הייליגען שטיין „קאאבא" אין מעקא. צו דיזען שטיין האָבען זיך דיא אראבען געבוקט, ווען זיי זיינען נאך געוועזען געצענדיענער. דער יעניגער, וואס גלויבט אז ווען ער וועט זיך אָנריהרען אָן א ביין פון א הייליגען, וועט ער אויסגעהיילט ווערן פון זיין קראנקהייט, האנדעלט גראדע אזוי וויא דער ווילדער נעגער, וואס מיינט אז זיין פעטיש וועט איהם העלפען. דער יעניגער וואָס פאקט איין א ביבעל איז זיין קאסטען, אז ער זאָל האָבען א גליקליכע רייזע, טהוט אויך דאָס זעלבע וואס דער נעגער מיט זיינע פעטישען, וועלכע זיינען אָפט איינפאכע שמאטעס. דיא פּאָליטעאיסטען און מאָנאָטעאיסטען, וואס שרייבען צו אָן איבערנאטירליכע קראפט צו זייערע געצקעס, הייליגע ווערטער און סימבאָלען, אונטערשיידען זיך אין גרונד גאנץ ווייניג פון דיא פּאפּואנער מיט זייערע ליאָלקעס־פעטישען.

ניין, דיא ענטוויקלונג פון רעליגיאָנען איז ניט אָנגעגאנגען פון פעטישיזמוס צום פּאָליטעאיזמוס און נאכהער פון פּאָליטעאיזמוס צום מאָנאָטעאיזמוס. מיר ווידערהאָלען, עס איז ניטאָ קיין גרינדליכער אונטערשיעד צווישען פעטישיזמוס און געצענדינעריי אין אַלע פאָרמען. רעליגיאָנען האָבען זיך אין אמת'ן ענטוויקעלט אזוי וויא עס איז ערקלערט אין דיא פאָריגע קאפּיטלעך. אלע רעליגיאָנען שטאַמען פון דעם גלויבען אין נשמות און גייסטער. דיזער גלויבען פערבלייבט יעצט אזוי פעסט וויא אין אַלע פריהערע צייטען. ענטוויקעלט האָבען

זיך נאָר אונזערע בעגריפע וועגען דיא נאטור ארום אונז. דערפון איז אויך ענטשטאנען אן ענדערונג אין אונזערע בעגריפע וועגען נשמות, גייסטער און גאָטהייט אין אלגעמיינען. מיר לאָזען שוין ניט שפייז אויף דיא קברים פון דיא טויטע, וויא אונזערע ווילדע פאָרפאטערס האָבען עס געטאָן; אָבער מיר בעערדיגען דיא טויטע אזוי און ניט אנדערס, ווייל מיר גלויבען, אז דערמיט פערזיכערן מיר זיך געגען דעם צאָרן פון דיא נשמות, אז דערמיט פערשאפען מיר זיי רוהע. דער קולט פון אזעלכע ענטוויקעלטע פעלקער, וויא דיא כינעזער, בעשטעהט נאָך יעצט אין דער פערעהרונג פון זייערע אבות. אין אלגעמיינען האָבען נאָך אלע מאָנאָטעאיסטען מורא פאר נשמות און גלויבען געהאָלפען צו ווערן דורך זכות אבות. אידען און אנדערע מאָנאָטע־איסטישע פעלקער גייען נאָך ביז היינט צו טאָג אין געוויסע צייטען בעטען אויף דיא קברים פון זייערע עלטערן און פערוואנדטע, וויא אויך פון בעוואוסטע צדיקים און היילינע, אום דורך דעם געהאָלפען צו ווערן.

אויך גלויבען אלע מאָנאָטעאיסטען אין מלאכים פון פערשיע־דענע גראדען, אין היילינע, אין אלערליי שדים און רוחות. דער גלויבען אין איין גאָט שטערט גאָר ניט צו פערעהרען מלאכים, אבות, צדיקים, אזוי וויא דער גלויבען אין פיעלע געטער האָט ניט געשטערט צו פערעהרען בעזאָנדערס איין הויפט־גאָט, וועלכער איז געוועהנליך געוועזען דער גאָט פון דער זון אָדער פון דעם גאנצען הימעל.

שטענדיג, אין אלע צייטען און ביי אלע פעלקער, אפילו דיא ווילדעסטע, האָט מען נאָר פערעהרט און פערגעטערט דאָס אונער־קלערבארע, דאס געהיימניספאָלע, דעם אָנפאנג פון אלע אָנפאנגע, וואס מען האָט בעטראכטעט אלס איבערנאַ־טירליכעס, אלס דיא וועלט פון גייסטער און געטער. וואס מעהר מען האט קענען געלערענט דיא נאטור, וואס מעהר מען האָט נאָכגעפאָרשט דיא נאטירליכע ערשיינונגען; מיט איין וואָרט, וואס העכער עס האָט זיך געהויבען דער גייסט אין דעם מענשען זעלבסט, אלץ קלענער איז געוואָרן דיא גייסטער־וועלט אוי־סערהאלב דעם מענשען. דיא גרענעצען פון דאס געהיימניספאָלע

און אונערקלערבארע זיינען אלין דערוויטערט געוואָרן ביז'ן **זיבעטען** הימעל. זאָ לאנג מען האָט ניט געוואוסט די אורזאכען פון דונער, ליקוי חמה, ליקוי לבנה, ערדציטערניסען, א. ז. וו., האָט מען פעסט געגלויבט, אז דיזע נאטירליכע ערשיינונגען ווערן ארויסגערופען דורך בעזונדערע געטער. די כינעזער האָבען נאָך יעצט א גרויסען יום טוב ביי יעדער ליקוי חמה. זיי פיהרען דורך די גרוי־אלטע צערעמאָניע פון „רעטען די זון" דורך קלאפעריי אין פויקען און געשרייען. דיזע צערעמאָניע איז ענטשטאנען דורך דעם זעהר פערשפרייטעטען גלויבען, אז א פאבעלהאפטע חיה מיט פליגלען, וואָס טראָגט אין די מיטהען דעם נאָמען דראגאָן, וויל פעריאָגען אָדער איינשלינגען די זון. דער דראגאָן פאלט אויף איהר אָן און פערשטעלט דאָן איהר שיין. אום צו העלפען די זון אין איהר שווערען קאמפף מיט דעם דראגאָן, גייען די כינעזער ארויס אין די גאסען ביי יעדער ליקוי חמה און מאכען א גוואלדיגען גערויש, אז דער דראגאָן זאָל זיך איבערשרעקען און אָפּ־טראָגען. נאכהער, ווען די ליקוי חמה איז פאָריבער, פרייהען זיך די כינעזער, דאס זיי האָבען גערעטעט די זון.

די מיטהען פון אלע פעלקער זיינען פול מיט אזעלכע פאנטאס־טישע ערקלערונגען פון נאטירליכע ערשיינונגען. דער מענש האָט קיין מאָל ניט געזאָגט איינפאך: „איך ווייס ניט", ווען ער האָט געטראכט וועגען א נאטירליכע ערשיינונג, וואס איהרע ריכטיגע אורזאכען איז מען ערשט דערגאנגען נאך די ריין־וויסענשאפטליכע נאכפאָרשונגען פון גרויסע געלעהרטע. ער האָט, פערקעהרט, געזוכט אליין זיך **איינ־ריידען**, אז ער **ווייס** ווארום דאָס איז אזוי און ניט אנדערס. וואס זיין אייגענע פאנטאזיע האָט איהם אונטערגעזאָגט אדער וואס אנדערע מיט נאך א גרעסערע פאנטאזיע האָבען איהם דערצעהלט, האָט ער אָנגענומען פאר א כשרה מטבעה. דער מענש איז שוין אזוי געשאפען, אז ער פאָרדערט ערקלערונגען וועגען זאכען, וואס ווירקען אויף זיינע חושים און רופען אין איהם ארויס בעשטימטע איינדריקע. מענשען האָבען זיך אימער געפרעגט „ווארום?" און האָבען געזוכט צו געבען אנטוואָרטען, וואס זאָלען זיי וויא עס איז **בערוהיגען**.

דיא לייכטגלויביגקייט פון מענשען איז אלץ גרעסער, וואס וויינינער זייער פערשטאנד איז ענטוויקעלט, וואס וויינינער זיי קענען זיך איבערלייגען און קריטיקירען. מיר וואונדערן זיך יעצט, וויא האָבען גאָר מענשען געקענט גלויבען אין אזעלכע דומע און לעכערליכע זאכען, וועלכע ווערן געשילדערט אין מיטהען; אבער מיר דארפען ניט פערגעסען, אז אין דיא צייטען, ווען דיזע מיטהען זיינען פערפאסט געוואָרן, האָט מען איבערהויפּט ניט געצווייפעלט אין קיין זאך, וואס האָט נאר געהאט אירגענד וועלכע איינגעבילדעטע פערבינדונג מיט דער גייסטער-וועלט. אלעס איז געווען מעגליך, אונמעגליכעס האָט גאָר ניט עקזיסטירט. דיא ערשטע ערקלערונג, וואס איז איינעם אריינגעפאלען אין קאָפּ, איז בעגלויבט געוואָרן און איבערגעגעבען געוואָרן פון דור צו דור ביז זיא איז געוואָרען א טהייל פון רעליגיעזען גלויבען.

צווייפעל, וועלכער איז דער פאָטער פון קריטיק און פון פרייען גייסט, האָט זיך ערשט גענומען אריינגנב׳ענען אין דיא מוחות, ווען דיא קולטור האָט שוין דערגרייכט צו א הויכע שטופע. ווילדע מענשען צווייפלען ניט, זיי גלויבען. זייער גלויבען איז אָהן גרענעצען אזוי וויא זייער אונוויסענהייט. פאר אלץ האָבען זיי א לייכטע און איינפאכע ערקלערונג, אז דאָס איז דיא ארבייט פון גייסטער, און זייער פאנטאזיע בענוצען זיי נאר צו פערבינדען דורך באָבע מעשיות געוויסע נאטירליכע ערשיינונגען מיט געוויסע גייסטער און געטער.

מיר קומען דאָ אלזאָ וויעדער צו דעם אָנפאנג פון יעדער רעליגיאָן, דעם גלויבען אין נשמות און גייסטער אדער אובערהויפּט אין רוחניות. פעטישיזמוס איז געווען און בלייבט דער אויסדרוק פון דיזען גלויבען, וואס פאר א פאָרמען ער זאָל ניט טראָגען. וואָס פאר בעגריפע מענשען האָבען געהאט וועגען גייסטער, אזעלכע פעטישען האָבען זיי געהאט. דיא גראָבע געצקע פון סתם א גייסט ביי א נעגער איז אומגעוואנדעלט געוואָרן ביי דעם מעהר ענטוויקעלטען אזיאט אין א שענערע געצקע פון א בעשטימטען גייסט, וועלכער האָט שוין גע-קראָגען דיא בעדייטונג פון א גאָט. **דיא פערעהרונג פון גייסטער איז יעדענפאלס פערבליבען.**

וויא נאר מענשען האָבען זיך געקענט ערקלערן א נאטירליכע ערשיינונג אויף א נאטירליכען וועג, האָט מען גלייך פערוואָרפען דיא אריינמישונג פון גייסטער אדער פון ספּעציעלע געטער. אזוי איז עס שוין אין אונזער נאטור: מיר גלויבען געוועהנליך ניט אין זאכען, וואס מיר קענען בענעהמען מיט אונזער פערשטאנד און וואס מיר בעטראכטען דארום פאר נאטירליכע, זאנדערן מיר גלויבען אין זאכען וואס מיר קענען ניט בענעהמען מיט אונזער פערשטאנד און וואס מיר ערקלערן זיי דארום פאר איבערנאטירליכע. גראדע ווייל א זאך לייגט זיך ניט אויפ'ן שכל, זיינען מיר גענייגט צו גלויבען אין איהר. ווען איינער פערשטעהט דיא אורזאכען פון דונער און בליץ און וועט זעהען, וויא מען מאכט זיי אין א צימער דורך א'ן עלעק־טרישע מאשין, וועט ער שוין זיכער אויפהערען צו גלויבען אז, צום ביישפּיעל, אליהו הנביא פאָהרט ארום איבערן הימעל אין זיין פייער־דיגען רייטוואָגען און דערפון ווערן עס דונערן און בליצען. טערטוליאן, איינער פון דיא ערשטע און בעריהמטעסטע קריסטליכע לעהרערס (ער איז געשטאָרבען 200 יאהר נאך קריסטוסעס געבורט), האָט גאנץ ריכטיג ערקלערט, אז ער גלויבט נאר דארום, ווייל עס איז אונמעגליך און אונזיננינג.

עס זיינען שטענדיג געווען און עס זיינען נאך יעצט דא פיעל מענשען, וואס זיינען געבאָרען געוואָרן מיט א נייגונג צו מיסטיציזמוס, דאָס הייסט צו פערבאָרגענעס און געהיימניספּאָלעס. זייער גייסט גלייכט צו שוועבען אין דיא סודות פון דער נאטור. אין יעדער ערשיינונג זוכען זיי א סוד, א געהיימניס. זיי כאפּען זיך אָן געוויינ־ליך אָן אזעלכע ערקלערונגען וואס זיינען מעהר פאנטאסטיש און אונגלויבליך. צוקלאפּט זייערע איינבילדונגען דורך א גאנץ נאטירליכע אויפקלערונג, דורך וויסענשאפטליכע בעווייזע, וועלען זיי זיין זעהר אונ־צופריעדען און וועלען דאָך זוכען עפּעס געהיימניספּאָלעס. אזעלכע מענשען זיינען עס מייסטענס געווען פערפאסערס פון מיטהען און רעליגיעזע לעהרערס. זיי האָבען עס מייסטענס געגרינדעט רעליגיעזע סעקטען. אין אונזערע צייטען זיינען זיי געוועהנליך ספּיריטואליס־טען, וואס רופען ארויס גייסטער פון יענער וועלט און זיינען איבערהויפּט

פערנומען מיט פערבאָרגענע זאַכען. אונטער דיא ספּיריטואַליסטען געפינען זיך זאָגאַר בעוואוסטע שרייבערס און געלעהרטע, פּראָפעסאָרען פון נאַטורוויסענשאַפטען, אַזעלכע, צום ביישפּיעל, וויא דער בעריהמ־טער פראַנצויזישער אַסטראָנאָם קאַמיל פלאַמאַריאָן.

נון, ספּיריטואַליזמוס איז ניט מעהר וויא אַ נייע פאָרמע פון דעם אַלטען גלויבען אין גייסטער, פון פעטישיזמוס און כישוף־מאַכעריי.

קורץ, פעטישיזמוס, פּאָליטעאיזמוס און מאָנאָטעאיזמוס זיינען אין דער ווירקליכקייט זעהר ענג פערבונדען. דער אונטערשיעד איז נאָר אין דער מדרגה, אָבער ניט אין דעם אינהאַלט. דיא גרעסערע גייסטער אָדער געטער זיינען ענטשטאַנען דורך דיא גרעסערע גייסטיגע ענטוויקלונג פון קולטור־פעלקער.

לאָמיר יעצט בעטראַכטען, דורך וועלכע פעטישען דער גייסטער־קולט האָט זיך מייסטענס אויסגעדריקט. מיר האָבען שוין געזאָגט, אַז עס איז ניטאָ אַזאַ זאַך, וואָס איז ניט פערהייליגט און פערגע־טערט געוואָרען. בעשרייבונגען פון רעליגיעזע צערעמאָניעס ביי אַלע פעלקער אויף דער ערד בעווייזען עס אונבעשטרייטבאַר. נאָר עס זיינען געוועזען זאַכען, וואָס אַלע פעלקער אָהן אויסנאַהמע האָבען געמאַכט פאַר פעטישען. דיא אורזאַכען דערפון ליעגען אין דער נאַטור פון מענ־שען. דיזע אורזאַכען זיינען אויף פּסיכאָלאָגישע אַזוי וויא דיא אורזאַכען וואָס האָבען אַרויסגערופען דעם אַלגעמיינען גלויבען אין גייסטער.

ווען מיר פאָרשען נאָך אונזערע איינדריקע און געדאַנקען ווע־גען דיא אויסערע וועלט, געפינען מיר אַז דיא מייסטע פון זיי ענשטעהען דורך אונזער פעהיגקייט צו זעהען, דורך דעם חוש־הראיה. דיזער חוש רופט עס אין אונז אַרויס בעגריפע וועגען פאַרבען, שיין, פאָרמען, מאָסען, רוים און בעוועגונג. דיזע בעגריפע רופען שוין ווייטער אַרויס אין אונזער מאַרך העכערע געדאַנקען, זאָ דאָס אונזער גייסט איז שטענדיג אָנגעטריבען און אויפגערעגט פון זיי. ניט נאָר דיא זאַך זעלבסט, זאָנדערן אפילו איהר שוואַכסטער בילד ערוועקט אין אונז פערשיעדענע געדאַנקען. עס איז דאַרום גאַנץ נאַטירליך, דאָס מענשען זוכען אויף צו שאַפען זיך געוויסע צייכענס און בילדער, אום דורך דעם אַרויס־

צורופען געווייסע געדאנקען און אויף אויסדריקען געפיהלע און וואונשען. צו אבסטראקטע געדאנקען זיינען מענשען געקומען ביסלעכווייז, וויא דיא לינגוויסטיק און דער גייסטיגער צושטאנד פון ווילדע פעלקער צייגען עס אונז אונבעשטרייטבאר. אבסטראקטע ווערטער וויא שענ־הייט, קלוגהייט, גוטסקייט א. ז. וו. גיבט עס ניט אין דיא שפראכען פון פיעלע ווילדע פעלקער. וויא אָרעם אין ווערטער דיא שפראכען פון ווילדע זיינען, ווייסען מיר שוין פון אונזער נאכפאָרשונג איבער דער ענטוויקלונג פון שפראכען.

נאר דאָס וואס ווילדע קענען נאך ניט אויסדריקען מיט ווערטער, דריקען זיי אָפט אויס מיט צייכענס און מיט בילדער, וויא גראָב און משונה׳דיג דיזע צייכענס און בילדער זאָלען אונז ניט שיינען. אונז איז אויך פיעל לייכטער צו בעגרייפען אבסטראקטע זאכען דורך בילדער און סימבאָלען. דיזע צייכענס האָבען אויך שטענדיג געדיענט צו מאכען מענשען נאָכדענקען וועגען דיא זאכען אדער אידעען, וועלכע זיי שטעלען פאָר מעהר אָדער ווייניגער. ער איז דארום זעלבסט פערשטענדליך, אז וויא נאָר מענשען האָבען געקראָגען עפּעס א בעגריף וועגען רוחניות, האָבען זיי אויך געזוכט צו פערבינדען דיא גייסטער מיט ראיעלע זאכען און אויסצודריקען זייערע בעגריפע דורך געווייסע צייכענס. דאָס האָט נאטירליכערווייזע געפיהרט צו פעטישען און איבערהויפּט צו אַלע געצקעס און סימבאָלען אין רעליגיאָנען. מיר ווייסען שוין, אז ווילדע בעטראכטען אַלע זאכען וויא בעלעבטע און גלויבען, אז אלעס האָט א גייסט, א נשמה. דיזער גלויבען האָט אויך נאטירליכערווייזע געמוזט פיהרען צו א פערבינדונג פון זייערע איינבילדונגען און געדאנקען וועגען גייסטער מיט דיא זאכען ארום זיי.

דיא זאכען וואָס זיינען ביי אַלע פעלקער בעזאָנדערס פערבונדען געוועזען מיט דער גייסטער־וועלט זיינען נאטירליך געוועזען אזעלכע, וואס מאכען דעם גרעסטען איינדרוק אויף דעם חוש הריאה און רופען אויף ארויס טיעפע געדאנקען. עס פערשטעהט זיך, אז אזעלכע זאכען זיינען צוערשט דיא יעניגע, וואס מיר זעהען אין הימעל, ספּעציעל דיא זון, דיא לבנה און שטערן. זיי פיהרען אונז ניט ווילענדיג צו מיסטיציזמוס, צו געדאנ־קען וועגען געהיימניספאָלעס און פערבאָרגענעס. עס איז דארום ניט

געוועז און עס איז ניטאָ אזא פאָלק, וואָס זאָל ניט פערגעטערן דיא זון און אין אַלגעמיינען דעם הימעל. דיא מייסטע מיטהען זיינען וועגען דיא זון און דיא שטערן. מיר האָבען שוין אָנגעצייגט, וואָס פאַר אַ ראָלע דער אויפגיין און אונטערגיין פון דער זון האָט געהאַט אויף דיא ענטשטעהונג פון דעם גלויבען אין גייסטער, און מיר וועלען דארום וועגען דעם יעצט מעהר ניט ריידען. דיא זון איז איבערהויפּט געוועז דער צענטראַל־פּונקט פון יעדען געצענדינערשען גלויבען, און איהרע ווירקונגען אויף דער גאַנצער ערד זיינען אויסגעדריקט געוואָרען דורך מיטהען, מיט וועלכע אַלע ענטוויקעלטע רעליגיאָנען זיינען פול, וויא מיר וועלען עס זעהן אין דעם קאַפּיטעל איבער מיטהאָלאָגיע. דיזע מיטהען האָבען צוזאַמענגעפלאָכטען דיא העכסטע אַבסטראַקטע געדאַנקען פון מענשען מיט הימלישע קערפּערס, דאָס הייסט מיט ראַיעלע זאַכען. איינס האָט דאָ געווירקט אויף דאָס אַנדערע: דיא ערשיינונגען פון דיא הימלישע קערפּערס האבען געמאַכט דיינקען דעם מענשען וועגען דיא נאַטור איבערהויפּט, און דיא געדאַנקען, וועלכע זיי האָבען ארויסגערופען, האָבען זיך אָפּגערופען אויף מענשען דורך דעם גלויבען אין גייסטער. מען האָט זיי שליסליך צוגעשריבען דיא גרעסטע געטליכע מאַכט. דער לאַטיינישער וואָרט „דעאָ“ (גאָט) שטאַמט פון אַ וואָרט וואָס בעדייטעט: הימעל.

נאָך דיא הימלישע קערפּערס זיינען מייסטענס פערגעטערט געוואָרן ביי אַלע פעלקער בוימער און שטיינער.

בוימער זיינען פערבונדען מיט דיא ערשטע רעליגיעזע בעגריפע פון מענשען. דאָס איז גאַנץ איינפאַך. דיא ערשטע מענשען האָבען זיך ניט נאָר מייסטענס געשפּייזט מיט דיא פרוכטען פון בוימער, זאָנדערן האָבען איינפאַך געלעבט אויף בוימער. דאָס וואַקסען פון בוימער, זייער ענדערונג אונטער דעם איינפלוס פון דער זון—דאָס האָט געפיהרט צו פערגלייכען זיי מיט מענשען און חיות. אין דיא געדאַנקען פון ווילדע ווערן בוימער גערעכענט פאַר בעשיצענדע גייסטער, און דארום איז אויך פון דיא עלטעסטע צייטען איינגעפיהרט געוועז זיי אָפּצוגעבען כבוד. פיעלע ווילדע פעלקער מיידען אויס צו שעדיגען אַ בוים, ווען זיי דארפען עס ניט זעהר נייטיג. איניגע פון זיי בינדען אַרום אַ בוים אויף דעם

אָרט, וואו זיי האַקען איהם אַרונטער, אום ער זאָל וויינינגער שמערצען האָבען. אַנדערע האַקען גאָר ניט געוויסע סאָרטען בוימער, ווייל זיי בעטראַכטען דיזע בוימער פאַר דיא בעשיצער פון זייער שטאַם. דריטע בעפּוצען געוויסע בוימער און היינגען אַרויף אָפּפער אויף דיא צווייגען. מייסטענס זיינען אַלטע דעמבען־בוימער אַזוי פערעהרט געוואָרן.

בוימער פערהאַלטען אויך פייכטקייט און שטעלען צו אַ שאָטען. דיא טהוי אויף דיא בוימער האָט אַרויפגעבראַכט אויף דיא געדאַנקען אַ פערגלייך מיט רעגען. דער שאָטען פון דיא בוימער איז פערבונדען געוואָרן מיט דער דונקעלהייט פון אַ וואָלקענדיגען און רעגענדיגען טאָג. מען האָט דאַרום אָנגעהויבען צו גלויבען, אַז בוימער רופען אַרויס אָדער מאַכען רעגען און ערפרישען דערמיט דיא פעלדער און אַלע פלאַנצען. אַ בוים איז אויף אַזאַ אַרט ביסלעכוויז געוואָרן אַ צייכען אָדער אַ סימבאָל פון לעבען. דיא אינדיאַנער האָבען געגלויבט, אַז בוימער קענען אפילו מאַכען טראָגעדיג קינדערלאָזע פרויען. דיא מעקסיקאַנער פלעגען אויך רופען אַ בוים „טאָטאַ", וואָס עס בעדייטעט „אונזער פאָטער". זיי האָבען בעטראַכטעט אַ בוים אַלס אַ גאָט פון וואַסערן און פון גרינסען. פיעלע אינדיאַנער שטאַמען האָבען אויסגע־קליבען געוויסע סאָרטען בוימער אַלס טאָטעמען אָדער בעשיצענדע פעטישען און צייכענס. אין דיא לעגענדען פון אַלטע גריכען, פערסען און אַנדערע פעלקער איז דיא אָפּשטאַמונג פון פיעלע בעריהמטע פאַמיליען געדרעכענט געוועזען פון בוימער. פיעלע אינדיאַנער שטאַמען און אַנדערע פעלקער אויף דער זעלבער קולטור־שטופע האָבען געהאַט מיטהען, אַז דער ערשטער מענש איז אַרויס פון דער אונטער־וועלט דורך קלעטערן אויף אַ בוים, אַז אַ בוים שפּאַרט אונטער דעם הימעל, אַ. ז. וו. דיא יורוקאַרען פון באָליוויאַ (זיד־אַמעריקאַ) דערציילען, אַז ווען זייער גאָט טירי האָט געוועלט בעזעצען דיא ערד מיט מענשען, האָט ער צושפּאָלטען אַ בוים און פון דער עפענונג זיינען דאַן אַרויס פערשיעדענע שטאַמען.

דיא אויסטראַליער זאָגען, אַז דער גערויש פון בלעטער, ווען אַ ווינט בלאָזט, איז דיא שפּראַך פון דיא גייסטער פון טויטע, וועלכע ריידען צווישען זיך אָדער וואָרענען דיא לעבעדיגע וועגען אַ געפאַהר.

זיי גלויבען אז דיא מכשפים קענען ארויסרופען רוחות און ווייסען וואס עס טהוט זיך אין דער גייסטער־וועלט, ווייל זיי פערשטעהען דיא געהיימניספאָלע שפּראַך פון בוימער. פיעלע שטאַמען אין אנדערע ערד־טהיילען גלויבען אויך אזוי.

אזעלכע בעגריפע וועגען בוימער האָבען שוין לייכט געקענט פיהרען צו געשיכטען וועגען א עץ־הדעת אדער עץ־החיים. און אזוי איז עס טאַקע. מיטהען וועגען אַן „בוים פון ערקענטניס" געפינען מיר ביי אלע פערציוויליזירטע פעלקער גראַדע וויא ביי אידען. אפילו דער שלאַנג פעהלט ניט דערביי. עס איז העכסט וואהרשיינליך, אז דיא אידען האָבען איבערגענומען דיזען מיטה ביי דיא באַבילאָנער אדער כאַלדעער. ביי ערד־אויסגראָבונגען האָט מען געפונען אין בבל אויסגעקריצטע צייכנונגען פון א „הייליגען בוים". אָפט איז דער בוים פאָרגעשטעלט אין א קרייץ־פאָרמע, אָפט שטעהט לעבען בוים א מלאך מיט פליגלען און האלט א פרוכט פון דעם פערהייליגטען צעדער־בוים. מען רעכענט, אז דיזע פרוכט איז געווען א סימבאָל פון פרוכטבארקייט. אין איינינע טהיילען פון אינדיען, וואו עס זיינען נאָך אין דיא גרוי־אַלטע צייטען געווען טעמפּלען, האָט מען געפונען סקולפּטורען וועגען א געשיכטע וויא פון אדם און חוה. דיא פיגורע 94 שטעלט פאָר איינע פון אזעלכע סקולפּטורען, וועלכע ריידען פאר זיך זעלבסט.

אין כינא, מאַדאַגאַסקאַר, מעקסיקאָ און אפילו ביי דיא איינגעבאָרענע פון דיא טאַאיטי־אינזלען אויף דעם גרויסען אָקעאַן האָט מען געפונען עהנליכע געשיכטען, וויא מענשען זיינען בעשטראָפט געוואָרן, ווייל זיי האָבען פערזוכט פון דעם פערבאָטענעם עץ־הדעת.

ווען מען איז מעהר ענטוויקעלט געוואָרען און מען האָט אויפגעהערט צו פערגעטערן ראַיעלע ביימער, איז נאָך פון דעסטוועגען דער אַלטער גלויבען פערבליבען אין א סימבאָלישער פאָרמע. מען האָט גענומען געברויכען צייכענס פון בוימער און מען האָט זיי פערהייליגט אלס פאָרשטעלונגען פון דער לעבענסקראַפט, פון רעגענס, וואַסערן א. ז. וו. דיזע סימבאָלען זיינען מייסטענס געווען שטאַנגען אדער קרייצען. וואס מעהר מען איז ערוויטערט געוואָרן פון דעם

אמאָלינען גלויבען אין פעטישען און מען האָט פערלאָרען דיא אור־שפּרונגליכע בעדייטונג פון בוימער־קולט, האָט מען צוגעשריבען אלץ א געהיימניספּאָלערע בעדייטונג צו דיזע סימבאָלען. היילינגע שטאַנגען זיינען אָנפאַנגס געווען דער געברויכליכסטער סימבאָל פון דעם עץ־הדעת.

דיזע שטאַנגען פלעגט מען אריינזעצען אין מיטען פון דער־פער. וואַנדערנדע שטאַמען פלעגען מיטשלעפּען זייער היי־ליגען שטאַנג אין א קאַסטען אדער אין א׳ן איינוויקלונג און פלעגען איהם אויפשטעלען אין א בעזונדערן געצעלט. ביי פיעלע שטאַמען האָט מען דערצו געברויכט קרייצען. דיא היילי־גע קרייצען וואס מען געפינט אויף דיא אלטע מאָנומענטען אין מעקסיקאָ און צענטראַל־אַמעריקאַ צייגען קלאָר, אז זיי זיינען סימבאָלען פון דעם עץ־החיים.



פיגורע 94.—אַ פּאַרצייטיגער בילד פון דער מעשה מיט׳ן עץ־החיים און שלאַנג.

בוימער זיינען אויך געווען דיא ערשטע טעמפּלען. דער גריכי־שער וואָרט טעמפּעל בעדייטעט א היילינגע אַלעע אָדער א פּלאַץ בעזעצט מיט בוימער פאַר דעם גאָטעסדיענסט. דער רוימישער היס־טאָריקער טאַציטוס דערצעהלט, אז דיא גערמאַנען האָבען ניט געבויעט טעמפּלען, נאָר פלעגען פּראַווען זייער גאָטעסדיענסט אין גע־דיכטע וועלדער אונטער היילינגע בוימער. ביי אידען זיינען אויך געווען אַזעלכע בוימער־טעמפּלען. אין דער ביבעל ווערן זיי מייסטענס גערופען אשרה. דיזע אשרה איז געווען פערבונדען מיט דעם זעהר מיאוס׳ן און פערשפּרייטעטען פאַללוס־געצענדיענסט, וועגען וועלכען עס וועט שפּעטער זיין דיא רייד. ווען מיר וואָלטען ניט געהאט דיא אָנוויי־זונגען פון דיא נביאים וועגען דיזע עבודה זרה, וואָלט דער פערבאָט

דערפון אין דברים (ט"ז, כ"א) אליין געווען א בעווייז אז דאס איז געווען פערבונדען מיט א געוויסע פערגעטערונג פון בוימער. דער פערבאט לויטעט: לא תטע לך אשרה כל-עץ אצל מזבח יהוה אלהיך (דו זאלסט ניט פלאנצען א וועלדעל פון אירגענד וועלכע בוימער לעבען מזבח פון דיין גאט). דארום טאר מען עס אויך יעצט ניט פלאנצען בוימער ארום סינאגאגען.

שטיינער און בערג זיינען וואהרשיינליך ניט וויינינער פערגעטערט געווארען וויא בוימער. אונז איז שווער צו פערשטיין, וויא אזוי מענשען האבען גאר ווען עס איז געקענט זיך בוקען צו אזעלכע אונגעלומפערטע, אונבעוועגליכע זאכען, וויא שטיינער; אבער ווען מיר נעהמען אין אנבעטראכט דיא הארטקייט, שטענדיגקייט פון אלע מינעראלען און אויך דעם גלאנץ און דיא זאנדערבארע פארמען פון פיעלע שטיינער, קענען מיר איינזעהען, ווארום מען האט אויסגעקליבען שטיינער אלס סימבאלען פון עוויגקייט און פון דער מוטער-ערד. דער הייליגער „קאאבא“ פון דיא מאהאמעדאנער איז ניט מעהר וויא א שטיק שווארצער שטיין, וואס האט געדיענט אלס „גאט'ס הויז“ ביי דיא אראבען, ווען זיי זיינען נאך געווען געצענדיענער. דער בית אל פון דיא ביבלישע אידען איז אייגענטליך געווען א שטיק שטיין, וואו גאט האט זיך געפונען נאך א גאנץ אלטען גלויבען. דער הייליגער צייכען פון דער געטין דיאנא אין דעם טעמפעל פון דער שטאט עפעזוס איז אויך געווען א שטיק שטיין. ארנאביוס, א קריסט-ליכער שרייבער פון דריטען יאהרהונדערט, דערציילט, אז דיא „גרויסע מוטער“, א פארשטעלונג פון דער ערד, וועלכע איז געבראכט געווארען פון פריגיא (קליין-אזיען) נאך רוים, איז נאר געווען „א קליינער שווארצער שטיין“, וואס איז אפילו ניט געווען ארומגעשליפען.

דיא איינגעבארענע פון דיא טאאיטי-אינזלען האבען געגלויבט, אז פאפא (דאס הייסט א גרויסער שטיין אדער בארג) איז דער נאמען פון דער ווייב פון דעם ערשטען מענש. זייער חוה איז אלזא גע-רעכענט געווען פאר א שטיין און דארום האט מען איהר פערגעטערט אין דער פארמע פון שטיינער. דיא זולוסען פערהייליגען שטיינער, וויל זיי גלויבען, אז פון א צושפאלטענעם שטיין זיינען ארויס דיא

ערשטע מענשען אויף דער ערד. זייערע שכנים דיא **באסוטען** גלויבען דאָס זעלבע וועגען א קיילעבדיגען גראניט־שטיין אין זייער לאנד. זייער גאָטעסדיענסט צו דיזען שטיין בעשטייט צו טאנצען ארום איהם און אין שפייען אויף איהם. דיא אינדיאנער פון קאָלאָמ־ביא האָבען געגלויבט, אז מענשען זיינען אמאָל געווען שטיינער און אז זיי וועלען אמאָל ווידער ווערן שטיינער. דיא אינדיאנער פון גוואטעמאלא פלעגען אריינלייגען א קליינעם פאָלירטען שטיין אין דעם מויל פון דיא שטערבענדע, אז דיא נשמה זאָל אין איהם אריינגיין און זאָל אויף דיזער ווייזע האָבען א שטענדיגען רוהע־אָרט. נאך ביז היינט צו טאָג גלויבען איינינע שטאמען אין אינדיען, אז גייסטער פון זייערע עלטערן געפינען זיך אין שטיינער. פיעלע פאָלינעזיער שטאמען גלויבען, אז שדים האלטען זיך אויף אין שטיינער. אין אלגעמיינען זיינען שטיינער איבעראל גערעכענט געווען פאר גוטע פעטישען און קמיעות. „מזל־שטיינער“ ווערן נאך ביז היינט צו טאָג געברויכט אפילו אין ציוויליזירטע לענדער.

דער פאַל פון מעטעאָרען אדער הימעל־שטיינער האָט אויך געפיהרט צו א פערהיילינונג פון שטיינער. פיעלע פעלקער האָבען געגלויבט, אז דער דונער־גאָט שליידערט זיי אראָפּ צוזאמען מיט בליצען. קרעמען־שטיינער, וועלכע לאָזען ארויס פונקען ביי א קלאַפּ מיט פיריטען (א מינעראל וואס בעשטעהט פון א בעהעפטונג פון אייזען און שוועבעל), זיינען גערעכענט געוואָרן פאר אראָפּגעקומענע פון הימעל. דיא נאהוא פון מעקסיקאָ האָבען געהאט א מיטה, אז א קרעמען־שטיין איז אראָפּגעפאלען פון הימעל אויף דער ערד. ווען דיזער שטיין האָט זיך צובראָכען אויף שטיקער, איז פון יעדער שטיקעל געוואָרן א לעבעדיגע בעשעפענים.

נאך אן אורזאכע פון דער פערהיילינונג פון שטיינער איז גע־ווען זייער געברויך אלס מצבות. אין דעם קאפיטעל איבער דער ענטוויקלונג פון בוי־קונסט האָבען מיר אָנגעוויזען אויף דיא פערשיע־דענע שטיינערנע מאָנומענטען וואס מען האָט געשטעלט לכבוד דיא טויטע. אין דעם קולט פון נשמות־פערעהרונג האָט מען געברויכט שטיינער צוליעב זייער פעסטקייט און לאַנגען דויערן. דיזע מצבות

האָבען עס ביסלעכווייז געפיהרט דערצו, אז מען האָט גענומען בע־טראַכטען שטיינער אַלס דעם אָרט, וואו דיא נשמות האַלטען זיך אויף. פון אַזא גלויבען ביז צו אַ פערגעטערונג פון שטיינער, בעזאָנ־דערס פון געוויסע מאָנומענטען, איז שוין נאַטירליך געווען נאר איין שריט. אפילו געוועהנליכע הויפענס שטיינער, וועלכע זיינען געווען דיא ערשטע מאָנומענטען אויף קברים, זיינען שוין בעטראַכטעט געוואָרן אַלס בעזעעלטע, אַלס אַ מין טעמפּעל פון גייסטער אדער געטער, און מען האָט זיך דארום איינפאַך געבוקט צו זיי. ביי איינינע פּאָ־לינעזיער שטאַמען קען מען נאך יעצט זעהען, וויא מען בוקט זיך צו שטיינער. ווען זייערער אַ פיהרער שטאַרבט, לעגט מען אַוועק אויף זיין קבר אַ קאָראַלענע פּלאַטע 3 פוס לאַנג. נאכהער בעפּוצט מען דיזען שטיין מיט בלומען און קראַנצען, מען דערלאַנגט איהם שפּייז און מען בעט איהם אַזוי וויא אַ גאָט. דיא אורזאַכע דערפון איז וואס דיא פּאָלינעזיער גלויבען, אַז דיא נשמה פון דעם געשטאָרבע־נעם פיהרער האָט זיך איבערגעקליבען אין דעם שטיין.

מאַנכע מינעראַלען, בעזאָנדערס עדעלשטיינער, זיינען אויף פער־עהרט געוואָרן צוליעב זייער גלאַנץ, פאַרבען, דורכזיכטיגקייט א. ז. וו. מען האָט נעגלויבט, אַז זיי האָבען אַ בעזאָנדערן איינפלוס אויף דיא געדאַנקען און מזל פון מענשען. דיא מעקסיקאַנער האָבען געגלויבט, אַז אַ געוויסער סאָרט גרינע שטיינער האָט איין איינפלוס אויף דעם וועטער. דארום האָבען זיי געמאַכט פון דיזע שטיינער דיא פיגורען פון זייער געטין פון רעגען.

שטיינער זיינען אויך געברויכט געווען אַזוי וויא בוימער אין דעם מערקווירדיגען קולט, וועלכער איז בעשטאַנען אין אַ פערעהרונג פון געשלעכטליכע אָרגאַנען און וועלכער איז אַזוי פערשפּרייטעט געווען ביי קולטור פעלקער. נאַר וועגען דיזען זאָ־גענאַנטען פאַללוס־קולט וועלען מיר מוזען ריידען אין דעם קאַפּיטעל איבער מיטהאָלאָגיע.

געוויסע בערג און איבערהויפּט פלעצער זיינען אויך פערגע־טערט געוואָרן. יעדער שטאַם האָט זיך געהאַט זיין הייליגען פּלאַץ. בעזאָנדערס האָט מען פערגעטערט הויכע בערג. דיא פאָרמען פון

דיא בערג און דער אָפּקלאַנג האָבען געשפּיעלט א זעהר גרויסע ראָלע אין דעם אויסקלייבען פון הייליגע ערטער. אלע פעלקער האָבען גע־גלויבט, אז דיא געטער געפינען זיך אויף הויכע בערג וואס דערגרייכען ביז צו דיא וואָלקענס. יעדעס פאָלק האָט זיך געהאַט זיין אָלימפּוס־בארג מיט א גאַנצע מחנה געטער און אונטער־געטער אזוי וויא דיא גריכען. וואס שטארקער און איינפלוסרייכער א פאָלק איז געוואָרן, אלץ מעהר זיינען פערעהרט געוואָרן זיין „הימלישער בארג“ און זיינע אנדערע הייליגע פּלעצער. צו אזעלכע פּלעצער פלעגט מען נאָך אין דיא עלטעסטע צייטען קומען בעטען פון ווייטע לענדער. דאָס זיינען אלץ געווען גרויסע פעטישען, נאר מיט דער צייט זיינען זיי אזוי פערבונדען געוואָרן מיט פערשיעדענע צערעמאָניעס, מיסטעריעס (סודות) און סימבאָלען, דאָס זייער אמת׳ען כאראַקטער האָט מען שוין ניט גע־קענט בעמערקען פון ערשטען בליק.

ווען מענשען האָבען זיך געקענט בוקען צו בוימער און אפילו צו שטיינער, דארפען מיר זיך שוין גאָר ניט וואונדערן, וואס זיי האָבען פערעהרט און פערגעטערט אלערליי חיות. שוין אָבגעזעהען דערפון וואס ווילדע מענשען גלויבען, אז חיות האָבען אויך נשמות, מוזען זיי צוגעבען, אז געוויסע חיות שטעהען אין פיעלע הינזיכטען העכער פאַר זיי. א סך חיות זיינען שטארקער און פלינקער פאַר מענשען, אנדערע האָבען געוויסע מעלות, וואס דער מענש בעזיצט ניט. אלע פעלקער האָבען דארום געגלויבט, אז חיות זיינען נעהענטער צו דיא געטער וויא מענשען, און דארום האָט מען זיך געבוקט צו זיי. מייסטענס האָט מען פערעהרט פויגלען. מען האָט געגלויבט, אז זיי זיינען נאָהענט צו דיא געטער אין הימעל. פויגלען זיינען דארום געוואָרן סימבאָלען פון געטליכע שענהייט און אלוועזענהייט.

דיא דאיאַקען פון באָרנעאָ גלויבען, אז זיי שטאַמען פון דעם גאָט פון פויגלען. פיעלע אינדיאַנער שטאַמען האָבען געברויכט פערשיעדענע פויגלען אלס זייערע טאָטעמען אדער שטאַמען־צייכענס. דיא מיטהען פון דיא פּאָלינעזיער דערציילען, אז אין אמאָליגע צייטען פלעגען זייערע געטערריידען צו מענשען דורך דיא זינג־פויגלען. איבעראל האָט מען גערעכענט, אז דער וואָס קען פערשטיין דיא

פויגעל־שפּראַך, קען אויך ריידען מיט דיא געטער און אויפטאָן וואונדער.

דער הויפּטגאָט פון געוויסע אויסטראַליער שטאַמען הייסט נאָראַלי. ער איז דער אונשטערבליכער בורא, וואס האָט זיך אליין געשאַפען. זיי שטעלען זיך איהם פאָר אין דער פאָרמע פון א פויגעל, געוועהנליך אַן אָדלער אדער א וואָראָנע. א סך אינ־דיאַנער שטאַמען אין נאָרד־אַמעריקאַ האָבען געגלויבט, אַז דיא וועלט איז בעשאַפען געוואָרן פון א וואָראָנע, וועלכע האָט אויך פאָרגעשטעלט דיא דונקע׳לע דונער־וואָלקענס. דיא „דונער־פויגעל“ שפּיעלט א גרויסע ראָלע אין פיעלע מיטהען.

פון דיא אַמאָליגע פערגעטערטע פויגלען זיינען נאָך ביז היינט צו טאָג פערבליבען עטליכע אין דיא רעליגיאָנען פון ציוויליזירטע פעלקער, בעזאָנדערס דיא טויב אלס א שליח און סימבאָל פון פריעדען.

אייער זיינען דאַרום אויך פערעהרט געוואָרן אלס סימאָלען פון לעבען און פרוכטבאַרקייט. אין דיא געהיימניספאָלע רעליגיעזע צערעמאָניעס פון אַלטע צייטען, וויא אויך אין דיא מיסטעריעס לכבוד באַקכוס אָדער דיאָניסיוס האָט מען געברויכט אייער אלס סימבאָלען פון לעבענס־זריעה און אויפלעבען. דערפון איז עס פער־בליבען דער מנהג צו געברויכען דיא זאָ־גענאַנטע פסח־אייער.

דיא דראַווידען פון אינדיען גלויבען, אַז זייער געטין נאָסטו, וועלכע האָט געשאַפען דיא וועלט, איז אליין ארויס פון א זעלבסט־געשאַפענע איי און האָט געלעבט אויף דיא בלומען־בלעטלעך פון א וואַסער־ליליע אָדער לאָטוס, איידער זיא האָט געשאַפען דיא יבשה. פיעלע אנדערע פעלקער האָבען מעהר אָדער וויינינגער עהנליכע מיטהען וועגען אייער.

דיא פערעהרונג פון פויגלעך האָט מיט דער צייט געפיהרט צו דעם אָבערגלויבען, אַז דורך דעם פליהען פון פויגלעך קען מען דערגיין דעם מזל פון מענשען. וויא בעוואוסט, איז וואָהרזאָגערייַ נאָך דעם פליהען פון פויגלעך געברויכט געווען ביי פיעלע קולטור־פעלקער.

פיעלע אנדערע חיות זיינען ניט וויניגער פערעהרט געוואָרן וויא פויגלעך. מיר קענען זיך אָבער ניט אָפּגעבען מיט איינצעלהייטען.″ דאָס וואָס עס איז געזאָגט געוואָרן וועגען פויגלעך קען דיענען אלס א ביישפּיעל פון דער פערעהרונג פון לעבעדיגע בעשעפּעניסען. מיר וועלען נאָר זאָגען עטליכע ווערטער וועגען דיא פערעהרונג פון שלאַנגען און פיש, ווייל מיט דיזער פערעהרונג זיינען אויך פערבונדען ביבלישע לעגענדען. בעזאָנדערס מערקווירדיג איז דיא אלגעמיינע פערעהרונג פון שלאַנגען. מען קען זאָגען, אז אלע פעלקער האָבען זיך געבוקט צו שלאַנגען. אויסנאהמען זיינען נאָר אזעלכע פעלקער, וואָס וואָהנען אין לענדער אָהן שלאַנגען. ווארום דער שלאַנגען־קולט איז אזוי פערשפּרייטעט, איז שווער צו ערקלערן. פיעלע נאכפאָרשער דיינקען, אז דאָס קומט דערפון וואס דיא ערשטע מענשען האָבען געוואָהנט אין טראָפּישע לענדער מיט פיעלע גיפטיגע שלאַנגען. דיא בעוועגונגען פון שלאַנגען אין בעזאָנדערס דיא ענדערונגען פון זייער הויט האָבען ארויסגערופען א גלויבען, אז זיי בעזיצען דיא געטליכע פעהיגקייט צו בלייבען יונג און צו לעבען אייביג. יעדענפאלס איז א שלאַנג געווען א סימבאָל פון עווינקייט, בעזאָנדערס אין דער פאָרמע פון א רינג, מיט דעם עק אין מויל. דער פאקט, אז שלאַנגען בייטען זייער הויט יעדען יאָהר, איז פערגליכען געוואָרן מיט דער זון, וועלכע שטארבט אָפּ און לעבט אויף יעדען יאָהר. מיר געפינען יעדענפאלס דיא פערעהרונג פון שלאַנגען זעהר ענג פערבונדען מיט דער פערגעטערונג פון דער זון. א שלאַנג מיט אַן עק אין מויל איז געווען א סימבאָל פון דער זון און פון עוויגקייט ניט נאר ביי דיא פיניקיער, פערסען, עגיפּטער, אינדוסען און אנדערע פעלקער פון דער אלטער וועלט, זאָנדערן אויך ביי דיא מעקסיקאַנער. מען האָט געפונען אין אלטע טעמפּלען פיגורען פון שלאַנגען מיט א שטראהלען־קרייז ארום זייערע קעפּ אדער ארומ־געדרייהט ארום קרייצען, וועלכע זיינען אויך געווען סימבאָלען פון דער זון, וויא מיר וועלען עס זעהען. אזוי וויא שלאַנגען זיינען געוואָרן א סימבאָל פון עוויגקייט און פון דער זונען־קראַפט האָט מען זיי אויך צוגעשריבען א געטליכע ווייזהייט. זיי זיינען דארום מיט דער צייט אויך געוואָרן סימבאָלען פון קלוגהייט און פערפיהרונג.

דיא מעשה וועגען אדם און חוה, אין וועלכער א שלאנג שפּיעלט דיא ראָלע פון א קלוגען פערפיהרער, איז ניט גראַדע א אידישע. זיא איז אייגענטליך ניט מעהר וויא א ווידערהאָלונג פון אינדישע, כאַלדעאישע, פּערסישע מיטהען וועגען דיא שעפּפונג פון דער וועלט און וועגען א גן עדן. דיא מעקסיקאנער האָבען אויך פאָרגעשטעלט דיא ערשטע פרוי אין דער בעגלייטונג פון א זכר־שלאנג, וועלכער שיינט צו ריידען צו איהר. דיא אויבענגעבראכטע פיגורע נומ. 94 ערקלערט גאנץ קלאָר דיא ראָלע פון דעם שלאנג אויף דעם עץ־החיים. פּיעלע פערגעטערונגען און סימבאָלען זיינען צוזאמענגעמישט געוואָרן אין איין מיטה וועגען דיא ערשטע מענשען־פּאָר.

אז אידען האָבען אויך פערגעטערט שלאנגען, צייגט דיא ביב־לישע געשיכטע מיט דעם קופּערנעם שלאנג. דיא אָ פ י ט ע ן, א קריסטליכע סעקטע פון צווייטען יאהרהונדערט, האבען פערעהרט דעם נחוש אלס א צייכען פון יעזוס קריסטוס און פון געטליכען וואָרט. זיי האָבען געגלויבט, אז דער שלאנג פון ביבלישען גן־עדן איז געוועזן יעזוס קריסטוס.

פיש זיינען אויך געוועזן א סימבאָל פון לעבען און זיינען פער־בונדען געוועזן מיט דעם זונען־קולט ניט נאר ביי דיא פעלקער פון דער אלטער וועלט, זאָנדערן אויך ביי דיא מעקסיקאנער. דיא פער־עהרונג פון פיש איז ענטשטאנען דורך דעם גלויבען, אז וואסער איז דער אָנפאנג און דער קוואל פון לעבען. ווישנו, דער צווייטער גאָט פון דער בראמינען־דרייאייניגקייט, וועלכער איז פערגעטערט אלס דיא זון, ווערט אויך פאָרגעשטעלט אלס א פיש. אין דיא מיטהען פון דיא בראמינען ווערט דערציילט, אז ו ו י ש נ ו איז געוואָרן א פיש, אום צו רעטען דיא מענשען פון א מבול. עהנליכע מיטהען וועגען פיש געפינט מען ביי אנדערע פעלקער. פיש זיינען פערהייליגט געוועזן ביי דיא באבילאָניער, אסיריער, פיניקיער און אויך ביי דיא ערשטע קריסטען. אין תלמוד ווערט משיח גערופען א פיש. דיא ערשטע סימבאָלען פון יעזוס קריסטוס זיינען געוועזן פיש.

אין דעם קולט צו דער געטין ו ו ע נ ו ס זיינען אויך געברויכט געוועזן פיש. מען האָט זיי אָנגענומען פאר א סימבאָל פון פרוכט־

באוקייט, ווייל זיי פערמעהרען זיך זעהר פיעל. וויא בעוואוסט האלטען דיא קאטאָליקען פאר א מצוה צו עסען פיש אם פרייטאג. דיזער מנהג שטאמט נאך פון דיא געצענדינערשע צייטען, דען פרייטאג איז געוועזען דער טאָג פון דער געטין ווענוס, וויא מיר ווייסען עס שוין פון דעם פאָריגען קאפיטעל. צו עהרע פון דיזער געטין האָט מען פרייטאג געגעסען פיש אין אלטען רוים און אזוי איז עס פערבליבען אין דער רוימישער קירכע ביז היינטיגען טאָג. אויף דיא עלטעסטע מטבעות געפינט מען פיגורען פון פיש, ווייל מען האָט זיי גערעכענט פאר סימבאָלען פון פרוכטבארקייט און פון דער זון.

אזוי וויא מען האָט געהאלטען פיש פאר א סימבאָל פון פרוכטבארקייט, האָט מען נאך אויך גענומען גלויבען אין זייער פעהיגקייט אויפצורעגען דיא תאוה צו געשלעכטליכען פערקעהר. ביז היינטיגען טאָג איז נאך פערבליבען דיזער אבערגלויבען. דער גרויסער גריכישער פילאָזאָף פיטהאגאָר און זיינע נאכפאָלגער, וועלכע זיי־נען געוועזען שטרענגע אסקעטען (פרושים), האָבען דארום קיין פיש ניט געגעסען. דער געברויך פון פיש ביי אידען פרייטאג צו נאכט איז אויך פערבונדען מיט דיזען אבערגלויבען וועגען דיא תאוה־אויפרעגונג.

פיעלע פעלקער גלויבען נאך יעצט, אז דיא וועלט בעשטייט אויף פיער עלעמענטען אדער יסודות: פייער, וואסער, לופט און ערד. דיזער גלויבען איז אמאָל געוועזען אלגעמיין. דאָס איז געוועזען דיא פי־לאָזאָפיע פון דיא פארצייטיגע מענשען, ווען יי האָבען געזוכט זיך צו ערקלערן מיט'ן שכל דיא נאטירליכע פאסירונגען. דאָס האָט אויך געפיהרט צו א פערגעטערונג פון דער צאָהל פיער. מען קען זאָגען, אז וויא נאר מענשען זיינען איבערגעשטיגען דיא נידעריגסטע ווילדע שטופע, האָבען זיי שוין געקראָגען עפּעס א בעגריף וועגען דיא פיער יסודות. מען געפינט יעדענפאלס אָנווייזונגען אויף דיא פער־עהרונג פון דיא פיער יסודות אפילו איז דיא מיטהען פון ווילדע פעלקער. וואס ווייטער דיא אלגעמיינע ענטוויקלונג איז אָנגעגאנגען, אלץ קלאָרער האָט מען פערשטאנען דיא וויכטיגקייט פון דיא פיער יסודות און אלץ מעהר האָט מען זיי דארום פערגעטערט.

צוערשט האָט מען פערגעטערט פייער. אין דעם קאַפּיטעל איבער דער ענטשטעהונג און אָנהאַלטונג פון פייער איז שוין אָנגעוויזען געוואָרן, אז אָהן דעם וואָלטען מענשען קיין מאָל ניט אַרויס פון דעם טהיערישען צושטאַנד, אין וועלכען זיי האָבען זיך פריהער געמוזט געפינען. דאָס איז געווען דער ערשטער שריט צו קולטור און ציוויליזאַציאָן. איבעראַל האָט מען דארום פערהייליגט דעם פייער און איהם בעטראַכטעט פאַר אַ בעשיצענדען גייסט. פייער איז אויך ענג פערבונדען געוואָרן דורך זיין נאַטור מיט דעם בעגריף פון רוחניות, מיט דער גייסטער־וועלט. אין דיא ריג־וועדאַ, דיא עלטעסטע הייליגע ביכער פון דיא בראַמינען, ווערט דיא קנאַקעריי פון טרוקענע צווייגעלעך אין אַ פלאַם־פייער בעטראַכטעם אַלס דיא שפּראַך פון געטער גראַדע אַזוי וויא דיא איינגעבאָרענע פון אינזעל באָרנעאָ בעטראַכטען עס ביז היינט צו טאָג. דער מנהג דורכצופיהרען אַ קינד „דורך פייער“ (פייער־טויפע) איז פערשפּרייטעט געווען ביי פיעלע פעלקער אין אַזיען און אויך ביי דיא מעקסיקאַנער.

ביי אַ גרויסע צאָהל פעלקער איז פייער גערעכענט געווען פאַר דעם הויפּט־גאָט. בעזאָנדערס האָבען זיך אין דיזער הינזיכט אויסגעצייכענט דיא אַלטע פּערסען. ווענגען דיא פייער־פערגעטערונג פון דיא פּערסען האָבען מיר שוין געהאַט דיא געלעגענהייט צו ריידען. אין אַלגעמיינען איז פייער פערגעטערט געוואָרן אַלס דער פּרינציפּ פון לעבען, דען פייער שטעלט דאָך אויך צו וואַרעמקייט און שיין, אָהן וועלכע לעבען איז ניט מעגליך. מיר האָבען שוין בעמערקט, אַז דיא ערשטע רעליגיאָנען זיינען געווען רעליגיאָנען פון לעבען און ניט פון טויט. דארום האָט מען מייסטענס פערגעטערט זאַכען, וואס שאַפען אדער דערהאַלטען דעם לעבען וויא דיא זון, פייער און אויך דיא פעהיגקייט פון פלאַנצען און חיות צו פערמעהרען זיך דורך געשלעכטליבען פערקעהר.

לופט אַליין איז אייגענטליך ניט פערעהרט געוואָרן. ווילדע מענשען ווייסען ניט פון לופט, זאָנדערן פון איהרע ווירקונגען, דאָס הייסט: פון ווינטען און שטורמען. דיא ראָלע פון ווינטען אין דער ענטשטעהונג פון דעם גלויבען אין גייסטער איז שוין ערקלערט גע־

וואָרן. געוועהנליך האָט מען זיך פאָרגעשטעלט, אז עס איז ערגעץ דאָ א הויז פון ווינטען, וועלכע בלאָזען פון פיער עקען וועלט. מאנכע פון זיי ברייננען רעגען און זיינען דארום גוטע גייסטער אדער געטער; אנדערע ברייננען פערוויסטונג און זיינען דארום בייזע גייסטער. אין די מיטהען פון אלע פעלקער פון דער אלטער וויא אויך פון דער נייער וועלט געפינט מען עהנליכע ערקלערונגען וועגען די פערשפרייטונג פון ווינטען: נעמליך, אז דער הויפט־גאָט פון ווינטען האָט זיי צוטהיילט צווישען זיינע פיער זיהן אין די פיער עקען וועלט.

וואסער איז אימער פערבונדען געוועזן מיט דעם וואקסען פון פלאנצען. די ראָלע פון וואסער אין דעם לעבען פון אלע חיות און פלאנצען האָט זיך געוואָרפען אין די אויגען אפילו פון די ווילדעסטע מענשען. אין די עלטעסטע מיטהען געפינען מיר דארום שילדערונגען, אז די ערד מיט אלעס אויף איהר האָט זיך אויפגעהויבען פון אונטערן ים. מען האָט דארום פערגעטערט רעגען, טהוי, טייכען, א. ז. וו. אין רעליגיעזע צערעמאָניעס האט מען אויסגעדריקט דיזע פערגעטערונג פון וואסער דורך פיעלע סימבאָלען. דער הויפט־סימבאָל איז געווען א וואזע מיט וואסער, די „געטליכע כלי“. אין פערו פלעגט מען בעערדיגען מענשען צוזאמען מיט פולע קרוגען וואסער. דאָס איז גערעכענט געווען פאר א צייכען פון לעבען אויף יענער וועלט. אין אלגעמיינען איז וואסער גערעכענט געווען פאר א סימבאָל פון לעבען, וויא פייער.

וואסער איז געברויכט געווען נאך אין די עלטעסטע צייטען צו „רייניגען זיך פון זינד“. טבילה אדער טויפונג דורך שפריצען מיט וואסער אדער דורך איינטונקען אין וואסער איז איינע פון די עלטעסטע הייליגע צערעמאָניעס. אין פערשיעדענע פאָרמען פערבלייבט נאך טבילה ביז היינט צו טאָג אלס א הייליגע צערעמאָניע ביי אלע ציוויליזירטע פעלקער. וואסער פלעגט מען אויך גיסען אויף דער ערד אדער אויף די מזבחות אלס אן אָפּפער צו די געטער. אין די טעמפּלען האָט מען געהאלטען „הייליגע וואסער“ אזוי וויא א „הייליגען פייער“. מען האָט געגלויבט אז מיט אזא וואסער קען מען אָפּוואשען אלע זינד און קריעגען חן אין די אויגען

פון דיא געטער. פיעלע טייכען זיינען ספעציעל פערגעטערט געוואָרן דורך דעם גלויבען, אז זייערע וואסערן קענען אָפּרייניגען פון אלע זינד. דיא בעריהמטעסטע פון דיא הייליגע טייכען זיינען גאנגעס אין אינדיען און דער ירדן. מיליאָנען אינדוסען ציהען זיך צום גאנגעס, אום זיך אָפּצוטונקען דאָרטען און אראָפּצושווייקען פון זיך דיא זינד.

ביי דיא אלטע גריכען און רוימער איז איינגעפיהרט געווען א זעהר הייליגע צערעמאָניע, וועלכע האָט געטראָגען דעם נאמען lustrum. זיא איז געפראווועט געוואָרן אלע פינף יאָהר מיט פייער, וואסער, לופט, ערד און א לאָרבער־צווייג. דיא גריכען פלעגען דערביי ברייני־גען א חזיר פאר א קרבן; דיא רוימער פלעגען מקריב זיין א חזיר, א שעפּס און א'ן אָקס. דערמיט האָט מען אָפּגערייניגט אדער ער־לייזט דיא זינד פון גאַנצען קהל.

דער אידישער „געהען צו תשליך“ איז איינע פון דיא פערבלי־בענע אלטע צערעמאָניעס צו רייניגען זינד דורך וואסער. געהען אין מקוה און זיך טובל'ען איז א'ן אנדער צערעמאָניע פון דעם זעלבען סאָרט.

דיא ערד איז געוועהנליך פערגעטערט געוואָרן אלס דיא „מוטער“, וואס עס איז זעלבסט פערשטענדליך. אין דיא מיטהען ווערט גע־שילדערט, וויא פון איהר שויס זיינען ארויס אלע זאכען און וויא אלע לעבעדיגע בעשעפעניסען מוזען זיך אהין צוריק קעהרען. דאָרט איז דארום דער אָרט פון אלע נשמות און גייסטער. הונדערטע מיטהען דערצעהלען, וויא דער ערשטער מענש האָט זיך ארויפגע־באָפּט פון אונטער דער ערד, אום צו האָבען ליכט; אבער דערפאר האָט ער פערלאָרען דיא פריידען און גליקזעליגקייט פון דער אונטע־שטער וועלט. דיזער אלגעמיינער מיטה וועגען דיא ערשטע מענשען ענדיגט זיך אויף מייסטענס מיט דער זעלבער נבואה, אז עס וועט קומען א צייט, ווען דיא ערד וועט זיך איבערקעהרען מיט'ן דעק ארויף, זאָ דאָס דיא מענשען וועלען דאן האָבען דיא פריידען פון ביידע וועלטען. דער גן־עדן וועט דאן זיין אויף דער ערד זעלבסט.

דיא מערקווירדיגע עהנליכקייט פון דיזע מיטהען און פון דיא פערגעטערונגען, אויף וועלכע עס איז אין קורצען אָנגעצייגט געווען, און פון פערשיעדענע אנדערע, אויף וועלכע עס ווערט אָנגעצייגט אין ספעציעלע ביכער איבער רעליגיעזע צערעמאָניעס—דאָס אַלעס בעווייזט אונבעשטרייטבאר, אז זיי שטאמען, וויא מיר האָבען עס שוין געזאָגט, פון איין קוועלע, נעמליך פון דעם מענשען׳ס גייסט. אויף דער זעלבער קולטור־־שטופע האָבען מענשען אימער געדענקט אויף דער זעלבער ארט און האָבען געהאט דיא זעלבע גלויבענס און פיהרונגען, וואו זיי האָבען זיך ניט געפונען און וויא ווייט זיי זיינען ניט געווען אָפגעטהיילט איינע פון דיא אנדערע דורך אָקעאנען.

דאָס זעלבע וועלען מיר אויך זעהען, ווען מיר וועלען בעטראַכטען אין נעכסטען קאפיטעל דיא ענטשטעהונג און ענטוויקלונג פון כישוף־מאכעריי און פון א פריעסטער־קלאַס.

# צוואַנציגסטער קאַפּיטעל.

## מכשפים און כהנים.

פערעהרונג פון פרויען אין מאַטריאַרכאַלישע צייטען. — פּאַטריאַרכען־פּריעסטער. — ענטשטעהונג פון אַ פּריעסטער־קלאַס אין פיה־פּיטערנדען צו־שטאַנד. — אָנפאַנג פון כישוף־מאַכעריי.—בעגייסטערטער צושטאַנד און מכשפים ביי ווילדע.— שאַמאַנען און זייער קולט. — בּעגייסטערונגס־מיטעל צום כישוף. — היסטערישע קראַנקהייטען און טייוועלישע אָנשיקענעס. — וואָהרזאָגעריי. — לאָרבער אַלס סימבאָל פון בעגייסטערונג.— דיא מאַכט פון כהנים. — פערפאָל־גונגען פון כישוף־מאַכערס. — אויסראָטונג פון מכשפות און דיא אורזאַכען דערפון. — כהנים און קאַסטען אין קולטור־לענדער.

---

עס איז שווער צו זאָגען, ווען עס איז ענטשטאַנען א ספּעציעלער קלאַס פון מכשפים אָדער אין אַלגעמיינען פון פּערמיטלער צווישען מענשען און דיא גייסטער־וועלט. עס פערשטעהט זיך, אז גאָר אין אָנפאַנג ווען מענשען האָבען געקראָגען א בּעגריף וועגען גייסטער און גענומען פערעהרען דורך געוויסע צערעמאָניעס דיא נשמות פון זייערע עלטערן, האָט יעדערער געוועהנליך אַליין געפּראַוועט דיזע צערעמאָניעס, וועל־כע זיינען געווען זעהר איינפאַכע און זיינען מייסטענס בעשטאַנען אין איבערלאָזען א טהייל שפּייז פאַר דיא טויטע.

גרינדליכע נאַכפאָרשונגען פון דיא עלטעסטע מיטהען און לעגענ־דען צייגען, אז מען האָט מייסטענס פערעהרט געטינען און העלדינען. דאָס שטימט פאָלקאָמען מיט דעם פאַקט, אז דיא ערשטע פאַמיליען־

אָרגאַניזאַציאָנען זיינען געווען מאַטריאַרכאַלישע, וויא מיר ווייסען עס שוין פון דיא קאַפּיטלעך איבער פאַמיליען. יעדע עלטערע פרוי האָט געוועהנליך געפּראַוועט רעליגיעזע צערעמאָניעס לעבען דעם פייערפּלאַץ וואו זיא האָט געהערשט אַלס ווירטהין. דער קולט איז געווען איינע פון איהרע פפליכטען. מען האָט דאַן נאַטירליך מייסטענס פערעהרט דיא נשמות פון דיא פרויען־מוטערס, בעזאָנדערס אַזעלכע וואָס האָבען זיך מיט עפּעס אויסגעצייכענט ביי זייער לעבען און האָבען געלאָזען אַן אנדיינקען אָן זיך. דיא פערעהרונג פון אַזעלכע פרויען האָט ביסלעכווייז געמוזט פיהרען צו אַ פערעהרונג פון געטינען, וויא עס איז אויך דער פאַל געווען.

דיא מענער האָבען דאַן געפּראַוועט רעליגיעזע צערעמאָניעס נאַר ביי זייערע געמיינשאַפטליכע סעודות. דיזע צערעמאָניעס זיינען ווידער צוערשט בעשטאַנען אין איבערלאָזען שפּייז פאַר דיא נשמות און גייסטער. מען האָט געגעסען און אין זינען געהאַט דיא טויטע. אַזעלכע סעודות זיינען געמאַכט געוואָרען נאָך אַ גליקליכען געיעג אָדער נאָך דעם טויט פון אַן אָנפיהרער. דיא ווילדע יעגערס, וועלכע האָבען גאָר ניט געזאָרגט וועגען דעם מאָרגעדיגען טאָג, וויא מיר ווייסען עס שוין, האָבען זיך אויך גאַנץ ווייניג דיא קעפּ געבראָכען וועגען אַן עפּטערע פערעהרונג פון נשמות און גייסטער. אין יענע צייטען איז דארום קיין שטענדיגער קולט ניט געווען. פאָלגליך איז אויך ניט געווען אַ קלאַס מענשען, וואָס זאָל זיך מעהר אָדער וויינינגער בעשעפטיגען בלויז מיט רעליגיעזע צערעמאָניעס אדער אין אלגעמיינגען מיט דעם קולט. דאָס הייסט אַלזאָ, אַז אין דעם מאַטריאַרכאַלישען צושטאַנד האָט נאָך גאָר ניט געקענט עקזיסטירען אַ פּריעסטער קלאַס, אָבוואָהל איינינע פרויען און מענער האָבען שוין געקענט זיך אויסצייכענען מיט אַן אָנהייב פון כישוף־מאַכעריי.

ווען אבער עס האָט זיך אָנגעפאַנגען צו ענטוויקלען דער פאַט־ריאַרכאַט צוזאַמען מיט פיהפיטערונג, האָט דער פאָטער פערנומען דעם פּלאַץ פון דער מוטער אויך ביי רעליגיעזע צערעמאָניעס. דיא פאַטריאַרכען זיינען אַזוי געוואָרן פּריעסטער אין זייערע פאַמיליען און נייע געטער האָבען אַרויסגעשטויסען דיא אַלטע געטינען. אין דיזער

צייט האָט זיך שוין ביסלעכווייז ענטוויקעלט דער נשמות־קולט און מען האָט אויך געהאט מעהר צערעמאָניעס. צו דיא אַלטע צערע־מאָניעס זיינען אַלץ צוגעקומען נייע, זאָ דאָס דער קולט איז אַלץ גרעסער און קאָמפּליצירטער געוואָרן. דיא פּיהפּיטערערס האָבען אויך מעהר צייט געהאט נאָכצודיינקען וועגען דיא נאַטור און איהרע קרעפטע. זאָרגענדיג מעהר וועגען זייער חיונה און צוקונפט אויף דער וועלט, האָבען זיי אויך נאַטירליך אַלץ מעהר געמוזט זוכען מיטעל וויא צו לעבען בשלום מיט דיא גייסטער, וויא צו האָבען דיא גוטע גייסטער אויף זייער זייט און בייצוקומען דיא בייזע גייסטער. מען האָט שוין דארום אַלץ עפּטער געבראַכט אָפּפער צו דיא געטער און זיי אָפּגעגעבען כבוד אויף פּערשיעדענע אַרטען. ביסלעכווייז איז דער קולט געוואָרן דורך דעם אַזוי קאָמפּליצירט, אַז ניט יעדערער האָט שוין געקענט אַלעס ריכטיג וויסען און אויספיהרען. מען האָט שוין אַלזאָ געמוזט אָנקומען צו דיא עלטערע און פעהיגערע, וועלכע זיינען אויך געוועהנליך געווען דיא אָנפיהרערס. דאָס האָט שוין זעלבסט־פערשטענדליך אַרויסגערופען מיט דער צייט אַ קלאַס מענשען, וועל־כע האָבען זיך אָנגעפאַנגען ספּעציעל צו בעשעפטיגען מיט'ן קולט און זיינען געוואָרן דיא פּריעסטער, דיא כהנים.

מען קען אַלזאָ זאָגען, אַז דער פּיהפּיטערנדער צושטאַנד, וועלכער האָט געפיהרט צו אַזעלכע טיעפע און גרויסע ענדערונגען אין דער געזעלשאַפטליכער אָרגאַניזאַציאָן, וויא עס איז ערקלערט געווען אין צווייטען באַנד פון דיזער קולטור־געשיכטע, האָט אויך אַרויסגערופען אַ ריזיגע ענדערונג אין דעם קולט און אין דער רעליגיאָן איבערהויפּט דורך דעם אויפקומען פון אַ פּ ר י ע ס ט ע ר־ק ל אַ ס.

דיא ערשטע פּריעסטער זיינען געווען מכשפים. דיא רעליגיאָנען פון ווילדע פעלקער בעווייזען עס אונבעשטרייטבאַר. אָבער כישוף־מאַכעריי איז ענטשטאַנען צוגלייך מיט דעם גלויבען אין גייסטער. מיר וויסען, אַז ווילדע מענשען שרייבען צו אַלעס גוטעס און בייזעס צו גייסטער. עס איז דאַרום גאַנץ נאַטירליך, אַז זיי זאָלען אויך זוכען מיטעל אום דיא גוטע גייסטער זאָלען זיי העלפען און דיא בייזע גייסטער זאָלען צו זיי קיין שליטה ניט האָבען. יעדער קולט צייגט, אַז מען האָט

געזוכט און געפונען א גאנצע מאַסע מיטעל, וועלכע זיינען אלע בע־גרינדעט געוועזן אויף דעם גלויבען אין גייסטער. די ערשטע בישוף־מיטעל האָט מען וואהרשיינליך אָנגעווענדעט אַלס סגולות געגען קראַנק־הייטען. מיר האָבען שוין אָנגעוויזען, אז ווילדע בעטראַכטען יעדע קראַנקהייט אַלס אַן אָנשיקענעס פון א בייזען גייסט אָדער אַלס א שטראָף פאַר ניט אָפּהיטען דעם קולט נאָך די אָנגענומענע צערע־מאָניעס. מיר ווייסען אויך, אַז ביז היינט צו טאָג גלויבען פיעלע אפילו אין די ציוויליזירטעסטע לענדער, דאָס קראַנקהייטען קומען דורך עבירות און דורך דעם טייוועל. די אבערגלויבענס וועגען א „שלעכטע אויג", וועגען אָפּשפּרעכונגען, וועגען קמעיות און אלערליי וואונדער־מיטעל— בעוויזען עס אונבעשטרייטבאַר.

מען האָט דאַרום געגלויבט און מען גלויבט נאָך יעצט, אַז אויס־היילען פון אַ קראַנקהייט הייסט אַרויסיאָגען דעם בייזען גייסט, דעם רוח, וועלכער האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין דעם קראַנקען'ס קערפּער. נאָר וויא אַזוי קען מען עס אויספיהרען? די לאָגיקע פון די ווילדע מענשען איז דאָ געווען אַ גאַנץ איינפאַכע און נאַטירליכע. אַזוי וויא מענשען זעלבסט האָבען דאָך קיין מאַכט ניט איבער גייסטער, מוז מען זוכען די הילפע פון אַזאַ גייסט אָדער פון אַזעלכע גייסטער, וועלכע זאָלען קענען ב י י ק ו מ ע ן דעם בייזען גייסט וואָס האָט אָנגעמאַכט די קראַנקהייט.

מען האָט צוערשט געגומען געברויכען אָפּשרעקונגס־מיטעל. מען האָט נאַטירליך גערעכענט אַז דאָס וואס קען אַרויפיאָגען א שרעק אויף מענשען, קען אויך האָבען א ווירקונג אויף די גייסטער. דערפון שטאַמען עס די געשרייען, קללות, אויגען־קלאָצענעס, משוגענע הויות, קלאַפּעריי אין פּויקען, ווילדע שפּרינגענעס און טענץ, א. ז. וו., וועלכע ווערן נאָך יעצט געברויכט פון מכשפים. אין דער זעלבער צייט האָט מען אויך גערופען צו הילפע די נשמות פון די געשטאָרבענע עלטערן און אורעלטערן, וואס עס האָט ווידער געפיהרט צו אַ גאַנצע רייהע צערעמאָניעס און קונצען, וועלכע זיינען אויסגעפיהרט געוואָרן צוזאַמען מיט געבעט און מיט ברייגגען פערשיעדענע קרבנות. צוגלייך האָט מען פּרובירט פערשיעדענע אַנדערע זאַכען, בעזאָנדערס קרייטעכער,

טאָמער וועט עס העלפען, און דאָס איז געווען דער אָנפאַנג פון מעדיצין. עס איז זיכער ניטאָ אזא זאַך אויף דער וועלט, וואס איז ניט אויספּראָבירט געוואָרן צו קוריקען פון קראַנקהייטען.

ווען איינער איז געזונד געוואָרן נאָך דעם געברויך פון אַ געוויסען בישוף־מיטעל, האָט מען דיזען מיטעל נאַטירליך ווייטער אָנגעווענדעט. ווען איינער איז דאָך געשטאָרבען, האָט מען ניט פערוואָרפען דיא בישוף־מיטעל, נאר מען האָט געזוכט תירוצים, וואָרום דיזע מיטעל האָבען גראַדע ניט געהאָלפען אין דיזען פאַל. דער גלויבען אין גייסטער האָט אָנגעהאַלטען ביז אונזער צייט אַלע סגולות און קונצען פון מכשפים. אונגלויבליכעס און אונמעגליכעס—דאָס האָט גאָר ניט עקזיסטירט פאַר ווילדע מענשען, ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען דיא אריינמישונג פון גייסטער. דיא הויפּטזאַך איז נאר בעשטאַנען אין דעם, וויא אַזוי צו דערגיין און צו געברויכען דיא „ריכטיגע מיטעל“ צו קענען פעריאָגען דיא בייזע רוחות דורך דיא ווירקונג פון דיא גוטע.

ווער האָט עס אבער געקענט אַם בעסטען וויסען? עס פערשטעהט זיך, אז נאר אַזעלכע מענשען, וועלכע האבען געליטען פון נערווען־קראַנקהייטען אדער האָבען געקענט ארויסרופען אין זיך קאָנוואולסיעס, שפּאַזמען, וואס ווילדע בעטראַכטען פאַר אַ „בעגייסטערטען צושטאַנד“. אַזעלכע מענשען האָבען זיך אַלץ מעהר אָפּגעגעבען מיט דעם קולט און מיט אָפּשווערונגען. וואס מעהר זיי האָבען געקענט ארויפיאָגען אַ שרעק אויף דיא אַרומיגע, אַלץ מעהר האָט מען זיי געגלויבט, אַלץ מעהר האָט מען פאַר זיי מורא געהאַט.

מיט דער צייט איז בישוף־מאַכעריי געוואָרן אַ גאַנצע לעהרע. מען האָט פריהער געמוזט לערנען און אויספּראָבירען אַלע אָנגענומענע מיטעל און קונצען; אבער אין אָנפאַנג האָבען זיך דערמיט בעשעפּטיגט נערוועזע איז קרענקליכע פרויען און מענער. אַזוי איז עס דער פאַל ביי פיעלע ווילדע פעלקער. דיא יונגערס און ערשטע פּיהפּיטערערס האָבען געמוזט פיעל זוכען, אום צו פערזאָרגען זיך מיט שפּייז. זיי האָבען קיין צייט געהאַט זיך אָפּצוגעבען מיט דעם גייסטער־קולט און האָבען עס איבערגעלאָזען צו דיא שוואַכע מיטגליעדער, וועלכע האָבען דערפאר געקראָגען שפּייז און געשאַנקען. דאָס זיינען געווען

דיא ערשטע פריעסטער־מכשפים. זיי האָבען עס בעדארפט אָפּהיטען אַלע צערעמאָניעס לכבוד דיא נשמות און גייסטער, אום דערפאַר צו קענען אויסבעטען ביי זיי הילפע און הצלחה. משוגעים, עפּילעפּ־טיקער, האַלבע אידיאָטען און אַלערליי נערווען־קראַנקע ווערן בעטראַכטעט פון ווילדע פאַר מענשען, וואס אין זיי האָבען זיך אַריינגעכאַפּט אַנדערע גייסטער און וואָס קענען דארום וויסען דיא פערלאַנגען פון דיא גייסטער. אַ גרויסער טהייל פון צודולטע מענשען זיינען געוועזען און פערבלייבען מכשפים. נאָר ביסלעכווייז איז עס געוואָרן אַזאַ פּאָרטהייל־האַפטע און וויכטיגע פּראָפעסיאָן, דאָס פיעלע קלוגע און פעהיגע האָבען זיך בענוצט דערמיט, אום צו בעהערשען אַנדערע.

מיר קענען זיך דאָ ניט אַריינלאָזען איז איינצעלהייטען וועגען דיזען ענין. פאַר אונז איז גענוג צו וויסען, וויא כישוף־מאַכעריי און אַ בעזאָנדערער קלאַס פון מכשפים זיינען ענטשטאַנען. דאָס איבע־ריגע איז זעלבסטפערשטענדליך נאָך דעם, וואס עס איז ערקלערט געוואָרן אין דיא פאָריגע קאַפּיטלעך. כישוף־מאַכעריי איז שליסליך געוועזען און פערבלייבט אַן אָנווענדונג פון דעם גייסטער־קולט צו מעהר אדער וועניגער פּראַקטישע צוועקען, ספּעציעל צו פערטריבען דיא רוחות, וואס מאַכען אָן קראַנקהייטען נאָך דעם גלויבען פון אַלע פעלקער אויף דער ערד. אפילו אין דיא ציוויליזירטעסטע לענדער פון אונזער צייט פערבלייבט נאָך דיזער גלויבען, וויא מיר האָבען עס שוין עטליכע מאָל אָנגעצייגט. נאַטירליך, מען ווענדעט זיך יעצט צו דאָקטוירים, ווען מען איז קראַנק; אבער וויא גרויס איז דיא צאָהל פון אַזעלכע, וואָס זאָגען זיך אין גאַנצען אָפּ פון אַלע אבערגלויבישע סגולות, פון טאָטערס, באַבסקע רפואות, וואונדער־היילערס, א. ז. וו.? דער גלויבען אין איבערנאַטירליכע רפואות איז נאָך טיעף איינגעוואָרצעלט אין דיא אונוויסענדע מאַסען.

דיא מכשפים פון אַלע ווילדע פעלקער, וואס פאַר פערשיעדענע נעמען זיי זאָלען ניט טראָגען, האַנדלען אַלע נאָך איין מוסטער. אין אַלגעמיינען זיינען אפילו זייערע מיטעל דיא זעלבע. דיא מכשפים, וואָס דיא נעגערן פון וועסט־אפריקא רופען גאַנגאַ, זיינען צוגלייך דאָקטוירים און פּריעסטער. אויף דער פיגורע נומער 95 זיינען פאַר־



פיגורע 95. — גאַנגאַ (מכשפים און פּריעסטער) פון וועסט־אַפריקאַ.

געשטעלט צוויי פון דיזע גאנגא מיט אלע צייכענס פון זייער פּראָפעסיאָן. דיא אינדיאנער רופען זייערע מכשפים מיט א וואָרט, וואס בעדייטעט היילער אדער דאָקטאָר. דיזער נאמען צייגט, אז מען בענוצט זיי ספּעציעל ארויסצוטרייבען דיא בייזע גייסטער וואס מאכען אָן קראנקהייטען. דיא בעריהמטעסטע פון דיא מכשפים־פּריעסטער זיינען דיא זאָ־גענאנטע שאמאנען ביי דיא האלב־ווילדע פעלקער אין נאָרד פון אזיען און אייראָפּא. דיא רעליגיאָן פון דיזע געצענדינערשע פעלקער טראָגט אויך דארום דעם נאמען שאמאניזמוס.

דיזע שאמאנען קענען דיענען אלס מוסטער פאר אלע מכשפים און מיר וועלען דארום זאָגען א פּאָר ווערטער וועגען זיי.

דיא שאמאנען בעטראכטען זיך זעלבסט פאר „בעגייסטערטע“. זיי גלויבען אז זיי זיינען פּראָפעטען און היילערס, ווייל זיי זיינען אין דירעקטע פערבינדונגען מיט דיא גייסטער. זיי גלויבען, אז זיי קענען פעריאָגען בייזע גייסטער, וואס מאכען אָן אלערליי אונגליקען דיא מענשען. זייערע אנהענגער גלויבען נאך מעהר אין זייער מאכט איבער דער גייסטער־וועלט דורך אלערליי אָפּשרעקונגען, אפּשווערונגען און קונצען. דיא שאמאנען בענוצען זיך מיט פערשיעדענע פעטישען, וועלכע זיי טראָגען מיט זיך, ווען זיי גייען קורירען קראנקע. דיזע פעטישען זיינען שטיינדלעך, ביינדלעך, שמאטעס און אויך געצקעס, וועלכע זעהען מייסטענס אויס וויא נגוועהנליכע ליאלקעס. דיזע פעטישען נעהמט דער שאמאן גלייך ארויס פון זיין זעקעל, וועלכער איז א מין אפּטייק, ווען ער דארף ארויסיאָגען דעם רוח פון א קראנקען. אבער דאָס וויכטיגסטע דערביי איז, אז ער אליין זאָל „בעגייסטערט“ ווערן. אנדערס איז זיין גאנצע אפּטייק גאָר נישט ווערט.

דורך לאנגע פּראקטיקע האָבען דיא שאמאנען זעהר פיעל מיטעל צו דיזען צוועק. דיא געברויכליכסטע זיינען בעזויפענדע געטראנקען, דאָס רויכערן פון טאבאק און אנדערע בערוישענדע גראָזען, דאָס קייען פון געוויסע גראָזען, משוגענע טעניץ און געשרייען, קלאַפּעריי אין פּויקען. דער שאמאן פּויקט און טאנצט אזוי לאנג, ביז ער פערלירט זיין פערשטאנד און פאלט אנידער אָהן כוחות. דיא

בעסטע מיטעל בעגייסטערט צו ווערן זיינען געוועהנליך אזעלכע, וואָס קענען היפּנאָטיזירען מענשען. דיא מכשפים פון אלע פעלקער האָבען ביסלעכווייז זעלבסטשטענדיג אויסגעפונען דיזע מיטעל. דער שאמאַן פאננט געוועהנליך אָן מיט א ווילדען טאַנץ, אויב ער טרינקט פריי־הער א בערוישענדען געטראַנק אָדער ניט. ער הויבט זיך אָן משנה'דיג צו קרימען און צו שאָקלען, קלאַפּענדיג אין זיין הייליגען פּייקעל. וואס ווייטער ווערט זיין טאַנץ אלץ ווילדער. ער שפּרינגט און טאַנצט אזוי לאַנג ביז ער פאַלט אַניעדער וויא א קלאָץ. דאן איז ער פערטיג צו קומען אין א נעהענטערע פערבינדונג מיט דיא גייסטער, דאַן איז ער בעגייסטערט. אָפּט וואַרפט ער זיך וויא א'ן עפּילעפּ־טיקער און שרייט אויס ווערטער, וועלכע ער געדיינקט גאָר ניט, ווען ער קומט צו זיך. דיא צוזעהערס וועלכע גלויבען, אז א געטליכער גייסט איז אריין אין זיין קערפּער און רעט דורך זיין מויל, סטאַרען זיך צו געדיינקען דיזע ווערטער, וועלכע זיי גיבען נאכהער איבער דעם שאמאַן, ווען ער קומט ווידער אין זיין געוועהנליכען צושטאַנד. נאך דיזע ווערטער בעשטימט דער שאמאַן דיא אַנטוואָרט פון דיא גייסטער.

נאר עס טרעפט אויך, אז דער שאמאַן פאַלט אין אונמאַכט און ליעגט וויא א טויטער. דאָס ווערט אָנגענומען פאר א בעוויז, אז דעם שאמאַן'ס גייסט האָט זיך ארויסגעכאַפּט און איז אוועקגע־פלויגען ערגעץ אין א ווילדערנעס אָדער אין דער אונטער־וועלט, אום צו קריעגען דיא געווינשטע ערקלערונג פון דיא גייסטער. דער קערפּער פון דעם שאמאַן ווערט אין אזא פאל מערקווירדיג אונעמפּפינדליך צו ווייטאָגען. מען ברענט זיין קערפּער, מען שטעכט איהם מיט מעסערס א. ז. וו., אום צו צייגען, אז זיין גייסט האָט ווירקליך ארויסגעוואַנדערט.

ווען דער שאמאַן דערגייט אזוי אדער דורך אַנדערע כישוף־מיטעל, וואס פאר א קראַנקהייט דער בייזער גייסט האָט אָנגעמאַכט, געברויכט ער אויך נאַטירליכע הייל־מיטעל, וועלכע מען האָט אויס־געפונען נאך פערשיעדענע פּראָבעס. דיזע רפואות זיינען מייסטענס קרייטעכער, שמירונגען, בלוט־לאָזען, באַנקעס, א. ז. וו. נאר דערביי דאַרף דער שאמאן אויך דורכמאַכען דיא צערעמאָניע פון פעריאָגען

דעם רוח. דער שאמאן הייבט אָן צו דריקען א געוויסען גליעד פון דעם קראנקען און איהם צו שמאַקצען, אום איינצושלינגען דעם רוח. נאכהער גייט ער צו צום טיר און שפייט אויס דעם איינגעשלונגענעם רוח און פעריאָגט איהם מיט קללות אין א ווילדערנעס אדער אהין, פון וואנען ער איז געקומען. אמאָל געברויכט ער נאר קלכות און אָפּשפּרעכונגען צו פעריאָגען דעם בייזען גייסט.

דיא לאפּלאנדער און פיעלע פעלקער פון נאָרד־אזיען גלויבען נאָך, אז דיא קראנקע נשמה מוז אין גאנצען פערלאָזען דעם קערפּער. זייערע שאמאנען בריינגען דארום פון דער גייסטער־וועלט א נייע נשמה, וועלכע זיי הויבען אריין אין דעם קראנקען. דארום איז ביי זיי איינגעפיהרט צו געבען א נייען נאמען נאָך א קראנקהייט, ווען מען ווערט געזונט. וויא מיר ווייסען עס פון דעם קאפּיטעל איבער דיא פערגעטליכונג פון ווערטער און צאָהלען, איז דיזער מנהג צו געבען א נייעם נאמען נאך א קראנקהייט געוועזען איינגעפיהרט ביי אלע פעלקער. דיא זעלבע גלויבענס האָבען געפיהרט צו דיא זעלבע סגולות.

ביי פיעלע פעלקער איז נאָך איינגעפיהרט געוואָרן, אז דער מכשף דארף צייגען דעם גייסט, וואָס ער האָט ארויסגעיאָגט פון דעם קראנקען. נאטירליך, זיי פערשטעהען, אז א גייסט קען מען ניט זעהען; נאר זיי גלויבען, אז ער קען זיך אריינכאפּען אין א פעטיש. דיא מכשפים צייגען דארום א געוויסען פעטיש, ווען זיי שמאַקצען אויס דעם בייזען גייסט פון דעם קראנקען. דערצו האלט דער מכשף אין זיין זעקעל א גאנצען פּעקעל מיט פעטישען, נאר ער מאכט עס אזוי קונציג, דאָס מען זאָל ניט זעהען וויא ער נעהמט ארויס דעם פעטיש פון זיין זעקעל. ער נעהמט געוויינליך ארויס פון זיין מויל א שטיינדעל, א פליעג, א. ז. וו. און צייגט עס דעם עולם, וועלכער גלויבט, אז דער בייזער גייסט איז דאָרט פערהאלטען אדער איינגעשפּארט געוואָרן פון דעם מכשף.

פיעלע רייזענדע בעשרייבען מערקווירדיגע פעלע פון משוגענע בעגייסטערונגען אונטער ווילדע פעלקער. ווילדע האָבען אזעלכע נערוועזע אטאקעס, וואס זיי שרייבען צו נאטירליך צו בייזע רוחות. זאָגאר שטארקע מענשען קריעגען מיט אמאָל קאָנוואולסיעס און ווארפען

זיך וויא עפּילעפּטיקער. זיי טאַנצען דאָז ווילד, שרייען מיט אַלע כוחות, לאָזען אַרויס שוים פון מויל און מאַטערן זיך אויס אַזוי לאַנג ביז זיי פאַלען אַניעדער אין אונמאַכט. אין דיזען צושטאַנד זיינען זיי געפעהרליך, דען זיי וואַרפען זיך אויף יעדען און שלאָגען און מאָרדען וועמען זיי טרעפען נאָר. מען מיידעט זיי דאַרום אויס און מען ציטערט צוצוקומען צו זיי. איינינע מיסיאָנערן האָבען בעריכטעט, אַז נעגערן האָבען געקראָגען אַזעלכע אַטאַקעס אדער שפּאַזמען באַלד נאָך דעם וויא זיי האָבען זיך בעקעהרט צום קריסטענטהום. ביי דיא מאַלאַיער פעלקער איז דאָ אַ ספּעציעלער וואָרט דאַפיר. זיי רופען עס „אַ מ אָ ק“. דאָס איז אַ מין רעליגיעזער משוגעת, וועלכער טרעפט גאָר ניט זעלטען. מיט אַמאָל הייבט איינער אָן צו לויפען און פערוואונדעט און טויטעט וועמען ער טרעפט נאָר. ער גלויבט אַז אין אַזאַ „בעגייסטערטען צושטאַנד“ מעג ער טאָן וואָס ער וויל. אַזעלכע אָנפעלע פון רעליגיעזען משוגעת טרעפען אויך זעהר אָפט ביי אינדיאַנער, אויסטראַליער און נעגערן. מען האָט נאָך ניט געגעבען אַ בעשטימטע וויסענשאַפטליכע ערקלערונג וועגען דיזע נערוועזע קראַנקהייטען; אבער איבעראַל האָבען ווילדע זיי אָנגענומען פאַר דיא אַרבייט פון גייסטער, פאַר אַ געטליכע בעגייסטערונג. אין דער וויסענשאַפט טראָגען דיזע היסטערישע אַטאַקעס דעם נאָמען „טייוועלשע אָנשיקענעס“, ווייל אַזוי האָט מען זיי בעטראַכטעט אין קריסטליכע לענדער אין מיטעלאַלטער, ווען דיזע נערווען־אַטאַקעס זיינען אויף פאָרגעקומען גאַנץ אָפט. אין יענע פינסטערע צייטען האָט עס ניט זעלטען געטראָפען, אַז גאַנצע שטעטלעך און זאָגאַר געגענדען זיינען אָנגעכאַפּט געוואָרן פון טייוועלשע אָנשיקענעסען, וועלכע פלעגען זיך פערשפּרייטען וויא אָנשטעקענדע קראַנקהייטען. אַלע האָבען זיך געפונען אין אַ מין היפּנאָטישען צושטאַנד. דאָס איז געווען אַ נערווען־עפּידעמיע. אין דער צייט פון דיא קרייץ־ציגע זיינען אַזעלכע אָנשיקענעסען געווען זעהר אָפט, ווייל דיא אַלגעמיינע אויפרעגונג איז געווען זעהר גרויס. דער רעליגיעזער פאַנאַטיזמוס האָט דערגרייכט צו דער העכסטער שטופע, און גאַנצע פעלקער זיינען איינפאַך פעררוקט געוואָרן. מאַסען מענשען זיינען אין מיטעלאַלטער געפּייניגט און פערברענט געוואָרן פון דיא גלחים

פאר דיזע „טייוועלשע אַנשיקענעסען“. עס איז גענוג געוועזן אַנצואווייזען אויף איינעם, אז ער האָט פערבינדונגען מיט׳ן טייוועל, אום זיין לעבען זאָל זיין אין געפאהר. בעזאָנדערס האָט מען פערפאָלגט אמת׳ע אדער זאָ־גענאַנטע מכשפות. מען פלעגט זיי עפענטליך פערברענען ביז ארום דער צייט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן. אין מיטעל־אַלטער האָט מען בוכשטעבליך אויסגעפיהרט דעם ביבלישען בעפעהל „מכשפה לא תחיה“. פיעלע פון דיזע פערברענטע פרויען זיינען איינ־פאך געוועזן היסטערישע און רעליגיעז־וואהנזיניגע, וועלכע האָבען זיך איינגעבילדעט, אז א געטליכער גייסט אָדער א טייוועל האָט זיך אריינגעכאַפּט אין זיי.

„טייוועלשע אַנשיקעניסען“ אָדער איבערהויפּט פעלע פון רעלי־גיעזע משוגעת און פון עפּידעמישע גייסטיגע קראַנקהייטען טרעפען אויך אין אונזער צייט. אין ספּעציעלע ביכער איבער גייסטיגע קראַנקהייטען זיינען פערצייכענט מאסען ווירקליך וואונדערבארע רעליגיעזע משוגעת׳ן און טייוועלשע אַנשיקעניסען. מיר קענען זיך דאָ, נאַטירליך, ניט אָפּשטעלען אויף דעם. אונזער צוועק איז דאָ נאָר צו צייגען, ווארום מען האָט איבעראַל געגלויבט אין מכשפים און איבערהויפּט אין בעגייס־טערטע מענשען. דאָס געזאָגטע איז גענוג דאפיר. איינינע געלעהרטע דיינקען זאָגאר, אז דיא טייוועלשע אַנשיקעניסען האָבען עס געפיהרט צו א גלויבען אין גייסטער.

פון דיא פריהערע שאַמאַנען האָבען זיך אין אינדיען ענטוויקעלט דיא היסטערישע פאַנאַטיקער, וועלכע זיינען בעקאַנט אונטער דעם נאָמען יאָגי אָדער פאַקירען און וועלכע בעווייזען ווירקליך וואונ־דערבארע קונצען. פיעלע פון זיי פייניגען זיך אויף דיא שרעקליכסטע אַרט. עס איז א וואונדער, וויא אזוי זיי האלטען אוים דיזע זעלבסט־פּייניגונגען.

דיא מכשפים האָבען זיך אָבער ניט בעשעפטיגט בלויז מיט היילען קראַנקע. זיי האָבען אויך אָנגעפאנגען צו געברויכען זייער איינ־געבילדעטע מאכט איבער דיא גייסטער אום ארויסצורופען רעגענס, אָפּצוהאַלטען פערפלייצונגען, שטורמען, ערדציטערניסען און איבערהויפּט

צו בעשיצען זייערע שטאמען פון אלעם בייזעס. צו גלייבער צייט האבען זיי אנגעפאנגען פארויס צו זאגען דיא צוקונפט דורך פערשיעדענע מיטעל, פיעלע פון וועלכע עס זיינען נאך פערבליבען ביז'ן היינטיגען טאג אפילו ביי דיא ציוויליזירטעסטע פעלקער. עס איז געוועזן גאנץ נאַ־טירליך צו גלויבען, אז דיא מענשען וואס קענען ארויסרופען אדער פעריאגען גייסטער, זאלען אויך קענען דערגעהן דורך זיי אלערליי געהיימניסע און זאגען נביאות. דאס איז געוועזן דער אנפאנג פון אלע אראקעל און וואהרזאגעריי. עס מאכט ניט אויס, אויב מען האט געברויכט דערצו פויגלעך, דיא אינגעווייט פון דיא קרבנות, דיא בע־וועגונגען פון שלאנגען, שטערן, פערשידענע פעטישען, א. ז. וו. דער צוועק און דיא רעזולטאטען זיינען געוועזן דיא זעלבע איבעראל און אין אלע צייטען.

ווענען דיא אראקעל האבען מיר שוין גערעדט אין דעם קאפיטעל איבער געריכטען. מען האט געברויכט אראקעל צו פערשיעדענע צווע־קען. אין אלע וויכטיגע אנגעלעגענהייטען האט מען זיי אנגעפרעגט און געהאנדעלט נאך זייערע אונדייטליכע און צוויידייטיגע אנטווארטען. אפילו אין גריכענלאנד און אין רוים האבען זיי געשפיעלט א וויכטיגע ראלע. מאסען מענשען פלעגען בעלאגערן דעם דעלפיער טעמפעל, וואו א־ר. עסטין, דיא שיין דערמאנטע פיטהיא, פלעגט געבען אנט־ווארטען, זיצענדיג אויף א דרייפוס איבער דיא עפענונג אין א בארג. זיא פלעגט זיך פריהער „בעגייסטערן" דורך פאסטען, געבעט, קייען לארבער־בלעטער א. ז. וו., אום דערמיט צו פערטרייבען אדער צו פערטויבען איהר אייגענעם גייסט און זיין צוגעגרייט אויפצונעהמען אין זיך דעם געטליכען גייסט. צוליעב דעם געברויך וואס דיא פיטהיא און אנדערע וואהרזאגערס האבען געמאכט פון לארבער־בלעטער, האט מען שפעטער בעטראכטעט לארבער פאר א סימבאל פון „בע־גייסטערונג". דיא גרעסטע עהרע פאר א גריכישען פאעט איז געוועזן צו קריעגען א לארבער־קראנץ, דען דערמיט האט מען אנערקענט זיין טאלענט און בעגייסטערונג. און אזוי איז עס פערבליבען ביי אלע אייראפעאישע פעלקער, וועלכע האבען איבערגענומען דיא גריכיש־רוימישע ציוויליזאציאן.

דורך דיזע איינגערעטע מאכט פּאָרויסצוזאָגען דיא צוקונפט און דורך דעם גאָטעסדיענסט, וואס דיא מכשפים האָבען אַלץ מעהר אַריינגענומען אין זייערע הענט, זיינען זיי עס ביסלעכווייז געוואָרן כהנים. אויב זיי האָבען זיך נאך בעשעפטיגט מיט קורירען קראַנק־הייטען, איז עס יעדענפאַלס נאר געווען אַ נעבענזאַך. דיא הויפּטאַרבייט פון דיא כהנים איז געוואָרן אויסצופיהרען דיא צערעמאָניעס, וועלכע זיינען געווען פערבונדען מיט דעם קולט פון גאַנצען שטאַם. יעדער פּאַטריאַרך האָט אָפּגעגעבען כבוד דיא גייסטער פון זיינע עלטערן נאך דיא אנגענומענע צערעמאָניעס; אבער דיא פערעהרונג פון דיא גייסטער, וועלכע זיינען גערעכענט געווען פאַר דיא בעשיצער פון גאַנצען שטאַם און שפּעטער פאַר דיא אַלגעמיינע גייסטער אדער געטער, איז שוין אויסגעפיהרט געוואָרן דורך דיא אָנפיהרערס אדער אנערקענטע פּריעסטער אין דער אַנוועזענהייט פון געמיינדעס. ווען מען האָט אָנגעהייבען צו בויען טעמפּלען צו דיא געטער, האָבען נאַ־טירליך דיא פּריעסטער דאָרט אָנגעהייבען צו פּראַווען דיא געמיינדע־צערעמאָניעס. זיי זיינען דורך דעם נאך מעהר געאַכטעט און געפירכטעט געוואָרן. מיר ווייסען, אַז ניט נאר ביי ווילדע פעלקער, זאָנדערן אויך ביי פעלקער אויף אַ גאַנץ הויכער קולטור־שטופּע איז רעליגיאָן אם ענגסטען פערבונדען מיט מאָראַל, געזעלשאַפטליכע פיהרונגען, געזעץ א. ז. וו. דיא פּריעסטער, וועלכע זיינען געוואָרן דיא פערמיטלער צווישען דיא געטער און מענשען און האָבען דאַרום בעשטימט וואס דיא געטער ווינשען, האָבען דורך דעם געקראָגען אַ גרויסע פּאָליטישע מאַכט, וויא מיר האָבען עס שוין געזעהען אין דיא קאַפּיטלעך איבער דער ענטוויקלונג פון שטאַאטען. מען קען זאָגען, אַז אַלע קולטור־פעלקער האָבען דורכגעמאַכט דיא צייט פון טהעאָקראַטיע, ווען דיא הערשער זיינען געווען פּריעסטער, וויא ביי אידען אין דער צייט פון דיא שופטים.

יעדענפאַלס האָבען זיך דיא כהנים, אין נאמען פון דיא גייסטער און געטער, אַריינגעמישט אין אַלע מענשליכע אַנגעלעגענהייטען. פון זיין געבורט ביז זיין טויט איז יעדערער געווען אַבהענגיג פון דיא כהנים, וועלכע האָבען אַלעס רעגולירט לויט נאך דעם קולטור־צושטאַנד. דעם

ניי־געבאָרענעם האָבען זיי געבענישט אין דעם נאָמען פון דיא גייסטער און פערהיט דורך אָפּשווערונגען געגען רוחות. ווען אַ בחור איז אָנגענומען געוואָרן אין דער געזעלשאַפט פון דערוואַקסענע מענער אָדער קריע־גערס, האָט מען זיך שוין אויך ניט געקענט בעגיין אָהן אַ פּריעסט. וויא מיר ווייסען עס שוין, איז דער איבערגאַנג פון אַ בחור אין אַ מאַן אויסגעפיהרט געוואָרן מיט פערשיעדענע צערעמאָניעס. דער צוועק פון דיזע צערעמאָניעס איז געווען צו קריעגען דיא בעשיצונג פון דיא גייסטער. דעם בחור פלעגט מען געבען אַ נייעם נאָמען נאָכדעם ער האָט געפאַסט אַ געוויסע צייט און דורכגעמאַכט פערשיעדענע קראַפט־פּראָבעס. אויף זיין קערפּער פלעגט מען אויסקריצען אדער אויס־שניידען דעם טאָטעם אדער דעם שטאַם־צייכען. ביי פיעלע פעלקער איז דיזע צערעמאָניע בעשטאַנען אין בעשניידונג אדער מלה, וועלכע דער פּריעסט פלעגט אויספיהרען. חתונות זיינען אויך ביס־לעכווייז געוואָרן אַ מיטעל פון דיא פּריעסטער צו האַלטען דיא גלויביגע אין צוים. דיא פּריעסטער אַליין מעהר האָבען איינגעפיהרט צו געבען אַ געטליכע הסכמה אויף דיא נאַטירליכע פערבינדונגען פון מאַן און פרוי.

דיא מכשפים, וואָס האָבען זיך בעשעפטיגט בלויז מיט קורירען קראַנקהייטען דורך פערטריבען רוחות אויף דעם אַלטען שטייגער, האָבען אַליין מעהר פערלאָרען זייער פריהערן איינפלוס אין געזעלשאַפטליכע אנגעלעגענהייטען. מען האָט פאַר זיי מורא געהאַט, אַבער מען האָט זיי אויך פעראַכטעט. דיא פּריעסטער האָבען זיך אַליין מעהר אָפּגע־טהיילט פון דיא איינפאַכע מכשפים. וויא געזאָגט, האָבען זיך דיא פּריעסטער אַליין מעהר אָפּגעגעבען צום אַלגעמיינעם קולט און האָבען איבערגעלאָזען דיא פּראָסטע אַרבייט צו קלענערע פּריעסטער און צו מכשפים אָדער מכשפות. וויא נאָר דיזע אָפּטהיילונג איז פאָרגעקומען האָט מען ניט נאָר אָנגעהויבען צו פעראַכטען דיא מכשפים, זאָנדערן אויך זיי צו פערפאָלגען, אָבוואָהל מען האָט ניט אויפגעהערט צו ווענ־דען זיך צו זייער הילפע ביי קראַנקהייטען.

דיא פערפאָלגונגען זיינען געקומען דורך דיא שווינדעל, וואָס מען האָט נאַטירליך געמאַכט מיט כישוף נאָך אין דיא עלטעסטע צייטען. עס פערשטעהט זיך, אַז שטענדיג האָבען זיך געפונען מענשען,

וואס האָבען זיך געוועלט בענוצען מיט כישוף צו זייערע אייגענע צוועקען און צו פערניכטען זייערע פיינדע. מען האָט געברויכט מכשפים צו אַלע צוועקען. דיא מכשפים זעלבסט האָבען, זעלבסטפערשטענד־ליך, אָנגעווענדעט זייער איינגעבילדעטע מאַכט איבער דיא גייסטער, אום זיך אָפּצווערבענען מיט זייערע געגנער און פיינד. מען האָט דאַ־רום גענומען צושרייבען קראַנקהייטען און אַנדערע צרות און אונגליקען צו דעם בייזען ווילען פון דיא מכשפים זעלבסט. ווילדע פעלקער גלויבען, אַז קראַנקהייטען קומען דורך דיא צויבערקראַפט פון בייזע מכשפים. מען בעשולדיגט אויך דיא מכשפים, אַז זיי מאַכען אָן טריקענעסען, שטורמען, א. ז. וו. ניט זעלטען טרעפט עס, אַז מען טויטעט מכשפים, אויף וועלכע מען וואַרפט אַרויף אַזעלכע בעשול־דיגונגען. נאָר מייסטענס געברויכט מען אַנדערע מכשפים אום אָפּצוציהען דעם אונגליק. ספּעציעל האָט מען פערפאָלגט און אויס־געלאָזען דעם צאָרן צו מכשפות. מען פלעגט זיי אומברייגגען נאָך אין דיא עלטעסטע צייטען. דער ביבלישער בעפעהל „מכשפה לא תחיה“ איז אויסגעפיהרט געוואָרען ביי אַלע קולטור־פעלקער. דיא פרוי, וואָס מען האַלט פאַר א מכשפה, איז נאָך אין לעבענסגעפאַהר אפילו אין ציוויליזירטע לענדער.

דיא אורזאַכען פון דיא ספּעציעלע פערפאָלגונג פון מכשפות איז געקומען דורך דעם, וואָס זיי האָבען שוין קיין שייכות ניט געהאַט מיט׳ן קולט, וויא דיא מכשפים. זייט דיא פּאַטריאַרכען האָבען פער־נומען דעם פּלאַץ פון דיא פרויען ביי דיא צערעמאָניעס צו עהרע פון דיא פאַמיליען־גייסטער, האָבען שוין דיא פרויען גאַנץ ווייניג וואָס געהאַט צו טאָן מיט׳ן קולט. נאָר אין געוויסע טעמפּלען צו עהרע פון אַלטע געטינען זיינען פרויען, מייסטענס בתולות, אָנגעווענדעט געווען צום גאָטעסדיענסט. זיי זיינען אייגענטליך געווען קרבנות צו דיא געטינען. זייער אויפאָפּפערונג איז בעשטאַנען אין דעם, דאָס אָדער זיי האָבען גאָר קיין פערקעהר ניט געהאַט מיט מענער אָדער זיי האָבען זיך געמוזט אָפּגעבען צו יעדען מאַן ביי געוויסע צערעמאָניעס. וועגען דיא פּראָסטיטוציאָנס־טעמפּלען פון בבל און פון אַנדערע לענדער ווייסען מיר שוין פון דיא קאַפּיטלעך איבער דיא ענטוויקלונג פון פאַמיליע.

נאר דיא עלטערע פרויען, וואס האבען פארטגעזעצט דיא אלטע כישוף־מאכעריי אלס א לעבענס־מיטעל, זיינען פערבליבען איינפאכע מכשפות אהן דיא פערהייליגונג וואס דיא מענער האבען געקראגען דורך דעם גאטעסדיענסט, און דארום האט מען זיי אנגעפאנגען צו בעטראכטען אלס פערבונדענע נאר מיט בייזע גייסטער אדער שדים. דער רעזולטאט דערפון איז געווען דער אלגעמיינער אבערגלויבען, אז מיט זייער כישוף און פריינדשאפט מיט דיא שדים מאכען זיי אן דיא גרעסטע צרות, ווען זיי ווילען עס נאר. דיזער אבערגלויבען איז נאך פערבליבען ביז היינט צו טאג. דיא ערגסטע צייט האבען מכשפות געהאט אין קריסטליכע לענדער אין מיטעלאלטער. מען האט זיי דאן געפייניגט און געברענט איינפאך צוליעב דעם, ווייל מען האט געגלויבט, אז זיי זיינען פערבונדען מיט'ן טייוועל.

דיא לאגע פון דיא פריעסטער־מכשפים איז אלץ העכער געווארן, וואס העכער עס האט געשטיגען דיא אלגעמיינע קולטור. מען האט געקראגען א העכערן בעגריף פון געטער און מען האט אויך מעהר געאכטעט און בעסער בעלוינט דיא מענשען, וואס האבען זיך אפגעגעבען צום גאטעסדיענסט, וועלכער איז אויך אלץ מעהר פערבונדען געווארן מיט געהיימניסע און געוויסע קענטניסע, וועלכע מען האט געמוזט שטודירען. פריעסטער האבען אויך געמוזט קענען לעזען און שרייבען. ניט יעדערער האט שוין געקענט ווערן א פריעסט, ווען ער האט עס נאר געוועלט. עס זיינען אויך ביסלעכווייז ענטשטאנען העכערע און נידעריגדרע פריעסטער—א גאנצער שטאב פון גייסטליכע. דיא נידעריגערע האבען זיך נאך בעשעפטיגט בלויז מיט כישוף־מאכעריי, בעזאנדערס מיט פארויסזאגען דיא צוקונפט דורך פערשיעדענע סמנים, אבער דיא העכערע האבען זיך שוין בעשעפטיגט נאר מיט דעם קולט און מיט שטאאטס־אנגעלעגענהייטען. זיי זיינען דארום אלץ רייכער און מעכטיגער געווארן. אין דיא קולטור־לענדער, וואו זיי האבען דערגרייכט דיא העכסטע מאכט, האבען זיי געזוכט צו פערעוויגען זייער הערשאפט דורך דיא איינטהיילונג פון פאלק אין קאסטען. זיי האבען געלערנט, אז דיא געטער אליין האבען אזוי סארטירט דיא מענשען און אז יעדערער מוז געהערן צו דעם שטאנד, אין וועלכען

ער איז געבאָרען געוואָרן. זיי האָבען נאַטירליך פערנומען דעם העכסטען ראַנג. דיא בראַמינען, וועלכע האָבען איינגעפיהרט דיא שטרענגסטע קאַסטען־פערטהיילונג אין דער וועלט, האָבען גערעכענט, אַז זיי שטאַמען פון בראַמאַ׳ס קאָפּ. דאַס האָט בעדייטעט, אַז זיי זיינען געשאַפען געוואָרן צו זיין דיא פיהרערס פון פאָלק, און אַזוי איז עס אויך געווען. קאַס־טען זיינען קלאַסען בירושה. דיא קאַסטען־פערטהיילונג איז אייגענטליך געווען נאָך דיא שטאַנדען אדער קלאַסען, וואָס האָבען זיך געבילדעט מיט דער ענטוויקלונג פון שטאַאַטען, נעמליך: פריעסטער, קריעגערס, האַנדעלסלייטע און האַנדוווערקער. נאָר דער צוועק פון דער איינ־פיהרונג פון קאַסטען איז געווען צו געבען א געטליכע הסכמה אויף דיא קלאַסען־פערטהיילונג, אום דיא נידעריגערע קלאַסען זאָלען ניט פראָטעסטירען און ניט מאַכען אויפשטענדע און אויך אום דיא בעשעפטיגונגען זאָלען איבערגיין בירושה פון דיא עלטערן צו דיא קינדער. דיא העכערע קלאַסען האָבען דורך דעם פערזיכערט דיא צוקונפט פון זייערע קינדער אויף דור דורות און דער פריעסטער־קלאַס האָט רוהיג געקענט אָנהאַלטען זיין אויבערהערשאַפט.

אפילו אין דיא לענדער, וואו דיא פריעסטער איז ניט געלונגען איינצופיהרען אזא שטרענגע קאַסטען־פערטהיילונג וויא אין אינדיען אדער אין מצרים, האָבען זיי דאָך זיך בעטראַכטעט אלס א העכערע קאַסטע און האָבען שטרענג אָפּגעהיט זייערע פריווילעגיעס. וואָס פאַר א ראָלע דער פריעסטער־קלאַס האָט געשפיעלט אין דער געזעל־שאַפטליכער ענטוויקלונג, האָבען מיר שוין ערקלערט אין דיא קאַפּיטלען איבער שטאַאַטען און געריכטען. דאַרום וועלען מיר זיך מעהר ניט אָפּשטעלען אויף דיזען פונקט. אין דיזען קאַפּיטעל האָבען מיר נאָר גע־זוכט צו ערקלערן, וויא אַזוי עס זיינען אויפגעקומען מכשפים און פריעסטער. דאַס אויבענגעזאָגטע איז גענוג פאַר אונזער צוועק. מיר וועלען יעצט איבערגיין צו א בעטראַכטונג פון דיא לעהרען און סודות פון דיא פריעסטער אין דיא פאַרצייטיגע קולטור־לענדער און דערמיט וועלען מיר ענדיגען אונזער נאַכפאָרשונג וועגען רעליגיאָנען.



# איין און צוואַנציגסטער קאַפּיטעל.

## מיטהאָלאָגיע.

מיטהען און פאָרשטעלונגס־קראַפט. — פּלאַנעטערס און ווידערשפּריכע אין מיטהען. — מיטהאָלאָגישע סיסטעמען. — דיא זון אלס צענטראַל־פּונקט פון מיטהאָלאָגיע. — מיטהען וועגען דיא מאָרגענרעטהע אלס דיא בתולה־מוטער פון דער זון. -- מיטהען וועגען איזיס. — דיא דריי־אייניגקייט פון דעם זונען־מיטה. — דער געבורטסטאָג פון דער זון און פון זונען־געטער. — דיא קרייציגונג, טויט און אויפלעבונג פון דער זון און פון זונען־געטער. — דער זונען־מיטה און דיא שפּאַנישע גלחים אין מעקסיקאָ. — דיא ריכטיגע בעדייטונג פון פּאַל־לוס־קולט. — לינגאַ און יאָני. — פּאַללוס־פּראָצעסיאָנען לכבוד באַקכוס. — פערא‌ייניגונג פון זונען־ און פּאַללוס־קולט מיט זייערע סימבאָלען. — פּאַללוס־קולט ביי אידען. — פערגעטערער פון לינגאַ און יאָני אין אינדיען. — קרייצען אין דעם פּאַללוס־קולט. — דער אידישער תו־קרייץ. — קרייצען אין מצרים. — דער לינגאַ־יאָני קרייץ. — אַ בראַמינישע פאָרשטעלונג פון אַ זעלבסטגעשאַפע־נעם גאָט מיט זיינע הויפּט־סימבאָלען. — נאַטירליכער פּאַללוס־קולט.— שלוס.

---

מיר האָבען שוין גנעהאַט דיא געלעגענהייט אָנצואווייזען אין דעם קאַפּיטעל איבער דער פּעוּגעטליכונג פון ווערטער און צאָהלען, אז אפילו ביי דיא ווילדעסטע פעלקער, וואס האָבען נאָך קיין בעשטימ־טען גאָטעסדיענסט, האָט מען צוזאַמענגעקליבען פיעלע מיטהען. עס קען איבערהויפּט קיין צווייפעל ניט זיין, אַז וויא נאר מענשען האָבען זיך געקענט צוזאַמענריידען און געקראָגען געוויסע בעגריפע וועגען רוחניות, האָבען זיי אויך גענומען פּערפאַסען געשיכטען וועגען נשמות

ן גייסטער. אין דיזע פאַנטאַסטישע געשיכטען האָבען זיי אויסגע־
יקט ניט נאר זייער בלינדען גלויבען אין איבערנאַטירליכעס, זאָנדערן
יך זייער בעגריף וועגען דיא נאַטור אַרום זיי. יעדער מיטה איז
גלייך געוועזן רעליגיאָן און פילאָזאָפיע. וואס מעהר מענשען האָבען
ע ענטוויקעלט, זיינען זייערע מיטהען געוואָרן ניט נאר פיינער און
עלער, זאָנדערן אויך פערשיעדענער און צאָהלרייכער. א העכערע
אָרשטעלונגס־קראַפט האָט אַלין געשאַפען שענערע און קינסטליכערע
לדער וועגען נשמות, גייסטער און געטער.

אזעלכע בילדער, וויא דיא באַטאָקודען, בעגנוגענען זיך דערמיט
אס זיי לאָזען איבער צו דיא נשמות זייערע אָריכע געצעלטען, וואו
י בעגראָבען זייערע טויטע. ווייטער קימערן זיי זיך גאַניץ ווייניג
עגען דעם טויטען און זיין נשמה. דיא נעגערן פון וועסט־אַפריקאַ
ייען שוין ספּעציעלע הייזלעך פאַר זייערע גייסטער, זאָ דאָס עס
ינען דאָ גאַנצע „דערפער פון טויטע", וואו מען פראַוועט פון צייט
י צייט רעליגיעזע צערעמאָניעס און מען האַלט אויך ירידען. דאַס
ליין צייגט, אַז זייערע פאָרשטעלונגען וועגען נשמות זיינען שוין פיעל
עכער, וויא ביי דיא באָטאָקודען. זיי האָבען אויך א בעגריף וועגען
לעבען אויף יענער וועלט. דיא אַלטע עגיפּטער האָבען שוין
ערקווירדיג געזאָרגט וועגען נשמות. זיי האָבען זיך פאָרגעשטעלט,
ז דיא נשמות אַקערן און זייהען, פאַנגען פיש און יאָגען זיך נאָך
יות, פאָהרען אַרום אויף א הייליגע שיפעל איבער דעם נילוס און
יבער'ן הימעל־געוועלב, א. ז. וו. וואס פאַר ענדערונגען און וואַנ־
ערונגען מאַכען ניט דורך דיא נשמות אין דיא פאַנטאַזיעס פון דיא
צריים און בראַמינען! וואס פאַר א מאַסע געשיכטען עס זיינען
ערפאַסט געוואָרן בלויז נאר וועגען דעם אַליין ביי אַלע קולטור־פעלקער!
נשמה האָט אין פערלויף פון אונצעהליגע יאהרען געקענט אַריבער־
אַנדערן פון דעם קלענסטען ווערימעל אין אַלערליי חיות ביז צו
קעניג און נאכהער זיך אָפּטראָגען ערגעץ אין הימעל. דאָס האָט
עגעבען שטאָף צו א גאַנצע רייהע פאַנטאַסטישע און זאָגאַר ראָמאַנטישע
עשיכטען, פיעלע פון וועלכע עס [illegible] אין דיא
עכסטע רעליגיאָנען פון אונזער צייט.

וועגען דיא געטער האָט מען פערפאַסט אַלערליי געשיכטען. נאר אָפּט האָבען זיי זיך ווידערשפּראָכען, אָפּט האָט זיך איין מיטה בעצויגען אויף געטער מיט פערשיעדענע נעמען און מעלות, אָפּט האָט מען אויך צוגעשריבען אלין פערשיעדענערע מעלות צו איין גאָט. וואס ווייטער איז אַלין ענטשטאַנען א גרעסערער פּלאָנטער וועגען דיא מאַכט און ממשלה פון דיא געטער. איין גאָט האָט געטראָגען פערשיעדענע נעמען, און אנדערער איז גאָר אַראָפּגעזעצט געוואָרען פון זיין טראָן, א דריטער איז אין איין אָרט מעהר פערעהרט געוואָרען, א. ז. וו. ווען מען שטודירט דיא מיטהאָלאָגיע פון דיא אַלטע עגיפּטער, פּערסען, אינדוסען, גריכען א. ז. וו., ווערט מען צוערשט צומישט און צודולט פון דיא פּלאָנטערס און ווידערשפּריכע, וועלכע מען טרעפט אויף יעדען שריט. מען מוז דארום דיא פערשיעדענע געטער קלאַסיפיצירען אין א געוויסע סיסטעם, אום א טאָלק צו דערגיין.

דיא צומישענעס איז ענטשטאַנען דורך דעם, וואס מען האָט ניט פערשטאַנען דיא נאַטירליכע ערשיינונגען און זייערע ווירקונגען. לאָמיר, צום ביישפּיעל, בעטראַכטען דיא ווירקונגען פון דער זון. זיא שטעלט צו ליכט, וואַרעמקייט, לעבט אַלעס אויף, מאַכט פרוכטבאַר דיא ערד. מען האָט איהר דארום פערגעטערט אלס דעם גאָט פון ליכט, וואַרעמקייט און פרוכטבארקייט. אין דער זעלבער צייט האָט מען אויך פערעהרט ספּעציעלע געטער פון ליכט, פייער, פרוכטבאַרקייט. דיא שטערן און דיא לבנה ברייננען אויך ליכט, פייער שטעלט צו וואַרעמקייט, רעגען ברייננט פרוכטבארקייט. דיא ערד זעלבסט שפּיעלט דאָך אויך א האָלע אין דער פרוכטבארקייט, דען ניט דיא זון און ניט דיא רעגענס קענען מאַכען וואקסען פלאנצען אויף היילע שטיינער, אין וויסטעניסען. דיא זון, דיא ערד, דער ים, טהוי, רעגענס, טייכען, בויך מער זיינען דארום פערעהרט געוואָרען אלס געטער פון פרוכטבאַקקייט. איין זאַך אדער, ריכטיגער, איין נאַטירליכע ערשיינונג האָט אלזאָ גע־האָט פערשיעדענע געטער, דאָס זעלבע איז אויך געווען אין אַנדערע פעלע. דיא ווירקונג פון יעדען גאָט בעזונדערע איז ניט קלאָר געווען

דיא מאַסען האָבען אַלעס פערגעטערט, האָבען זיך געבוקט צו

אלע געטער, וואס פאר נעמען זיי האבען ניט געטראגען און וואס פאר ווידערשפרעכענדע מעלות מען האט זיי ניט צוגעשריבען, אבער דיא פריעסטער האבען ניט געקענט אזוי בלינד גלויבען, זיי האבען געמוזט נאכדענקען וועגען דיא קראפט פון יעדען גאט און איבערהויפט וועגען דיא נאטירליכע קרעפטע. זיי האבען דארום אלץ מעהר גענומען זוכען אינהייט אין דיזען פלאנטער מיט פערשיעדענע געטער, דער רעזולטאט דערפון איז געוועזען א מיטהאלאגישע סיסטעם מיט הויפטגעטער און פערשיעדענע אונטערהעלפערס. ביסלעכווייז האבען דיא פריעסטער אלץ מעהר אנגעפאנגען צו בעטראכטען דיא אלטע גייסטער פון נאטור־זאכען אלס אבסטראקטע געדאנקען וועגען נאטור־קרעפטע. זיי האבען שוין, צום ביישפיעל, ניט פערעהרט דיא זון אלס א פייער־דיגען קרייז, אלס א קערפער, זאנדערן אלס א קראפט. א קרייז מיט שטראהלען, ארום איז שוין פאר דיא פריעסטער ניט געווען א פעטיש, זאנדערן א צייכען אדער סימבאל פון דער זונען־קראפט. שליסליך האבען פריעסטער פון דיא אלטע קולטור־פעלקער נאר פערעהרט דיא געהיימניספאלע נאטורקרעפטע דורך געוויסע צערעמאניעס און סימבאלען, וועלכע זיי האבען ספעציעל בעדארפט האבען פאר'ן פראסטען פאלק.

דיא כהנים פון מצרים און פון אנדערע פארצייטיגע לענדער האבען ביסלעכווייז ענטוויקעלט איין רעליגיאן פאר זיך און אן אנדערע פאר'ן פאלק. זייער אייגענע רעליגיאן איז בעשטאנען אין א פילאזאפישע בעטראכטונג פון דער נאטור און אין מיסטעריעס אדער סודות, וועלכע זיינען פארגעשטעלט געווען דורך געצקעס און סימבאלען, דאס פאלק האט זיך געבוקט צו דיזע געצקעס און צייכענס וויא צו פעטישען. דעם ריכטיגען אינהאלט פון דיא צערעמאניעס און דיא ריכטיגע בעדייטונג פון דיא סימבאלען האבען נאר געוואוסט דיא פריעסטער. דער עולם האט דערפון ניט געטארט וויסען.

קורץ, אין אלע קולטור־לענדער האט מען ביסלעכווייז סארטירט דיא פערשיעדענע געטער און געשאפען הויפטגעטער און מיטהאלאגישע סיסטעמען, וועלכע זיינען אייגענטליך געווען פילאזאפיען וועגען דיא נאטור.

דיזע סיסטעמען שיינען צו זיין פערשיעדען; אבער ווען כ
פאָרשט זיי נאָך גרינדליך, זעהט מען, אז זיי זיינען זעהר עהנלי
וויעדער און אָבער טרעפען מיר דיא געטער פון דער זון, פון דער ער
פון דער לבנה, א. ז. וו. אויסגעשטעלט אין א געוויסע רייהע, מייסטע
פאָרענווייז, אלס־פאָטער און זוהן אָדער אלס מאַן און פרוי. מיר ק
נען זיך ניט אריינלאָזען אין איינצעלהייטען איבער אלע מיטהאָלאָגי
סיסטעמען. דער נייגיריגער לעזער קען געפינען איינצעלהייטען
ספעציעלע ביכער איבער מיטהאָלאָגיע. מיר ווילען זיך דאָ נאָר אָ
שטעלען אויף דעם צענטראל־פונקט פון אלע מיטהאָלאָגי
סיסטעמען און, מען קען אויך זאָגען, פון אלע ענטוויקעלטע רעליגיאָנ
דיזער צענטראל־פונקט איז דער צענטער פון אונז
וועלט: דיא זון. ארום דעם זונען־גאָט ווערן גרופירט אלע
בעריגע געטער, וואס פאר נעמען און בעדייטונגען זיי זאָלען
האָבען. אנדערס האָט עס גאָר ניט געקענט זיין. וויא נאר ז
פריעסטער האָבען גענומען נאכדענקען וועגען דיא העכסטע און גרעס
קראפט, האָבען זיי געמוזט קומען צום שלוס, אז דאָס איז דיא
עס מאכט ניט אויס וויא מען האָט גרופירט דיא זון מיט אנדע
געטער און געטינען—דער אינהאלט איז פערבליבען דער זעלבער, ז
זון איז פערבליבען דער הויפט־גאָט.

דורך דיא שיינבארע בעוועגונגען פון דער זון איז ביי א
קולטור־פעלקער ענטשטאנען א מיטה, וועלכער ווערט גערופען ד
זונען־מיטה און וועלכער איז א פאָעטישע און פאנטאסטישע פ
שטעלונג פון איהרע אויפטואונגען. מיר ווייסען יעצט גאנץ גוט,
דיא זון שטעהט אויף איין אָרט און אז דיא ערד מיט אלע אנדע
פלאנעטען דרייהען זיך אַרום איהר. אבער אין אונזער שפראך זיי
נאך פערבליבען דיא אלטע אויסדריקע, וויא „דיא זון געהט אוי
„דיא זון געהט אונטער", „דיא זון בעהאלט זיך הינטער דיא וואָלקענ
א. ז. וו. אפילו אין דער אסטראָנאָמיע געברויכט מען אזעלכע פאל
אויסדריקע, ווייל מען איז צו זיי צוגעוואָהנט. אין פארצייטיגע יאָה
האָט מען זיך פאָרגעשטעלט דיא זון אין א שטענדיגען קאמפף נ
שטורמען, וואָלקענס און איבערהויפט מיט דער פינסטערניס

קלט. איהר ערשיינען אויפ'ן הימעל איז אויפגענומען געוואָרן מיט
פידע אלס אָנקינדיגונג פון לעבען, איהר פערשווינדען האָט מען
אפגענומען מיט טרויער אלס אָנקינדיגונג פון טויט. אין דיא
ויים פון דיא היילינע ביכער פון אינדיען ווערט אויף פערשיעדענע
אטען בעזונגען דיא פראכט און קראפט פון דער זון. זיא טראָגט
רטען צוואנציג פערשיעדענע נעמען, וועלכע בעצייכנען איהרע מעלות
וז סוריא (גלענצענדער), מיטרא (פריינד), אריאמאן (גרויס־
טהיגער), פושנא (ערנעהרער), טוואשטאר (בורא), דיוואס־
פוטי (הערר פון הימעל), א. ז. וו.

„איינע פון דיא ערשטע זאכען, וועלכע מוזען ווירקען אויף
ם גייסט פון מענשען און פאר וועלכע מען האָט באלד בעדארפט
ען א צייכען אָדער א נאָמען, איז זיכער דיא זון, שרייבט
אָפעסאָר מאַקס מיללער אין זיינע בעריהמטע נאכפאָרשונגען איבער
ליגיאָנען. עס איז פאר אונז שווער צו בענעהמען דיא געפיהלע פון
ז ערשטע איינוואָהנער אויף דער ערד, ווען זיי האָבען געקוקט אויף
ר זון; אדער צו פערשטיין, וואס זיי האָבען געמיינט מיט א מאָרגען־
גבעט אדער מיט א מאָרגען־קרבן... שטעלט זיך פאָר א מענשען אין
ז גאָר ערשטע צייטען, ווען דיא זון וועקט איהם פון זיין שלאָף. איז
ן דער זונען־אויפגאנג ניט געווען פאר איהם דער ערשטער וואונדער,
ר אָנפאנג פון יעדען נאכדיינקען, פון יעדע פילאָזאָפיע? אין דיא שי־
ם פון דיא וועדא (היילינע בראַמינען ביכער) פרעגט דער פאָעט,
יב דיא זון וועט ווידער אויפגיין, וויא אזוי זיא קען קלעטערן איבערן
מעל, ווארום זיא פאלט ניט ארונטער, ווארום זיא מאכט קיין שטויב
ט אויף איהר וועג? און ווען דיא מאָרגען־שטראהלען הייבען איהם
יף און רופען איהם צו א נייעם לעבען, ווען ער זעהט דיא זון, וויא
זאָגט, אויסציהענדיג איהרע גאָלדענע הענט צו בענטשען
א וועלט און צו רעטען איהר פון שרעק און פינסטערניס, דאן שרייט
ן אויס: „שטעהט אויף! אונזער לעבען, אונזער גייסט איז צוריק געקומען!
א פינסטערניס איז אוועק, דיא שיין קומט אָן"!

פראפעסאָר מאַקס מיללער האָט פערצייכענט פיעלע שטעלען
ן דיא היילינע בראַמינען ביכער, אין וועלכע דיא זון ווערט פאָרגע־

שטעלט אלס „דער בעשיצער פון יעדער זאך וואס בעוועגט זיך, אדער וואס רוהט, פון אלעס וואס עקזיסטירט", אלס „דער גאט צווישען אלע געטער, דער געטליכער פיהרער פון אלע געטער, דער הערשער פון מענשען און פון אלע חיות", א. ז. וו. דארט ווערט אויך ערקלערט אז דיא זון זעהט אלעס, אז קיין זאך קען זיך פון איהר ניט בעהאלטען, אז זיא ווייס אלע געדאנקען פון דיא מענשען. דיא שטערען אנטלויפען פאר דיא אלעס־זעהענדע זון וויא גנבים. דיא זון ווערט דארט אויך געבעטען צו־פערטרייבען בייזע חלומות.

פיעלע אנדערע געלעהרטע, וועלכע האבען גרינדליך נאכגעפארשט דיא מיטהאלאגיען פון פערשיעדענע פעלקער, זיינען געקומען צום שלוס אז דיא באראקטערען פון אלע זכר און נקבה געטער ביי דיא פארצייטיגע קולטור־פעלקער שמעלצען זיך צוזאמען, ביז עס בלייבט צוויי אדער איינער. דיא גאנצע מענגע פון געטער און געטינען אין גריכענלאנד און רוים שטעלען נאר פאר אויף פערשיעדענע ארטען און מיט פערשיעדענע נעמען דיא קרעפטע פון דער נאטור און ספעציעל פון דער זון.

דיא טעגליכע און יעהרליכע בעוועגונג פון דער ערד ארום דער זון זיינען געשילדערט געווארען מיט פאעטישע בילדער און נאכהער מיט סימבאלען. דאס האט געגעבען שטאף צו פיעלע מערקווירדיגע מיטהען. דיא זון אין פריהלינג און זומער איז פארגעשטעלט געווען אלס דער ערלייזער פון מענשען. דיא זון אין ווינטער, ווען זיא פערליערט איהר שעפענדע קראפט, איז פארגעשטעלט געווארען אלס א געפייניגטער און געקרייציגטער גאט. דיא מארגענרעטהע איז פארגעשטעלט געווארען אלס דיא מוטער פון דער זון. אין דיא שירים פון ריג־ווערא (דיא עלטעסטע בראמינען־ביכער) ווערט דיא מארגענרעטהע, וועלכע איז פערגעטערט געווארען אונטער דעם נאמען אדיטי, גערופען „דיא מוטער פון דיא שיינענדע געטער". דארט ווערט אויסדריקליך געזאגט, אז זיא האט געבארען דיא זון. אין שפעטערע הייליגע ביכער פון דיא בראמינען, נעמליך אין ווישנו־פוראנא, ווערט דעוואקי, דיא בתולה־מוטער פון דעם אינדישען גאט־ערלייזער, קרישנא, גערופען אדיטי, דאס

הייסט; דיא מארגענרעטהע, אין דעם הייליגען בראמינען־בוך מ א ה א ב ה א ר א ט א ווערט קרישנא גערופען „זוהן פון אדיטי“. א י נ ד ר א, דיא זון, דער גרעסטער גאט פון דיא אלטע אינדוסען, וועלכער איז אין איינינע ערטער פון אינדיען פערעהרט געווארן אלס דער ג ע־ק ר ייצ י ג ט ע ר ג א ט, ווערט אין דיא וועדא־שירים פארגעשטעלט אלס דער זוהן פון דער מארגענרעטע.

עס איז פעסטגעשטעלט פון געלעהרטע נאכפארשער, אז דיא וועדא־געטער א ג נ י, א י נ ד ר א, מ י ט ר א, א. ז. וו. שטעלען אלע פאר אדער פערזאניפיצירען דיא זון.

אין מצרים איז איזיס, דיא בתולה־מוטער פון דעם עגיפּטישען משיח ה א ר ו ס, אויך נאר געווען א נאמען פון דער מארגענרעטהע. זיא איז פארגעשטעלט געווען אלס א ד ו נ ק ע ל ע פ ר ו י (דער דונ־קעלער קאליר האט בעצייכענט דיא שיין, וועז עס הייבט אן צו טאגען) מיט א קינד (הארוס) לעבען איהר ברוסט. נ ע י ט ה איז גערעכענט געווען פאר דיא העכסטע געטין אין מצרים. זיא האט געהערשט צוזאמען מיט דעם זכר־גאט אמאן אין דעם העכסטען הימעל. מען האט איהר אויך גערופען „מוטער פון געטער“, „מוטער פון דער זון“. זיא איז פערעהרט געווארן אלס דער ווייבליכער אנפאנג פון אלע זאכען, אמאן — אלס דער מענליכער אנפאנג. דיא טעמפלען צו איהר עהרע זיינען געווען ריזיגע. אויף איינעם פון דיזע טעמפלען האט מען געפונען פאלגענדע אויפשריפט: „איך בין אלעס וואס עס איז געווען, וואס עס איז, וואס עס וועט זיין. קיין שטערבליכער האט נאך ניט אויפגעהויבען דעם ש ל י י ע ר וואס בעהאלט מיך. מ י י ן פ ר ו כ ט א י ז ד י א זון“.

איזיס איז אויך בעטראכטעט געווארן אלס דיא געטין פון דער ערד. אין פיעלע מיטהען ווערט דיא שווארצע ערד אנגענומען אלס דיא מוטער פון דער זון. נאך מייסטענס ווערט דיא ערד פארגע־שטעלט אלס דיא פ ר ו י פון הימעל. נאך דיא עגיפּטישע מיטהאלאגיע ווערט דיא ערד ב ע ש א ט ע נ ט פון הימעל. דיא פרוכט פון דיזער פערבינדונג איז א ז י ר י ס, דיא זון. אלס מוטער פון דער זון, ווערט דיא ערד אויך פארגעשטעלט וויא א בתולה. איבערהויפּט

אלע זונען־מוטערס, וואָס פאַר פערשיעדענע נעמען זיי האָבען ני
געטראָגען אפילו ביי איין פאָלק, ווערן שטענדיג געהאַלטען פ
בתולות. זייערע קינדער זיינען ארויסגעקומען דורך דיא ווירקונג
היילינען גייסט, מיט וועלכען מען האָט בעצייכענט דיא גאַנ
נאטור. דערמיט האָט מען אין א מענשליכע פאָרמע פאָרגעשטעל
דיא זעלבסט־שעפּפענדע נאַטור. נאָך דיא פאַרצייטיגע פּאָעטיש
שילדערונגען געהט דיא זון ארויס פון דעם שויס פון דער מאָרגע
רעטהע, וועלכע בלייבט אונשולדיג וויא א בתולה, דען קיין זכר ה
מיט איהר קיין געשלעכטליכען פערקעהר ניט געהאַט. זיא שאַ
אליין, פון זיך זעלבסט. אלע זונען־געטער—אינדישע, עגיפּטישע, פּע
סישע, כאַלדעאישע, מעקסיקאַנישע, גריכיש־רוימישע, א. ז. וו.—וו
יעדענפאַלס גערעכענט פאַר געבאָרענע פון בתולות. ווען מען פאָרש
נאָך דיא בעדייטונג פון דיא נעמען פון דיזע אלע געטליכע בתול
געפינט מען אויס, אז זיי בעציהען זיך מעהר אָדער ווייניגער אויף ד
מאָרגענרעטהע.

קורץ, עס קען קיין שום צווייפעל ניט זיין, דאָס דיא מאָרגע
רעטהע איז גערעכענט געווען פאַר דיא בתולה־מוטער פון דער
אָדער איבערהויפּט פון גאָט. צוערשט זיינען אזעלכע אויסדריקע וו
„דיא מאָרגענרעטהע האָט געבאָרען דיא זון", „דיא זון איז ארויס
דעם שויס פון דער מאָרגענרעטהע", א. ז. וו. געווען נאָר פּאָעטיש
מען האָט איינפאַך אויסגעדריקט מיט פיינע ווערטער דאָס וואס ד
אוינען האָבען געזעהען. נאָר שפּעטער האָט מען דיזע אויסדרי
פּערזאָניפיצירט, דאָס הייסט אומגעוואַנדעלט אין מענשליכע פּאָ
מען, און מען האָט עס אָנגענומען פאַר א טיעפען סוד פון דער נאַטו
מען האָט דיזע נאַטירליכע ערשיינונג אלין מעהר גענומען בעטראַכט
אלס א פאָרשטעלונג פון דער זעלבסטשאַפּענדער קראַפט פון ד
נאַטור. דער איינפאַכסטער נאָמען פאַר דיזען בעגריף איז געווען בתול
מוטער. עס פערשטעהט זיך, אז מען האָט דאָך ניט געקענט
נעהמען, דאָס דיא זון ווערט געבאָרען פון דער מאָרגענרעטהע אָד
דורך א בעהעפטונג פון דער ערד מיט'ן הימעל, גראַדע אזוי ו
מענשען ווערן געבאָרען.

ווען מיר נעהמען אין אנבעטראכט דיזע פארצייטיגע אויסדריקע און פארשטעלונגען, וועלען מיר שוין לייכט פערשטיין דיא אנדערע איינצעלהייטען פון דעם מערקווירדיגען זונען־מיטה. דער אלגעמיין פערשפרייטעטער גלויבען אין א גאט־פאטער, אין א געטין־מוטער און אין א גאט־זוהן; ווערט אונז דאן פערשטענדליך. [illegible] געשטעלט דעם הימעל, דיא געטין־מוטער [illegible] עטהע אדער דיא ערד, דער גאט־זוהן—דיא זון. ווען מען האט גערעכענט דיא מארגענרעטהע פאר דיא מוטער פון דער זון, איז דער פאטער שוין פארגעשטעלט געווען אלס דער היילינער גייסט. אפט האט מען דעם זעלבען גאט גערופען מיט פערשיעדענע נעמען, אפט האט מען צוזאמענגעמישט דיא איינבילדונגען וועגען זייער נאטור, זא דאס דערפון איז אין אלע מיטהאלאגיען ענטשטאנען א גרויסער פלאנטער. מיר ווייסען שוין, אז דיא עגיפטישע געטין איזיס האט געטראגען מאסען נעמען. זיא איז פארגעשטעלט געווען אלס דיא מוטער פון דעם זונען־גאט אין דער פארמע פון דער מארגענרעטהע. זיא איז גערעכענט געווען פאר דיא געטין פון דער ערד, פון דער לבנה, פאר דיא „קענינין פון הימעל“ א. ז. וו. דיא לבנה איז אויך פערגעטערט געווארן אונטער פערשיעדענע נעמען— אסטארטע (עשתרות), איסטאר, אשערא, דיאנא, יונא, א. ז. וו.—און איז גערופען געווארן „קעניגין“, „העכסטע פרינצעסין“, „קעניגין פון הימעל“, א. ז. וו.

דיא זעלבע צומישענעס איז אויך געווען וועגען אנדערע געטער און געטינען; אבער שליסליך בלייבט דאך דיא דריי־איינינקייט פון פאטער, מוטער און זוהן דער הויפט־פונקט פון דיא פארצייטיגע מיטהאלאגיע.

דיא ווייטערע ענטוויקלונג פון דעם זונען־מיטה בעציהט זיך שוין אויף דעם וואס דיא זון טהוט אויף ווען זיא קומט ארויס פון דעם בוזים פון דער מארגענרעטהע, דיא בתולה־מוטער, און וואנדערט זיעגרייך איבער דעם הימעל. דא דארפען מיר ווידער צוערשט בעטראכטען דיא נאטירליכע ערשיינונגען. דער ז״ס וועג אויף׳ן הימעל איז ניט גלייך יעדען טאג. זיא געהט אויף און געהט אונטער לעבען אן אנדער שטערן־גרופע. דיזע שטערן־גרופען האט מען אין פערלויף פון דער צייט

גוט בעטראכט און זיי געגעבען געוויסע נעמען לויט נאך געוויסע איינ־
בילדונגען וועגען זייערע פארמען. יעדערער ווייס, אז דאס זיינען דיא 12
מזלות, וועלכע זיינען גערעכענט געוועזען פאר בעגלייטערס פון דער זון.
דורך דיזע מזלות וואנדערט דיא זון יעדען יאהר, אויפלעבענדיג אין
זומער [illegible] זייטע, דאס הייסט קריגענדיג איהר
שעפפענדע קר[illegible] מאנאטען און פערלירענדיג דיזע
קראפט אין דיא ווינטער־[illegible]. מיר ווייסען יעצט אז ווען אין דער
נארדליכער העלפט פון דער ערד איז ווינטער, איז אין דער זידליכער
העלפט זומער, און פארקעהרט; אבער דיא נאך פערצייטיגע מענשען
האבען דערפון נים געוואוסט. יעדענפאלס האבען זיי זיך פארגעשטעלט
אז דיא זון שטארבט אפ אין ווינטער און ווערט ווידער געבארען ארום
ענדע פון דעם מאנאט דעצעמבער, ווען דיא טעג הייבען
ווידער אן גרעסער צו ווערן.

דער 25־טער דעצעמבער איז גערעכענט געוועזען פאר דעם גע־
בורטסטאג פון אלע זונען־געטער: בודא, מיטהרא, אזיריס, האָרוס,
באקכוס, אדאָניס, תמוז, הערקולעס, א. ז. וו. אלע קולטור־פעלקער
פון דער אלטער וועלט, ווי אויך דיא מעקסיקאנער און פערואנער,
האבען נאך צוועלף בייי נאכט דעם 24־טען דעצעמבער, ווען עס
ענדיגט זיך דער ווינטער סאָלסטיס (שטילשטאנד פון דער זון)
און דיא טעג הייבען אן צו ווערן גרעסער, געפייערט דיא געבורט
פון דעם זונענגאט; וואס פאר נעמען ער האט נים געטראגען.
מען האט זיך געפדיהט וואס דיא „קעניגין פון הימעל“, „דיא הימלישע
בתולה“ האט געבארען אהה קינד, דיא זון.

נאך דיא רעכנונגען פון דיא כהנים פון מצרים איז דיא שוואנגער־
צייט פון איזיס, דיא בתולה־מוטער פון דעם זונען־גאט הארוס,
געזוען צו ענדע מערץ און איהר קינדבעט איז געוועזען צו ענדע פון
דעצעמבער. דיא געבורט פון הארוס איז געוועזען איינע פון דיא גרעסטע
מיסטעריעס פון דער עגיפטישער רעליגיאן. בילדער, וועלכע האבען
פארגעשטעלט זיין געבורט, זיינען געוועזען אויסגעמאלען אדער אויסגע־
קריצט אויף דיא ווענט פון טעמפלען. זיין בילד פלעגט ארויסגעבראכט

ווערן מיט גרויסע צערעמאָניעס פון דעם הייליגסטען טהייל, טעמפעל אין זיין געבורטס־טאָג דעם 25־טען דעצעמבער.

דער גרעסטער יום טוב פון דיא אלטע פערסען איז געוועזען לכבוד דיא געבורט פון זייער זונען־גאָט און משיח, מיטהראַ, דעם 25־טען דעצעמבער.

אזוי וויא דער גלויבען אין דעם ערלייזער מיטהראַ איז אויך געוועזען פערשפּרייטעט ביז דיא סעלטען אין פראַנקרייך און ענגלאנד, איז דער 25־טער דעצעמבער דאָרט געוועזען א יום טוב נאך אין דיא עלטעסטע צייטען.

דיא גריכען האָבען דעם 25־טען דעצעמבער געפייערט דעם געבורט פון הערקולעס און באַקכוס, וועלכע זיי האָבען אויך גערופען גאָט'ס זוהן און משיח. און דיא בערוהמטע מיסטעריעס לכבוד באַקכוס פלעגט מען איהם דיזען טאָג צייגען דעם עולם אלס א ניי־געבאָרענעם קינד.

אין אלטען רוים איז דעם 25 דעצעמבער געוועזען א גרויסער יום טוב, וועלכער האָט געטראָגען דעם נאָמען Natalis Solis Invicti (דיא געבורט פון דער אונבעזיעגבאַרער זון). אלע געשעפטען זיינען דאַן געשלאָסען געוועזען, קריעגס־ערקלערונגען און הינריכטונגען פון פערברעכער זיינען אָפּגעלייגט געוואָרן, מען האָט זיך געפרייהט און געשיקט פּרעזענטען, אפילו שקלאַווען האָבען דעם טאָג גערוהט און געקראָגען דיא פרייהייט זיך קוסטין צו מאַכען.

אין אינדיען און אין כינא איז דיא לעצטע וואָך פון דעצעמבער א גרויסער יום טוב אזוי וויא אין קריסטליכע לענדער. דאָס איז דאָרטען א זעהר אלטע רעליגיעזע צערעמאָניע. אין אינדיען דעקאָרירט מען דיא הייזער מיט בלומען און מען שיקט פּרעזענטען צו פערוואַנדטע און פריינד. אין כינא זיינען דאַן מאַגאַזינען און גע־ריכטען צוגעמאַכט.

אלס א סימבאָל פון דיזער געבורט פון דער זון האָט מען געוועהנליך געברויכט בוימער, וואָס בלייבען גרין דעם גאַנצען יאָהר. דאָס איז צוגלייך געווען א סימבאָל פון דער איביג־שעפפענדער קראַפט פון דער נאַטור. דערפון איז עס אין קריסטליכע לענדער פערבליבען דער מנהג צו געברויכען וויינאַכטס־בוימער אדער יאָלקעס.

עס איז אויך מערקווירדיג, דאָס דיא צייט פון דער זונען־געבורט פאַלט גראַדע אויס אין דעם מזל פון דער בתולה. דיא כאַלדעאישע פריעסטער אָדער מאגיקער (מכשפים), וועלכע האָבען זיך בעזאָנדערס בעשעפטיגט מיט אסטראָלאָגיע, האָבען דארום פאַרגעשטעלט אין זייערע בילדער פון דיא מזלות דיא געבורט פון דער זון אלס א איינגעל וואס ווערט געזויגען פון א בתולה.

אָבער נאָך מערקווירדיגער איז דער טהייל פון דעם זונען־מיטה, אין וועלכען דיא זון ווערט פאַרגעשטעלט אלס אן אָפּפער אום צו ערלייזען דיא מענשהייט. מען האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז דיא זון ווערט געטויטעט אויף א קרייץ אין הימעל דורך דיא מאַכט פון פינסטערניס און ווינטער. אין דיא שירים פון ריג־וועדאַ ווערט דיא זון בעשריבען, וויא זיא ציהט אויס איהרע אַרעמס אין הימעל צו בענטשען דיא וועלט און צו ערלייזען איהר פון פינסטערניס. דיא הערליכע און ערקוויקענדע זון פון זומער פערלירט אָבער ביסלעכווייז איהר קראַפט. איהר גאַנצע אַרבייט איז אומזיסט; אַלעס פערוועלקט אין ווינטער. דיא פינסטערניס מיט איהר קעלט קריעגט דיא אויבער־מאַכט אין ווינטער. דיא זון קען זיך גאַר ניט העלפען געגען דעם. זיא קעמפּפט, רייסט זיך דורך, שיינט א ביסעל אין דיא ווינטער־טעג, אָבער זיא האָט שוין ניט דיא קראַפט צו ערוואַרמען און צו ברייגגען לעבען אויף דער ערד. אזוי איז עס איהר פינסטערער מזל. מען האָט זיך פאַרגעשטעלט, אז מען פייניגט איהר, אז מען יאָגט איהר אַליין ארונטער אין אן אָבגרונד, אום איהר צו טויטען, ווייל זיא האָט זיך געאָפּפערט פאַר דיא מענשהייט ווען זיא איז געווען קרעפטיג.

דער אַלגעמיינער סימבאָל פון דער זון'ס פייניגונג און טויט אין ווינטער איז געווען א קרייץ. אַלע זונען־געטער ווערן פאַרגע־שטעלט וויא געטויטעטע דורך א פייל, שפּיז אדער א דאָרן פון ווינטער. פינסטערניס און ווינטער זיינען פאַרגעשטעלט געווען אלס דער שטן, דער גייסט פון פערניכטונג. נאָך דיא עגיפּטישע מיטהאָ־לאָגיע ווערט דער זונען־גאָט און ערלייזער האָרוס געטויטעט פון סעט, דעם גאָט פון צערשטערונג, דעם טייוועל. אָזירים איז אויך געקרייציגט געוואָרן אין הימעל. האָרוס איז פאַרגעשטעלט געווען

מיט אויסגעצויגענע הענט אין הימעל גראדע וויא קרישנא, אינדרא און אנדערע אינדישע זונען־געטער. דיא קרייציגונג האט איינפאך בעצייכענט דיא פערלארענע מאכט פון דער ווינטער־זון צו מאכען וואקסען בוימער, דען וויא מיר וועלען עס באלד זעהען, זיינען קרייצען אויף א פערקירצטער און פעראיינפאכטער בילד פון בוימער.

דיזע קרייציגונג פון דער זון איז עס בעוויינט געווארן פון דיא פארצייטיגע פעלקער אין רעכטען מיטען ווינטער אין דער צייט, ווען דיא טעג זיינען דיא קירצעסטע און דיא זון דערגרייכט איהר ווייטעס־טען פונקט צום זידען פון עקוואטאר און געפינט זיך אין דעם מזל גדי. אין דיזער צייט שיינט עס, אז דיא זון שטעהט דריי טעג אויף איין ארט ביז זיא ווערט וויעדער געבארען און לעבט אויף, אום דורכצומאכען איהר הערליכע זומער־רייזע און צו ערקוויקען דיא מענשען און אלעס אויף דער ערד.

דיא דריי טעג פון דעם ווינטער־סאלטים זיינען געוועזן טרויער־טעג פאר דיא פארצייטיגע פעלקער. מען האט געקלאגט אויף דעם בי־טערן מזל פון דער זון. דער זונען־גאט פון דיא באלדעער און אויך פון דיא אידען איז געוועזן תמוז. מען האט איהם בעוויינט, וויא אדאניס און אנדערע זונען־געטער, וועלכע זיינען אויך געקרייציגט גע־ווארן אין הימעל. נאך דיא נאכפארשונגען פון געלעהרטע איז דער העברעאישער תמוז דער זעלבער זונען־גאט וואס דער פיניקיער אדאניס. דער געוויין פון דיא פרויען וועגען תמוז, וואס יחזקאל שילדערט אלס א שרעקליכע עבודה־זרה (הנשים ישבות מבכות את התמוז, ח, י״ד), איז נאך פערבונדען געוועזן מיט דעם ווירקליך אבשייליכען פאללוס־קולט, וויא מיר וועלען עס באלד זעהען.

דער טרויער האט זיך געענדיגט אויף דעם דריטען טאג, דעם 25 דעצעמבער. דאס איז געוועזן דער געבורטסטאג פון דער זון. מען האט זיך געפרייהט, וואס דיא זון האט געענדיגט איהרע מאטערניסען און איז געבארען געווארן צו בעשיינען דיא וועלט, וויא עס איז שוין אויבען בעשריבען געווארן.

נאר ביז פריהלינג האט נאך דיא ניי־געבארענע זון קיין קראפט ניט אויפצולעבען דיא ערד. דער ווינטער, וועלכער איז פארגעשטעלט

נעוואָרן אין דיא מיטהען און סימבאָלישע בילדער אלס אַ ווילדער חזיר, פערפאָלגט איהר נאָך. זיא וואַקסט נאָר, דאס קינד קלייבט קרעפטען צו פערזאָגען אין גאַנצען דעם בייזען ווינטער און הייבט זיך אָן אין הימעל. ענדליך לאָזט זיא פיהלען איהר שעפּפענדע קראַפט. דאס איז דער אָנפאַנג פון פריהלינג, ענדע מערץ, ווען די טעג גלייכען זיך אויס מיט דיא נעכט. דער 25 מערץ, דער אָנפאַנג פון פריהלינג, איז דאַרום געוועזן דער יום טוב פון דער ווידער־אויפלעבונג פון דער זון ביי אַלע קולטור־פעלקער. דאס איז געוועזן דער פריהלינגס־פעסט, דער חג הפסח, וועלכער איז געפייערט געוואָרן אין אַלע געצענדינערדישע לענדער פון דיא גרויסעסטע אַלטע צייטען אָן.

אַ דאַך מיט אַ קרייץ אין מיטען האָט בעצייכענט דעם גאַנצען שיינבאַרען וועג פון דער זון אין אַלע פיער עקען וועלט. דער גאַנצער זונען מיטה מיט דער קרייציגונג, געבורט, אויפלעבונג און ערלייזונג איז דאָ אויסגעדריקט געוואָרן אין איין איינפאַכען סימבאָל.

דיא פערשפּרייטונג פון דעם זעלבען זונען־מיטה מיט דעם זעלבען קרייץ־סימבאָל ביי דיא מעקסיקאַנער, פערואַנער און אַנדערע מעהר פאָרטגעשריטענע פעלקער אין אַמעריקאַ בעווייזט נאָר נאָך אַמאָל, אַז דיא זעלבע אורזאַכען פיהרען צו זעלבע גלויבענס, וואו דיא מענשען זאָלען זיך ניט געפינען. וועגען דיא פאַרצייטיגע פעלקער פון דער אַלטער וועלט קען מען נאָך זאָגען, אַז איין פאָלק האָט איבערגענומען דעם זונען־מיטה ביי אַן אַנדערן, אַבוואָהל מען האָט גרינדליכע בעווייזע, דאס דיזע זונען־פערגעטערונג איז ענטשטאַנען זעלבסטשטענדיג אין איטליכע לענדער; אָבער וויא אַזוי האָבען דיא קולטור־פעלקער פון דער נייער וועלט געקענט איבערנעהמען דיא זעלבע געשיכטע ביי דיא מצריים אָדער אירגענד וועלכען אַנדערן פאָלק פון דער אַלטער וועלט? דיא ערשטע שפּאַנישע גלחים אין מעקסיקאָ און פערו זיינען טאַקע ניט ווייניג ערשטוינט און צומישט געוואָרן, ווען זיי האָבען געפונען קרייצען און אַ גלויבען אין אַ געקרייציגטען ערלייזער! דער זונען־גאָט פון דיא מעקסיקאַנער האָט געהייסען

ק ו ו ע צ אַ ל ק אָ אַ ט ל. נאָך דעם גלויבען פון דיא מעקסיקאַנער איז קוועצאַלקאָאַטל געבאָרען געוואָרן פון אַ בתולה, איז געקרייציגט געוואָרן

אויף א בוים מיט אויסגעצוויגענע הענד און איז אויפגעשטאנען תחית המתים. דעם טויט פון קוועצאלקאאטל האבען די מעקסיקאנער בעטראכטעט אלס אן ערלייזונג פון די זינד פון מענשען. זיי האבען איהם דארום אויך גערופען ערליזער. צו זיין עהרע פלעגען זיי עס קרייציגען א מענשען ביי א געוויסען פעסט און איהם דערשטעכען מיט א פייל. די פריעסטער פון קוועצאלקאאטל פלעגען ברענגען דיזען קרבן. אין מעקסיקא און אין יוקאטאן האט מען געפונען קרייצען מיט א מענשליכע פיגורע צוגענאגעלט צו זיי, גראדע וויא די זונען־געטער אין דער אלטער וועלט.

ווען די שפאנישע גלחים האבען דערהערט די געשיכטע וועגען דעם געקרייציגטען ערליזער קוועצאלקאאטל, האבען זיי דיזען גלויבען ערקלערט פאר א טייוועלשע אנשיקעניש. איינע פון זיי האבען זיך איינגעבילדעט, אז דער פערפאלענער הייליגער טהאמאס איז על פי נס פערטראגען געווארען נאך מעקסיקא און האט דארט געפרע־דיגט קריסטענטהום, נאר די איינגעבארענע האבען עס פערדרייהט אויף זייער ארט. יעדענפאלס האבען די גלחים פערניכטעט אלע ביכער, בילדער, סקולפטורען וועגען דעם מעקסיקאנער ערליזער, וויא אויך אלע מעקסיקאנער קרייצען וועלכע זיי האבען נאר געקענט געפינען. די ערשטע קריסטען אין דער אלטער וועלט האבען אויך אזוי גע־האנדעלט, וואו נאר זיי האבען עס געקענט. די פערגעטערונג פון די געקרייציגטע זונען־געטער מיט די פעסטען און סימבאלען פון די פארצייטיגע פעלקער האבען זיי ערקלערט פאר נאכמאכונגען פון דעם טייוועל, אום צו צומישען און אפצופיהרען פון ריכטיגען וועג די גלויביגע אין יעזוס קריסטוס. זיי האבען דארום צושטערט פיעלע געצקעס און סימבאלען פון דיזען פארצייטיגען גלויבען.

זעהר ענג פערבונדען מיט דעם זונענקולט איז דער פאללוס־קולט, וועגען וועלכען מיר האבען פערשפראכען צו ריידען און פאריגען קאפיטעל. אום צו פערשטיין דיזען זאנדערבארען און אין אונזערע אויגען העכסט עקעלהאפטען קולט, דארפען מיר צוערשט נעהמען אין אנבעטראכט, אז די ערשטע גלויבענס זיינען געווען רע־ליגיאנען פון לעבען און ניט פון טויט, וויא דאס איז שוין

ערקלערט געוועזן. דיא אַלגעמיין פערשפּרייטעטע פערגעטערונג פון דער זון, וועלכע האָט געפיהרט מיט דער צייט צו דעם אויבען־ערקלער־טען זונען־מיטה און צו אַ גאַנצע מאַסע צערעמאָניעס מיט פערשיעדענע סימבאָלען (אויף איינינע פון דיזע סימבאָלען איז שוין אָנגעוויזען גע־וואָרן אין דעם קאַפּיטעל איבער פעטישיזמוס) — דיזע פערגעטערונג איז אָנפאַנגס ענטשטאַנען דורך דעם, וואָס דיא זון לעבט אויף דיא ערד מיט איהרע שטראַהלען. עס איז גאַנץ נאַטירליך געוועזן צו האַלטען דיא זון פאַר דיא אורזאַכע פון דער לעבענסקראַפט, וועלכע איז געוועזן און פערבלייבט דיא גרעסטע און וויכטיגסטע געהיימניס אָדער מיסטעריע פון דער נאַטור. וואָס האָט דען מעהר געקענט אויפרעגען דעם מענשען אין אַלע צייטען און אונטער אַלע קלימאַטען, ערוועקען אין איהם מעהר פערשיעדענע געדאַנקען וועגען דיא וואונדער און סודות פון דער נאַטור, וויא דיזע פערבאָרגענע לעבענסקראַפט, וועלכע עקזיסטירט אין דער קלענסטער גרעזעלע און חיה'לע אַזוי גוט וויא אין מענשען זעלבסט? וויא מיר ווייסען עס שוין, האָבען דיא ערשטע מענשען בעטראַכטעט אַלע זאַכען פאַר בעלעבטע און בעגייסטערטע. אַלעס אַרום זיי האָט געלעבט און ערוועקט אין זיי געדאַנקען פון לעבען. זיי האָבען דאַרום מעהר פון אַלעס פערגעטערט דעם פּרינציפּ פון לעבען, דיא געהיימניספאָלע לעבענסקראַפט, דעם אַלערהעכסטען סוד פון דער נאַטור. נאַר אַזוי וויא אין אַלע צייטען האָבען מענשען בעדאַרפט האָבען עפּעס אַן אויסוועַרטיגען צייכען, אַ פעטיש אָדער סימבאָל פון זייער גלויבען, האָט מען אין דיזען פאַל אויסגע־קליבען דיא נעכסטע אינסטרומענטען אָדער אָרגאַנען פון דעם לעבענס־פּרינציפּ, נעמליך: דיא געשלעכטליכע גליעדער פון מענשען. דאָס איז געוועזן דער גרונד און אָנפאַנג פון דעם זאָ־גענאַנטען פאַל־לוס־קולט, וועלכער איז נאָך ביז היינט צו טאָג פערשפּרייטעט בעזאָנדערס אין אינדיען און וועלכער ערשטוינט אונז אַזוי.

פאַללוס איז דער פיניקיש־גריכישער נאָמען פון אַ פיגורע פון דעם זכר־אָרגאַן. שפּעטער האָט מען דיזען וואָרט געברויכט צו בע־צייכענען אַלע צערעמאָניעס און סימבאָלען ביי דער פערעהרונג פון ביידע געשלעכטליכע אָרגאַנען, אַ פערעהרונג וועלכע איז גערעכענט

געוועז פאר דיא העכסטע רעליגיעזע מיסטעריע ביי פערציייטיגע פעל־קער און יעצט אין אינדיען. אין דער פארמע פון לינגא (צייכען פון מענליכען ארגאן) און יאני (צייכען פון ווייבליכען ארגאן) פער־געטערן יעצט פיעלע אינדישע סעקטען דיא שעפפענדע קראפט פון דער נאטור אזוי וויא אמאל דיא אידען, פיניקיער, מצריים, פערסען, כאלדעער, גריכען, רוימער און אלע קולטור־פעלקער.

דיזער קולט איז אין אמת׳ען גאר ניט געוועזן אזוי גראב און עקעל־האפט, וויא דאס שיינט אונז. לינגא און יאני זיינען געוועזן און בלייבען סימבאלען פון דער לעבענסקראפט. מען האט זיך גאר ניט גע־שעמט צו טראגען פיגורען פון דיזע ארגאנען ביי רעליגיעזע פראצעסיאנען און אפילו אויף דיא העלזער אלס פוץ־זאכען און קמיעות אזוי וויא קרייצען. פאללוס אדער לינגא איז אויך געווארן א סימבאל פון דער זון, יאני—פון דער ערד. דער פערגלייך איז פערשטענדליך און נאטירליך, דען דיא ערד ווערט ערוועקט צום לעבען דורך דיא זון און ווערט אין מיטהען פארגעשטעלט אלס דיא ווייבליכע נאטור.

דיא בעריהמטעסטע פראצעסיאנען אין פערבינדונג מיט דעם פאללוס־קולט זיינען געוועזן אין אלעקסאנדריא און רוים לכבוד דעם זונען־גאט באקכוס אדער דיאניסיאוס. דאס איז געוועזן א טהייל פון דיא באקכוס־מיסטעריעס. אין דער צייט פון פטאלאמעאוס פילא־דעלפוס האט מען ביי אזא פראצעסיאן אין אלעקסאנדריא געטראגען א גאלדענע פיגורע פון א פאללוס 360 פוס לאנג. לעבען דעם טעמפעל פון וועגוס אין היעראפאלים זיינען געשטאנען צוויי זיילען אין דער פאר־מע פון פאללוס 180 פוס הויך. אויף דיזע זיילען פלעגט א פריעסט ארויפגיין איין מאל יעדען יאהר און זאגען תפילות 7 טעג. דיא מענער און פרויען אין דיא פאללוס־צערעמאניעס פלעגען טראגען פיגורען פון דיא געשלעכטליכע ארגאנען אויף זייערע העלזער. זיי זיינען אויך געוועזן בעפוצט מיט בלומען. פאללוסען פלעגט מען אויך אנהענגען אויף סטאטוען און שטעלען לעבען טעמפלען. דיזע פראצעסיאנען זיינען געוועהנליך געוועזן זעהר לוסטיגע און האבען געפיהרט צו שרעקליכע אויסגעלאסענהייט, בעזאנדערס אין רוים. נאך דיזע פרא־

צעסיאָנען פלעגען פרויען און מענער בעעהרען באקכוסען מיט בעסטיאַ־לישע תאוה.

דיא פיניקיער פלעגען פּראַווען דיא פאַללוס־צערעמאָניעס לכבוד זייער זונען־גאָט אַדאָנים (אדני) אדער תמוז, דיא מצריים—לכבוד אָזירים, דיא פריגיער—לכבוד אטטים (אויך א זונען־גאָט און משיח).

ביי ערד־אויסגראָבונגען האָט מען געפונען פיעלע סימבאָלען און פיגורען פון דעם פאַללוס־קולט. דיא פיגורע 96 איז א קאָפּיע פון אַן אויסגעקריצטען בילד אויף אַן אגאַט־שטיין, וועלכער איז געפונען געוואָרן ביי אַן אויסגראָבונג און וועלכער געפינט זיך יעצט אין דעם קאַלווערט מוזע־אום אין אַווינִיאָן, זיד־פראַנקרייך. דיא אויסקריצונג איז געמאַכט געוואָרן אין גרוי־אַלטע צייטען און שטעלט פאַר צוזאַמען עטליכע סימבאָלען פון דעם זונען־קולט און פאַללוס־קולט. אויבען איז דיא זון און דיא לבנה; דער פריעסטער דיענט צום זונען־גאָט לעבען א מזבח, אויף וועלכען עס שטעהט א פאַללוס אונטער א דרייעק, סימבאָל פון דריי־איינינקייט; צווישען איז דער סימבאָל יאָני, און הינטער דעם אַל־טאַר איז א פּאַלמע, וועלכע איז אויך גע־ווען א פאַללישער סימבאָל.



פיגורע 96. — אַן אַלטער בילד פון דער זונען־פערעהרונג און פון פאַללוס־קולט.

אויף דיזען קולט זיינען דאָ פיעלע אָנווייזונגען אין דער ביבעל. אשרה און בעל פעור זיינען אייגענטליך געווען דאָס זעלבע, וואס דיא אינדישע לינגאַ און יאָני. אשרה איז געשטאַנען אויף דעם קיילעכדיגען מזבח פון בעל פעור. אשרה איז, וויא מיר ווייסען עס שוין, געווען א בוים, א סימבאָל פון לעבענסבוים. א בוים איז איבערהויפּט גערעכענט געווען פאַר א לינגאַ־סימבאָל, בעזאָנדערס א פּאַלמע. ווען דיא אידען זיינען פערשלעפּט געוואָרן אין בבל, האָבען זיי דאָרטען נאך מעהר איבערגענומען דעם פאַללוס־קולט. אויף דיזע עבודה־זרה קלאָגט עס בעזאָנדערס יחזקאל. דיא ערגסטע פון דיא

זיען וואס דיזער נביא רעכענט אויס, איז וואס דיא אידען טראגען
זורה צו זייערע עפענונגען (והנם שלחים את הזמורה אל אפם
קאל, ח, י״ז). זמורה בעדייטעט א שטעקען, וועלכער איז געווען א
פאללוס־צייכען אזוי וויא א זייל פון שטיינער און יעדע גלייכע צי־
לירישע זאך. געוויסע געלעהרטע בעהויפטען, אז דיא מעשה מיט
קב (בראשית, כ״ח, י״ח), וויא ער האט אויפגעשטעלט א זייל פון
שטיינער, ארויפגעגאסען אייל אויפ'ן שפיץ און נאכהער עס א
נאמען געגעבען בית־אל, איז א'ן אנדייטונג אויף דעם פאללוס־קולט.
זיען פון שטיינער זיינען געווען דער געברויכליכסטער סימבאל פון
פאללוס. מען האט אויף זייערע שפיצען געגאסען אייל אלס אפפער
א דעם זונען־גאט און זיי גערופען בעטי־לי. פיעלע אמאליגע זיילען
פ שטיינער, וועלכע צייגען דייטליך אן דורך זייערע פארמען אויף
דעז פאללוס־קולט, זיינען נאך ביז יעצט פערבליבען אין איינינע ער־
טער. אמאל פלעגט מען זיי אויפשטעלען אויף דיא וועגען און יעדער
פ־ביינעהער פלעגט זיי אפגעבען כבוד דורך צואווארפען א שטיין
צו הויפען אדער דורך זאלבען דעם זייל מיט אייל. פיעלע ביבלישע
נעמען צייגען אויך אן אויף דיא פערגעטערונג פון פאללוס, נאר מיר
קענען זיך דא ניט אריינלאזען אין אזעלכע איינצעלהייטען.

אלס אנדענקען פון דעם אמאליגען פאללוס־קולט ביי אייראָ־
פאישע פעלקער איז פערבליבען דער מאי־בוים אדער דער מאי־שטאנג
אים וועלכען מיידלעך טאנצען.

דער פאללוס־קולט איז נאך, וויא שוין בעמערקט, פערשפרייטעט
א אינדיען אזוי וויא אין אלטע צייטען ביי אנדערע פעלקער. דיא
קטען, וואס בוקען זיך בעזאנדערס צו סיווא, דעם גאט פון צער־
ערונג און אויפלעבונג אדער ווידער־געבורט, און וואס טראגען
דרום דעם נאמען סאיווא, פערעהרען דעם לינגא־סימבאל. זיי
טאגען דיזען סימבאל אויף זייער קערפער, שניידען איהם אויס אויף
זערע הענט, שטערן, ברוסט, א. ז. וו. אין זייערע צערעמאניעס גע־
ביכען זיי אויך אלס צייכען פון לינגא דיא זאמען־שטעקעלעך פון
במען, זיילען פון שטיינער און איבערהויפט אויפרעכטע צילינדרי־
ן זאכען. אין דעם הייליגען בוך סיווא־פוראנא ווערן אויסגע־

רעכענט 12 הויפטצייכענס פון לינגא פאר דיא פערעהרערס פון ס
ווא. עס זייגען נאָך פערבליבען מיליאָנען אזעלכע לינגא־פערעהרער



פיגורע 97.—אַ סטאַטוע פ
דער אינדישער געטין דע
מיט אַ לינגא אין דער האַנ

ניט וויניגער איז דיא צאָהל פון דיא ספעציעלע פערעהרערס פון יאָני. זיי טראָגען דעם נאָמען ס א ק ט א און פערעהרען דיא ווייבער פון דיא געטער, בעזאָנדערס פון סי־ווא. דיא געטין סאקטי אָדער ד ע ו ו י איז פאָרגעשטעלט דורך א נאקעטע פרוי. דער אלגעמיינער צייכען פון דיזער סעקטע איז דיא יאָני. ד ע ו ו י איז א מין לילית, זיא ווערט גערופען דיא שרעקליכע. איינע פון דיא סטאטועו פון דער געטין דעווי מיט א לינגא אין דער האנד איז פאָרגעשטעלט דורך דיא פיגורע 97. פרויען און מענער נעהמען אנטהייל אין דיא משונה׳דיגע צערעמאָניעס לכבוד דיזער געטין. דיא צערעמאָניעס האָ־בען מייסטענס דעם צוועק צו קומען אין אן אויפגערעגטען אָדער „בעגייסטערטען" צושטאנד און זיי ענדיגען זיך מיט ווילדע אויסגעלאסענהייט און בעסטיאלישע סצענען.

דער קרייץ, אלס סימבאָל פון בוימער און פון דער זון, א
אויך פערבונדען געווארן מיט דעם פאללוס־קולט. קרייצען זיינ
געווארן א זעהר געהיימניספאָלער סימבאָל פון אויפלעבונג און ווי
דערגעבורט. דורך דיא צוזאמענשמעלצונג פון דעם זונען־קולט א
פאללוס־קולט, וועלכע האָבען געהאט א געמיינשאפטליכען גרונ
נעמליך: דיא פערגעטערונג פון דער שעפפענדער נאטור, פון ל
בענסקראפט, וויא מיר האָבען דאס שוין געזעהען, זיינען אויך זי
ערע אויסווערטיגע צייכענס און צערעמאָניעס צומישט געוואָ
דיא פיגורע 96 צייגט אויך אָן אויף דעם. דיא פאָרמען פון קרייצ
זיינען נאטירליך געוועזן פערשיעדענע. איינע פון דיא עלטעס
פאָרמען פון קרייצען איז דער אידישער ת ו אדער אונגעפע

יא דער בוכשטאב ד דאָס איז אָנפאנגס געווען אַ זעהר איינ־
זכער בילד פון דעם לעבענס־בוים און שפּעטער אַ סימבאָל פון
ייי־איינינגקייט. דיזען תו־קרייץ האָט עס יחזקאל געמאכט אויף
אַ שטערנס פון דיא גאָטספאָרכטיגע אידען אין ירושלים (עבר
תוך העיר בתוך ירושלים והיתוית ת ו על מצחות האנשים.
זקאל ט, ד). אין כינא איז דער תו־קרייץ אַ סימבאָל פון דער גאנ־
נר נאטור. מיט דער צייט איז דער ד אויף געווארן אַ סימבאָל
ן פאללוס, ווייל ער איז אַ פעראיינפאכטע פאָרשטעלונג פון דעם
נגליכען אָרגאן. ער האָט דאן אָנגענומען דיא עכט־פאלישע פאָר־
ן וויא אויף דער פיגורע 98.



גורע 99. — אַ לינגאַ
ן דער פאָרמע פון
אַ טריאַדע.

ביי צערעמאָניעס און מיסטעריעס האָט מען
דיזע פאללוס־סימבאָלען, גענאנט טריאדען (דריי־
איינינגקייטען), פאָרגעשטעלט דורך צווייגען,
שטעקלעך, שפּיזען, פאלמען־בוימער מיט אייער,
עפּעל, ציטראָנען, פלוימען און אנדערע קיילעכ־
דיגע פרוכטען.

אזעלכע טריאדען האָט מען געפונען ביי אויסגראָבונגען אין
נרים, בבל אשור, סיריען, א. ז. וו.

דער קרייץ איז זעהר פערעהרט געווען פון דיא מצריים אין
לע פאָרמען. פיעלע עגיפּטישע געטער האלטען קרייצען אין זייערע
ננט. אין דיא מוזעאומען, בעזאָנדערס אין בריטישען, קען מען
העען אייניגע פון זיי. מען האָט אויך געפונען אַ סטאטוע, וועלכע
טעלט פאָר וויא דער עגיפּטישער משיח האָרוס זיצט אויף דעם
יס פון זיין מוטער איזיס און האלט אַ קרייץ אין זיין האנד. מען
עגט אין מצרים אויך מאכען דעם צייכען פון קרייץ אויף זיך,
זאָנדערס ביי געוויסע הייליגע צערעמאָניעס און מיסטעריעס, און
טעמפּלען מיט אַ קרייץ דיא הייליגע קוכענס, וועלכע מען פלעגט
זכען אין דער פאָרמע פון לינגא און יאָני און אָפּפערן צו דער „קע־
גין פון הימעל“. אזעלכע הייליגע געבעקס זיינען געברויכט געווען
י פיעלע פעלקער נאָך אין דיא עלטעסטע צייטען, דארונטער אויך
י מעקסיקאנער און אידען. וועגען דיזע עבודה זרה קלאָגט עס

ירמיה (ז, י"ח) דען ער קען קיין אנדער זאך ניט מיינען מיט ד
ווערטער: הבנים מלקטים עצים והאבות מבערים את האש והנש
לשות בצק לעשות כ ו נ י ם ל מ ל כ ת השמים (דיא קינד
קלייבען האָלץ און דיא פאָטערס מאכען פייער און דיא פרויען ק
טען דיא טייג צו באקען ק ו כ ע נ ס צ ו ד ע ר ק ע נ י ג
פ ו ן ה י מ ע ל).

נאָר דיא געוויינליכסטע און הייליגסטע פאָרמע פון קרייץ
מצרים איז געווען וויא אויף דער פיגורע 99, וועלכע איז א קאָ
פון א בילד אין אן אלטען עגיפּטישען טעמפעל. דאָס איז א פ
שטעלונג וויא צוויי געטער פערעהרען דעם פאללוס האלטענדיג קו
צען אין דיא הענט. דיזע קרייצען זיינען איינפאך פ ע ר א י י
ג ו נ ג פ ו ן ל י נ ג א מיט י אָ נ י. דאָס איז דער פולער ס
באָל פון דעם פאללוס־קולט. דער תו (T) אדער טריאדע איז פ
בונדען מיט דעם סימבאָל יאָני פון דער געטליכער מוטער. צוזא
איז עס א צייכען פון דער אייביגער לע־
בענסקראפט, פון דער טיעפסטער און
העכסטער נאטור־געהיימנים. דער עגיפּטי־
שער נאמען פאר דיזען קרייץ איז א נ ך,
דער לאטיינישער — crux ansata (קרייץ
מיט א רינג אדער הענטעל). אָזירים איז
פאָרגעשטעלט געווען מיט אזא קרייץ.



פיגורע 99. —א בילד פון פ
לוס־קולט אין מצרים.

דער זעלבער אנך אָדער לינגא־יאָני קרייץ איז פערצייכ
אויף דער פיגורע 100, וועלכע דריקט אויס פאָרטרעפליך דיא מ
האָלאָגישע פאָרשטעלונגען פון דיא בראמינען. דיזע פיגורע
געצייכענט געווארן פון א געלערנטען בראמין פאר א געלערנ
ענגלענדער, אום איהם בעקאנט צו מאכען מיט דיא מיסטעריעס
דעם בראמינישען גלויבען. זיא שטעלט פאָר דעם העכסטען
ב ר א מ א וועלכער האָט זיך אליין געשאפען און אין דיזער
אָנגענומען דיא פאָרמע פון א מאן און פרוי. דיא ל י נ ק ע הע
פון דער פיגורע איז א ווייבליכע, דיא ר ע כ ט ע — א מענל
ביידע העלפט ווערן פעראייניגט דורך דעם אנך אדער ansata

(אויף איינִיגע געצקעס ווערן ב י י ד ע אָרגאַנען פאָרגעשטעלט אָהן שום חקירות, אָהן שאנד). אויף'ן שטערן איז אויסגעקריצט דער יאָני־סימבאָל איבער א האלבע לבנה. אויף'ן קאָפּ איז א פיש, וועל־כער איז א סימבאָל פון פרוכטבארקייט, וויא מיר ווייסען עס שוין. דיא פערבויגענע פינגער פון דער מענליכער האנט זיינען דער געברויכליכסטער צייכען פון דער טריאדע אָדער „דריי אין איינם געהיימנים". דיא ווייבליכע האנט האלט א בלי־הענדע פלאנץ אלס א סימבאָל פון ווידער־געבורט. דער שלאנג פעהלט אויך ניט אלס א סימ־באָל פון עוויגקייט און וויִיז־הייט. די גאנצע פיגורע שטעהט אויף א לאָטוס־בלום, וועלכע איז גערעכענט געווען אלס א צייכען פון הערמאפראָדיט (זכר און נקבה אין איין קערפער).



(פיגורע 100.—זעלבסטגעשאַפענער בראַמאַ מיט זיינע הויפּט־סימבאָלען.

דער פאללוס - קולט איז אויך פראקטיצירט געווארען פון דיא אָנבעטערס אין טעמפּ־לען אויף א נאטירליכע ארט. וועגען דעם האָבען מיר שוין גערעדט אין דיא קאפּיט־לעך איבער פאמיליען. דאָרטען האָבען מיר אָנגעצייגט אויף דיא געזעלשאפטליכע אורזאכען פון דיא casas das tintas (הייזער פון געפארבטע) און פון דיא טעמפּלען פאר בתולות אין בבל און אנדערע ערטער. דיא רעליגיעזע אורזאכע דערפון ווארפט זיך אליין אין דיא אויגען. דאָס איז איינפאך געווען אָן אָפּפער צור

עהרע פון דעם זונען־גאָט אָדער איבערהויפּט פון דעם גאָט פון לע־בענסקראפט. דיזע פּראָסטיטוציאָן אין טעמפּלען איז געווען פער־בונדען מיט אנדערע פאללוס־צערעמאָניעס. זיא איז געווען א טהייל פון פאללוס־קולט, און קיינער האָט זיך ניט גע־שעמט דערמיט. אין אינדיען און אין איינינע אנדערע ערטער וואו דער פאללוס־קולט איז נאָך פערבליבען, ווערט אויך פראקטי־צירט דיזע פּראָסטיטוציאָן לשם שמים. אפילו אין טירקיי איז נאָך דאָ א קלאס פרויען, וואָס גיבען אָפּ זייערע לייבער צום פאללוס־קולט און וואָס גיבען אָפּ זייערע פערדיענסטען פון דיזע פּראָסטי־טוציאָן צו דיא טעמפּלען. דיא אסירישע ווענוס האָט געהייסען מ י ל י ט א. ווען א מאן פלעגט א וואָרף טאָן אין דעם שויס פון א פרוי א זילבערנע מטבעה, וואָס עס האָט געהייסען, אז זיא מוז זיך אָפּגעבען צו איהם, פלעגט ער דערביי אויסרופען: „איך בעט דיא געטין מיליטא זאָל זיין גינסטיג צו דיר“.

אין דער ביבעל זיינען דאָ פיעלע פערשטעלטע אָנווייזונגען אויף דיזע עבודה־זרה. דיא דייטליכסטע אָנווייזונג אויף דיזען מנהג איז אין שמואל א (ב, כ״ב), וואו עס ווערט דערצעהלט, אז דיא זיהן פון עלי זיינען געלעגען מיט פרויען וואָס האָבען זיך פערזאמעלט לעבען דיא טיר פון טעמפּעל־געצעלט (אשר ישכן את הנשים הצבאות פתח אהל מועד).

אויף דעם שפּיץ פון טעמפּעל צום זונען־גאָט בעלוס איז גע־ווען א צימער, וואו עס איז געשטאנען א בעט לעבען א גאָלדענע געצקע. דאָס זעלבע איז אויך געווען אין איינינע עגיפּטישע טעמפּ־לען. יעדע נאכט פלעגט אהין געבראכט ווערן א פרוי, אז דער היי־ליגער גייסט זאָל צו איהר קומען.

דיא מעשה מיט דער שבועה, וואָס אברהם האָט פערלאנגט פון זיין עלטעסטען דיענער און פון זיין זוהן יצחק דורך אונטערליי־גען דיא האנט „תחת ירכי“ (בראשית, כ״ד, ב״ און מ״ז, כ״ט) איז אויך א צייכען פון דעם פאללוס־קולט. עס איז קלאָר, אז דיזער אָרט „תחת ירכי“ איז גערעכענט געווען פאר דעם פאסענדסטען צו גע־בען א הייליגע שבועה.

מיר וואָלטען נאָך געקענט אָנווייזען אויף פיעלע אנדערע סימ־באָלען און צערעמאָניער אין פערבינדונג מיט דעם פאללוס־קולט, וויא צום ביישפיעל: דיא אלגעמיינע פערהייליגונג פון „פריה ורביה“, דער בעפעהל פון דברים (כג, ב): „לא יבא פצוע־דכה וכרות שפכה בקהל יהוה“, דיא איינבילדונג פון דיא פריעסטער פון אינדיען און אשור און וועגען א בעזונדערן גיהנם פאר קינדערלאָזע פרויען, א. ז. וו., אָבער דאָס אויבענגעזאָגטע בעווייזט גאנץ גענוג, וויא ווייט און טיעף דיזער גלויבען איז איינגעוואָרצעלט געווען ביי אלע קולטור־פעלקער אפילו אין דיא היסטאָרישע צייטען.

עס איז שווער צו בעשטימען, אויב דער זונען־קולט איז ענט־שטאנען פריהער פאר דעם פאללוס־קולט. וואהרשיינליך זיינען זיי ענשטאנען גלייכצייטיג, דען איבעראל געפינען מיר זיי צוזאמענ־געמישט אין מיטהען, צערעמאָניעס, מיסטעריעס און סימבאָלען, וויא מיר האָבען דאָס געזעהען. יעדענפאלס זיינען זייביידע א פער־עהרונג פון דער שעפפענדער נאטור און האָבען געדיענט אלס פונ־דאמענט פון מיטהאָלאָגיע ביי אלע קולטור־פעלקער.

מיר קענען דערמיט ענדיגען אונזער נאכפאָרשונג וועגען רע־ליגיאָנען און אויך שליסען אונזער קולטור־געשיכטע.

מיר זיינען יעדענפאלס אריינגעטראָטען ווייט־ווייט אין היס־טאָרישע צייטען. אין עטליכע קאפּיטלעך זיינען מיר צוגעקומען צו דיא גלויבענס פון דיא ציוויליזירטעסטע פעלקער, בעזאָנדערס אין אונזער נאכפאָרשונג איבער ערלייזונגען און כפּרות און אין דיא לעצטע קאפּיטלעך. עס איז איבעריג צו פערנעהמען צייט און פּלאץ מיט מאכען פערגלייכע צווישען, צום ביישפיעל, דעם זונען־קולט און איינינגע זאָ־גענאנטע מאָנאָטעאיסטישע רעליגיאָנען. דער לעזער קען אליין מאכען אזעלכע פערגלייכע. פיעלע פון דיזע פערגלייכע ווארפען זיך איינפאך אין דיא אויגען.

אונזער צוועק איז געווען צו צייגען, וויא רעליגיאָנען האָבען זיך אין אלגעמיין ענטוויקעלט. דיזען צוועק האָבען מיר דערגרייכט. אלעס איבעריגעס איז וויא א נייע וועגמעל אויף דעם זעלבען פונ־דאמענט. דער אלגעמיינער כאראקטער פון דער רעליגיאָנס־געביידע

ווערט ניט געענדערט דורך דעם, וואָס מען שילדערט נאָך עטליכע מיטהען, נאָך עטליכע צערעמאָניעס, נאָך עטליכע רעליגיעזע לעהרעס. פערקעהרט, מען קען זאָגען, אז איהר אויסזעהען ווערט פערדונקעלט און צופלאָנטערט דורך צו פיעל איינצעלהייטען.

מיר ווען דארום לאָזען אָן א זייט אזעלכע רעליגיעזע לעהרעס וויא דיא בראמינישע, זאָראָאסטרישע, בודדיסטישע א. ז. וו ווענען יעדע פון זיי עקזיסטירט א גאנצע ליטעראטור. מיר מוזען זיך אויך אין דיזען פאל בעגנוגענען מיט דעם, וואס עס איז שוין געזאָגט געווארן וועגען זיי און וועגען דיא אלגעמיינע ענטוויקלונג פון אלע רעליגיאָנען.

ענדע פון דריטען און לעצטען באנד.



# אַלפאַבעטישער אָנצייגער

## פון נעמען און געגענשטענדע אין דיזער קולטורגעשיכטע.

(רוימישע ציפער וויזען אָן אויף דעם באנד, אראבישע — אויף דיא זייטען).

## ב.

### ד.

בראָש. געב.

4. פיליפ קראַנץ. פאַמיליע ראָטשילד. זייער לעבען און פינאַנציעלע טהעטיגקייט.

5. מאָריס ראָזענפעלד. היינריך היינע. דייטשלאַנד'ס גרעסטער ליריקער. זיין לעבען און זיינע שריפטען.

6. פיליפ קראַנץ. מאיר בער. דער אָפּערא קעניג. זיין לעבען, זיינע אָפּערען און מוזיקאַלישע אויפטואונגען. די 4 בענדער זיינען געבונדען אין שעהנע קלאָט מיט גאָלדענע אויפשריפטען — 4.00

אַ טהייל פון דיזע לעבענס בעשרייבונגען קען מען בעקומען אויך איינצעלוויז בראָשירט.

גאָלדבערג אַב. געזאַמעלטע שריפטען. אַ זעהר שעהנע אויסגאַבע אין אַ פּראַכטפאָלען איינבאַנד — — — — — — — — — — — — — — 75

א. ש. זאַקס. באָטאַניקע — — — — — — — — — 40

א. ש. זאַקס. גרונד פּרינציפּען פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע — — — — — — — — — 50

זשיטלאָווסקי ח. דר. דער סאָציאַליזם און די נאַציאָנאַלע פראַגע. איינער פון די ערשטע און וויכטיגסטע ביכער אין אידיש איבער דיעזען וויכטיגען געגענשטאַנד — — — — 40 65

זשיטלאָווסקי ח. דר. די אסימילאַציע. וואָס זי זאָגט צו און וואָס זי גיט. — — — — 15 35

זשיטלאָווסקי ח. דר. רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליזם — — — — — — — — — — — 40

טאָלסטאָי ל. פּאַטריאָטיזמוס און רעגירונג — 05

טאָלסטאָי ל. איינציגער מיטעל — — — 05

טאָלסטאָי ל. צום ארבייטער פאָלק — — — 15

טאָסטאָי ל. וועגען אידען — — — — — 15

בראָש. געב.

בוך וואָס ערציהט די עלטערן גופא ניט ווײ־
ניגער ווי זייערע קינדער. ביינאהע 300 זייטען — — 50

ה. ס פ ע נ ס ע ר. די ערשטע פרינציפּען. דאָס
גרונדלעגענדע ווערק פון ספּענסערס סיסטעם
פון סינטעטישער פילאָסאָפיע, איבערזעצט פון
דר. מעריסאָן, אין א נייער פראכט אויסגאבע — — 75

ד ר. ע ל צ ב א כ ע ר פ. דער אנארכיזם, א
קריטישע שטודיע איבער די פרייהייטס לעהרען
פון גאָדוויז, פּרודאָן, שטירנער, באקונין, קראָ־
פּאָטקין, טאָקער און טאָלסטאָי — דארגע־
שטעלט און אנאליזירט מיט פינקטליכער עהר־
ליכקייט. איבערזעצט פון דר. מעריסאָן, 374 ז. 1.00

ע מ ע ר ס אָ ן ר. וו. וואָס איז קונסט? — — 10

י. פ א ז י ק אָ ו ו. די מלחמה און די אידען־
פראגע — — — — — — — — — — 10

פאָלקס-אוניווערזיטעט.

פאָלגענדע 4 קורסען זיינען ערשיענען אין בוך פאָרם.

ד ר. א ב. ק א ס פ ע. געאָלאָגיע — — — — — — 50

ד ר. י. מ ע ר י ס א ן. פיזיאָלאָגיע — — — — — — 50

ד ר. ק. פ א ר נ ב ע ר ג. געשיכטע פון דער
סאָציאליסטישער בעוועגונג — — — — — — — 50

א. ש. ז א ק ס גרונד־פרינציפּען פון פּאָליטישער
עקאָנאָמיע — — — — — — — — — — — 50

פ א ר נ ב ע ר ג ק. דר. געשיכטע פון דער סאָ־
סאָציאליסטישער בעוועגונג. — — — — — — — 50

ד ר. ש. פ ע ס ק י ן. סטרייקס און זייער ניצ־
ליכקייט פאר די ארבייטער — — — — — — 05

ד ר. א. ק א ס פ ע. געאָלאָגיע — — — — — — 50

ד ר. א. ק א ס פ ע מעכאַניקע — — — — 10

ברױש. געב.

| | |
|---|---|
| דר. א. קאַספּע. אַסטראָנאָמיע — — — | 15 |
| ד ר. א. קאַספּע. כעמיע — — — — — — — — | 15 |
| די אַלע דריי פּאָפּולער־וויסענשאַפטליכע ווערקע געבונדען צוזאַמען — — — — — — — — — — | 65 |
| ד ר. א. קאַספּע. פיזיק — — — — — — — | 40 |
| קייעלען. די שולע פון דער צוקונפט — — | 20 |
| פ. קראַנץ. די קולטור־געשיכטע, דער מענש און זיין ארבייט זייט ער האט זיך בעוויזען אויף דער ערד ביז אונזער צייט. ביי 1000 זייטען, מיט 100 אילוסטראַציאָנען, נייע קונסט־אויסגאַבע אין 3 בענדער — — — — — — — — | 2.25 |

דאָס איז דאָס איינציגע גרויסע ווערק אין אידיש וואָס מאַכט בעקאַנט דעם לעזער מיט דער מענשליכער געשיכטע, איהר נאַטירליכער ענט־וויקלונג אויף דעם לאַנגען וועג פון דער ניע־דעריגסטער באַרבאַריי צו פּאָרטשריט און ציוויליזאַציאָן.

לעזענדיג די קולטור געשיכטע זעהט מען פאַר זיך די גאַנצע פאַרצייטיגע וועלט און מען פער־שטעהט דאָן, ווי אַזוי די מענשהייט האָט דער־גרייכט פון א ווילדען צושטאַנד, וואָס איז ניט פיעל העכער פון צושטאַנד פון אַפען, ביז דער הויכער ציוויליזאַציאָן פון אונזער צייט.

די קולטור־געשיכטע פון פיליפּ קראַנץ, פון אָנפאַנג ביז'ן סוף, איז געשריבען איינפאַך, קלאָר און אויפקלערענד. די שווערסטע פונקטען און פראַ־גען זיינען צוגליעדערט און קלאָהר און דייטליך איז א עכט־ליטעראַרישען סטיל בעשריעבען.

בראָש. געב.

פּ. ק ר אַ נ ץ. די געשיכטע פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן. פערפאַסט נאָך די בעסטע און נייעסטע פאָרשונגען וועגען דיזע גרעסטע און וויכטיגסטע רעוואָלוציאָן אין דער וועלט־געשיכטע. לעבעדיג, אינטערעסאַנט גע־שריבען. 434 זייטען — — — — — — — — — — 1.00

פּ. ק ר אַ נ ץ. יציאת מצרים, אַ היסטאָרישע אונ־טערזוכונג איבער די פעריאָדע ווען אידען זיי־נען אַ פאָלק געוואָרען — — — — — — — — — 15

פּ. ק ר אַ נ ץ. אמעריקאַ פאַר קאָלומבוס, אַ קולטור־געשיכטליכע נאָכפאָרשונג איבער דעם לעבען און פיהרונגען פון די פעלקער אין דער נייער וועלט ביז דער צייט ווען קאָלומבוס האָט איהר ענטדעקט — — — — — — — — — 50

פּ. ק ר אַ נ ץ. וואָס הייסט נאַציאָן. (אַ שריפט אי־בער די גרונד־פראַגען פון נאַציאָנאַליזם) — 10

פּ. ק ר אַ נ ץ. גאַנץ אַמעריקאַ. געשיכטע פון אַלע לענדער אין דער נייער וועלט, 2 פראַכטפאָלע בענדער, רייך אילוסטרירט — — — — — — — 2.00

ק נ י אַ ז פּ אָ ט אָ מ ק י ן. אויפ'ן גרונד פון דאָ־קומענטען פאַרגעשטעלט איינע פון די אינטע־רעסאַנטסטע קאַפּיטלען פון דער רוסישער רע־וואָלוציאָן — — — — — — — — — — 20

פּ ר ץ י. ל. אַ זאַמעל־בוך צו זיין אנדענקען ביאָגראַפיע, ביבליאָגראַפיע און אבשאַצונגען — 30 50

ק ר אָ פּ אָ ט ק י ן. מעמוארען. די בעריהמטע אויטאָביאָגראַפיע פון בעריהמטען רעוואָלוציאָנער — 1.00

